# יודישע געשיכטע

ניי בעארבייט

נאָך פּראָפעסאָר **גרעץ**

און אַנדערע קוועלען

מיט אַ פאָררעדע פון **הלל צייטלין**



**צווייטער באַנד**

פון גלות בבל ביז די אדומער



פערלאַג ב. שימין, וואַרשא

פערקויף: געז. „צענטראַל", וואַרשא.

Printed in Poland.

# אינהאלט:

## דער צווייטער פעריאָד.



## דער דריטער פעריאָד.

# ערשטעם קאפיטעל.

## די גלות-עפאכע און דער צוריקקעהר קיין ארץ־ישראל.

די פאָרזאָגונג פון די נביאים ישעיה, ירמיהו און אַז. וו., אַז פון גאַנצען פאָלק יהודה (יודענטהום) וועט נאָר אַ קליין רעשטעל בלייבען, איז, צום אונגליק, מקוים געוואָרען. זעהר אונבעדייטענד איז דאָס איבערגעבליעבענע הייפעל געווען. פון די פיער מיליאָן, וועלכע האָבען אין דוד'ס צייטען געבילדעט די בעפעלקערונג פון די צוועלף שבטים איז אויף דעם הלק פון יהודה און בנימין אויסגעקומען אַ מיליאָן נפשות, און אין דעם משך פון די שפּעטערדיגע דורות — פאַר די לעצטע פיער הונדערט יאָהר — איז די בעפעלקערונג נאָך פיעל גרעסער געוואָרען. דער חורבן האָט אָבער פיעל, פיעל פערטיליגט. הונדערטער טויזענדער זענען פערניכטעט געוואָרען דורכ'ן שווערד, דורך הונגער און פעסט. אַ גרויסער טייל איז פערטריבען געוואָרען אין בבל; קלענערע גרופּעס האָבען זיך בעזעצט אין מצרים, אַנדערע — אין מדי, אין פיניציע. און וויפיעל זענען פערקויפט געוואָרען פאַר שקלאַפען אין גריכענלאַנד! אויף אַזאַ אופן זענען זעהר ווייניג יהודים (יודען—אידען) געבליבען. ווי אַזוי זשע האָט געזאָלט ערפילט ווערען דער אַנדערער טייל פון די נביאים'ס פאָרזאָגונגען, אַז ישראל וועט קיינמאָל נישט אונטערגעהן? ווי אַזוי האָט דער דאָזיגער איבערגעבליעבענער קליינער הייפעל, וועלכער איז געווען שוואַך קערפערליך און גייסטיג, וועלכער איז געווען דורכגעדרונגען מיט ליידען און גלות, — ווי אַזוי האָט ער געזאָלט קענען זיך האַלטען, ווי אַזוי ער געזאָלט קענען בייַשטעהן אויף לאַנג? דוכט זיך, אַז דאָס דאָזיגע רעשטעל יודען האָט גאַנץ געשווינד געדאַרפט און געמוזט בלה־ווערען אין דער פרעמד. דאָך איז עס ניט אונטערגעגאַנגען, נאָר, פּיעה

קעהרט, זיך נאך ערהויבען פון דער שפלות און דערלעבט צייטען פון הערליכען גלאנץ, וואס עס קאן, אהן א שום צווייפעל, גערעכענט ווערען פאר נישט קיין קליינעם וואונדער!

נבוכדנאצר איז גענוג ווייך זיך בעגאנגען מיט די פערטריבענע אין בבל. אין גרונד איז ער נישט געווען עהנליך צו די ווילדע זיגער פאר איהם און נאך איהם, וועלכע פלעגען, אויס דעם ענגען נקמה-געפיהל, ברענגען דעם בעזיגטען פיינד ביז צו פאלשטענדיגער קראפטלאזיגקייט, אדער זיי פלעגען להלוטין איהם פערניכטען, ווי אנ'אונטערגעשאסענעם פויגעל. דעם מלך פון בבל איז דאס בויען און דאס שאפען אויך אזוי נאהענט צים הארצען, ווי דאס ערקעמפפען. ער האט געשטרעבט זיין מלוכה צו בעפעלקערען, צו מאכען עס רייך און גרויס. צו דער הויפטשטאדט בבל האט ער צוגעבויט א נייעם טייל ביים מזרח-זייט פון טייך פרת און האט עס ארום און ארום פערבויט מיט א וואנד, וואס האט געהאלטען רינגס-ארום אנ'ערך פון 56 קילאמעטער. אזא ריעזיגע שטאדט, אויב זי וויל נישט עהנליך זיין צו א מדבר, מוז דאך בעזיצען א גרויסע בעפעלקערונג. ער האט דארום פאר די יודישע פערטריבענע, ווי אויך פאר די פערטריעבענע פון די איבעריגע לענדער, אבגעגעבען פלאץ צום וואהנען איינוועניג אין שטאדט, ארויסווייזענדיג דערביי זיין בעזונדערען גענאד צו די, וועלכע האבען זיך מיט'ן גוטען ווילען איבערגעגעבען אין זיין רשות אין דער צייט פון דער מלחמה. דער חסד פון מלך האט ביז אזוי וויט דערגרייכט, אז גאנצע פאמיליעס און איינוואהנערס פון די שטעדט אין יהודה און בנימין צוזאמען מיט זייערע קרובים און קנעכט זענען איינע פון די אנדערע נישט אבגעריסען געווארען און האבען אין גלות אויך געלעבט צוזאמען. די פון ירושלים פערטריבענע פרינצען, וועלכע פלעגען אנגערופען ווערען דוד'ס-זיהן, האבען געבילדעט א פעסט פערקניפעלטע גרופע פון מענשען מיט אלגעמיינע אינטערעסען. די מיוחס'דיגע משפחות האבען זיך אין גלות געפיהלט ווי אין דערהיים. זאגאר די שפראך, וואס האט אין בבל געהערשט, האט זיי דערמאהנט אן זייער פאטערלאנד, זייענדיג זעהר עהנליך צו דער העברעאישער שפראך, און די יודישע אריסטאקראטיע, אויב זי האט אפילו פאר'ן גלות אויף איהר נישט גערעדט, האט זי איהר אלענפאלס גוט פערשטאנען.

די מיוחס'דיגע פאמיליעס האבען אין אנפאנג פעסט געשטיצט זייער נאציאנאלען פערבאנד, ווייל אזוי ווי די איבעריגע פערטריבענע האבען זיי אויך געווארט אויף א גליקליכען צופאל, וועלכער וועט זיי ארויסרייסען פון געפענגעניש און זיי צוריקקעהרען צו דער פריהערדיגער ממשלה. נאך

די דאזיגע אריסטאקראטען האבען זיך ווייניג וואס אבגעלעהרנט פון דער מאיים'דיגער שטראף, וואס גאט האט אויף זיי אנגעשיקט, און געניסענדיג פון נבוכדנאצר'ס גענאד, האבען זיי די דאזיגע גנעדיגקייט נישט געוואלט ארויסווייזען אין דער בעצידונג צו זייערע אייגענע שוואכערע און ארימערע ברידער; און צוליעב דעם האבען זיי דער אלגעמיינער נאציאנאלער אויפ־לעבונגס-שטרעבונג נישט נאר קיין נוצען נישט געבראכט, נאר, פערקעהרט נאך פיעל געשטערט. גאוה און אכזריות — דאס האט ביי זיי אין הארצען טיעפע ווארצלען געלאזען.

צום גליק איז די צוקונפט פון דעם יודישען פאלק נישט אבהענגיג געווען פון די דאזיגע שטאלצע און פערדארבענע יחסנים. די בעסערע פאלקס־עלעמענטען, וועלכע זענען אויך אין געפענגעניש אריינגעפאלען, און וועלכע זענען געווען טיעף דורכגעדרונגען מיט דער פעלזען-שטארקער האפענונג און מיט'ן גלויבען אין גאט'ס בארימהערציגקייט, אז ער וועט נישט לאזען זיין פאלק ישראל אונטערגעהן, — זיי זענען געווען דער גרונד, אויף וועלכען עס האט ענדליך געמוזט זיך אויסבויען די יודישע צוקונפט. זיי האבען מיט זיך אין גלות געבראכט זייער צווייטעס פאטערלאנד — זייערע גייסטיגע קולטורעלע אוצרות, די רייכסטע זאמלונג פון די הייליגע שעפפונגען פון דעם יודישען גייסט. צווישען די דאזיגע פערטריעבענע האבען זיך איינגע־פונען די כהנים פון צדוק'ס הויזגעזינד, וועלכעס האט זיך אין דעם פערלויף פון זיין פיעל-הונדערט-יאהריגער עקזיסטענץ זיך קיינמאל נישט פערשמיצט מיט דער שענדליכער געצענדיענעריי. אט די דאזיגע כהנים האבען מיט זיך מיטגענומען אין גלות דעם „הומש", וועלכער האט זיי געוויזען דעם וועג צו א הייליגען לעבען, צו וואס זיי האבען אליין געשטרעבט און אנדערע גע־לערנט צו שטרעבען. ווייטער האבען זיך צווישען זיי געפונען די לויים, די פערפאסער און דיכטער פון „תהלים", וועלכע האבען מיט זיך מיטגעבראכט אין גלות זאמלונגען פון לויב-מזמורים און תפלות. צו די כהנים און לויים זענען צוגעשטאנען די ענוים, די נאכפאלגער פון די נביאים, וועלכע האבען טיעף אין הארצען געטראגען די אידעאלען פון זייערע גרויסע לעהרער און געשטרעבט זיי צו פערווירקליכען אין לעבען. זיי האבען מיט זיך מיטגענומען די פיעלע און פערשיעדענע רעדען פון די נביאים, היסטא־רישע ספרים און די מאראלישע פערפאסונגען פון פערשיעדענע יודישע חכמים. זיי אלע האבען געשעפט דעם העכערען, געטליכען אמת פון דעם דאזיגען רייכען גייסטיגען אוצר, אין וועלכען זיי האבען זיך וואס ווייטער אלין מעהר פערטיעפט, און עס אנדערע אויך געלערנט. די ערנידערונג פון דעם

אַמאָליגען נאַציאָנאַלען יודישען שטאָלץ און די גרויסע יסורים פון גלות האָבען אין זיי פערפעסטיגט די איבערצייגונג, אַז אַלע טרייסט-רייד פון די נביאים מוזען מקוים ווערען, פונקט אַזוי ווי עס זענען מקוים געוואָרען זייערע רייד וועגען גאָט'ס-שטראָף. די קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע רייכטימער זענען פערלוירען געגאַנגען, געבליבען איז נאָר דאָס גייסטיגע, אַבסטראַקטע, וואָס מען האָט ניט געקאָנט אָבנעהמען, און דאָס האָט גוט פערהיט און פערטיידיגט דער קליינער, נאָר בעוואוסטזיניגער גלות-קהלה. זייענדיג אָבגעריסען פון דער מלוכה, האָט זי זיך געשטיצט אויף דער כהונה, אין דעם ריין אַבסטראַקטען זין פונ'ם וואָרט; זייענדיג פערשטויסען פון דער טעריטאָריע, האָט זי זיך באַזירט אויף דער גייסטיג-קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

די פערטריבענע האָבען געשעפּט זייערע ערהויבענע בעגריפען און זייער נאַציאָנאַלע וועלט-אַנשויאונג פון די הייליגע ספרים, וואָס זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט פון זייער פאָטערלאַנד; דער ערשטער גלות, דער גלות-בבל, האָט אָבער זוכה געווען אויך צום לעבעדיגען וואָרט פון גאָט; ער האָט זיינע אייגענע נביאים געשאַפען. איינער פון זיי איז געווען דער געטליכער יחזקאל בן-בוזי, דער עלטסטער אין דעם דאָזיגען דור.

יחזקאל האָט געשטאַמט פון אַ מיוחס'דיגער משפחה פון כהנים אין ירושלים. געוואָהנט האָט ער אויף דעם טייך כבר, וועלכער פאַלט אַריין אין פרת, צווישען די פערטריבענע פון יהויכינ'ס צייט (אין 597-טען יאָהר), זייענדיג אָבגעריסען פונ'ם פאָטערלאַנד אין דער צייט, ווען ירושלים איז נאָך ניט וויסט געוואָרען און דער בית-המקדש האָט נאָך עקזיסטירט, האָט ער דאָך זיך ניט געוואָלט איינרעדען, ווי זיינע איבעריגע ברידער, אַז יהודה וועט מנצח זיין אין דער מלחמה מיט'ן מעכטיגסטען נבוכדנאצר. צוערשט האָט ער, צווישען די פּאָליטישע פּאַטריאָטען, וועלכע זענען פערטריבען געוואָרען קיין בבל, פערנומען די זעלביגע פּאָזיציע, וואָס ירמיהו האָט פערנומען צווישען זייערע אָנהענגער אין יהודה. די ערשטע רעדען פון יחזקאל, וועלכע געהערען צו דעם צעהנדליג יאָהרען, וואָס צווישען דעם גלות-יהויכין און דעם חורבן-ירושלים, טראָגען דאַרום אַ כאַראַקטער פון שטראָף-רייד, פון מוסר. דער נביא צושטערט אָהן רחמנות די אילוזיעס פון זיינע ברידער און טענה'ט אָהן אויפהער, אַז ירושלים מוז און וועט אין גיכען חרוב ווערען צוליעב די זינד פונ'ם פאָלק. אין דער מרידה, וואָס צדקיהו האָט פערקלערט געגען בבל, האָט ער געזעהן ניט קיין נאַציאָנאַלען העלדענטהאַט, נאָר אַן אומנוצליכען פערראַט געגען נבוכדנאצר'ן און אַ געפעהרליכען שריט פאַר דער מלוכה פון יהודה. פאָראויסזעהענדיג די אונפער-

מיידליכע קאטאסטראפע, האט יחזקאל געוואלט פארבערייטען צו איהר זיינע ברידער אין גלות, אבצוווענדען זיי פון דער פרוכטלאזער פאליטיק-מאכעריי און ארויסרופען ביי זיי א התעוררות פון גייסטיגער ענערגיע, וועלכע זאל זיי געבען כחות אריבערצוטראגען דעם פארשטעהענדען קלאפ. ווען דאס אונגליק האט אבער ענדליך אויסגעבראכען און די ידיעה וועגען דעם האט געבראכט די פערטריבענע צו א פינסטערער פערצווייפלונג, האט דער נביא אומגעביטען דעם טאן און דעם אינהאלט פון זיינע רעדען. ער האט אויפגעהערט צו שטראפען און צו שרעקען, און אנגעהויבען צו מונטערען און צו טרייסטען זיינע מוטלאזיגע ברידער. די געוועזענע פאליטישע פאטריאטען האבען זיך נישט געקאנט פארשטעלען, אז דאס פאלק זאל קענען ווייטער עקזיסטירען אין גלות, זייענדיג צוזייעט און צושפרייט, אהן א מלוכה, אהן א לאנד, אהן א בית-המקדש. אין פערצווייפלונג פלעגען זיי טענה'ן: „אונזערע זינד און אונזערע פערברעכען ליגען אויף אונז און מיר ווערען דערשטיקט אונטער זייער לאסט". זיי האבען צו זיך צוגעפאסטען אן אלטען ווערטעל: „די עלטערען האבען אומצייטיגע פירות געגעסען און ביי די קינדער ווערען די ציינער איילינג". דערויף האט זיי יחזקאל געענטפערט:

„בעשטראפט ווערט נאר די זינדיגע נשמה: דער זוהן איז נישט פעראנטווארטליך פאר די זינד פון זיין פאטער, נישט דער פאטער — פאר די זינד פון זיין זוהן. די גערעכטיגקייט פון דעם גערעכטען ווערט נאר פאר איהם אליין פערעכענט און דאס שלעכטע פון דעם שלעכטען — ווערט נאר פאר איהם פארעכענט.

אויב ביי וועמען ס'איז ווערט געבוירען א זוהן, וועלכער, זעהענדיג די זינד פון זיין פאטער, וויל נישט נאכטהון זיינע מעשים, אויב אויף די במות האט ער (דער זוהן) קיין קרבנות נישט מקריב געווען, צו די אבגעטער האט ער נישט מתפלל געווען, דאס ווייב פון זיין חבר האט ער נישט אומריין געמאכט, קיינעם נישט גענארט, נישט געראבירט, קיין רבית נישט גענומען, דעם הונגעריגען האט ער ברויט געגעבען, דעם נאקעטען האט ער קליידער אנגעטהון... וועט ער דאך נישט אומקומען צוליעב די זינד פון זיין פאטער... און אויב אפילו דער זינדיגער אליין וועט חרטה האבען פון זיינע זינד, וועלכע ער האט געטהון און וועט נעהמען היטען די געבאטען פון גאט און וועט שאפען נאר גערעכטיגקייט און גוטהערציגקייט — וועט ער אויך לעבען בלייבען, ער וועט שוין נישט שטארבען פאר זיינע פריהערדיגע זינד... פערלאנג איך דען דעם טוידט פון'ם רשע? — זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איך וויל נאר, ער זאל זיך פון זיין וועג אומקעהרען, וועט ער

לעבען בלייבען... ווארפט זשע אראפ פון זיך אייערע זינד, שאפט אייך א נייעם הארץ און א נייעם גייסט — ווארום זאלט איהר געטויטעט ווערען, דאס הויז פון ישראל?!"....

אין דער נבואה פון יחזקאל איז צום ערשטען מאל בעגרינדעט געווארען דער פרינציפ פון רעליגיעזען אינדיווידואליזם, — דער פרינציפ, וועלכער איז טהאטזעכליך פרעמד געוועזען דער ביזאהעריגער יודישער וועלט-אנשויאונג, לויט וועלכער יעדער רעליגיעזער טהאט אדער פערברעך האט זיך גערעכענט אלס געזעלשאפטליכער אקט. יחזקאל איז מבטל די אלגעמיינע ערבות (פעראנטווארטליכקייט) אין דער בעציהונג צום גלויבען און מאראל. נישט די געזעלשאפט אין אלגעמיין טראגט די רעליגיעזע פפליכטען, נאר יעדע פערזאן בעזונדער. איבריגענס, לייקענט ער נישט אינגאנצען אין דעם יסוד פון געזעלשאפטליכקייט, נאר ער מאכט די געזעלשאפטליכקייט אבהענגיג פון דעם פערזענליכען פרינציפ. פון דער פרומקייט פון די בעזונדערע אינדיווידען איז אבהענגיג די אויפלעבונג פון דעם גאנצען פאלק, אבער נישט פערקעהרט. די אינדיווידועלע פאלקאמענהייט פיהרט צו דער פאלקאמענהייט פון דער געזעלשאפט, דער פערזענליכער מאראל לעגט דעם פונדאמענט פאר דער העכערער סאציאלער ארדנונג. דער נביא בענוגענט זיך אבער נישט מיט די שטראף-רייד פון א געוועהנליכען מאראליסט; ער קעמפפט אויך אונמיטעלבאר געגען דעם געפאלענעם נאציאנאלען גייסט, וועלכער האט ארומגעהאפט די יודישע פערטריבענע אין דער ערשטער צייט נאך דעם חורבן פון ירושלים. די געדריקטע שטימונג פון פאלק און דאס בעגייסטערטע גלויבען פון נביא ווערען דייטליך געשילדערט אין דער וואונדערליכער זעהונג פון יחזקאל וועגען די פערטריקענטע ביינער.

„גאט'ס האנד האט מיך בעריהרט און גאט האט מיר אין דער בעגייסטערונג גענומען און מיך געבראכט אין א טאל, וועלכער איז געוועזען מיט ביינער פול. האט ער מיר נעבען זיי ארומגעפיהרט, רינגס און ארום די ביינער; פיעל, פיעל זענען זיי געוועזען אין דעם טאל און טרוקען זענען זיי זעהר געוועזען. האט ער געזאגט צו מיר: דו מענשען-זוהן, וועלען נאך די דאזיגע ביינער אויפלעבען? האב איך געזאגט: גאט דו אלמעכטיגער — דאס קאנסט דו דאך נאר וויסען! האט ער געזאגט צו מיר: זאג נביאות איבער די דאזיגע ביינער, זאג צו זיי: „פערטריקענטע ביינער, הערט גאט'ס ווארט! איך וועל אין אייך א נשמה אריינברענגען און איהר וועט אויפלעבען. איך וועל אויף אייך אדערען בעשאפען, איך וועל אויף אייך פלייש אויפברענגען,

איך וועל אויף אייך הויט ארויפציהען און גייסט וועל איך אין אייך אריינגעבען און איהר וועט לעבעדיג ווערען און איהר וועט וויסען, אז איך בין גאט דער בעשעפער!" און איך האב גערעדט, ווי מיר איז פערזאגט געווארען און ס'האט זיך א שטים געלאזט הערען, ווי איך האב נאר מיין נביאות געענדיגט, און א שטורם איז אויפגעשטאנען און די ביינער האבען זיך דערנעהרט — יעדער ביין צו זיין ביין. האב איך געזעהן, ווי די אדערען האבען זיי פערוויקעלט און ווי דאס פלייש האט זיי בעדעקט און ווי דאס הויט האט זיך איבער זיי פערצויגען — נאר קיין גייסט איז אין זיי נאך נישט געווען. האט גאט געזאגט: זאג נביאות צו דעם ווינד, זאג נביאות, מענשען-זוהן, און זאג צום ווינד: אזוי האט גאט דער אלמעכטיגער פערזאגט: פון אלע פיער זייטען קום, דו ווינד, און בלאז אריין א אטעם אין די דאזיגע טויטע און זאלען זיי אויפלעבען! און איך האב גערעדט, ווי מיר איז פערזאגט געווארען, און עס האט אין זיי דער גייסט אריינגעדרונגען און זיי האבען אבגעלעבט און זיי האבען זיך אויף די פיס געשטעלט — א גרויסע, גרויסע ארמעע!

„און גאט האט צו מיר געזאגט: דו מענשען-זוהן! די דאזיגע ביינער — דאס איז דאס גאנצע פאלק ישראל! זיי זאגען: אונזערע ביינער זענען פערדארט, אונזער האפנונג פערלוירען — מיר זענען פערפאלען! דארום זיי מנבא און זאג צו זיי: אזוי האט דער אלמעכטיגער גאט געזאגט: איך וועל נאך עפענען אייערע קברים, איך וועל אייך פון דארטען ארויסגראבען, פאלק מיינס, און איך וועל אייך נאך ברענגען צוריק אין דאס לאנד ישראל... און איך וועל אייך מיין גייסט שענקען און איהר וועט אויפלעבען און איך וועל אייך בערוהיגען אויף אייער אייגענער ערד און איהר וועט דאן וויסען, אז איך יהוה, אייער גאט, האב געזאגט און געטהון..."

יחזקאל האט זיך געמיהט אריינצוגעבען זיינע צוהערערס דעם געדאנק, אז דאס דאזיגע צוקונפטיגע גליק וועט פערווירקליכט ווערען, ווען די יודען וועלען אויסגעלייטערט ווערען אין גלות פון זייערע זינד, ווען זיי וועלען ווירקליך אנהויבען פיהלען א טיעפע שטרעבונג צו דער גייסטיגער בענייאונג. די אויסערליכע אויסגעלייטערטקייט מוז ברענגען צו אנאינערליכער אויפלעבונג.

„איך וועל אייך צוזאמענעהמען פון צווישען די פעלקער — רעדט גאט מיט די לעפצען פון נביא — און איך וועל אייך צוזאמלען פון אלע לענדער און איך וועל אייך צוריקברענגען אויף אייער ערד. און איך וועל אויף אייך גיסען ריינע וואסער, און איהר וועט גערייניגט ווערען. און איך וועל

אײך געבען אַ נײעס האַרץ און אַ נײעם גײסט װעל איך אײך שענקען; אײער שטײנערנעס האַרץ װעל איך בײ אײך אָבנעהמען און אָנשטאָט איהם װעל איך אײך שאַפען אַ האַרץ פון פלײש... און איהר װעט װאָהנען אין דאָס לאַנד, װעלכעס איך האָב געגעבען אײערע אורעלטערען, איהר װעט זײן מײן פאָלק און איך װעל זײן אײער גאָט... איך װעל די שטעדט בעזעצען, און די חורבות װעלען אױפגעבױט װערען און די צוטראָטענע פעלדער װעלען בעאַרבײט װערען, און אַלע װעלען זאָגען — אָט איז דאָס װיסטע לאַנד, װי דער גאָרטען פון עדן איז עס געװאָרען..."

די אױפגעלעבטע מלוכה פון יהודה, אין דער פאַנטאַזיע פון דעם נביא, טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ שטרענגער טעאָקראַטיע (די הערשאַפט פון גײסטליכע). דאָס איז נישט אַזױ פיעל אַ פאָליטישע, װי אַ רעליגיעזע אױפלעבונג. ירושלים — דאָס איז די קינפטיגע גײסטיגע הױפטשטאָדט, װײל דאָרט געפינט זיך דער גרױסער בית־המקדש. אין די לעצטע קאַפּיטלען פון „ספר יחזקאל" געפינט זיך אַ אױספיהרליכער פּלאַן פון דעם צוקינפטיגען בית־המקדש אין ירושלים מיט די בעשרײבונגען פון דעם אױסערליכען בױאױסזעהען און דער אינערליכער בעפוצונג. די קרבנות און די צערעמאָניע אין בית־המקדש פערנעהמען אין דעם לעבען פון דער קינפטיגער גײסטיגער מלוכה דעם װיכטיגסטען אָרט, לױט יחזקאלס נבואה. אין דער הינזיכט געהט זיך דער דאָזיגער נביא פונאַנדער מיט זײנע פאָרגענגער. אױך אין דעם טאָן פון זײנע רעדען אונטערשײדעט זיך יחזקאל פון די איבעריגע נביאים: ער איז שטענדיג בעהערשט פון אַ מיסטישער שטימונג. זײנע פּראָפעצײונגען טראָגען שױן אַ משיחדיגען, נסימדיגען כאַראַקטער; די צוקונפט איז פערהילט אין אַ פאַנטאַסטישער קלײד. דאָס איז געװען אונפערמײדליך אין דער צײט, װען אַלץ אַרום איז געװען אַזױ דונקעל און רעטזעלהאַפט, װען נאָר די פלאַמענדע פאַנטאַזיע האָט געקאָנט אָבװענדען די געדאַנקען פון דער טרױעריגער װירקליכקײט. די ערהױבענע משיחדיגע רעדען פון יחזקאל האָבען די יהודים געגעבען די קראַפט אַריבערצוטראָגען די לײדען פון צושײדונג מיט דאָס אײגענע לאַנד און געשטיצט אין זײ זײער זאָגאַר אונדײטליכען גלױבען אין אַ בעסערער צוקונפט *) דעם נביא'ס רײד האָבען געטרײסט, געמונטערט, געװעקט די האָפענונגען. און אױב די אמת'ע גאולה איז נאָך געװען װײט, האָבען דאָך די פערטריבענע אין גיכען געקומען דערפיהלען אַ ערלײכטערונג אין זײער לאַגע. איבערהױפט האָט זיך זײ אָנגעהױבען פיעל

*) דובנאָװ.

לײַכטער צו אָטהעמען נאָך דעם טוידט פון נבוכדנאצר (אין יאָהר 561).

נבוכדנאצר'ס זוהן און יורש אֶויל-מרודך איז גאָרנישט געווען ענהליך צו זיין פאָטער. ער האָט גישט בעזעסען נישט קיין העלדישען כאַראַקטער, נישט קיין תאוה צו מלחמה און בכלל האָט ער זיך וועניג געזאָרגט פאַר די אינטערעסען פון זיין מלוכה. אין זיין הויף האָבען זיך אײַנגעפונען יודישע יונגע-קינדער, פון דער קעניגליכער פאַמיליע אין ירושלים, וועלכע האָבען פערטרעטען הויכע שטעלען. דער מלך אויל-מרודך האָט זיך געפונען אינגאַנצען אונטער דעם אײַנפלוס פון איינעם פון די דאָזיגע יודישע שרים, וועלכער האָט בײַ איהם שטאַרק נושא-חן געווען און איז גיך געוואָרען דעם מלך'ס ליעבלינג; ער האָט געווירקט אויף אויל-מרודך, אַז ער זאָל זיך מיט חסד בעגעהן מיט דעם געפאַנגענעם מלך יהויכין, וועלכער איז פאַר דאָס גאַנצע לעבען פון נבוכדנאצר פערשלאָסען געזעסען אין אַ פינסטערער פעסטונג. אויל מרודך האָט נאָך אין דעם ערשטען יאָהר פון זיין הערשען איבער'ן לאַנד בעפרייט יהויכין'ען פון דער תפיסה, וועלכע האָט געדויערט זיעבען און דרײַסיג יאָהר, פרײַנדליך מיט איהם געשמועסט, איהם געשאָנקען קעניגליכע קליידער, געלאַדען צו זיין טיש און צופריעדענגעשטעלט זיינע אַלע בעדערפעניסען. בײַ יעדער אונגעוועהנליכער פײַערונג, ווען אַרום איהם פלעגען זיך פערקלייבען די גרעסטע מדינה-לײַט, פלעגט דער מלך פון בבל איהם בעעהרען מיט אַ מעהר בכבוד'יגען אָרט, ווי די איבעריגע שרים. צו וועלכע ער איז געגויגט געווען. אומעדום איז בעוואוסט געוואָרען, אַז דער געוועזענער מלך פון יהודה האָט זוכה געווען צו אַ בעזונדערער פרײַנדשאַפט פון דעם הערשער אין לאַנד. ס'איז קיין צווייפעל נישט אין דעם, אַז אַ שטראַהל פון דער דאָזיגער פרײַנדשאַפט איז אויך געפאַלען אויף די איבעריגע קרובים פון יהויכין'ען, ווי אויך אויף דאָס גאַנצע פערטריבענע פאָלק. צווישען די יודען האָט דאַן שוין גענומען גליהען אַ פונק פון האָפנונג אויף אַ נאָהענטע אויסלײזונג. ווער ווייסט, אפשר וואָלט אויל-מרודך, אין זיין ליעבליכער שטימונג צו די פערטריבענע, דערגאַנגען ביז דעם, פרײַצולאָזען דאָס געפאַנגענע פאָלק, אומצוקעהרען איהם אין זיין לאַנד און אויפזעצען צוריק אויפ'ן טראָן אין ירושלים זיין בעליעבטען יהויכין? דער טוידט האָט אָבער די דאָזיגע אילוזיעס צושטערט. נאָך אַ צוויי-יאָהריגען הערשען איז אויל-מרודך געטוידט געוואָרען דורך זיין איידעם נרגל-שראצר (560-טען יאָהר).

נאָר נישט קוקענדיג אויף די אָבגענאַרטע האָפענונגען, זענען דאָך די בעסטע עלעמענטען פון דער יודישער פערטריבענער קהלה אַלץ מעהר

דורכגעדרונגען געוואָרען מיט דער אידעע פון דער אייביגקייט פון אברהם'ס קינדער. די לעהרע פון די נביאים האָט אַלץ טיעפערע וואָרצלען געלאָזען אין דעם בעוואוסטזיין פון פאָלק. צווישען די פערטריבענע איז דענסטמאָל געשאַפען געוואָרען די געשיכטע פון ישראל פון צייט ער האָט אָנגעפאַנגען עקזיסטירען אַלס פאָלק ביז דעם חורבן. ווי ס'שיינט זאָל דאָס האָבען געשריבען ברוך בן-נריה, ירמיהו הנביא'ס אַ תלמיד. דערביי האָט ער זיך בענוצט מיט די היסטאָרישע מאַטעריאַלען, וועלכע זענען געווען נאָך פון די פערגאַנגענע דורות געזאַמעלט; דאָס איבעריגע האָט ער אַליין צוגעגעבען, וואָס ער האָט אַליין מיט די אויגען געזעהן. די גאַנצע געשיכטע, וועלכע ענטהאַלט אין זיך די ספרים: יהושע, שופטים, שמואל און מלכים, בעצייכענט מיט איהר איינפאַכער הייליגקייט אינים טאָן און אין דער שפּראַך, און איז דורכגעדרונגען מיט איין אידעע, וועלכע איז אייגענטליך שטענדיג ענטוויקעלט געוואָרען דורך די נביאים: די אַלע פּאַסירונגען פון פאָלק זענען פעסט צוזאַמענגעבונדען מיט די מעשים פון פאָלק: די געדאָרכזאַמקייט צו גאָט פיהרט צום גליק, דאָס ווידערשפעניגען אָן איהם פיהרט צום אונגליק. די געשיכטע איז געוואָרען דאָס צווייטע פאָלק'ס-בוך פאַר די פערטריבענע; זיי האָבען נישט בלויז מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט עס געלעזען, נאָר גענומען נאָהענט צום האַרצען יעדע שורה. און זיך געמיהט אַריינצודרינגען אין דעם טיעפען געדאַנק. די לויים, וועלכע זענען געווען געניט אין דער קונסט פון שרייבען, האָבען די דאָזיגע געשיכטע איבערגעשריבען אין פיעל עקזעמפּלאַרען און עס פערשפּרייט צווישען דער פערטריבענער געמיינדע, און זי האָט די פערשטיינערטע הערצער פערוואַנדעלט אין לעבענדיגע און אַריינגעאָטעמט אין זיי אַ נייעם לעבענס-שטראָם.

דאָס שטענדיגע פערטיעפען זיך אין דער דאָזיגער היסטאָרישער שעפפונג האָט געבראַכט דעם פאָלק צו בעדיינקונג, און צו טיעפער חרטה אויף דער לאַנגיאָהריגער זינדיגקייט און רעליגיעזער פערדאָרבענהייט. די פערגאַנגענהייט פון געצענדיענעריי און אונדאַנקבאַרקייט צום אמת'ען גאָט האָבען אַ סך פון יענע, וועלכע האָבען בעגריפען די גרויסקייט פון די זינד, געמיינט אויסצוקויפען מיט טרעהרען פון טיעפען פערדרוס. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז די שרעקליכע קלעפּ, וואָס האָבען זיך אויף זיי געשאָטען, זענען געווען פערדיענטע, נישט קיין אומזיסטע. „גאָט איז זיך מיט זיי בעגאַנגען לויט זייערע טהאַטען און אונרעכט" און דאָס מוז פערגעבען ווערען נאָר דורך געבעט און תשובה. די פיער יאָהר-צייטען פון די לעצטע פאָלק'ס-אונגליקען פאַר דער לעצטער עפּאָכע — דער טאָג, אין וועלכען נבוכדנאצר האָט

ד. בעלאַגערונג פון ירושלים אָנגעפאַנגען (דער צעהנטער טבת), דער טאָג פון נבוכדנאצר'ס נצחון (דער זיבעצעהנטער תמוז) דער טאָג פון חורבן-בית-המקדש (דער ניינטער אָב) און דער טאָג פון גדליהו'ס טוידט (דער דריטער תשרי) — אַט די דאָזיגע פיער טעג אין יאהר האָבען די פערטריבענע בעשטימט אַלס טרויער-טעג. אין די דאָזיגע טעג פלעגען זיי פאַסטען און וויינען, קליידען זיך אין שוואַרצען, זיצען אין אַש און אין פולען צער האַלטען די קעפּ צו דער ערד אַראָפּגעלאָזען, צו די דאָזיגע טרויעריגע טעג האָבען די לויים, בעגייסטערטע פון דעם פאָלק'ס-אונגליק, צוגעפּאַסט פיעל יאָמערליכע געזאַנגען (תהלים), וועלכע האָבען אַרויסגערופען אַ ביטערע הרטה אויף דאָס פערגאַנגענע. אין די דאָזיגע געזאַנגען ווערט בעוויינט דער חורבן פון ירושלים, דער פערברענטער בית-המקדש, די לאַגע פון די פערטריבענע, און זיי פלעגען וועקען אין די הערצער פון די פערטריבענע די ליעבע צו זייער פערוויסטען לאַנד, די בענקשאַפט צו די שטיינער פון דער צושטערטער הויפּטשטאָדט, צו די איינגעפאַלענע חורבות. אונטער דעם איינפלוס פון די דאָזיגע תהלות האָבען זיך געבילדעט גאַנצע גרופּען פון „אבלי-ציון", וואָס זייער נשמה איז געווען אָנגעפילט מיט ירושלים. דער משורר, וועלכער האָט אַזוי קלאָגליך-פּאָעטיש אויסגעדריקט די ערינערונגען פון דעם הייליגען לאַנד, האָט איבערגעגעבען די שטימונג פון די „אבלי-ציון" אין פאָלגענדע בילדער:

בײַ די טײַכען פון בבל דאָרט זענען מיר אַלע געזעסען,
און מיר האָבען געוויינט, אָן ציון דערמאָהנענדיג זיך.
אויף די ווערבעס פון טײַך האָבען מיר אונזערע האַרפּעס געהאָנגען—
אונזערע פיינגערס דאָרט האָבען פון אונז דאַן געזאַנגען געפאָדערט—
אונזערע מערדער דאָרט האָבען אונז דאַן זײַן-פרעהליך געהייסען:
„איהר זאָלט זינגען פאַר אונז די געזאַנגען פון ציון!"
אין אַ פרעמדען לאַנד געטליכע ליעדער ווי קאָנען מיר זינגען?!
אָ, פערגעסען זאָל ווערען מײַן האַנד דאַן די רעכטע,
אויב איך וועל, ירושלים, אָן דיר נאָר פערגעסען —
זאָל מײַן צונג זיך בעהעפטען צום גומען,
אויב דערמאָהנען וועל איך דיר נישט אייביג!...

די, וואָס האָבען געטרויערט נאָך ציון פלעגען אין דער צײַט פון תפלה זיך ווענדען מיט'ן געזיכט צו ירושלים, ווײַל דאָס אָרט, אויף וועלכען עס איז פריהער דער בית-המקדש געשטאַנען, האָט נאָך אין זיך זײַן הייליגקײַט ענטהאַלטען און מען האָט געקאָנט האָפען, אַז גאָט וועט פון דאָר-

טען צוהערען דאָס געבעט פון די פערטריבענע, וואָס זוכען איהם און בענקען נאָך איהם. אַזוי ווי די גאָטספּאָרכטיגע האָבען אין דער פרעמדע נישט געקאָנט ברענגען קיין קרבנות פאַר גאָט, האָבען זיי ביסלעכווייז זיך צוגעוואָהנט צום געדאַנק, אַז תפלה קאָן אינגאַנצען פערבייטען אַ קרבן. צו מתפלל־זיין פלעגען זיך אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע צאָהל דריי מאָל טעגליך צוזאַמען פערקלייבען און דער בית־תפילה האָט זיי אָנשטאָט אַ בית־המקדש געדיענט.

די יודישע רעליגיע איז געוואָרען אין אַ קורצער צייט זעהר בעקאַנט אין בבל; די אָרטיגע בעפעלקערונג האָט זיך צו איהר בעצויגען מיט גרויס דרך־ארץ; פיעל האָבען אַליין אָנגענומען דעם יודישען גלויבען. דאָס האָט ביי די פרומע פערטריבענע געוועקט זייער נאַציאָנאַלען שטאָלץ. די פערטריבענע אַריסטאָקראַטען זענען אָבער מייסטענס געבליבען, ווי פריהער, פערדאָרבען און מאָראַלִיש געפאַלען. די ריעזיגע הויפּטשטאָדט בבל און די וואַקסענדע כאַלדעאישע מאַכט האָט געגאָסען איהר גאָלדענעם רעגען אויף די העכערע קלאַסען, אויפגעדעקט פאַר זיי ווייטע, ברייטע פערספּעקטיווען און געגעבען זיי די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זייערע קרעפטען. אין דער מלוכה פון בבל האָט געבליהט דער האַנדעל, די ערד איז געווען זעהר אַ פרוכטבאַרע און פערשיעדענע אויסגעאַרבייטע מאַטעריעם, וועלכע זענען זעהר גאַנגבאַר געווען אין די אַרומיגע לענדער, האָבען אָנגעפילט דאָס לאַנד. בבל אַליין איז געווען זעהר אַ בעדייטענדער האַנדעל'ס־פונקט. די רייכערע, פערמעגליכערע יהודים האָבען גיך זיך בעקאַנט מיט די בעדינגונגען פון דעם דאָרטיגען מסחר און האָבען זיך מיט איהם בעשעפטיגט.

אויף אַזאַ אופן האָבען די יודישע סוחרים זיך דערשלאָגען צו גרויסער עשירות, און ממילא אויך צו לוקסוס און צו גרויסער אויסברענגערייַ. די רייכע יהודים פלעגען נאָכטהון דעם אויסגעאַרטעטען אַרט לעבען פון די בבליים, האָבען אויך אָנגענומען דעם קולט פון געצענדיענערייַ, פלעגען צו גרייטען אַ טיש מיט מאכלים פאַר דעם גאָט פון גליק (גד), פלעגען גיסען בעכערס וויין פאַר דער געטין פון שיקזאַל (מני), כדי זי זאָל זיי העלפען אין זייערע אונטערנעהמונגען.

אויף אַזוי ווייט האָבען זיך די פערמעגליכע יודען צוגעוואָהנט צו די בעדינגונגען פון לעבען אין גלות, אַז זיי האָבען ענדליך אינגאַנצען פערגעסען אָן זייער פאָטערלאַנד און אָן ירושלים, וועלכע זענען נאָך אָט גאָר נישט לאַנג געווען פערדרעכענט פאַר דעם ענדע־ציעל פון זייערע אַלע שטרעבונגען. איצט האָבען זיי פון דעם נישט געוואָלט וויסען, נישט געוואָלט

הערען און געדענקען. זיי האבען געוואלט זיין און אויף אייביג פערבלייבען בבל'ייער און זיי האבען אבגעלאכט פון די, וועלכע האבען נאך געטרוימט וועגען ירושלים. דאס איז געווען א שוידערליכער פלעק אויף דעם ליכטיגען פאן פון דער איבערגעביטענער שטימונג צווישען די פערטריבענע. דער געגענזאץ איז געווען צו שארף. פון איין זייט האט געבליהט די פרימקייט, דער פלאמענדער אייפער פאר דעם יודישען גלויבען, די אידעאלע שטרעבונג צו ירושלים; און פון דער צווייטער זייט — תאוה, דאס נאכיאגען זיך נאך תענוגים און דאס פאלשטענדיגע פערגעסען די אלטע ערינערונגען. אין דעם לאגער פון די פערטריבענע האבען זיך אויסגעבילדעט צוויי פערברעמדטע קלאסען, וועלכע זענען געווען פערבונדען צווישען זיך נאר דורך זייער אבשטאמונג, און בנוגע צו די געוויסע פאסירונגען און ערשיינונגען אין זייער לעבען, צו זייערע האפענונגען, סימפאטיען און אנטיפאטיען, האבען זיי איינע די אנדערע נישט געקאנט פערשטעהן. אין דער צייט ווען איינע האבען בעוויינט ציון און האבען זיך געטרייסט אין דער שטיל מיט דער האפנונג אויף א בעסערער צוקונפט, פלעגען די אנדערע, גארנישט קלערענדיג וועגען דער דאזיגער צוקונפט און וועגען דעם חורבן פון זייער לאנד זארגלאז פערברענגען די צייט אין פערגעניגענס און לוסטיגקייטען.

דער דאזיגער ווידערשפרוך האט זיך נאך קלעהרער ארויסגעוויזען א דאנק דער ענטוויקלונג פון די פאליטישע פאסירונגען. אין א יאהר זעקס ארום, נאך דעם געוואלט-טוידט פון אויל-מרודך, האט זיך אויפגעזעצט אויפ'ן טראן אין בבל איינער פון די כאלדייאישע מאגנאטען, מיט'ן נאמען נאבאנאה (555-טען יאהר). מיט איינינע יאהר פריהער האט דער בערי־המטער פרס'ישער העלד כרש ארא־בגעווארפען פון טראן דעם מלך פון מדי אסטיאג און האט ביי איהם אבגענומען דאס גאנצע לאנד מדי מיט זיין הויפטשטאדט אכטאבאנא מיט די אונטערווארפענע פראווינצען און געמאכט עס אבהענגיג פון פרס. די מאכט פון פרס האט דאן אנגעפאנגען אונגעהויער שנעל צו וואקסען; כרש האט זיך פערגעבען מיט זעהר ברייטע פלענער וועגען בעקעמפפען די ארומיגע מלוכות. די פרומע און די איבערראשטע יודען האבען זיך זעהר אויפמערקזאם צוגעקוקט צו די דאזיגע ערשיינונגען, ווארטענדיג, אז די פאליטישע איבערקעהרעניש אין אזיען זאל זיי אויך עפיס א ישועה ברענגען. דערווייל האט זיך זיי אבער אין גלות נישט גוט געלעבט. די האפנונגען, וואס זיי האבען געלעגט אויף מרודך-בלאדן זענען מיט איהם צוזאמען אין דער ערד פערזונקען געווארען. נאבאגאה האט בשום אופן נישט געוואלט בעפרייען די געפאנגענע פון גלות, האטש

אַ געוויסען טייל פון די געפאַנגענע פעניצער האָט ער יאָ געלאָזט זיך אומקעהרען אין זייער פאָטערלאַנד און ערלויבט אויסצוקלייבען פון זייערע מיט אַנאייגענעם מלך. דאָס האָט אין די הערצער פון די ברענענדיגע נאַציאָנאַליסטען-יהודים אַרויסגערופען אַ פייערדיגע פיינדשאַפט צו בבל און צו איהר מלך. זיי האָבען גאַרנישט געזוכט די דאָזיגע שנאה צו בעהאַלטען. און זי האָט זיך אָפען אויסגעדריקט אין טהאַטען און אין ווערטער. צו דער פיינדשאַפט האָט אין אַ געוויסער מאָס געבראַכט די פערטריבענע, — ביי וועלכע ס'איז אַלץ מעהר געשטאַרקט געוואָרען זייער אמונה — אויך דער עקעל, וואָס זיי האָבען געפיהלט צו דער אַרומיגער געצענדיענערייַ, מיט וועלכער בבל איז געווען איבערפילט און מיט וועלכער זי האָט זאָגאַר שטאָלצירט. די יהודים פלעגען גאַנץ אָפען אַרויסזאָגען זייערע איבערצייגונגען פאַר די כשדים.

זאָגט זיי: די געטער, וועלכע האָבען הימעל און ערד נישט בעשאַפען, וועלען אונטערגעהן!" — האָט פאַר זיינע חברים אַ רעדנער געפרעדיגט מיט היץ. די יהודים האָבען אָפגעלאַכט פון דעם כאַלדעאישען (כשדי'שען) געטערדיענסט, געלאַכט פון די פערגעטערטע קלעצער, וועלכע זענען בעפוצט מיט גאָלד און מיט זילבער און צוגעשלאָגען מיט צוועקעס, זיי זאָלען זיך נישט וואַקלען, אָדער וועלכע מען טראָגט אויף די הענד, ווייל זיי קאָנען אַליין נישט געהן. די שטימען פון די נביאים פלעגען פאָרזאָגען, אַז אין גיכען מוז פאַלען דאָס דאָזיגע לאַנד, וואָס איז איבערפולט מיט געצענדיענערייַ און אַלע אַנדערע פערדאָרבענהייטען. איין נביא האָט געזאָגט, אַז דער שיקזאַל פון סדום און עמורה, וועט גרייכען אויך די מלוכה פון די כשדים. ווילדע חיות וועלען זייערע נעסטען זיך בויען אין די פאַלאַצען פון בבל. דעם מלך אַליין האָט ער פאָראויסגעזאָגט אַ שרעקליכען סוף. צוקוקענדיג זיך צו כרש'ס מאַרשרוט איבער אַזיען, האָבען די נביאים געזאָגט, אַז בבל מוז ענדליך אַרונטערפאַלען אונטער דער אויבערמאַכט פון פרס.

ווען נאַבאַנאַד האָט זיך דערוואוסט פון די דאָזיגע דרייסטע רעדען, איז ער געוואָרען זעהר אויפגערעגט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען שרעקליכע רדיפות, קודם כל געגען די נאַציאָנאַליסטען און פרומע; אכזריות'דיגע טוידט-שטראָפען האָבען זיי בעגעגענט, אַזוי ווי דער שיקזאַל וואָלט געוואָלט זיי אויפרובען און אויסלייטערען דורך פיין. אויף פיעל איז אַרויפגעלעגט געוואָרען שווערע צוואַנגס-אַרבייט, פון וועלכע זאָגאַר פרויען און אַלטע לייט זענען נישט בעפרייט געוואָרען. מיט אַנדערע, ווידער, איז מען נאָך שטרענגער

זיך בעגאַנגען. מען האָט זיי געוואָרפען אין פינסטערע גריבער, מען האָט זיי געשלאָגען און געפּייניגט מיט אַלערליי יסורים. די, וועלכע האָבען געוואַגט צו ריידען וועגען דער קינפטיגער מפּלה פון דעם כאַלדעאישען פאָלק, וועגען דער נידעריגקייט פון דאָס געצענדיענערייא און אַז. וו. זענען דורך מיתות-משונות געטוידט געוואָרען. אַ אייניקעל פון דעם געוועזענעם כהן גדול, וועלכער האָט מיט זיין לעבען בעצאָהלט ביים חורבן פון ירושלים,— מיט'ן נאָמען יהושע בן-יהוצדק, האָט מען געהאַט פער'משפּט צום טוידט דורך פערברענען און אויף זיין נצול-ווערען האָט מען געקוקט, ווי אויף אַ נס. די דאָזיגע אַלע רדיפות האָבען די ענוים (די פרומע) אַריבערגעטראָגען מיט אַ אונגעהויערער געדולד און פעסטען כאַראַקטער. אַ נביא פון יענער צייט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים איבערגעליטען יסורים און פיין פאַר דער אמונה, האָט געשילדערט די ליידענדע אין קורצע נאָר ריהרענדע שטריכען. בעטראַכטענדיג די ענוים אַלס קערענדעל פון פאָלק, רעדט ער וועגען זייערע ליידען, ווי וועגען די ליידען פון גאַנצען יודישען פאָלק:

„פערהאַסט און פערגעסען צווישען מענשען, איבערטראָגענדיג ליידען, דורכגעדרונגען מיט וועהטאָגען... האָט ער, אַ געדריקטער און אַ געפּייניגטער, קיין מויל נישט געעפענט; אַזוי ווי אַ שעפּעלע, וועלכע ווערט צום שלאַכט געפיהרט, שטום, ווי אַ שעפּס ביים שערען, האָט ער קיין מויל נישט געעפענט..."

פאַר די יודען אין בבל זענען שלעכטע צייטען אָנגעקומען, וועלכע האָבען אין פיעל הינזיכטען דערמאָהנט די צייטען פון גלות אין מצרים. דער אונטערשיעד איז נאָר געווען אין דעם, וואָס, אָנשטאָט קנעכטשאַפט און געצוואונגענע אַרבייט ביי די געביידעס און אויף די פעלדער, האָט די יודען אין בבל ערוואַרטעט טיורמעס און טוידט, און די, וועלכע האָבען זיך ענטזאַגט פון זייער נאַציאָנאַליטעט און זייער גלויבען, האָבען געלעבט אין זיכערהייט און רוה. גאַנץ בבל איז דורכגענומען געווען מיט איין אונאויפהערליכען הימעלשרייענדען יאָמער. די פינסטערע שטימונג פון די פרומע צוזאַמען מיט זייער טיעפען גלויבען און האָפען אויף אַ גאולה איז פאָלשטענדיג אויסגעדריקט אין די קאַפּיטלעך תהלים, וועלכע זענען געשאַפען געוואָרען צו יענער צייט. נישט וועלענדיג טראָגען צוזאַמען די ליידען פון די דאָזיגע מענשען און אויך נישט וועלענדיג זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר זייערע טהאַטען גענען די כאַלדעאישע הערשער, האָבען די יודען, וועלכע האָבען זיך שוין גאַנץ וואַרעם און רוהיג איינגעאָרדענט אין בבל, זיך אַלץ מעהר און מעהר פערפרעמדט פון זייערע ברידער און זיך אַלץ פעסטער און פעס-

טער פֿעראײניגט מיט די בבלײם. נאָך מעהר: זײ אַלײן האָבען געהאָלפֿען פֿערפֿאָלגען די נאַציאָנאַליסטען און דורך דעם פֿיעל פֿערערגערט זײער שיקזאַל. זײ האָבען אויף די פֿרומע געקוקט, ווי אויף משוגעים, וועלכע מען מוז ווירקליך אונשעדליך מאַכען; אַלס בעלויהן פֿאַר זײער פֿערפֿרעמדקײט צו זײערע אײגענע ברידער, פֿאַר זײער פֿערראַט געגען זײער נאַציאָנאַליטעט, האָבען די בבלײם נאָך מעהר פֿערזיכערט זײער עקזיסטענץ: די בבלײם־פֿרײנד האָבען געקליבען אוצרות אין לאַנד און זיך געפֿרעהט מיט'ן אײגענעם גליק.

דער ערפֿאָלג און דער וואָהלשטאַנד פֿון די פֿעררעטער — ווי די פֿרומע האָבען זײ גערופֿען — און פֿון צווײטען זײט די שרעקליכע לאַגע פֿון די טרײע דיענער פֿון גאָט האָבען אַרויסגערופֿען פֿערשיעדענע תּפֿקות בײם המון, וועלכער האָט מיטגעפֿיהלט די פֿרומע, נאָר האָט דאָך ניש געקאָנט זיך אויפֿהויבען ביז צו דער מדרגה פֿון שטאַנדהאַפֿטער איבערצײגונג. די לעהרער פֿון פֿאָלק האָבען זיך געמיהט אײנצופֿלאַנצען דעם געדאַנק, אַז דאָס גליק, וועלכער ווערט דערגרײכט דורך דעם, וואָס עס ווערט פֿערלאָזען די תּורה פֿון גאָט, דער גלויבען און די האָפֿנונג אין איהם — אַז דאָס דאָזיגע גליק איז אַ צײטווײליגעס, אַ פֿערבײלויפֿענדעס. די משוררים פֿון תּהלים האָבען געזאָגט אין טיעפֿסטער איבערצײגונג: „ווען די רשעים זאָלען אפילו וואַקסען ווי גראָז, וועלען זײ דאָך, אויך אַזוי ווי גראָז, גיך פֿערוועלקט ווערען". די קלוגע און ווײטזיכטיגע האָבען געלערנט די משוררים — דאַרפֿען זוכען דעם גליק ניש אין דער אונדויערהאַפֿטיגער געגענוואַרט, נאָר אין דער צוקונפֿט. די פֿרומע, וועלכע ווערען איצט געפּײניגט, מוזען זיך אַלזאָ טרײסטען מיט דער גאולה, וואָס ערוואַרט זײ נאָכהער:

„די טרײע צו גאָט וועלען פֿון דאָסניי דאָס לאַנד בעזעצען,
די פֿרומע וועלען אויף אײביג, אײביג דאָרט בלײבען —
די רשעים וועלען איהר אָבער קײנמאָל, קײנמאָל ניש זעהן מעהר!"....

דערווײל איז די פּאָליטיק אין דער פֿאָדערשטער אַזיען אַלץ מעהר פֿערשאַרפֿט געוואָרען. עס איז אַלץ נאָהענטער געקומען דער מאָמענט, וועלכער האָט געזאָלט בעשליסען דעם שיקזאַל פֿון דער כאַלדעאישער מלוכה, ווי אויך דעם שיקזאַל פֿון די פֿערטריבענע. דער העלד כּרש האָט זיך אַלץ פֿלײסיגער געגרײט צום אָנפֿאַל אויף בבל. די האָפֿנונגען פֿון די נאַציאָנאַליסטען זענען אַלץ דרײסטער געוואָרען. די שטימונג איז אָהן אַנ'אויפֿהערע געדאַנק, אַז דאָס גליק, וועלכעס ווערט דערגרײכט דורך דעם, וואָס עס

געגענדען זענען פערשוואומען געוואָרען מיט'ן פּרס'ישען היל. כּרש'ס נאָמען איז אַלײן מעהר בעריהמט געוואָרען. צווישען די פערטריבענע איז קלאָהר געוואָרען דער כאַראַקטער פון דעם יונגען העלד. זײַן גרויסמוט, זײַן גוטהערציגקײַט צוזאַמען מיט זײַן העלדישקײַט האָט געלאָזט ערוואַרטען פון איהם זעהר פיעל. די שטים פון די גאולה=נביאים איז אַלײן הילכיגער געוואָרען. נאָך מיט מעהר מוט, ווי פריהער, האָבען זיי גערעדט וועגען דער נאָהנטער נקמה, וואָס גאָט נעהמט פון בבל פאַר דער שאַנד פון ציון, וועגען דער נאָהנטער ערלעזונג.

צווישען די גאולה=נביאים האָט זיך דענסטמאָל איבערהויפּט אויסגעצײכענט אײנער, וועלכענס נאָמען עס איז צו אונז ניט דערגאַנגען, נאָר וועמעס נבואה=רעדען עס קענען דיענען אַלס קרוין פון רוח הקודש; די דאָזיגע נבואה=רעדען זענען צוגעגעבען געוואָרען צום „ספר ישעיה". צוליעב דעם דאָזיגען אומשטאַנד, ווערט דער אונבעוואוסטער געניוס אָנגערופען „ישעיה דער צווייטער".

דער דאָזיגער נביא, וועלכער האָט געלעבט צווישען די פערטריבענע אין בבל איז געוועזען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט דעם אידעאַל פון פּאָליטישער און גײַסטיגער בענײַאונג פון זײַן פאָלק. אויב אין די רעדען פון יחזקאל שפּיגעלט זיך אָב די לאַנגע נאַכט פון געפענגעניש, מיט איהרע מיסטישע זעהונגען און געשפּענסטער, שײַנט אין ישעיהו דעם 2=טענס נביאות דער גלאַנץ פון דעם אויפגעהענדען מאָרגענשטערען, הערט זיך אין זײַנע רעדען דער מונטערענדער אויפרוף צו בעפרײַאונג, צו אַ נײַעם לעבען, צו ברײטער נאַציאָנאַלער טהעטיגקײַט. דער נביא הערט גאָט'ס=שטים, וועלכע ווענדעט זיך צו די אָנפּיהרער פונ'ם יודישען פאָלק:

„איהר זאָלט טרײסטען, איהר זאָלט טרײסטען מײַן פאָלק. רעדט צו דעם האַרץ פון ירושלים, מאַכט איהר ווייסען, אַז איהר טערמין איז שוין געענדיגט, אַז איהרע זינד זענען שוין פערגעבען, אַז פאַר איהרע אַלע פערברעכען איז זי שוין פון גאָט דאָפּעלט בעצאָהלט געוואָרען... עס רופט אַ שטים: אין דער וויסטעניש (צווישען בבל און יהודה) מאַכט ריין גאָטס=וועג, מאַכט גלײַך דעם שטעג פאַר אונזער אַלמעכטיגען... געהט אַרויס פון בבל, לויפט פון כשדים — מיט לויב, מיט געזאַנג, זאָגט: דער גאָט יה"וה האָט בעפרײַט זײַן קנעכט יעקב'ן!"

דער שליח פון גאָט'ס ווילען אין דער דאָזיגער איבערקעהרעניש איז דער פערסישער קעמפפער כּרש: „אַזוי האָט גאָט געזאָגט וועגען זײַן געזאַלבטען כּרש: איך האָב פערפעסטיגט זײַן רעכטע האַנד, איהם אונטערטעניג געמאַכט

פעלקער, ענטוואָפענט מלכים, געעפענט פאַר איהם די טהירען און אַראָבּגענומען די ריגלען פון די טויערען (פון די מלוכות)... (דאָס אַלעס האָב איך געטהון) צוליעב מיין קנעכט יעקב'ן און מיין אויסדערוועהלטען ישראל. און זאָל מען וויסען פון מזרח ביז מערב, אַז אויסער מיר איז — גאָרנישט, אַז איך, יהוה, בין גאָט און מעהר איז נישטאָ. איך בעשאַף ליכטיגקייט און מאַך פינסטערניש, שאַף פריעדען און ברענג אונגליק... איך האָב די ערד געמאַכט און בעשאַפען דעם מענשען אויף איהר. מיינע הענד האָבען בעצויגען דעם הימעל־געוועלב און איך האָב זיינע פּלאַנעטען פערזעצט, איך האָב כורש'ן ערהויבען צוליעב גערעכטיגקייט און אַלע זיינע וועגען וועל איך גלייך מאַכען; ער וועט אויפבויען מיין שטאָדט און מיינע פערטריבענע וועט ער פריי לאָזען..."

אין אַלע נבואה־רעדען פון ישעיהו דעם צווייטען ענטוויקעלט זיך דער פאָלגענדער לאָגישער אידעען־גאַנג. די יודישע נאַציאָן האָט אויסגעקויפט איהרע זינד אין גלות און לויט גערעכטיגקייט מוז זי שוין ענדליך בעפרייט ווערען. דער פערמיטלער אין דעם דאָזיגען אַקט פון בעפרייאונג איז כורש. פיעל האָט געקאָנט וואונדערן דער אומשטאַנד, וואָס אַזאַ הייליגע מיסיאָן איז אַרויפגעלעגט געוואָרען נישט אויף אַ יודען גופא, נאָר אויף אַ פרעמדען. נאָר דער נביא ערקלערט, אַז יהוה האָט צום בעפרייען זיין פאָלק בכיון אויסגעקליבען יענעם גרויסען קעמפפער, וועלכער האָט איבערגעביטען די גורלות פון די מלכים און מלוכות. די אויפגעציטערטע וועלט זאָל זעהן, אַז דער זעלביגער גאָט, וועלכער האָט איבערגעגעבען די מעכטיגסטע מלוכות אין כורש'ס הענד, האָט דעם לעצטען געמאַכט אויך פאַר זיין שליח צו מאַכען אויפלעבען די קליינע יודישע נאַציאָן, אַז די שטאָלצע בבל פאַלט, כדי די יודישע געפאַנגענע זאָלען בעפרייט ווערען. דאָס וועט אַלעמען איבערציינגען, אַז דער גאָט פון יודען איז צוזאַמען דערמיט אויך דער פיהרער פון אַלע אַנדערע פעלקער. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? דערפאַר וואָס דער גאָט פון יודישען פאָלק איז נישט געמאַכט דורך מענשען־הענד, אַזוי ווי אַלע געטער, נאָר ער אַליין איז דער שעפער פון הימעל און ערד, ער איז דער מנהיג פון וועלט און מענשען, וועלכע עס קאָנען נאָר אויסערוועהלטע מיט זייער מוח בעגרייפען.

„מיט וועמען קאָנט איהר גאָט פערגלייכען? וואָס פאַר אַ בילד קאָנט איהר פאַר איהם בעטראַכטען? מיינט איהר דען, אַז ער איז ענהליך צו דעם געץ, וועלכען עס האָט אַ מייסטער פון מעטאַל אויסגעגאָסען און וועלכען אַ גאָלדשמיד האָט מיט גאָלד בעדעקט, מיט גאָלדענע קייטען צוגעשמידט? איז

אַייך דען שוין לאַנג נישט וויסען געמאַכט געוואָרען? איז אַייך דען נאָך נישט קלאָר די וועלט־אויפבויאונג? גאָט איז יענער, וועלכער אויפזיצט אויף דעם קרייז פון דער ערד, געגען וועמען אירע בעזיצער זענען געגליכען צו פליגען, יענער, וועלכער האָט פערשפּרייט דעם הימעל, ווי אַ וועבונג, וועלכער האָט איהם פונאַנדערגעוואָרפען, ווי אַ געצעלט. פירשטען פערוואַנדעלט ער אין גאָרנישט און ערדישע פיהרער — אין כאָאָס"...

אַלזאָ, די אידעע פון וועלט־בעשעפער, די אידעע פון דער העכסטער סובסטאַנציע, וועלכע פיהרט אָן מיט דעם שיקזאַל פון דער מענשהייט און דער בעגריף וועגען יהוה, דער ספּעציעלער בעשיצער פון ישראל — גיסען זיך צוזאַמען אין איין אידעע פון אַ וועלט־גאָט. דער נאַציאָנאַלער גאָט פון יודען ווערט פערוואַנדעלט אין אַן אוניווערסאַלען איינאיינציגען גאָט. נישטאָ קיין גאָט אויסער יהוה און ישראל איז זיין אויסערוועהלטער — דאָס איז דער לאָזונג, וועלכער קלינגט אין אַלע רעדען פון ישעיה דעם צווייטען. „דער קנעכט פון גאָט" — דאָס איז זיין בעליעבטער עפּיטעט, מיט וועלכען ער רופט אָן גאַנץ אָפט דאָס פאָלק ישראל. דאָס איז דאָס פאָלק, וועלכעס איז בעשטימט געוואָרען צו פערקערפּערען אויף דער ערד דעם אידעאַל פון העכערען אמת; עס מוז אויסשטעהן ליידען און בעליידיגונגען, מוז פערפאָלגט ווערען פון אַלע פעלקער, נאָר ענדליך מוז עס דאָך גובר זיין, מוז עס דאָך זיעגען אין דעם קאַמפף פאַר געטליכקייט; דאָס פאָלק ישראל וועט זיין „דאָס ליכט פון אַלע פעלקער", דער פאָהן־טרעגער פון דער וואַהרהייט פאַר דער גאַנצער מענשהייט. די בריק צווישען דעם נאַציאָנאַליזם און צווישען דעם אוניווערסאַליזם איז אַלזאָ פעסטגעשטעלט. דאָס יודענטהום אַרבייט פאַר דעם נוצען פון דער גאַנצער מענשהייט. עס בעהאַלט נישט עגאָאיסטיש זיינע גייסטיגע אוצרות, נאָר שענקט זיי אַלע נויטבעדערפטיגע, ווייל דאָס איז זיין היסטאָרישע מיסיאָן. דער גלות פון בבל מוז מיטווירקען צום איבערגאַנג פון דער נאַציאָנאַלער רעליגיאָן ביז דער אַלוועלטליכער: דאָס איז אַ לעהר־שוהל פאַר אַ מיסיאָנערען־פאָלק, וועלכער מוז פיעל אויסשטעהן, מיט פיעל זיך צוזאַמענשטויסען, כדי צו ערפילען ווי בעסער זיין שליחות.

פונדעסטוועגען בלייבט דער נביא נישט שטעהן ביי דעם אידעאַל פון אַ ריין־גייסטיג פאָלק. איהם בעגייסטערט אויך די פּערספּעקטיווע פון דער פּאָליטישער אויפלעבונג פון יהודה אין דער נאָהענסטער צוקונפט. די דורך יסורים אויסגעלייטערטע נאַציע מוז זיך צוריקקעהרען אין איהר לאַנד, צו דיענען פאַר דער וועלט אַלס מוסטער פון גייסטיגער מעכטיגקייט ביי פער־

העלטנישמעסיג געפאלענע פאליטישע בעדינגונגען. דער נביא איז מבטיח דעם בעפרייטען פאלק נישט קיין קריעג'ס-שטארקייט, נישט קיין הערשאפט איבער אנדערע פעלקער דורך שווערד און געוואלד, נאר דאס בעקעמפפען די הערצער דורך דעם פערשפרייטען די אידעען פון ווארהייט און גוטס. אין רעליגיעזען לעבען פון ישעיהו דעם צווייטען, אין געגענזאץ צו יהזקאל'ן, ווערט דער גרעסטער פלאץ אבגעגעבען נישט קיין אויסערליכע מנהגים און טעמפעל-צערעמאניאלען, נאר דער גייסטיגער פאלקאמענהייט. אין זעהר שארפע אויסדריקען טרעט ער ארויס געגען דעם אויסערליכען רעליגיעזען תשובה-טהון, אין דער פארם פון פאסטען און דאווענען, וואס איז נישט צוזאמענגעבונדען מיט דער גייסטיגער אויפלעבונג פון דעם בעל-תשובה. אין דער פאנטאזיע פון ישעיהו דעם צווייטען וועגען דער בענייטער יהודה, פערנעהמט דער פון דאסניי אויפגעבויטער בית-המקדש נישט אזא וויכטיגען ארט, ווי אין דער נבואה פון יהזקאל. דער נעבעלדיגער מיסטיציזם פון דעם לעצטען איז אויך פרעמד דעם נייעם נביא. אין די רעדען פון ישעיהו דעם צווייטען הערשט הויפטזעכליך די ליכטיגע, לעבענסדורשטיגע שטימונג: אין זיי קלינגט דער דרייסטער, מונטערער אויפרוף צו טהעטיגקייט, אבער נישט צו פאסיווער אבווארטונג:

„ערוואך דיך, ערוואך דיך, קלייד דיך אן אין דיין מעכטיגקייט, ציון, ציער דיך אויס אין דיין פראכטפאלער קליידונג, ירושלים, הייליגע שטאדט; עס וועט אין דיר נישט אריינדרינגען מעהר קיין אונבעשניטענער און קיין אומ-רייינער. טרייסעל אב פון זיך דעם שטויב, שטעה אויף, מעכטיג דיך, ירושלים, צורייס די קייטען פון דיין האלדז, געפאנגענע ציון'ס-טאכטער". — „ציון זאגט: עס האט מיין גאט מיך פערלאזען, עס האט מיין הער מיך פערגעסען!"— קאן דען די מוטער איהר זויג-קינד פערגעסען, קאן זי זיך דען אויף די פרוכט פון איהר בויך נישט ערבארעמען? ווען זאגאר אזעלכעס זאל קאנען פאסירען, קאן איך (גאט) דיך אבער נישט פערגעסען. אט איילען שוין צו דיר דיינע קינדער און דיינע פערוויסטער ווייכען פון דיר. הויב אויף דיינע אויגען און קוק דיך ארום: זיי (דיינע קינדער) האבען זיך פערזאמעלט און נעהנען צו דיר שוין געקומען. זיי וועלען אויפבויען דיינע חורבות און ענג וועט אין דיר זיין פאר דעם גרויסען איבערפלוס פון דער בעפעלקערונג." — „ווי שען אויף די בערג געהען אויף די פיס פון דעם שטאפעט, דער וואס איז מבשר וועגען שלום, דער וואס איז מודיע וועגען גליק, דער וואס זאגט אן וועגען ערלייזונג, דער וואס רעדט צו ציון: דיין גאט בענייט זיין מלוכה! דיינע וועכטער האבען אויפגעהויבען זייער שטים און זינגען צוזאמען, וויל

אויג-אין-אויג האָבען זיי דערזעהן, ווי גאָט קעהרט זיך אום צוריק קיין ציון!"...

דער איינדרוק פון ישעיהו'ס רייד איז געווען אונגעהויער. די פערטריבענע געמיינדע האָט מיט אונגעדולד געהאָפט אויף איהר גיכסטער באפרייאונג, און וויל דער נביא האָט צוזאַמענגעקניפּט די גאולה מיט דער מפּלה פון בבל, האָבען די יודען געוואַרט אויף דעם רעזולטאַט פון דער מלחמה צווישען די פּערס'ער און כאַלדעער פיעל מעהר, ווי דער מלך נאַבאָנאַה (בלשאצר) און דאָס פאָלק פון בבל. די ענדע פון דער מלחמה האָט אָבער נישט געלאָזען לאַנג אויף זיך וואַרטען. נאָך איידער די בבלי'ער האָבען בעוויזען זיך אַרומצוקוקען אויף זייער לאַגע, איז שוין כרש געשטאַנען ביי די טויערען פון דער הויפּטשטאָדט מיט זיין גרויסער, מלחמה-דורשטיגער אַרמעע און נאָך האַלבער-נאַכט האָט ער זיך אַריינגעריסען אין שטאָדט, אין דער צייט, ווען די איינוואָהנער האָבען זיך זאָרגלאָז לוסטיג געמאַכט אויף בעלער און טעניץ. ווען דער טאָג איז אָנגעקומען, איז דאָס שטאָדט פול געווען מיט'ן פיינד, און יעדער ווידערשטאַנד איז געווען אוננוצליך. אַזוי איז געפאַלען די זינדיגע בבל נאָך אַ צוויי-יאָהריגער מלחמה (539-טען יאָהר), ווי ס'איז פאָראויסגעזאָגט געוואָרען דורך די יודישע נביאים. קיין בעזונדערע שטראָף אָדער בעליידיגונג האָט נישט בעגעגענט נישט דעם מלך, נישט דאָס פאָלק פון בבל. כרש איז געווען אַ באַרמהערציגער זיעגער. דאָך איז אין יענעם טאָג געפאַלען דאָס עקעלהאַפטע געצענדיענעריי. דער קולט פון די פּרס'ער איז געווען פיעל העכער פון דעם כאַלדעאישען. ביי די פּערסער זענען נאָר געווען צוויי געטער — אַהורמיז, דער גאָט פון גוטס און אַהרימאַן, דער גאָט פון שלעכטס — ביידע מעהר אָדער וועניגער אַבסטראַקטע און זיי, די פּערסער, האָבען נישט געליטען קיין געצענדיענעריי.

די מפּלה פון בבל האָט פאָלשטענדיג און אויף אייביג אויסגעהיילט דער יודישער געמיינדע פון דער פריהערדיגער געצענדיענערישער קרענק. מיט די אייגענע אויגען האָט דאָס פאָלק געזעהן, ווי די געטער, פאַר וועלכע מ'האָט נאָך נעכטען געקניעט און זיך געבוקט, זענען היינט אויסגעמישט געוואָרען מיט שטויב; ווי בל איז געפאַלען, ווי מרודך איז הרוב, דער חורבן פון בבל האָט אויף אַזאַ אופן פערענדיגט די אויפגאַבע פון די נביאים אין די פערגאַנגענע דורות. עס זענען ווייך געוואָרען די הערצער פון ישראל. אַלע האָבען זיך געווענדעט צו גאָט, סיי זינדיגע, סיי פערזונקענע אין הבלי-העולם. עס האָבען אַלע אַרויסגעזעהן בעשיינפּערליך, ווי זיין הייליג וואָרט, וואָס ער האָט אַריינגעגעבען אין מויל פון די נביאים, איז מקוים גע-

וואָרען. די ענוים, וועלכע פּלעגען פריהער שטענדיג ציון בעוויינען, האָבען אויפגעהערט צו זיין פערהאַסט און פערפאָלגט; אין גענענטייל, מ׳האַט זיי אָנגעהויבען צו אַכטען און די פערטריבענע קהלה האַט זיי געשטעלט אין איהר שפּיץ. דערווייל האָט זיך כּרש אויפגעזעצט אויפ׳ן טראָן אין דעם פּאַלאַץ פון בבל. ער האָט געוואָלט, מען זאָל אויף איהם קוקען, ווי אויף דעם מלך פון בבל, ווי אויף אַ יורש פון די אַמאָליגע העלדישע בבלישע מלכים, און די יאָהרען פון זיין מלוכה האָט ער אָנגעהויבען צו צעהלען זייט ער האָט זיך אין בבל בעזעצט (538). אַלע דיענער פון קעניגליכען הויף, וועלכע האָבען פריהער געציטערט און זענען אויף די הענה געקראָכען פאַר נאַבאָנאַדען, זענען געוואָרען די דיענער פון כּרש. צווישען זיי האָבען זיך אויך געפונען סריסים פון דער יודישער קעניגליכער פאַמיליע, מענשען, וועלכע זענען ערליך און טריי געבליבען זייער פאָלק און זייער רעליגיאָן. אָט די דאָזיגע האָבען אָנגעהויבען זיך משתדל צו זיין פאַר כּרש׳ן (דערביי האָט מסתמא מיטגעווירקט אויך זרובבל, דער אייניקעל פון מלך יהויכין), אַז ער זאָל בעפרייען זייערע ברידער. קודם כל זענען בעפרייט געוואָרען פון די טיורמעס די יעניגע, וועלכע זענען דורך נאַבאָנאַד׳ן פערמשפּ׳ט געוואָרען פאַר זייער רעליגיעזער קנאה. וואָס ווייטער האָט מען ביי כּרש׳ן אַלץ מעהר געפועל׳ט. ענדליך האָט ער צופריעדען געשטעלט דעם הויפּטבעגעהר פון די פערטריבענע יודען: ער האָט זיי ערלויבט זיך אומצוקעהרען אין זייער לאַנד און צוריקצושטעלען זייער בית־המקדש. מיט דעם נצחון איבער בבל זענען ממילא אַריבערגעגאַנגען אונטער כּרש׳ס רשות אַלע פעלקער און לענדער, וואָס נבוכדנאצר האָט אין דעם פריהערדיגען דור איינגענומען, פון פּרת ביז מצרים. די יודען, ווידער, זענען אין אַלע הינזיכטען געוואָרען אָבהענגיג פון איהם. וועלכע מאָטיוואַן די דרייסטע יודישע שתדלנים האָבען אַלזאָ געקאָנט אַרויסשטעלען פאַר׳ן מעכטיגען קעמפפער, ווען זיי האָבען געבעטען נישט נאָר פריהייט פאַר זייער פאָלק, נאָר זאָגאַר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פאַר זייער לאַנד? און וואָס האָט כּרש׳ן געטריבען, צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען דרייסטען חלום? איז עס געווען בלויז אַ מאָמענטאַלע שטימונג? אָדער אפשר האָט איהם איינער פון די נביאים — ווי צווישען יודישען פאָלק האָט זיך נאָכדעם דערצעהלט — מגלה געווען, אַז דאָס איז זיין בעשטימונג פון גאָט, דער פערטריבענער יודישער געמיינדע צו בעפרייען און צוריקצושטעלען? איז אפשר כּרש׳ן געפעהלען געוואָרען די יודישע אמונה, וועלכע איז אין גרונד עטוואָס ענליך צו דער פּערסישער און דערפאַר האָט ער זיך מיט אַזוי פיעל חסד בעצויגען צו איהרע נאָכ-

פּאָלגער? — ווי דאָס זאָל נישט האָבען געווען און וואָס דאָ זאָל נישט האָבען געדיענט אַלס אורזאַך, בלייבט נאָך אַלץ אונפערשטענדליך דאָס, וואָס כּרש האָט גלייך, נאָך זיין איינגעהמען בבל, צושיקט דורך זיינע העראָלדען שריפטליכע עדיקטען איבער זיין גאַנצער נייער מלוכה, אין וועלכער ער האָט שטרענג בעפוילען, אַז קיינער זאָל נישט וואַגען צו שטערען די יודען אומצוקעהרען זיך קיין ירושלים און אויפצובויען זייער בית-המקדש. ער האָט אויך ערלויבט די פערבליבענע אין גלות צו פערזאָרגען און שטיצען זייערע צוריקקעהרענדע ברידער מיט גאָלד און מיט זילבער, ווי אויך מיט בהמות, וועלכע זאָלען איבערפיהרען אין פאָטערלאַנד פערשידענע משאות און ענדליך האָט ער בעפוילען זיין קאַנצלער מיטראָדאַט'ן, אָבצוגעבען די צוריקקעהרענדע די היילינע כלים פון בית-המקדש, וועלכע נבוכדנאצר האָט פערנומען און אַוועקגעשטעלט אין דעם טעמפעל פון בל, אַלס אַנדענקען פון זיין גרויסען נצחון.

ווי נאָר די דאָזיגע ערלויבניש אויף אומצוקעהרען זיך אינ'ם לאַנד איז געגעבען געוואָרען, האָבען זיך באַלד איינגעפונען מענשען, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך, צו אָרגאַניזירען די זאַך און צו בעזייטיגען פאָראויס די שטערונגען און שוועריגקייטען, וועלכע דער ישוב (צוריקקעהר) האָט געקאָנט בעגעגענען אויפ'ן וועג פון זיין רעאַליזירונג. אַן דער שפּיץ פון דער ישוב-בעוועגונג זענען געשטאַנען צוויי גרויסע לייט, וועלכע זענען געוואָרען דורכ'ן פאָלק אַנערקענט*) אַלס אָנפיהרער, צוליעב זייער גרויסען יחוס. דער ערשטער איז געווען זרובבל, דער איניקעל פונ'ם מלך יהויכין, אַ שפּראָצלינג פון דוד'ס משפּחה; דער צווייטער איז געווען—יהושע דער זוהן פון בעריהמטען כהן-גדול יהוצדק. צו זיי זענען צוגעשטאַנען נאָך צעהן מאַן, אַזוי אַז די צאָהל פון די אַלע ראשים האָט אויסגעמאַכט צוועלף, וואַהרשיינליך אַנטקעגען די צוועלף שבטים. צו זרובבל'ן האָט זיך כּרש בעצויגען מיט אַ בעזונדערע ליעבשאַפט און אַכטונג. ער האָט איהם בעשטימט אַלס פערטרעטער פון דער געגענד, אין וועלכען עס וועלען זיך בעזעצען די צוריקקעהרענדע; זרובבל האָט דאָרט געזאָלט זיין אַ מין רעגענט. אין דער ווירקליכקייט איז דאָס פאַר יהויכינ'ס איניקעל געווען אַ שטאַפּעל צום טראָן פון ירושלים. ביי די דאָזיגע צוועלף אָנפיהרערס האָבען זיך פערשריבען די אַלע, וועלכע האָבען געוואָלט פערלאָזען דעם גלות און זיך קעהרען אַהיים (העולים). די צאָהל פון די לעצטע איז געווען פיעל קלענער אין פערגלייך מיט די, וואָס זענען אַמאָל אַרויס פון מצרים, דאָך איז עס געווען מעהר, ווי מען האָט געקאָנט דענקען: צוויי און פערציג טויזענד דריי הונדערט זעכציג

נפשות, מאַנסלייט, פרויען און קינדער פון צוועלף יאָהר אָן, זענען פון בבל „אויפגעגאַנגען" צוריק אין זייער אייגענעם הייליגען פאָטערלאַנד. דער גרעסטער טייל פון די „עולים" זענען געווען פון שבט יהודה און שבט בנימין, נאָכדעם — פיער גרופּעס כהנים און אַ רעכטע צאָהל לויים. ווייטער זענען געווען צווישען די „צוריקקעהרער" מענשען פון די איבעריגע שבטים, ווי אויך נישט ווייניג „גרים", וואָס האָבען אָנגענומען דעם יודישען גלויבען.

אונגעהויער איז געווען די פרייד צווישען די, וואָס האָבען זיך געגרייט צו דער צוריקקעהרונג. זיי האָט ווי אַ זיסער חלום אויסגעזעהן די מעגליכקייט, פון דאַסניי אָנצוזעהען דאָס אייגענע ליעבע לאַנד, פון דאָס־ניי צו בעפעלקערען עס, פון דאָס־ניי דעם בית־המקדש אויפצובויען. די דאָזיגע געוואַלטיגע פּאַסירונג האָט פעראינטערעסירט אַלע ערוועגע פעלקער, און זיי האָבען וועגען דעם גערעדט, ווי וועגען אַ נס, וואָס דער גאָט פון ישראל האָט געטהון מיט זיין פאָלק. עס איז צווישען יודען געבליבען אַ געזאַנג, אין וועלכען עס דריקט זיך אויס די ערהויבענע שטימונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די דעמאָלסטיגע „צוריקקעהרער".

„ווען גאָט האָט אונז, געפאַנגענע פון ציון,
אין אונזער היים צוריקגעקעהרט פון גלות,
דאַן זענען מיר פונקט ווי פער'חלומ'טע געווען —
אַ אונענדליכע פרייד האָט אָנגעפילט דאַן אונזער מויל,
און אונזער צונג האָט דאַן אונאויפהערליך געזונגען..
געוואונדערט האָבען זיך די פעלקער דאַן אַרום:
„עס האָט גאָט גרויסעס מיט אָט די געטהון!"
גאָט האָט מיט אונז דאַן גרויסעס געטהון —
אַ אונענדליכע פרייד האָט אָנגעפילט דערום אונזער האַרץ—"

ווען דאָס פאָלק האָט זיך געגרייט, אויסצונוצען זיין פרייהייט און אומצוקעהרען זיך קיין ירושלים, האָט איין משורר אין אַ שיר געזאָגט, אַז יעדערער מוז זיך פריהער אויספּרובען, צו האָט ער דעם דאָזיגען גענאָד פון גאָט פערדיענט. נאָר גרויסע בעלי־זכיות, וועלכע שטרעבען צו גאָט און זוכען זיין הייליגקייט, זענען ראוי צו פערזאַמלען זיך אין דער הייליגער שטאָדט. ווערזשע אָבער האָט דאָס געקאָנט אונטערשיידען צווישען די גוטע און די שלעכטע?...

# צווייטעס קאפּיטעל.

.(537–342)

---

אין דעם זעלבען מאָנאַט, ווען די אָבות (542—537) זענען מיט אַכט אָדער ניין יאָהרהונדערטען צוריק אַרוים פון מצרים, האָבען די אור-אייניקלעך ניין יאָהרהונדערטען צוריק אַרוים פון מצרים, האָבען די אור-אייניקלעך, נאָך אַ פופציג-יאָהריגען גלות, פערלאָזען בבל, אומצוקעהרען זיך און פון דאָס-ניי צו בעזעצען זיך אין דעם לאַנגפערלאָזענעם לאַנד, צו וועלכען זיי האָבען אַזוי היים געשטרעבט.

אין אַ טרויעריגען צושטאַנד האָבען די „צוריקקעהרענדע" געפונען זייער היים געליעבטער יהודה. דער צענטרום פון לאַנד ירושלים און זיינע אומגעגענדען איז געווען כמעט גאָר אָהן מענשען, אומעדום זענען נאָך געווען טיעף קענטיג די צייכענס פון חורבן, וואָס נבוכדנאצר האָט געמאַכט. אין דער פראָווינץ האָבען געוואָהנט פונאַנדערגעוואָרפען אָרימע יודישע דאָרפסלייט, וואָס דער בעזיעגער האָט איבערגעלאָזען. זיי האָבען אָבער פערנומען נאָר אַ קליינע טייל פון דער טעריטאָריע אין יהודה. דאָס איבעריגע האָבען שוין געהאַט פערכאַפּט די אַרומיגע האַלב-ווילדע שבטים, וועלכע האָבען אויסגענוצט די שוצלאָזיגקייט פונ'ם לאַנד. די אַמאָליגע יודישע שונאים, די אדומ'ער, האָבען פערכאַפּט דעם דרומ'דיגען געגענד פון יהודה, דעם בערגעדיגען נגב, און זיי האָבען נאָך געשטרעבט צו ווייטערדיגע פערכאַפּונגען. צו מערב-צו האָבען געוואָהנט די אשדוד'ער (אשדודים); די עמונ'ער, ווייטער זענען געקומען פון יענער זייט ירדן און אויך פערכאַפּט אַ געוויסע שטיק יודישע ערד. פון צפון-זייט, אין דער געוועזענער מלוכה פון ישראל, האָבען געוואָהנט די שומרונ'ער (שומרונים), וועלכע זענען בעשטאַנען פון אַ קליינעם אַסימילירטען טייל פון דער פריהערדיגער ישראל-בעפעלקערונג און פון

א גרויסער מענגע פון דער פרעמד אנגעקומענע עלעמענטען. אזא אויסגעמישטען כאראקטער האט אויך געטראגען די רעליגיע פון די שומרונ'ער: זיי האבען געהיט דעם אלטען האלב-יודישען קולטוס פון יהוה, וועלכער האט אמאל אין לאנד געהערשט, צומישענדיג צו איהם פערשידענע מנהגים פון די אנגעקומענע געצענדינערישע שבטים. די שומרונ'ער זענען אלזא געוועזען האלבע יודען אי לויט זייער ראסע, אי לויט זייער גלויבען.

זייענדיג ארומגערינגעלט מיט אזוינע שכנים, האבען די יודען געברויכט אנווענדען נישט ווייניג קרעפטען, אום צו בעקומען פון דאס-ניי די איבערמאכט איבער דער פריהערדיגער אייגענער טעריטאריע און פון דאס-ניי אויפצושטעלען די צושטערטע געזעלשאפטליכע ארדנונג. פון איין זייט איז זיי אויסגעקומען ארויסצושטופען די פרעמדע שבטים פון די אבגערויבטע יודישע געגענדען, און פון דער צווייטער זייט — אויפצובויען די פערנאכלעסיגטע ירושלים און די ארומיגע שטעדט. אהן דער הילף פון דער פרס'ישער ממשלה האבען זיי אין אנהויב נישט געקאנט זיך בעגעהן. ווי ס'שיינט אבער, איז די דאזיגע הילף געוועזען נישט בעדייטענד. די נייע זיעגער האבען נאך נישט בעוויזען אריינצוברינגען א נייע ארדנונג אין דער פאלעסטינישער פראווינץ, און ס'איז אונבעוואוסט, אין וואס עס האט זיך אויסגעדריקט זייער מיטווירקונג בנוגע צו דער רעסטויראציע פון יהודה. פערשידענע היסטארישע דאקומענטען זענען פארהאן וועגען דעם, ווי אזוי די ערשטע „צוריקקומענדע" האבען זיך איינגעארדענט אין דער אלטער היימאט, און ווי אזוי עס איז צוגעגאנגען ווייטער דער ענין פון שיבת-ציון. פאר בעשטימט קאן מען רעכענען נאר דאס, אז די ערשטע צוריקקעהרענדע האבען זיך בעזעצט אין ירושלים און אין די נאהענטסטע געגענדען ארום, בילדענדיג אויף אזא אופן א פעסט און ענג צוזאמענגעבונדענע קאלאניע.

איינע פון די ערשטע זארגען פון די צוריקגעקומענע יודען, איז געווען צו בעניייען די רעליגיעזע גאטעס-דינסטען אין ירושלים. דאס האט געפאדערט דאס אנגעשטרענגטע רעליגיעזע געפיהל פון פאלק, וואס האט סימבאליש צוזאמענגעבונדען די גרויסע געשעהעניש פון זיין בעפרייאונג מיט דעם צוריקקעהר פון גאט אין זיין הייליגער שטאדט און הייליגען בית-המקדש. ווען ס'איז אנגעקומען דער זיבעטער מאנאט תשרי, ווען עס פאלען אוים די גרויסע יודישע הערבסט-ימים-טובים, האבען זיך אין ירושלים פערזאמעלט גרויסע מאסען פון אלע ארומיגע אומגעגענדען. אויף דעם זעלבינגען ארט, וואו אמאל איז געשטאנען דער מזבח אין שלמה-המלך'ס בית-המקדש, איז געווארען אויפגעשטעלט א נייער אלטאר און באלד איז בע-

נישט געוואָרען דער סדר פון קרבנות, וועלכער איז בטל געוואָרען צוזאַמען מיט'ן חורבן פון ירושלים.

גלייך נאָכדעם, ווי ס'דערצעהלט די מסורה, האָבען זיך אָנגעהויבען די הכנות אויפצובויען אַ נייעם בית-המקדש פאַר גאָט אין ירושלים, אויף דעם אַלטען אָרט, אויפ'ן באַרג מוריה. עס זענען געשלאָסען געוואָרען קאָנטראַקטען מיט די פיניציער פון צור און צידון, צו צושטעלען צעדער-געהילץ פון לבנון פאַר בעלוינונג מיט געלד און מיט פּראָדוקטען. עס זענען אויך געדונגען געוואָרען אַרבייטער אויסצוגראָבען און אָנצוהאַקען שטיינער פון די אַרומיגע בערג. ווען די דאָזיגע פאָרבערייטונגען זענען געענדיגט געוואָרען, איז מען צוגעטרעטען צום בנין פון דעם געטליכען הויז; דאָס איז אויסגעפאַלען אין דעם פריהלינגס-מאָנאַט איר, אויפ'ן צווייטען יאָהר נאָכדעם, ווי די געפאַנגענע האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין זייער פאָטערלאַנד. די אָנפיהרער און די עלטסטע פון פערשידענע קהלות זענען אָנגעקומען צו דער גרויסער עהרליכער פייערונג, ווען עס איז אַוועקגעלעגט געוואָרען דער ערשטער שטיין צו דעם יסוד פונ'ם נייעם בית-המקדש. די כהנים זענען פון דאָס-ניי ערשיענען אין זייערע הייליגע אָנקליידונגען, די לויים פון אסף'ס-הויז האָבען געזונגען דאַנק'ס-הימנונ'ען, וועלכע זענען צו אונז דערגאַנגען אין דער זאַמלונג פון תהלים, און ווייט, ווייט האָבען געהילכט די פריידענס-אויסגעשרייען פון פאָלק. צווישען דעם דאָזיגען פייערנ-דען המון זענען אָבער געשטאַנען די געעהרטע זקנים און האָבען הויך געוויינט: די דאָזיגע אַלטע-לייט האָבען נאָך זוכה געווען מיט זייערע אייגענע אויגען צו זעהען דעם ערשטען בית-המקדש אין זיין פולער פּראַכט, און איצט פערגלייכענדיג מיט איהם דעם נייעם, אָרעם-געגרינדעטען בית-המקדש האָבען זיי נישט געקאָנט איינהאַלטען זייערע טרעהרען. „און דאָס פאָלק—גיט צו דער כראָניקער פון יענער צייט — האָט נישט געקאָנט אונטערשיידען די פריידענס-געשרייען פון דעם קלאָגליכען יאָמער”.

די ווייטערדיגע אַרבייט ביי דער אויפשטעלונג פונ'ם בית-המקדש האָט אָבער זיך געמוזט באַלד אָבשטעלען צוליעב די „פיינד פון יהודה און בנימין”. צו די דאָזיגע פיינד האָבען אָנגעהערט די אַרומיגע שכנ'ישע שבטים, וועלכע האָבען פערכאַפּט געוויסע טיילען פון דער יודישער טעריטאָריע און וועלכע האָבען דערום נישט געוואָלט, אַז ס'זאָל זיך פון דאָס-ניי בילדען אַ צענטרום פון דעם יודישען פאָלק אין דעם יודישען לאַנד. אַ פיינדליכע פּאָזיציע אין דער בעציהונג צו יודען האָבען פערנומען אויך די האַלבע-גרובים, די שומרונ'ער. ווען זרובבל און די עלטסטע זענען צוגעטרע-

טען צו בויען דעם בית-המקדש, האבען די שלוחים פון די שומרונ'ער זיי ערקלערט, אז אויך די שומרונ'ער, אלס דינער פון יהוה, וועלען אנ'אנטייל נעהמען אין דעם בנין פון דעם ירושלים'דיגען בית-המקדש. דער פערלאנג פון די שומרונ'ער האט געשטאמט נישט אזוי פון זייער רעליגיעזער התלהבות, ווי פון געוויסע פאליטישע אויסזיכטען: זיי האבען גערעכענט, אז דער פערבאנד מיט די יודען, צו וועלכע דער הערשער פון פרס בעציהט זיך מיט א בעזונדערער אויפמערקזאמקייט, וועט זיי קענען דינען אלס מיטעל, אויף צו געווינען די סימפאטיע פון דער העכסטער מאכט אין לאנד. זרובבל און די עלטסטע האבען אבער בעשלאסען אבצוווארפען דעם פארשלאג פון די שומרונ'ער. זיי האבען מורא געהאט, אז די פעראייניגונג מיט די האלב-געצענדינערישע שכנים וועט וויטער ברייגנען צו דער פערשפרייטונג פון פערקרימטע רעליגיעזע בעגריפען און שלעכטע, פערדארבענע זיטען. דער דאזיגער בעשלוס האט אויפגערעגט די שומרונ'ער, און זיי האבען אנגעהויבען מיט א פערביסענער שנאה, רודף צו זיין דער יודישער געמיינדע און איהר צושטערען אין אלע איהרע אונטערנעהמונגען אדער מיט כח, אדער מיט רמאות. זיי האבען זאגאר די פרס'ישע בעאמטע אופגעהעצט געגען יודען און ווען די לעצטע האבען זיך געווענדעט צו דער העכערער פרס'ישער מאכט מיט אנקלאגעס, האבען די שומרונ'ער זיך געמיהט דורך שוחד און אנדערע דרכים צו שטערען דעם ערפאלג פון זייערע שתדלנות. צוליעב די דאזיגע שטערענישען האט זיך געמוזט אבשטעלען די הייליגע ארבייט פון בנין בית-המקדש, וועלכע האט זיך אזוי פייערליך אנגעהויבען — און אין א משך פון פופצעהן יאהר האט זי זיך נישט געקאנט בענייען.

אין דער דאזיגער קורצער צייט האבען די יודען איבערגעטראגען נאך גרעסערע אונאנגענעהמליכקייטען.. כרש איז געשטארבען און איהם האט געירשנט זיין זוהן קמביז. ווי נאר ער איז ארויף אויפ'ן טראן, האט דער נייער מלך זיך אנגעהויבען גרייטען צו א מלחמה, מיט'ן צוועק צו פערנעהמען מצרים און כוש. די אבטיילונגען פון דער גרויסער פרס'ישער ארמעע זענען דורכגעגאנגען דורך יהודה און איהר איז אויסגעקומען צו פערזוכען דעם טעם פון די אלע צרות, וואס זענען געוועהנליך פערבונדען מיט א מלחמה. די שכנישע האלב-ווילדע פעלקער האבען בעאונרוהיגט די יודען מיט זייערע שטענדיגע אנפאלען און בענוצענדיג זיך מיט דער קריגס-מהומה, האבען זיי זיך ערלויבט אלע מעגליכע געוואלט-טהאטען. אויף שטיצע פון דער פרס'ישער מלוכה, איז נישט געווען צו האפען, ווארום, וואס האבען איהר

גענוּגט אין אזאַ ערנסטען מאָמענט אָנגעהן די יודען מיט זייערע געשעפטען? ווען קאַמביז האָט זיך אומגעקעהרט פון דער בערימטער מלחמה מיט מצרים און איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג אין סיריא, האָט איינער סמערדיז פערכאַפּט דעם טראָן און די מלוכה-אָרדנונג אין דער גרויסער פּרסישער מאָנאַרכיע איז אינגאַנצען געשטערט געוואָרען. צו דער פּאָליטישער שוצלאָזיגקייט פון יהודה, זענען נאָך צוגעקומען פערשיידענע עקאָנאָמישע אונגליקען. איינינע יאָהר נאָכאַנאַנד האָבען זיך אין לאַנד געצויגען די אונגערעטענישען אויף די פעלדער. די פערדינסטען זענען געווען שלעכטע, דער האַנדעל האָט זיך נישט געקאָנט ענטוויקלען, ווייל די קאַראַוואַנען-וועגען זענען געווען נישט אונגעפעהרליך צוליעב די מלחמות און מהומות אין פּרס. די שטימונג ביים פאָלק איז געווען אַ געדריקטע, דער טרויער פון גלות האָט זיך נאָך אַזוי ווי געצויגען. די נאַציאָנאַלע תעניתים, וועלכע זענען איינגעפיהרט געוואָרען אין בבל, האָבען דאָ אויך נישט אויפגעהערט אָבגעהיט צו ווערען.

עטוואָס פרייער האָבען יודען אָבגעאָטעמט פאַר דער ממשלה פון דריוש היסטאַספּ, וועלכער האָט פון דאָס-ניי פעסטגעשטעלט די מלוכה-אָרדנונגען אין פּרס און אין איהרע פּראָווינצען. דער נייער מושל, איז, ווי ס'שיינט, געווען געניינט צו יודען נישט ווייניגער פון כורש'ן, און האָט גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, אַז ירושלים זאָל פון דאָסניי בילדען אַ רעליגיעזען צענטרום אין יהודה. אין אָנפאַנג פון דריוש'ס ממשלה זענען אין ירושלים אַרויסגעטראָטען צוויי נביאים, חגי און זכריה, וועלכע האָבען געוועקט דאָס פאָלק, זיך צו נעהמען פון דאָסניי צום בויען דעם בית-המקדש. זיי האָבען געשטרעבט איבערצייגען דאָס פאָלק, אַז זיין אָרימקייט און זיין אונגליקליכע פּאָליטישע לאַגע קאָן נאָך נישט דיענען פאַר קיין פערענטפערונג קעגען דעם, וואָס „דאָס געטליכע הויז" איז נאָך נישט געוואָרען אויפגעבויעט; פערקעהרט, די טרויעריגע לאַגע פון פאָלק איז בלויז אַ רעזולטאַט דערפון, האָס דאָס פאָלק איז צופיעל גלייכגילטיג צו דער הייליגער אַרבייט. ווענדענדיג זיך צו די אָנפיהרער, צו זרובבל'ן און יהושע'ן רעדט דער נביא חגי:

„דאָס פאָלק זאָגט, אַז ס'איז נאָך די צייט נישט געקומען, גאָט'ס הויז צו בויען. און אייך איז יאָ צייט צו זיצען בעקוועם אין אייערע וואָהנונגען, ווען דאָס דאָזיגע הויז פון גאָט איז וויסט און פערלאָזען?... בעטראַכט אייערע וועגען. איהר זייעט פיעל און שניידט ווייניג, איהר עסט נישט צו זאַט, איהר טרינקט נישט צו בעפריעדיגונג, איהר קליידט אייך אָן נישט צו וואַרעם, און דער, וואָס אַרבייט, לעגט זיין פערדיענסט אין אַ

לעכערדיגער קעשענע... ווארום איז עס אזוי? דאס איז דערפאר, זאגט גאט, וואס מיין הויז איז פערגעסען, ווען יעדער פון אייך לויפט אין זיין שטוב. דערפאר האלט איין דער הימעל דעם טוי, און די ערד — איהר פרוכט. איך האב גערופען די טריקעניש אויף די פעלדער, אויף די בערג, אויף די וויינגערטנער, אויף די איילבערטבוימער און אויף אלץ, וואס עס ברייגגט די ערד ארויס, אויך אויף דעם מענשען, אויך אויף די בהמות, אויך אויף יעדע האנד-ארבייט."

דאס בעגייסטערטע ווארט פון דעם נביא האט געווירקט. זרובבל, יהושע און די אנדערע עלטסטע פון פאלק האבען ווייטער פלייסיג זיך גענומען צום בויען דעם בית-המקדש. די ארבייט האט זיך בעגייט אין צווייטען יאהר פון דריוש'ס ממשלה און האט זיך געצויגען א יאהר פינף. אין פערלויף פון דער דאזיגער צייט, האבען די אנפיהרער פון פאלק געמוזט, אנווענדען זייערע אלע קרעפטען, כדי צו דערפיהרען ביז'ן ענדע די אנגעפאנגענע זאך און בעזייטיגען די פארשטעהענדע הינדערנישען.

די מסורה דערצעהלט, אז איינמאל, אין דער צייט פון דער ארבייט ביי'ם בית-המקדש, איז קיין ירושלים אנגעקומען מיט זיין סוויטע דער פערסישער פערטרעטער תתני, וועלכער האט פערוואלטעט מיט דער פראווינץ „עבר-הנהר" (סוריא) און ער איז פערוואונדערט געווארען, אנקוקענדיג די פראכטפאלע געביידע פון בית-המקדש. ער האט געפרעגט די עלטסטע: ווער האט זיי ערלויבט צו בויען דעם דאזיגען בנין? — און ער האט בעקומען אנ'ענטפער, אז אזא ערלויבעניש האבען די ערשטע צוריקגעקומענע קיין ירושלים בעקומען פון כרש, און אז דער בנין האט זיך נאך אנגעפאנגען פאר דעם פערסישען פערטרעטער ששבצאר. אויסהערענדיג די דאזיגע ערקלעהרונג, האט תתני נישט אבגעשטעלט די ארבייט, נאר ער האט באלד וועגען דעם צו וויסען גענעבען דעם מלך דריוש. דער מלך האט געהייסען נאכזוכען אין די ארכיווען און באלד איז ווירקליך געפונען געווארען אין דער מדי'שער שטאדט עקטאבאנא דעם מלך כרש'ס פעראזאג, וועגען דעם בנין בית-המקדש אין ירושלים. דאן האט דער פחה תתני בעקומען פון דריוש'ן א בעפעהל, נישט צו שטערען דאס בויען פון בית-המקדש, נאר פערקעהרט נאך, מיט אלע מעגליכקייטען צו שטיצען די ארבייט.

דער בנין פון בית-המקדש איז פערענדיגט געווארען אויפ'ן זעקסטען יאהר פון דריוש'ס ממשלה (516) אין דעם דריטען טאג פון חדש אדר. ...ען עס האט זיך געענדיגט זיבעציג יאהר צייט עס איז חרוב געווארען דער ערשטער בית-המקדש. (דערום ווערט אין די יודישע הייליגע ספרים

געריכענט, אַז דער גלות פון בבל האָט געדויערט זיבעציג יאָהר). דער כהן יהושע און דער נשיא זרובבל האָבען איינגעאָרדענט אַ פייערליכע בעניייאונג פון בית-המקדש, און באַלד נאָכדעם איז געפייערט געוואָרען דער חג הפסח, אין דער אַנגעוועזענהייט פון אַ זעהר גרויסען המון, וועלכער איז זיך צוזאַמענגעפאָהרען קיין ירושלים.

ביים יודישען פאָלק איז וויַיטער געוועזען צו בעמערקען אַ אונגעוועהנ-ליכע, ערהויבענע שטימונג. די נביאים חגי און זכריה האָבען מיט זייערע רעדען בעגייסטערט די ירושלים-לייט און האָבען אין זיי אַריינגעגעבען האָ-פענונגען אויף אַ ליכטיגער צוקונפט. חגי האָט געזאָגט, אַז דעם נייעם „צווייטען בית-המקדש" שטעהט פאָר אַזאַ גרויסער רוהם, וועלכען עס האָט נישט געהאַט אפילו דער ערשטער בית-המקדש, וואָס איז געבויט גע-וואָרען דורך דעם מלך שלמה, און האָט זיך אויסערליך אויסגעצייכענט מיט אַ פיעל גרעסערען פּראַכט. דער נביא האָט אָנגערופען זרובבל'ן „דער אויסדער-וועהלטער פון גאָט" און האָט איהם געהיימניספול פאָרויסגעזאָגט זעהר גרויסע עתידות. נאָך מעהר געהיימניספול און מיט אַ מעהר-פייערליך-משיח-דיגען גייסט צייכענען זיך אויס די רעדען פון נביא זכריה. די רעדען טראָגען אין גרעסטען טייל אַ פאָרם פון פּאָעטישע זעהונגען (וויזיאָנען), וועלכע דער-מאָהנען צייטענווייז די זעהונגען פון יחזקאל. אין איינער פון די דאָזיגע זעהונגען זאָגט דער מלאך צו דעם נביא, אויף איבערצוגעבען דעם נשיא זרובבל, די דאָזיגע ווערטער פון גאָט, וועלכע זענען נאָכהער געוואָרען דער דעוויז פון דעם גאַנצען יודענטום, אַלס פאָלק פון גייסט: „נישט מיט קיין אַרמעע און נישט מיט קיין קראַפט, נאָר מיט מיין גייסט (וועסטו זיעגען)!" דער נביא האָט געפּרעדיגט, אַז יהודה וועט זיך ראַטעווען נישט מיט מאַטעריעלע, נאָר מיט גייסטיגע כלי זין. ער שטעלט שטענדיג אין איין רייהע יהושע דעם כהן גדול, אַלס פאָרשטעהער פון דאָס גייסטיגע לעבען, מיט זרובבל דעם נשיא, אַלס פאָרשטעהער פונ'ם פּאָליטישען לעבען. פאַר דעם בליק פונ'ם נביא טראָגט זיך דאָס בילד פון דעם קינפטיגען קרוינ-טרעגער פון דוד'ס הויז, וועלכער געוועלטיגט איבער יהודה, צוזאַמען מיט דעם שפּראָצלינג פון די כהנים גדולים פון צדוק'ס-הויז. זכריהו זעהט פאָר אין דער צוקונפט צייטען פון מנוחה און גליק פאַר דער בעפרייטער יהודה: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך האָב זיך מיר וויעדערגעקעהרט קיין ציון און זיך בעזעצט אין ירושלים; און ירושלים וועט אָנגערופען ווערען „די שטאָדט פון וואַהרהייט" און דער באַרג פון גאָט — דער הייליגער באַרג. עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען אַלטע לייט און אַלטע פרויען וועלען זיצען

אין די גאַסען פון ירושלים און יעדער וועט זיך מיט'ן האַנד אויפ'ן שטעקען שטיצען צוליעב דער טיעפער עלטער. און פול וועלען זיין די גאַסען פון שטאָדט מיט יונגלעך און מיידלעך, וועלכע וועלען זיך פרעהליך שפיעלען".

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פראַגע צווישען די כהנים וועגען דעם, צי מ'דאַרף נאָך אַלץ אָבהיטען די תעניתים, וועלכע זענען מיט יאָהרען צוריק אין גלות איינגעפיהרט געוואָרען צום אַנדענקען פון חורבן ירושלים, — האָט דער נביא געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען די דאָזיגע תעניתים וועלען זיך פערוואַנדלען אין ימים=טובים. דערביי האָט ער, אַזוי ווי די פריהערדיגע נביאים, זיך געמיהט קלאָר צו מאַכען דעם פאָלק, אַז נישט מיט דער אויסערליכער פרומקייט קאָן מען זיך ראַטעווען, נאָר מיט גוטע מעשים און מיט וואַהרהייט. „אָט וואָס איהר זאָלט טהון: רעדט נאָר אמת איינער דעם צווייטען, גערעכטיגקייט און פריעדענסגעריכט זאָלט איהר שאַפען אין אייערע שטעדט; נישט פערטראַכט אין אייער האַרצען קיין שלעכטס איינער געגען צווייטען, האַסט דאָס פאַלש=שווערען, ווייל דאָס אַלעס פערטראָג איך נישט — אַזוי זאָגט גאָט!"

דאָס אויפשטעלען פון דאָס=ניי דעם רעליגיעזען צענטרום אין ירושלים, האָט אויף אַ געוויסער צייט אויפגעהויבען דעם גייסט פון פאָלק, נאָר די ליכטיגע האָפנונגען פון די נביאים זענען נאָך נישט אַזוי גיך מקוים געוואָרען. די טעג פון פרייהייט און גליק זענען אין יהודה נאָך נישט אָנגעקומען. ווי פריהער איז זי נאָך געווען אַנ'אָרימע פראָווינץ, וועלכע איז געווען אָבהענגיג פון די פערסישע פערטרעטער. דער שפראָצלינג פון דוד'ס בוים, זרובבל, דער אייניקעל פון מלך יהויכין, האָט זיך נישט דערוואַרט, צו טראָגען די קרוין אויף זיין קאָפּ. נאָכדעם, ווי דער בית=המקדש איז אויסגעבויט געוואָרען, ווערט ער אינגאַנצען פערשוואונדען פון דעם יודישען האָריזאָנט, און אין די היסטאָרישע דאָקומענטען, וועלכע זענען צו אונז דערגאַנגען פון יענער צייט, ווערט זיין נאָמען מעהר נישט דערמאָנט. אַ שפעטיגערע יודישע מסורה זאָגט, אַז זרובבל האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין בבל און איז שוין דאָרט געבליבען. עס עקזיסטירט אַ מיינונג, וועלכע זעהט אוים ריכטיג צו זיין, אַז די פערסישע רעגירונג האָט מורא געהאַט דערפאַר, אַז זרובבל, אַלס איינער פון די זרע המלוכה, זאָל נישט נעהמען פרעטענדירען אויף דעם קעניגליכען טראָן אין יהודה. און דערפאַר האָט זי איהם דערווייטערט פון זיין פאָטערלאַנד. די הנהגה איבער דער יודישער קהלה אין ירושלים איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פון כהן גדול יהושע

בן יהוצדק, וועלכען עס האט נאך זיין טוידט געירשנ'ט זיין זוהן יהויקים.

די ווייטערדיגע געשיכטע פון יהודה פאר דער ממשלה פון דריוש און זיין טראנספאלגער קסערקס 1 (אחשורוש) בלייבט אינגאנצען נישט בעוואוסט. אין ספר „עזרא" געפינט זיך נאר א אונדייטליכע בעמערקונג, אז אין אנפאנג פון אחשורוש'ס ממשלה האבען די יודישע פיינד זיך געפרובט אנרייידען רשעות אויף יהודה פאר דעם פערסישען מלך. ביים פאלק אבער איז געבליבען א מסורה (מגלת אסתר) וועגען דעם, ווי אזוי איינער פון זיינע שרים, המן בן־המדתא, א צורר היהודים, האט אנגערעדט דעם מלך צו פערטיליגען דאס יודישע פאלק אין אלע פראווינצען פון זיין בריטסטער מלוכה, און ווי אזוי דער מלך האט שוין געהאט דערויף איינגעשטימט און האט שוין זאגאר ארויסגעגעבען א בעפעהל צו זיינע אלע סאטראפען אין אלע מדינות, אויסצוהרג'ענען אלע יודען אין איין טאג; נאר דורך א נס זענען יודען דאן נצול געווארען, מיט דער הילף פון דער שענער יודין אסתר און דעם פרומען שר מרדכי. צוליעב דער גרויסער ישועה ווערט יאהר יעהרליך ביי יודען געפייערט אין חדש אדר דער 14־טער טאג, וועלכער ווערט אנגערופען פורים, ווען לויט דער גזירה און לויט דעם גורל (פור) האט געזאלט אויסקומען די פערטיליגונג פונ'ם יודישען פאלק.

---

די ערשטע צוריקשטעלונג פון דעם יודישען נאציאנאלען לעבען דורך זרובבל און יהושע, איז געווען עהנליך צו דער ערשטער פעראקערונג פון א פערלאזענעם פעלד, וועלכע פערזיכערט נאך נישט קיין גערעטעניש. דער אויפגעשטעלטער רעליגיעזער צענטרום אין ירושלים איז נאך נישט געווען גענוגענד, אויף צו בעזייטיגען אלע צרות, וועלכע האבען זיך איבערהויפט גענומען פון דער אונשטאנדהאפטיגקייט אין דעם געזעלשאפט־ליכען און עקאנאמישען לעבען פון פאלק. יהודה האט זיך גענויטיגט אין א בריייטער און פעסטער נאציאנאלער אויטאנאמיע, וועלכע זאל ארומ־נעהמען אלע ספערען פון פאלקס־לעבען, די דאזיגע ארבייט האט נאך אבער געווארט אויף איהרע שעפער און ארגאניזאטארען. אין דער נאהענטסטער צייט פאר דער רעסטויראציע, האבען זיך אזעלכע טהעטיגע לייט נישט בעוויזען. יהודה האט נאר געבילדעט א רעליגיעזע געמיינדע, וועלכע איז אנגעפיהרט געווארען דורך די מיוחס'דיגע פאמיליעס, וואס אן זייער שפיץ איז געשטאנען דער כהן־גדול. נאך יהויקים'ן, יהושע'ס זוהן, האט דעם דאזיגען פאסטען פערנומען דער אייניקעל פון דעם לעצטען — מיט'ן נאמען אלישיב (460־טען יאהר). נאהנט צו דער אליגארכישער (אליגארכיע־ממשלה

פון נישט פיעל מיוחסים) הנהגה איז געשטאנען די געלד-אריסטאקראטיע. די עקאנאמישע אונגלייכהייט האט זיך שוין דאן דייטליך ארויסגעוויזען: געגען א קליינעם הייפעל רייכע לייט איז געשטאנען א גרויסע, ארעמע מאסע. די רייכע האבען זיך בענוצט מיט זייער נאהענטקייט צו דער פערוואלטונג אין לאנד, כדי צו דריקען עקאנאמיש די ארעמע קלאסען. אין די יאהרען פון אונגערעטעניש פלעגען די ארימע פערקויפען צו די רייכע אדער פערזעצען ביי זיי זייערע פעלדער, זייערע ווייגערטנער, זייערע הייזער, אפטמאל זאגאר די קינדער, אום צו בעקומען אלס א פראצענטיגע הלואה, אדער תבואה צו דערנעהרען זיך, אדער געלד, צו בעצאהלען מס (צינשען) דעם פערסישען פחה.

דער ערשטער דור פון די פערטריבענע, וואס זענען נאך פאר כרש'ן אנגעקומען צוריק אין ארץ־ישראל, האט זיך געהאלטען ווייט פון יענע, וועלכע זענען גאר אין אנפאנג פערבליבען אין לאנד און האבען אנגעהערט איבערהויפט צו די נידעריגערע קלאסען; די ווייטערדיגע דורות אבער האבען זיך שוין מיט זיי אויסגעמישט דורך הייראט'ס-פערבאנדען און געמיינדע-ארגאניזאציעס. די דאזיגע צונויפגיסונג האט געהאט פאר ביידע צדדים זעהר וויכטיגע פאלגען. די פאלעסטינישע יודען זענען געשטאנען אין גייסטיגען זין פיעל נידעריגער פאר די אנגעקומענע פון בבל, וועלכע זענען שוין געלייטערט געווארען אין דעם פייער פון צרות; אין זייער גלויבען זענען נאך געבליבען פיעל רעשטען פון די אלטע האלבהיידישע בעגריפען און מנהגים, וועלכע זיי האבען, זאגאר אין א שוואכער פארם, געירש'ענט פון זייערע אורעלטערען. פון צווייטען זייט אבער האט זיך די פון בבל צוריקגעקעהרטע — איינגעגעבען, אויפצוהויבען די דאזיגע מאסען אין א געוויסער מדרגה צו זיך און אבצוריינען זייערע רעליגיעזע פארשטעלונגען וועגען גאט און מענש. דער פון דאס ניי אויפגעבויעטער בית־המקדש איז געווארען דער צענטרום פון גאטעס דינסט, און דער אלטער במות־קולטוס האט שוין מעהר נישט געקאנט בייסטעהן געגען איהם. די פיעלצעהליגע כהנים און ליים האבען זיך קאנצענטרירט אין דער הייליגער שטאדט ארום בית־המקדש. דער געזעצליכער קולטוס פון דער תורה און דער כהנים־שטאט פון יחזקאל, האבען ארויסגעשטופט די נישטצוגעפאסטע פאלקס־מנהגים. נישט לייכט איז אנגעקומען דער יודישער געמיינדע אויסצוהאלטען אט דעם דאזיגען בית־המקדש־קולטוס. זי האט געמוזט צושטעלען בהמות פאר די אלטעגליכע און יום־טוב'דיגע קרבנות און אויסהאלטען א גרויסען שטאט פון כהנים און ליים. דאס האט אויסגעמאכט זעהר א גרויסער אנצאהל,

וואָס איז געווען בערך נישט נאָך די קרעפטען פון די אָרימע קלאַסען, וועלכע זענען אויסער דעם געווען בעלעסטיגט נאָך מיט פיעל אַנדערע מסים. די פערשיעדענע מתנות-כהונה און מתנות-לויה (תרומה, מעשר א.ד.ג.) פלעגען אָפט צוגעשטעלט ווערען אין אַ קאַרגער מאָס, און דאָס וויעדער, האָט זיך זעהר נישט גינסטיג אָבגעשפּיעגעלט אויף דער לאַגע פון דעם גייסטליכען שטאַנד.

מיט דער צייט האָבען זיך אין דער יודישער געמיינדע אַריינגעריסען אויך פרעמדע עלעמענטען. פיעל היידען פון די אַרומיגע קליינע פעלקער זענען אַריבערגעגאַנגען צו דער יודישער אמונה און אַזעלכע גרים זענען אין זייערע רעכטע פערגליכען געוואָרען מיט די בירגער פון לאַנד. זיי האָבען געדיענט אַלס צוזאַמענבינדענדע קייט צווישען די יודען און די אַרומיגע שבטים; זיי האָבען אונטערגעהאַלטען די פאַמיליען-פערבאַנדען און פלעגען זיך מתחתן זיין מיט זייערע פריהעריגע קרובים, וועלכע זענען נאָך פערבליעבען ביי זייער געצענדינערייי. מיט זייערע ביישפיעלען האָבען זיי שלעכט געווירקט אויף די אמת'ע יודען, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען צו הבר'ן מיט דער געצענדינערייי און זיך משדך צו זיין מיט זייערע געצענדינערישע שכנים. אין יודישע פאַמיליעס האָט מען שוין געקאָנט בעגעגענען פרויען פון די עמונ'ער, אַשדוד'ער און שומרונ'ער. דאָס איז איבערהויפּט געווען צו בעמערקען צווישען די יודישע אַריסטאָקראַטען און רייכע, וועלכע האָבען זיך בעטייליגט אין דער פערוואַלטונג פון פאָלק און האָבען דרום געהאַט די מעגליכקייט צו דערנעהנטערען זיך מיט די יחסנ'ישע און אייניפלוסרייכע פאָרשטעהער פון די שכנ'ישע פעלקער. אַזעלכע געמישטע התונות האָבען געשמעקט מיט אַ גרויסער געפאַהר פאַר דער ריינקייט פון דער יודישער ראַסע און דער יודישער אמונה. דאָס יודענטהום איז נאָך אַליין נישט אַזוי פיעל פעסט נאַציאָנאַל און גייסטיג געווען, אום אַריינצונעהמען אין זיך פרעמדע עלעמענטען, נישט אונטערפאַלענדיג אין אַ געוויסען זין אונטער זייער ווירקונג. דאָס יודישע פאָלק האָט זיך דאַן גענויטיגט אין אַ שטרענג נאַציאָנאַלער אָבגעזונדערטקייט; ווייל נאָר דורך דעם איז פאַרגעשטאַנען די געפאַהר, צוגאַנגען און צוגאָסען צו ווערען, ווי שנייי אין וואַסער, צווישען אַנדערע פעלקער, און דעם יודענטהום — פערוואַנדעלט צו ווערען אין אַ וועלכען ס'איז פאָרמלאָזען מאָנאָטעאיזם, אָהן אַ שום בעזונדערען פראַקטישען יסוד.

געגען דער דאָזיגער געפאַהר זענען אַרויסגעטראָטען די בעסטע קרעפטען פון פאָלק. עס איז ענטשטאַנען אַ נאַציאָנאַלע אָפּאָזיציע, וועלכע האָט

אויף זיך גענומען די אויפגאַבע, צושיצען דאָס יודישע פֿאָלק פֿון דער שעדליכער אַסימילאַציע. אונדייטליכע אָבקלאַנגען פֿון דעם דאַמאָלסדיגען קולטור־קאַמפּף זענען צו אונז דערגאַנגען אין נישט פֿיעל רעדען פֿונ'ם נביא מלאכי. דער נביא וואַרפֿט פֿאַר זיינע ברידער דאָס, וואָס זיי טרעטען איבער דעם פֿערזאָג פֿון הייליגקייט, וואָס איז דעם יודישען פֿאָלק פֿון גאָט אָנגעבאָטען געוואָרען — די ריינקייט פֿון דער ראַסע און דער אמונה.

„יהודה האָט גאָט אָבגענאַרט און אַ פֿערברעך איז בעגאַנגען געוואָרען צווישען ישראל און ירושלים; יהודה האָט פֿערשוועכט די הייליגקייט פֿון גאָט דורכדעם, וואָס ער האָט ליעב בעקומען און איז דער מאַן געוואָרען פֿון דער טאָכטער פֿון אַ פֿרעמדען גאָט". דער נביא פּראָטעסטירט געגען געמישטע הייראַטס־פֿערבאַנדען און איבערהויפּט שטראָפֿט ער די, וועלכע גט'ען זיך מיט זייערע יודישע ווייבער, כדי צו הייראַטען מיט אַנדערע פֿון פֿרעמדע פֿעלקער, געגען געזעץ. „אַ זוהן עהרט זיין פֿאָטער, אַ קנעכט ציטערט פֿאַר זיין האַר'ן. בין איך אייך אַ פֿאָטער — זאָגט יהוה — טאָ וואו איז דאָס עהרע־געפֿיהל צו מיר, בין איך אייך אַ האַר, וואו זשע איז דער שרעק פֿאַר מיר?"

מלאכי שטראָפֿט בעזונדער שטרענג די כהנים און די נביאים, וועלכע בעציהען זיך גלייכגילטיג צו זייערע בית־המקדש'דיגע פֿליכטען, ווי אויך צו זייער דאָליע אַלס רעליגיאָנס־לעהרער. אין געגענזאַץ צו די אַמאָליגע נביאים, גיעט ער אָב כמעט דעם העכסטען אָרט אין דער געזעלשאַפֿט די גייסטליכע פֿון בית־המקדש. „די ליפּצען פֿון כהן מוזען היטען די וויסענשאַפֿט, ביי איהם מוז מען לעהרע זוכען, ווייל ער איז דער געשיקטער פֿון גאָט". „איהר אָבער — ווענדעט ער זיך צו די גייסטליכע פֿון זיין צייט — האָט זיך אָבגענייגט פֿונ'ם געטליכען וועג, פֿיעל האָט איהר פֿערפֿיהרט געגען דעם געזעץ — און אָט פֿאַרוואָס איך האָב אייך געמאַכט פֿאַר די פֿעראַכטעטע און ערנידעריגסטע צווישען פֿאָלק". ווערטער אַליין זענען אָבער נאָך ווייניג געווען, אום אויסצוראָטהען די נייע פֿערברעכען אין יהודה. דאָ האָט מען געמוזט ענערגיש אַרויסטרעטען און קעמפֿפֿען געגען אַ גאַנצע רייהע געפֿעהרליכע שטרעמונגען. אין יהודה האָט זיך אָבער נישט געפֿונען, ווער עס זאָל ראוי זיין צו אַזאַ אויפֿגאַבע. דעם נייעם קעמפֿפֿער פֿאַר דער יודישער אָריגינאַליטעט, פֿאַר דער יודישער אָבגעזונדערטקייט און פֿאַר דעם ריין יודישען גייסט האָט [illegible] געשאַפֿען דער גלות: פֿון צווישען די פֿערבליבענע יודען אין בבל איז ער אין זיין פֿאָטערלאַנד געקומען, פֿול מיט ענערגיע, מיט שטאַרקען ווילען, מיט

געטליכען גייסט. מיט מלאכי'ן ווערט פערענדיגט דער פעריאָד פון נבואה ביים פאָלק ישראל, דער רוח־הקודש ווערט אָבגעטהון; דערפאַר אָבער הויבט זיך דאַן אָן אַ נייער פעריאָד פון „סופרים", פון געלעהרטע עסקנים; פראַקטישע כלל־טהוער, וועלכע אַרבייטען אָהן אויפהער, אָהן רוה צו פערפאָלקאָמען דאָס געזעלשאַפטליכע און גייסטיגע לעבען פון זייער פאָלק.

דער ראש פון דער נייער תקופה איז עזרא הכהן.

עזרא, וועלכער האָט געוואָהנט אין בבל, האָט געשטאַמט פון כהנים־גדולים. זיין אורעלטער־פאָטער איז געווען דער בעריהמטער כהן גדול חלקיהו, וועלכער האָט אין מלך יאשיהו'ס צייטען געפונען די ספר־תורה אין בית־המקדש און דורכדעם געבראַכט צו אַ גאַנצער איבערקעהרעניש אינ'ם גייסטיגען לעבען פון לאַנד; זיין זיידע איז געווען דער כהן גדול שריהו, וועלכען נבוכדנאצר האָט געלאָזט הרג'ענען אין דער צייט פון חורבן, און די קינדער פון וועלכען עם האָבען אין גלות מיטגעבראַכט די הייליגע ספרים פון זייער פאָטערלאַנד. עזרא אַליין, וועלכען מ'האָט אין די שפּעטערדיגע דורות פערגליכען מיט משה בן־עמרם, איז געווען צווישען די פערטריבענע אין בבל בעריהמט אַלס גרויסער געלעהרטער, און האָט בעקומען דעם טיטול סופר. ער האָט טיעף ערלעהרענט די יודישע רעליגיעזע ליטעראַטור און האָט זיך געמיהט זי צו פערשפּרייטען צווישען פאָלק אין קאָפּיעס, וואָס ער אַליין האָט, ווי ס'שיינט, צוגעגרייט. „עזרא — דערצעהלט די מסורה — האָט אָנגעגרייט זיין האַרץ, אויסצופאָרשען גאָט'ס תורה און איהר מקים צו זיין, ווי אויך צולעהרנען דאָס פאָלק ישראל געזעצליכקייט און וואַהרהייט".

עזרא האָט קלאָהר פערשטאַנען, אַז די יודישע נאַציע וועט נור דאַן אַ קיום האָבען, ווען זי וועט זיך אין איהר אינערליכען לעבען האַלטען נאָר ביי איהר נאַציאָנאַלען גייסט. אין דער דאָזיגער ריכטונג האָט ער געווירקט צווישען די יודישע קהלות אין בבל און פרס. דערוויסענדיג זיך כיין דער געמיינהייט, וואָס העררשט אין דער יודישער געמיינדע פון ירושלים, האָט ער אָנגענומען אַ בעשלוס, צו בעזעצען זיך דאָרטען, מיט דעם ציעל אַרויסצורופען ביים פאָלק אַ שטרעבונג צו אַ גייסטיגער בענייאונג. כדי צו בעוואָהרענען זיך אַ גרעסערען ערפאָלג אין דער אַרבייט אין יהודה זיין כדי צו האָבען אַ מעגליכקייט צו רעפאָרמירען אַלע געביטען פון דעם געזעל־שאַפטליכען, גייסטיגען און פאַמיליען־לעבען פון פאָלק אין דעם גייסט פון משה'ס לעהרע, האָט עזרא געמוזט בעזיצען אַ וועלכע נישט איז קראַפט זיין האָבען אַ פאָלמאַכט פון דער פּרסישער רעגירונג. אַזאַ מין בעפאָלמעכ־טיגונג איז איהם טאַקי געלונגען צו בעקומען פון דעם פּרסישען מלך

ארתחשסתא דעם ערשטען (425—465). עזרא'ן איז געגעבען געוואָרען דאָס רעכט צו בעשטימען אין יהודה ריכטער און צו לערנען זיי, ווי צו משפט'ען, לויט די געזעצען פון יודאַאיזם. אויסער דעם איז איהם ערלויבט געוואָרען, צו קלויבען ביי יודען אין בבל געלד פאַר דעם בית־המקדש אָדער פאַר די פעראָרימטע פאַמיליעס אין ירושלים, ווי אויך מיטצונעהמען מיט זיך קיין יהודה יענע גלויבענס־ברידער, וועלכע ווילען פערלאָזען דעם גלות. אַזעלכע „צוריקקעהרענדע" האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אַרום אָנדערטהאַלבען טויזענד מאַן, מאַנסלייט; צו זיי זענען נאָך צוגעשטאַנען אַ גרופּע לוים און כהנים. אַלס פערזאַמלונגס־פּונקט פאַר דעם דאָזיגען קאַראַוואַן האָט געדיענט אַ פּלאַץ אויף דעם ברעג פונ'ם טייך אהבה. דאָרט האָט עזרא פערזאָגט די פערזאַמעלטע צו פאַסטען און גאָט בעטען וועגען אַ גליקליכען וועג, ווייל איהם איז אונאַנגענעהם געווען צו פאָדערען ביי אַרתחשסתא'ן אַ חיל־שמירה פאַר די „צוריקקעהרענדע". אין אַ געוויסער מאָס האָט געקאָנט עזרא'ן און זיין חברה בעשיצען דאָס, וואָס ער האָט מיט זיך געפיהרט קעניגליכע בריעף צו דעם פּחה פון „עבר הנהר" (סוריא און מעסאָפּאָטאַמיען), וואָס האָט זיך אַיינגעפונען אויפ'ן וועג קיין ארץ־ישראל און איז געווען מיט איהר פערבונדען אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט. די מסורה לעגט נאָך צו, אַז עזרא האָט געפיהרט זעהר רייכע געשאָנקען פון פּרסישען מלך און פון די „בני־הגולה" קיין ירושלים פאַרן בית־המקדש. אין צוועלפטען טאָג פון חודש ניסן האָט זיך עזרא געלאָזען אין וועג אָן דער שפּיץ פון זיין סוויטע, און דעם ערשטען טאָג אין חודש אָב איז די גאַנצע פּאַרטיע אָנגעקומען אין דער הויפּשטאָדט פון יהודה. נאָך אַ דריי־טאָגיגער רוה, האָט עזרא איבערגעגעבען די מתנות אין בית־המקדש און די פּערסישע בעאַמטע האָט ער געוויזען דעם בעפעהל פון אַרתחשסתא וועגען דעם, אַז אין יהודה מוז אַיינגעפיהרט ווערען אַ נייע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, און וועגען דעם, וואָס פאַר אַ ראָליע עס ווערט איהם, עזרא'ן, אָנגעצייכענט אין דער דאָזיגער געזעלשאַפטליכער רעפאָרם־בעוועגונג.

אין ירושלים גופא האָט זיך אַיינגעפונען אַ געוויסער טייל היי[s]סע פּאַטר־ [illegible]טען, וועלכע האָבען זיך בעצויגען זעהר פיינדליך צו דער אַסימילאַציע און, ווי נאָר ס'איז אָנגעקומען פון בבל דער נייער רעפאָרמאַטאָר, זענען זיי באַלד צו איהם צוגעשטאַנען. פון די דאָזיגע איינפערשטענדיגע האָט זיך עזרא דערוואוסט פיעל ערגערע זאַכען, ווי ער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלען. ער האָט זיך אויך גיך איבערצייגט, אַז די אָבשוואַכונג פון דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזען גייסט אין פערשיעדענע שיכטען פון דער יודישער געזעלשאַפט

געהמט-אָן וואָס ווייטער אַלץ מעהר געפֿעהרליכע פֿאָרמען, און אַז די הויפּטאורזאַך דערפֿון זענען די געמישטע חתונות. אַן אויפגערעגטער פֿון אַלץ, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, האָט עזרא זיין פֿערביטערט האַרץ אויסגעגאָסען עפֿענטליך אין אַ תפלה אין בית-המקדש אין דער צייט פֿון דער פֿאַרנאַכטיגער עבודה. דאָס פֿאָלק איז גערירט געוואָרען פֿון דעם ערנסטען צער און פֿון די הייסע טרעהרען פֿון דעם געלעהרטען מאַן. אַ פֿאָרשטעהער פֿון דער פּאַטריאָטישער פּאַרטיי האָט זיך געווענדעט צו עזרא'ן מיט פֿאָלגענדע ווערטער: מיר זענען ווירקליך שולדיג געגען גאָט דערפֿאַר וואָס מיר האָבען גענומען פֿרעמדע ווייבער; נאָר מיר האָבען נאָך אַ האָפֿענונג: לאָמיר זיך דאָ פֿאַר גאָט פֿערפֿליכטען אָוועקצולאָזען אונזערע אַלע אַזעלכע ווייבער פֿון פֿרעמדע פֿעלקער און די קינדער, וואָס זיי האָבען אונז געבוירען, לויט דעם געבאָט פֿון גאָט און פֿון די, וועלכע געהען אין זיינע וועגען. זאָל פֿון איצט אָן געהיט ווערען די געזעצליכקייט! שטעה-זשע אויף פֿון דער ערד, ווייל אויף דיר ליעגט דער הויב דאָס דורכצופֿיהרען און מיר וועלען זיך מיט דיר פֿעראייניגען און דיר העלפֿען אין דיין אַרבייט. שטאַרק דיך און ווירק!" — עזרא האָט געפֿאָלגט דער דאָזיגער אויפֿפאָדערונג און דאָ אויפ'ן אָרט האָט ער פֿון אַלעמען אַ שבועה גענומען, אַז זיי וועלען געהן אין די וועגען פֿון דעם נאַציאָנאַל-יודישען גייסט און פֿון דעם יודישען גלויבען.

באַלד האָט ער צוזאַמענגערופֿען אין ירושלים אַ גרויסע פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג פֿון אַלע אָרטיגע און אַרומיגע איינוואָהנער. די פֿערזאַמלונג איז אויסגעקומען אין דעם 20-טען טאָג פֿון מאָנאַט כסליו, אויף דעם פּלאַץ פֿאַר'ן בית-המקדש. עס האָט געגאָסען אַ גרויסער רעגען און די פֿערזאַמעלטע — ווי ס'דריקט זיך אויס דער כראָניקער — האָבען געציטערט פֿון קעלט און פֿון אויפרעגונג. עזרא האָט זיי ערקלערט זיין פֿאָדערונג — אָוועקצולאָזען די פֿרעמדע פֿרויען און אין אַלגעמיין זיך אָבצושיידען פֿון די פֿרעמדע פֿעלקער. דאָס פֿאָלק האָט הויך אויסגעדריקט זיין איינשטימיגקייט, נור פֿון זיין זייט האָט עס געפֿאָדערט, אַז ס'זאָלען געגרינדעט ווערען באַזונדערע ראַטהען פֿון עלטסטע און ריכטער, צו בעטראַכטען די פֿערשיעדענע מיספֿערשטענדנישען, וואָס וועלען אויסוואַקסען אויף דעם באָדען פֿון די פֿאַמיליענצושיידונגען. באַלד האָט זיך אין ירושלים געבילדעט, אונטער דער ליימונג פֿון עזרא הסופר, אַ ראַטה, וועלכער פֿלעגט אויספֿאָרשען אַלע צופֿאַלען פֿון געמישטע חתונות און מיטהעלפֿען זיי צו צוררייסען. דאַן זענען אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען רשימות פֿון די פֿאַמיליעס, וואו עס האָבען זיך איי־

געפונען פרויען פון פרעמדע פעלקער, און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז פיעל פון די גרויסע מיוחס'דיגע משפחות, זאגאר פון די כהנים, זענען געווען בעשמוצט מיט דעם דאזיגען זינד. עזרא'ס מיה איז וואהרשיינליך נישט געווען אומזיסט. די פרעמדע פרויען זענען דערווייטערט געווארען פון פיעל יודישע פאמיליעס. דאס איז געווען א שטרענג מיטעל, מיט וועלכען ס'איז פערבונדען געווען די פונאנדעררייסונג פון הונדערטער שטארקסטע פאמיליענפערבאנדען און פערזענליכע ציינונגען; דער דאזיגער שווערער קרבן איז אבער נויטיג געווען, צו פערפעסטיגען דעם פאלקס-ארגאניזם. די פרעמדע עלעמענטען האבען געמוזט דערווייטערט ווערען פונ'ם יודענטום, ווייל זיי האבען געטראגען אין זיך א געפאהר פאר דער ריינקייט פון די יודישע רעליגיעזע בעגריפען.

די דאזיגע פאטריאטישע בעוועגונג אין יהודה געגען די געמישטע חתונה-פערבינדונגען און בכלל געגען די צו-נאהנטע פערבינדונגען מיט די פרעמדע פעלקער האט אבער ביי די ארומיגע שכנים ארויסגערופען א גרויסע אויפרעגונג. די פרעמדע פרויען, וועלכע זענען ערווייטערט געווארען פון יהודה און וועלכע האבען געמוזט זיך אומקעהרען אין זייערע לענדער, האבען אויפגעוועקט ביי זייערע פריינד און נאהנטע געפיהלען פון נקמה פאר דער אנגעטהונענער בעליידיגונג. צו דערזעלבער צייט זענען אין דער פערזישער פראווינץ, צו וועלכער עס האט אויך אנגעהערט פאלעסטינא, פארגעקומען גרויסע פאליטישע מהומות. דער פחה פון סיריא האט מורד געווען געגען ארתחשסתא און אין א משך פון איינינע יאהר האט ער מלחמה געהאלטען געגען איהם, כדי אבצורייסען זיין פראווינץ פון פרס. מיט די דאזיגע מהומות האבען זיך בענוצט די שבטים, וועלכע זענען געווען פיינדליך צו יודען. זיי האבען זיך ארייגעריסען אין ירושלים, וועלכע איז דאן געווען נאך אונבעפעסטיגט פון אויסען, האבען צובראכען די איבערגעבליבענע טיילען פון דעם אלטען שטאדט-מויער און אונטערגעצונדען די שטאדט-מויערען. די עמונ'ער, די אשדודי'ער, די שומרונ'ער האבען בעקומען א פרייען צוטריט צו דער הויפטשטאדט און האבען דארט געבעלהבית'עוועט, ווי ביי זיך אין דערהיים..

דאס האט זעהר געקרענקט די פאטריאטען פון ירושלים, וועלכע זענען געווען עזרא'ס אנהענגער. זיי האבען זיך איבערצייגט, אז צו דער אינערליכער אבגעזונדערטקייט פון פאלק איז נויטיג איהם אויסערליך אבצוזונדערן, אז ירושלים מוז ווערען א פערפעסטיגטע, פערשלאסענע שטאדט, וואו עס זאלען זיך נישט קאנען לייכט אריינרייסען קיין הייזערישע שונאים. ארומצו-

בויען די הויפּטשטאָדט מיט פעסטע ווענט — איז פון דאַן אָן געוואָרען די הייסעסטע שטרעבונג פון די יודישע פּאַטריאָטען. זייער הויפּטמאַן עזרא, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו רעפאָרמירען דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, אין׳ם גייסט פון דער יודישער לעהרע און דעם יודישען פאָלקס-געפיהל, האָט זיך גענויטיגט אין אַ מיטהעלפער, וועלכער זאָל בעזיצען פּאָליטישע און צייטענווייז אויך דיפּלאָמאַטישע פעהיגקייטען און זאָל קאָנען פערפעסטיגען די אויסערליכע פּאָזיציע פון דעם יודישען פאָלק צווישען די אַרומיגע שבטים. אַזאַ פערזאָן איז ווידער ערשינען אין גלות. דאָס איז געוועזען נחמיה בן-חכליה, וועלכער האָט פערנומען דעם פּאָסטען פון שר-המשקים אין דעם קעניגליכען הויף אין פּרס פאַר׳ן מלך ארתחשסתא I אין דער הויפּטשטאָדט שושן.

פון זיין ברודער חנני, וועלכער איז, נאָך די נייע אומגליקען, וואָס האָבען זיך געשאָטען אויף ירושלים, געקומען פון יהודה קיין פּרס, האָט זיך נחמיה דערוואוסט אין וואָס פאַר אַ פינסטערער לאַגע עס געפינט זיך זיין פאָלק און זיין פאָטערלאַנד. נחמיה, דער נאָהנטסטער און געליבטסטער שר פון מלך פּרס, איז שרעקליך געריהרט געוואָרען פון די טרויעריגע ידיעות. נישט קוקענדיג אויף דעם גרויסען פּלאַץ, וואָס ער האָט פערנומען אין גלות, האָט דאָך אין זיין האַרצען געברענט די הייליגע ליעבע און די אונענדליכע בענקשאַפט צו דער הייליגער שטאָדט, צום בית-המקדש, צו זיינע ברידער, און די שרעקליכע נאַכריכט האָט אין איהם אַ ביטערען טרויער געוועקט. פונדעסטוועגען איז נחמיה נישט אָבהענדיג געבליבען. דאָס איז געוועזען אַ מענש מיט אונגעוועהנליכער ענערגיע, אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען און אונגעוועהנליכער שטאַנדהאַפטיגקייט. ביים הויף האָט ער זיך אויסגעלעהרנט די קונסט פון פערוואַלטען, די קונסט פון הערשען איבער מענשען מיט דער הילף פון אונבויגזאַמען ווילען, אויסניצענדיג אַלערליי געשעהעניסען. ער האָט פעסט בעשלאָסען, פערזענליך צו געהן קיין ירושלים און מאַכען אַן ענדע צו דער טרויעריגער לאַגע. זיין הויכער פּאָסטען האָט איהם אָבער נישט ערלויבט מיט אַמאָל צו פערלאָזען פּרס. דאָס האָט איהם זעהר געקרענקט. זיינע שווערע אינערליכע ליידען האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אויף זיין אויסערליכען אויסזעהן: זיין געזיכט איז בלייך געוואָרען און די אויגען — אויסגעלאָשען, און ווען ער האָט איינמאָל, אַלס שר המשקים דערלאַנגט דעם קעניג און דער קעניגין דעם באָקאַל, האָט זיין אויסגעמאַטערטער בליק פערוואונדערט ארתחשסתא׳ן. „וואָרום זעהסטו אויס אַזוי שלעכט? — האָט דער קעניג געפרעגט — דו ביסט, דאַכט זיך,

ניִשט קראַנק?!" — „ווי אַזוי זאָל איך אויסזעהן גוט — האָט נחמיה געענטפערט — ווען די שטאָדט, אין וועלכער עס געפינען זיך די קברים פון מיינע אור־עלטערען, איז צורואינירט און איהרע טויערען זענען פערברענט".— דאַן האָט נחמיה אַרויסגעזאָגט פאַר'ן מלך זיין הייסעסטען פערלאַנג, אומצוקעהרען זיך אין זיין פערוויסטען פאָטערלאַנד, כדי מיטצוהעלפען די אַרבייט פון זיין בענייאונג. ארתחשתא איז געווען אויף אַזוי פיעל גענעדיג, אַז ער האָט איהם אַלץ ערלויבט: אונטערצונעהמען זיין רייזע קיין ירושלים, אָבצובויען איהרע ווענט, און פון דאָס־ניי צו ברענגען אין אָרדנונג די צורודערטע געמיינדע. ער האָט איהם געגעבען בריף צו זיינע בעאַמטע מיט אַ בעפעהל, איהם ניִשט צו מאַכען קיינע שטערונגען אויפ'ן וועג און פערזאָרגען מיט בוי־מאַטעריאַל. ער האָט איהם געגעבען אַ מתנה פון פופציג־הונדערט רייטער און האָט איהם בעשטימט אַלס פערטרעטער פון יהודה. נאָר איין בעדינגונג האָט ארתחשתא געשטעלט נחמיה'ן: ער זאָל דאָך ניִשט זעהר לאַנג פערבלייבען אין ירושלים און אין אַ געוויסער צייט אַרום זיך צוריקקעהרען אין הויף.

מיט נחמיה'ס אָנקומען קיין ירושלים הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון די יודישע קהלות אין יהודה. אין דער בעגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע פערוואַנדטע, בעדינטע און וואַך האָט נחמיה פערלאָזען די הויפטשטאָדט שושן און אַזוי ווי דורכרייזענדיג דורך דער געוועזענער אפרים־מלוכה, האָט נחמיה געמוזט וויזען דעם פחה דעם קעניגליכען בעפעהל, האָבען די אָנפיהרער פון די יודישע שונאים, די שומרו'נער סנבלט און טוביה, זיך באַלד דערוואוסט דעם צוועק פון נחמיה'ס רייזע, און זיי האָבען באַלד דערפיהלט, אַז ס'הויבט זיך אָן פאַר זיי אַ צייט פון אַ נייעם קאַמפף. זיי איז איבערהויפט ניִשט אָנגענעהם געווען דאָס, וואָס אַ יוד ווערט בעשטימט פאַר אַ רעגירונגס־פערטרעטער, און דערצו אַ יוד, וועלכער האָט בדעה ענערגיש צו בעשיצען זיינע פערפאָלגטע ברידער.

אָנקומענדיג קיין ירושלים, האָט נחמיה זיך אין ערגעץ ניִשט געוויזען. ער האָט פריהער געוואָלט גוט אויסשטודירען דעם באָדען פון זיין טהעטיגקייט און די מענשען, מיט וועלכע ער וועט איצט מוזען קומען אין געוויסע בעציהונגען. דערווייל האָט ער זיך אַרומגערינגעלט מיט פראַכטפאָלער הערליכקייט; בעזיצענדיג ריעזיגע רייכטימער, האָט ער געלעבט ווי אַ פירשט. דעם צוועק פון זיין אָנקומען האָט ער צוערשט געהאַלטען אויף אַזוי ווייט בסוד, אַז אפילו די יודישע מאַגנאַטען האָבען אויך וועגען דעם גאָרניִשט געוואוסט: ער האָט זיי ניִשט זעהר אָנגעטרויט. איינמאָל איז ער אַרומגע־

פאָהרען בייאַכט הינטערן שטאָדט צו בעטראַכטען די צובראָכענע שטאָדט-מויערען, כּדי אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיי אויפצושטעלען. נאָכהער האָט ער פערזאַמעלט די הויפּטלייט פון די בתּי-אָבות (אָבשטאַמונגען), און זיי מגלה געווען, צו זייער גרויסער בעוואונדערונג, אַז ניט נאָר ער איז בעפאָלמעכטיגט אויפצובויען די צובראָכענע שטאָדט-ווענט, נאָר אויך אַריינצובריינגען אָרדנונג אין דעם גאַנצען לאַנד. צום לעצט האָט ער אויך צוגעגעבען, אַז ער וויל מאַכען אַן ענדע צו דער שאַנדע און דעם אונגליק פון דער יודישער געמיינדע אין איהר פאָטערלאַנד. אַלע האָבען איהם אויסגעדריקט זייער גרייטקייט, אָנצווענדען זייערע אַלע קרעפטען פאַר דער אַלגעמיינער זאַך. זאָגאַר די, וועלכע האָבען זיך געחבר׳ט מיט די אַרומיגע שכנות׳דיגע פעלקער און זענען געווען מיט זיי אין גוטע בעציהונגען, האָבען אַרויסגעוויזען זייער צופריעדענהייט. אָבער דאָך איז אונגעוועהנליך שווער געווען דורכצופיהרען די אויפגאַבע, וואָס נחמיה האָט אויף זיך גענומען. ער האָט געמוזט בריינגען אין אָרדנונג די פאָלשטענדיג צורואינירטע געמיינדע, וואָס איהרע מיטגלידער האָבען זיך דאָך ניט געקענט בעשליסען, זיך גענצליך אָפּצושטעלען פון דער געפאַהר, צוליעב זייער שרעק, צוליעב זייער שוואַכקייט, צוליעב זייער אייגענליעבע אָדער צוליעב פערשידענע אַנדערע פאָראורטיילען. די ערשטע זאָרג זיינע איז געווען צו פערפעסטיגען ירושלים, ווייל אָהן דעם וועט אוננוצליך זיין יעדע אונטערנעהמונג, יעדע רעפאָרם.

מיט דער אַרבייט פון פערפעסטיגונג האָט אָנגעפיהרט נחמיה אַליין; פערשידענע גרופּעם האָט ער בעשטימט אַלס אויפזעהער. דערוויל איז אָבער די זאַך ניט אַזוי לייכט פאָרווערטס געגאַנגען. ווייטער האָבען די שומרונים מיט סנבלט און טוביה אַן דער שפּיץ געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי לאָזען אַן אַנטייל געהמען אין דער אויפבויאונג פון דער היילינגער שטאָדט, נאָר נחמיה האָט זיי אויך, ווי זיינע פאָרגענגער אָבגעשטויסען. „קיין טייל, קיינע פערדיענסטען, קיין אַנדענקונג דאַרפט איהר ניט האָבען אין ירושלים“. דאַן האָבען זיי אויף אַזוי פיעל אָנגעהויבען שטערען דעם פערטרעטער אין זיין אַרבייט, אויף וויפיעל יענער האָט אַרויסגעוויזען אונגעוועהנליכע פלייסיגקייט, צו דערפיהרען ביז ענדע די אָנגעהויבענע זאַך. אין אָנהויב האָבען זיי זיך בענוצט מיט רמאות.. זיי האָבען זיך געפּרובט אָנרייזען, וועמען מען האָט געדאַרפט, אַז נחמיה טראָגט זיך מיט׳ן געדאַנק, אָבצורייסען יהודה פון פּרס און דענקט אַליין צו ווערען דער יודישער מלך. נאָכהער האָבען זיי געמיינט אַריינצובריינגען די יודישע אַרבייטער אין פערצווייפלונג

דורכדעם, וואס זיי האבען אבגעלאכט פון זייער בניז און גערעדט, אז אפילו א פוקס וועט די גאנצע וואנט קאנען איינווארפען, אזוי טאנדעט איז עס געמאכט. ווען אבער דער מויער איז שוין ביז העלפט אויפגעבויט געווען, האבען זיי זיך צונויפגערעדט מיט די איבעריגע פיינדליכע שבטים, צו מאכען א געהיימען אנפאל אויף די ארבייטער, אום פון דאס־ניי צו־ ברעכען דאס אויפגעשטעלטע.

נחמיה איז אבער געווען געניג מונטער און וואך. אלס וועכטער האט ער ביי'ם מויער אוועקגעשטעלט א טייל פון זיינע מענשען אונטער דער השגחה פון יודישע פיהרער; די ארבייטער זענען געווען בעוואפענט מיט געוועהר, און די משאות־טרעגער האבען אין איין האנד געהאלטען דעם שווערד און אין דער צווייטער — דאס מאטעריאל. כדי אונטערצואיילען די ארבייט, האט נחמיה פערארדענט, אז עס זאל געארבייט ווערען פון זונענאויפגאנג ביז וואנען די שטערען בעוויזען זיך; א טייל פון די אר־ בייטער האבען בייגאכט געמוזט וואך זיין און היטען, אז קיינער זאל אין שטאדט פון דער פרעמד נישט אריינדרינגען. די בעוואפענטע פלעגען זיך לאנג נישט אויסטהון. נחמיה אליין פלעגט זיך שטענדיג געפינען אויף דעם פלאץ פון דער ארבייט, בעווייזענדיג זיך דא און דארטען אין דער בע־ גלייטונג פון א טראמפעטיסט. סנבלט און זיינע חברים זענען דאן געפאלען אויף אנדערע מיטלען, ווי צו שטערען נחמיה'ן אין דער ארבייט. זיי הא־ בען געוואלט אין דעם יודישען לאגער גופא ארונטעררייסען דעם צוטרוי צו נחמיה'ן און שאפען געגען איהם פיינד צווישען זיינע אייגענע ברידער. פאר געלד האבען זיי געפונען אין יהודה גופא פעררעטער. די הויפטליי־ פון יענע משפחות, וועלכע זענען פון פריהער געווען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט די שונאים פון ירושלים האבען דורך בריעף זיך פערבונדען מיט טוביה'ן, סנבלט'ס חבר. דאך האבען אט די אלע הינדערנישען נישט געקאנט אבטוידטען אין נחמיה'ן זיין ריעזיגע ענערגיע: ער האט פערענדיגט די אנגעהויבענע ארבייט מיט א אונגעוועהנליכער פלייסיגקייט און מיט זיין געלאסענקייט און אויסגעהאלטענקייט האט ער פערוואונדערט זאגאר זיינע אייגענע פיינד.

צו דער אייגענער צייט, וואס נחמיה האט געפיהרט דעם קאמפף מיט די אויסערליכע שונאים, איז איהם אויך אויסגעקומען צו ראנגלען זיך מיט די אינערליכע שונאים פון פאלק. געוויסע מיוחס'דיגע משפחות, וועלכע האבען געשפיעלט אין לאנד א צווייטיגע ראליע, האבען, ווי אויבען איז דערמאהנט, געדיענט אין דער שטיל דעם פיינד, אונטערשטיצענדיג איהם

אין די פערשידענע בלבולים געגען נחמיה׳ן. אויסער דעם האבען זיי אויפ׳ן העכסטען אכזריות׳דיגען אופן געדריקט זייערע ארימע ברידער. ווען די ארימע פלעגען ליידען ביי די רייכע געלד אויף דעם ערד-צינז, צו בעצאהלען דעם פרס׳ישען הערשער אדער ברויט אין אונגערעטעניש-יאהרע, צו שפייזען זייערע הויזגעזינדער און פלעגען דערביי פער׳משכון׳ען זייערע פעלדער, וויינגערטנער, איילבערטבוימער, הייזער אדער זאגאר קינדער, פלעגען די מלוים (קרעדיטארען) פערהאלטען אין זייער אייגענטום די ערד פון בעל-חוב, ווען ער פלעגט צום טערמין נישט בעצאהלען, און זיינע זיהן און זיינע טעכטער פלעגען זיי פערקויפען אין קנעכטשאפט. ווען די אנקלאגעס פון די, וואס פלעגען ליידען פון דער דאזיגער אכזריות, האבען אנגעהויבען אליין אפטער און אפטער זיך צו דערטראגען צו נחמיה׳ס אויערען, האט ער בעשלאסען צו פאדערן אנ׳ערקלערונג פון די הארצלאזע עשירים. ער האט געלאזען צוזאמענרופען א גרויסע פערזאמלונג און געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער איז שארף ארויסגעטראטען געגען דעם אכזריות, וואס איז אזוי פערפלוכט דורך דעם יודישען געזעץ. „מיר, אין פרס, — האט ער אין זיין רעדע געזאגט — קויפען שטענדיג אויס אונזערע ארימע ברידער, וועלכע איהר פערקויפט צו די געצענדיענער; אויף אזא אופן, פערקויפט זיי לכתחלה צו אונז“. די בעדייטונג פון נחמיה איז געוועזען אזוי גרויס, זיין שטים איז געוועזען אזוי וויכטיג און צוזאמען מיט דעם זענען די רייכע און די ווירקונגספולע געוועזען אזוי אויפמערקזאם צו די געזעצען פון דער תורה, אז זיי האבען באלד צוגעזאגט נישט נאר פרייצולאזען די קינדער פון זייערע בעלי-חובות, נאר אויך אומצוקעהרען זיי זייערע פעלדער, און זייערע גערטנער און זייערע הייזער, זאגאר זיי אינגאנצען מוחל צו זיין די חובות. נחמיה האט זיך בענוצט מיט דער גינסטיגער שטימונג און ער האט זיך געאיילט צו נעהמען ביי די רייכע א שבועה, אז זיי וועלען פינקטליך ערפילען זייער צוזאג.

דאס איז געוועזען א בעדייטענדער נצחון, וואס איז אבגעהאלטען געווארען דורך נחמיה׳ן אינ׳ם נאמען פון געזעץ איבער דער אייגענוציגקייט פון די רייכע. דער יודישער פערטרעטער אליין האט דער ערשטער געוויזען דעם ביישפיעל פון גרויסמוטיגקייט. ער האט נישט נאר ענטזאגט זיך פון זיין געהאלט, נאר ער האט נאך אליין געליהען ארימע לייט געלד און ברויט און אין א נויט האט ער זיי מוחל געוועזען די חובות; קוקענדיג אויף איהם זענען זיך זיינע קרובים און זיינע דיענער אויך אזוי בארמהערציג און גרויסמוטיג בעגאנגען מיט די אונפערמעגליכע קלאסען.

מיט דער הילף פון אזא הנהגה איז נחמיה'ן געלונגען גובר צו זיין אלע שוועריגקייטען פון זיין וועג און פון דאסניי צו שאפען א נארמאלען גאנג פאר דער ענטוויקלונג פון דער יודישער געמיינדע. דאס פאלק האט זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער מיט התפעלות, מיט דרך־ארץ, מיט הכנעה און מיט'ן גוטען ווילען אדער זאגאר מיט בייזען איהם נאכגעטהון. — די הינדערנישען האבען אבער נאך אלץ נישט אויפגעהערט. ווען די ווענד פון שטאדט־מויער זענען שוין געווען פארטיג און די טויערען אויפגעשטעלט, האט זיך געלאזט פיהלען א מאנגעל אין לוים, — די שטענדיגע שומרים און אויפזעהער פון בית־המקדש. זיי האבען זיך צוזייעט איבער דער פראווינץ, ווייל צייט די לעצטע מהומות אין דער הויפטשטאדט האט דאס פאלק אויפגעהערט צו ברייגנען זייער מעשה (דעם צענטעל פון די תבואה) און זיי האבען נישט געהאט מיט וואס זיך צו ערנעהרען. דערצו איז אויך די אלגעמיינע בעפעלקערונג פון דער הויפט־שטאדט געווען צו קליין אויף צו קאנען איהר פערטיידיגען אין א אונגליקס־צופאל. מען האט אלזא געמוזט בעפעלקערען ירושלים און בעזארגען דעם בית־המקדש מיט בעדינערם.

נחמיה האט צושיקט אויפרופען צו אלע, וועלכע האבען פערלאזען ירושלים נאך די אנפאלען פון די שומרונ'ער און די עמונ'ער, און אויך צו די, וואס האבען לכתחלה זיך בעזעצט אין דער פראווינץ, אז זיי זאלען זיך בעזעצען אין דער הויפט־שטאדט. א סך פון יענע, וואס האבען ארויסגעשטאמט פון גרויסע יחוס'דיגע משפחות, האבען מיט'ן גוטען ווילען דערצו איינגעשטימט. נאר אזוי ווי די צאהל פון די פרייוויליגע האט דאך נישט געקלעקט אויף צו בעפעלקערען גאנץ ירושלים, איז בעשטימט געווארען אריבערצופיהרען אהין א צענטעל טייל פון די דארפסלייט. נחמיה האט אבער נישט אלעמען געפונען פאר פאסענד אויף צו בעזעצען זיך אין אין דער הויפטשטאדט און ווענינער פון אלץ האט ער, פערשטעהט זיך, געוואלט איינוויליגען אויף דעם, אז אין ירושלים זאלען וואהנען די געבוירענע פון די געמישטע התונות. צוליעב דעם האט ער געפאדערט פון אלע, וואס האבען געוואלט זיך בעזעצען אין דער הויפטשטאדט, אז זיי זאלען דערווייזען דעם יחוס פון זייער אבשטאמונג. דערביי איז נחמיה זיך בעגאנגען גאנץ שטרענג. דריי משפחות פון 642 מיטגלידער זענען געווארען ארויסגעזעצט פון ירושלים, דערפאר, וואס זיי האבען נישט געקאנט דערווייזען, אז אין זייער אדערען פליסט ריין יודיש בלוט; אזוי אויך האט ער אבגענומען דעם גייסטליכען טיטול פון דריי כהנים־פאמיליעס.

וועלכע האבען נישט געקענט דייטליך דערווייזען, אז זיי שטאַמען פון אהרן הכהן. צוליעב דער פערטיידיגונג פון בית־המקדש, כדי איהם אפּצוהיטען פון אַן אָנפאַל דורך די ערווייטערטע און געפּסל׳טע משפחות, האט ער פון צפון־זייט אויסגעבויעט א פעסטונג מיט׳ן נאָמען בירות, וועלכע האט צולעצט געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָליע אינ׳ם לעבען פון דער הויפּטשטאָדט.

אויף אזא אַרט האט נחמיה פערפעסטיגט ירושלים און איהר פערזאָרגט מיט א ריין יודישער בעפעלקערונג; ער האט דער געמיינדע א צענטרום געגעבען, און דעם פאָלק — א קערפּער, וועלכער איז פעהיג געוועזען צו פערטיידיגען זיך; נאָר דאָס אליין איז נאָך נישט גענוג געוועזען; מען האט נאָך געדאַרפט אין דעם קערפּער א נשמה אַריינבלאָזען, מען האט געדאַרפט א טראַכט טהון וועגען איינפיהרען אין גאַנצען לאַנד געזעצליכקייט און ערהליכקייט. דערצו איז שוין נויטיג געוועזען די הילף פון די געלעהרטע און הייליגע ספרים. דאַן איז פון דאָמאלט אַרויסגעטרעטען עזרא, וועלכער איז פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס נחמיה האט אין לאַנד אָרדנונג געמאַכט, געשטאַנען ווי מיט א שאָטען בעדעקט. אין דעם ערשטען טאָג פון דעם זיבעטען מאָנאט, דאָס הייסט, אום ראש השנה, האט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פערזאַמעלט אין ירושלים אויף א ברייטען פּלאַץ פאַר׳ן בית־המקדש. דאָ זענען געוועזען אויפגעשטעלט הויכע שטאַפּלען, אויף וועלכע עזרא האט געזאָלט אַרויפגעהן און לעזען די ספר־תורה פאַר׳ן עולם. מען האט זיך געמיהט צו שאַפען א פייערליכע שטימונג. די פערזאַמלונג איז געוועזען א פיעלצאָהליגע; דאָ האָבען זיך איינגעפונען נישט בלויז מאַנסלייט, נאָר אויך פרויען און קינדער. ווען עזרא האט נאָר פונאַנדערגעוויקעלט די תורה האָבען אַלע אָנגעוועזענע זיך אויפגעהויבען, אויסדריקענדיג מיט דעם זייער הכנעה פאַר דעם הייליגסטען ספר. און אַז ער האט א תפלה אַרויסגעזאָגט, איידער ער האט די ערשטע זייטען געלעזען, האט דאָס פאָלק מיט א דונער אויסגעשריען „אָמן". דאַן האט עזרא מיט א הילכיגער שטים אָנגעפאַנגען צו לעזען די תורה און די פערזאַמעלטע האָבען זיך צוגעהערט מיט אַן אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט. די, וועלכע זענען נישט געוועזען אימשטאַנד צו בעגרייפען דעם אינהאַלט, איבערהויפּט, די פרויען און דאָרפס־לייט, האָבען די לויים אַלץ גענוי ערקלערט, וואָס עזרא האט פון גאָטס־בוך געלעזען. די לעזונג האט געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק. עזרא איז צוגעקומען צו דער שטעל אין דער הייליגער תורה, וואו עס ווערען געשילדערט די גרויסע אונגליקען, וואָס וועלען מיט׳ן פאָלק געשעהן,

װען עס װעט פון גאטס־װעג אבטרעטען. ביים פאלק האט זיך ערװאכט דאס בעװאוסטזיין פון זיין זינדיגקייט, און עס איז געװארען געפאלען ביי זיך. א ביטערער יאמער האט אויסגעבראכען ביי די צוהערער. נחמיה, עזרא און די לויים האבען געמוזט בערוהיגען און טרייסטען די בעטריבטע צוהערער. נאר נאכדעם, װען זיי זענען אביסעל צו זיך געקומען, איז הערליך געפייערט געװארען דער דאזיגער טאג, און דער עולם האט זיך געפרעהט מיט דעם, װאס ער האט די תורה פערשטאנען און בעגריפען. דאס ערשטע מאל האט דאס פאלק אין זיין הארצען איינגעשלאסען דעם בוך פון דער געטליכער געזעצליכקייט. די מהפכה אין דעם יודישען בעװאוסטזיין, װאס האט זיך אנגעהויבען נאך אין גלות, איז איצט פערענדיגט געװארען. די סופרים האבען פערענדיגט דאס, װאס עס האבען אנגעפאנגען זייערע פארגענגער — די נביאים.

דאס פאלק איז אזוי בעגייסטערט געװארען פון דער תורה, װעלכע עס האט פריהער אזוי װעניג געאכטעט, אז עס האט זי געװאלט הערען און הערען אהן אויפהער. די זעלביגע לייט, װאס זייערע עלטערען האבען פריהער אזא װידערשטאנד געװיזען די נביאים, פלעגען טאג טעגליך קומען צו עזרא׳ן און בעטען ער זאל װייטער לעזען די תורה פאר׳ן פאלק, און איהם לערנען די מצות פון גאט. עזרא האט פארגעלייענט די שטעלע װעגען די ימים־טובים, װעלכע דארפען געפייערט װערען אין זיבעטען מאנאט, אין תשרי. דאן האבען די אנפיהרערס צושיקט שלוחים איבער גאנץ יהודה, מודיע צו זיין דער בעפעלקערונג, אז אלע זאלען אנגרייטען בלעטער און צװייגען פון איילבערטבוימער און פון טייטעלבוימער און פאלמען־בוימער אויף צום בויען יום־טוב־סוכות. דאס פאלק האט מיט א פרעהליכער פלייסיגקייט זיך גענומען פאר דער ארבייט און האט דעם יו״טוב פערבראכט אין אזא ליכטיגער שטימונג, װי קיינמאל נישט ביז איצט. אין דעם פערלויף פון די אלע אכט יום־טוב־טעג זענען פאר׳ן פאלק אין בית־המקדש טעגליך געלעזען געװארען פרשיות און קאפיטלען פון דער הייליגער תורה. פון דאן אן איז דאס לעזען געװארען א טייל פונ׳ם גאטעס־דינסט אין בית־המקדש.

די דאזיגע אויפגעהויבענע שטימונג האבען עזרא און נחמיה אויסגענוצט, כדי צו דערװעקען די יודען אינגאנצען זיך אבצושיידען פון די פרעמדע פרויען, אויף װיפיעל אזוינע געמישטע פאמיליען־פערבינדונגען האבען זיך נאך אין לאנד איינגעפונען. צוליעב דעם טאג איז בעשטימט געװארען א תענית און עס איז צוזאמענגערופען געװארען א פאלקס־פערזאמלונג. אלע

זענען געקומען אין בית־המקדש אין טרויער־קליידער, באשאטען מיט אש. דאן האבען די לויים זיך מתודה געווען אין דעם נאמען פון גאנצען פאלק פאר זיינע זינד. עזרא האט פארגעלעזען און ערקלערט די פרשה אין דער תורה, וואו עס ווערען פערבאטען התונות מיט קינדער פון פרעמדע פעלקער, און וואו עס ווערט דייטליך אנגעוויזען, וואס פאר א נאציאנאלע געפאהר דערפון קאן ארויסקומען. באלד האבען די יודען, וועלכע האבען געהייראטעט מיט פרעמדע ווייבער, זיך צושיידט מיט זיי און אלע האבען זיך פייערליך ענטזאגט פון צו האבען ווייטער וועלכען ס'איז פאמיליען־פערקעהר מיט די שומרונ'ער. און ווידער האבען די אנפיהרער פערשטאנען אויסצונוצען די הייסע מינוט: זיי האבען פון דער פערזאמלונג א פייערליכע שבועה ארויסבעקומען, צו היטען די געזעצען פון דער תורה און מעהר זיך נישט צולאזען פערפיהרען אין יענע זינד, צוליעב וועלכע דאס לאנד איז וויסט, דער בית־המקדש צושטערט און דאס פאלק פערטריבען געווארען. די געמיינדע האט ווייטער געדארפט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער תורה, וואס משה האט ישראל'ן פון גאט געגעבען. זאגאר די פרויען און די קינדער האבען געשווארען צו היטען גאט'ס געבאטען. איבערהויפט האבען די איניציאטארען פון דער פערזאמלונג, עזרא און נחמיה, אונטערגעשטראכען פיעל מאל דעם איסור אפצוגעבען יודישע טעכטער פאר מאנען פון פרעמדע פעלקער און נעהמען פון זיי פרויען פאר די זיהן; די פראגע איז געווען א ברענענדיגע און עזרא און נחמיה האבען געמוזט איינמאל פאר אלע מאל מיט דער זאך אניענדע מאכען. ווייטער איז געשטעלט געווארען די פאדערונג, שטרענג אפצוהיטען שבת און יום־טוב; נישט בלויז קיינע מלאכות אין די דאזיגע טעג נישט טהון, נאר זאגאר נישט קויפען און נישט פערקויפען, נישט ביי קיין יודען און נישט ביי קיין פרעמדען. דאן איז אויך בעשטימט געווארען צו מאכען יעדען זיבעטען יאהר שמיטה פאר די פעלדער, זיי זאלען נישט געאקערט און נישט געזייעט ווערען; אין דעם זעלביגען יאהר מוזען אויך געשאנקען ווערען אלע חובות, וואס זענען ביז דער צייט נישט אויפגעמאהנט געווארען, און עס מוזען אומגעקעהרט ווערען אלע משכנות. אויף די הוצאות פון בית־המקדש מוז יעדער יוד שענקען א האלבען שקל יעהרליך און אין א געוויסען טערמין צושטעלען האלץ פאר'ן מזבח. ווייטער מוז יעדען יאהר געבראכט ווערען די ערשטע פרוכט (בכורים) פון די ביימער און פון די פעלדער אין בית־המקדש, פאר די כהנים און די לויים — דאס, וואס קומט זיי לויט'ן געזעץ — די תרומות און מעשרות.

דער אינהאלט פון די אלע פפליכטען איז פערשריבען געווארען אויף א בעזונדערער מגלה און די הויפט-לייט פון אלע משפחות האבען זיך גע־דארפט אונטער'התמ'ענען מיט זייערע נעמען. דער ערשטער האט זיך אונ־טערגע'התמ'עט נחמיה און אין אלעמען זענען געווען ביז 85 אונטערשריפטען פון די אנגעזעהענסטע לייט פון פאלק. עס איז אבער נויטיג געווען צו האבען די התימות פון אלע 120 פאלקס-פרעטרעטער און זיי האט מען צונויפגע־זאמעלט דורכדעם, וואס מען האט צו זיי אין זייערע הייזער די מגלה צוגעשיקט און זיי האבען זיך אונטער איהר גע'התמ'עט.

פיעל, אונגעהויער פיעל האט נחמיה אויפגעטהון אין אזא קורצער צייט! ער האט נישט בלויז אויפגעבויעט די צופאלענע געמיינדע און איהר פערפעסטיגט בנוגע צו אויסערליכע שונאים דורך דער פערשטארקטער הויפט־שטאדט, נאר ער האט פעראייניגט דאס פאלק מיט זיין תורה!

נחמיה האט מיט א כיון זיך בענוצט מיט דעם סיסטעם פון גרויסע פאלקס-פערזאמלונגען, ווייל ער האט געשטרעבט אלץ מעהר צו פער־טיעפען דעם איינדרוק אויף די אנוועזענדע. אזוי האט ער א צווייטען מאל פעררופען דאס פאלק צו בעהייליגען די שטאדט-ווענד, וועלכע זענען אויפ־געבויט געווארען א דאנק זיין מיה. דא האבען זיך אויך, ווי ביי דער ערשטער תורה-לעזונג, איינגעפונען פרויען און קינדער; אזוי ווי ער האט געוואלט, אז די דאזיגע פייערונג זאל ארויסרופען א פרעהליכע שטימונג; האט נחמיה ארויסגערופען אין ירושלים די לוים-משוררים, זיי זאלען לוסטיג מאכען די הערצער מיט דער הילף פון זינגען און שפיעלען. ער האט איינגעטיילט דעם עולם אין צוויי גרויסע גרופען, וועלכע זענען ארומגעגאנגען ארום דער וואנד אין געגענזייטיגע ריכטונגען און האבען זיך געמוזט צו־זאמענטרעפען אין בית-המקדש. פאר יעדען טייל איז געגאנגען א קאהר פון משוררים, וואס האבען געזונגען לויב-און דאנק-געזאנגען; נעבען די משוררים זענען געגאנגען צו אכט לויים, וועלכע האבען דאס געזאנג בע־גלייט מיט שפיעלען אויף די הארפען און אנדערע אינסטרומענטען הינטער איין קאהר איז געגאנגען עזרא, הינטער דעם צווייטען — נחמיה — די ביידע געמיינדע-פערוואלטער. יעדער טייל האט אין זיך ענטהאלטען א גלייכע העלפט פון פערזאמעלטען פאלק, פירסטען, פרויען און קינדער. אויף אזא ארט, איז איין טייל ארומגעגאנגען ארום דער שטאדט-וואנד פון מערב, דרום-און מזרח-זייט, און דער צווייטער ארויסגעהענדיג פון זעלביגען פונקט, איז ארומגעגאנגען ארום די מערב-צפון-און מזרח-זייטען פון שטאדט. וויים, וויים האבען געהילכט די קלאנגען פון די טראמפייטען,

פון די הארפען און די געזאנגען פו די לויים; עס האט זיי בעגריעסט דער אפקלאנג פון די ארומיגע הויכע בערג און די הערצער זענען איבער-פילט געווען מיט פייערליכקייט און פרייד. נאך די טרויער-טעג איז אנ-געקומען די אלגעמיינע שמחה.

נחמיה האט אויך צוגעווענדעט זיין אויפמערקזאמקייט אויף דעם נאר-מאלען גאנג פון דער הנהגה אין בית-המקדש. אום דאס קרבנות-דינסט זאל זיך מעהר נישט איבעררייסען, האט מען געמוזט פערזארגען די כהנים און לויים מיט א זיכערער מאטעריעלער שטיצע. די ערד-בעזיצער האבען זיך געוועהנליך פערפליכטעט אבצוגעבען פינקטליך תרומה פאר די ערשטע און מעשר פאר די צווייטע; דאס האט אבער נחמיה'ן נאך נישט געקאנט צו-פריעדען שטעלען. מען האט געדארפט א שטענדיגע השגחה דערויף. לויט זיין ארדנונג פלעגען די לויים אין דער צייט פון שניט דארפען ארומרייזען איבער'ן לאנד, צונויפקלייבען די תרומות און די מעשרות און ברייגנען עס קיין ירושלים. כדי די צוטיילונג נאכהער זאל אויסקומען עהרליך און קיינער זאל נישט זיין בעטריגט און גענארט, האט נחמיה געלאזט בויען גרויסע שפייכלערס פאר די צונויפגעזאמעלטע תבואות און פרוכטען. פון די דאזיגע שפייכלערס האט געמוזט יעדען כהן און יעדען לוי ארויסגעגעבען ווערען זיין חלק; דערויף האבען געמוזט אויפזעהן בעזונדערע בעאמטע. ווי ס'איז שוין דערמאהנט געווען, האט זיך נחמיה געזארגט פאר דעם, אז די ליידיגע ירושלים זאל בעפעלקערט ווערען; צוזאמען דערמיט אבער האט ער געזוכט צו פערזארגען דער בעפעלקערונג מיט וואהנונגען. די ארימע, וועלכע האבען נישט געהאט קיין אייגענע מיטלען צו בויען זיך הייזער, האט נחמיה פון זיין אייגענעם פערמעגען דערויף געלד געגעבען; און בכלל האט ער אהן אויפהער זיך געזארגט פאר אלע נויט-בעדערפטיגע. אויף אזא אופן האט ער אויסגעבויעט כמעט א נייע שטאדט, וואס איהר פפליכט און בעשטימונג איז בעשטאנען אין דעם, אז זי זאל שטרענג אבהיטען די געבאטען פון געזעצליכקייט. צוועלף יאהר האט ער פערוואלטעט מיט יהודה, אלס פערטרעטער פון דער פרסישער הערשאפט (44—432). דאן איז געקומען דער טערמין, ווען ער האט זיך געמוזט אום-קעהרען צום הויף פון מלך ארתחשסתא. ער האט זיך פעראבשיידעט מיט זיין פאטערלאנד אין טיעפער האפנונג, אז דער בנין, וואס ער האט אויפגעשטעלט, וועט לאנג בלייבען אונבערירט פון אויסענווייניג און ביי זיין פעסטער ארדנונג — אינוועניג.

די ארבייט פון דעם שטערבליכען מענשען איז אבער קיינמאל נישט

בעוואָרענט. נחמיה האָט קוים נאָר בעוויזען אָבצופאָהרען און אין יהודה האָט זיך שוין בעוויזען אַ פערדאָרבענע שטרעמונג, וואָס אָן איהר שפּיץ איז געשטאַנען דער כהן גדול אלישיב. אין ווידערשפּרוך צו דעם בעשלוס פון דער גרויסער פערזאַמלונג, האָבען איינינגע פון דאָסניי געשלאָסען אחדות מיט די שומרונ׳ער און מיט די געבוירענע פון געמישטע חתונות. צו פערזיכערן דעם בונד מיט זיי האָט איינער פון כהן־גדולים פאַמיליע, מיט׳ן נאָמען מנשה, פער׳שדכ׳ענט זיך מיט סנבלט׳ס טאָכטער. דעם ביישפּיעל פון כהן־גדולים הויז האָבען באַלד נאָכגעטהון פיעל אַנדערע, וועלכע זענען אין הארצען נאָך פריהער נישט געוועזען צופריעדען מיט דעם שטרענגען בעשלוס פון עזרא און נחמיה. טוביה, דער צווייטער פיינד נחמיה׳ס האָט זיך איינגאַנצען בעזעצט אין ירושלים. אין דער פאָדערשטער עזרה פון בית־המקדש איז איהם אָבגעגעבען געוואָרען אַ גרויסע, געריימע וואָהנונג.

די דאָזיגע פּלוצלינגע איבערקעהרעניש האָט אַרויסגערופען אין לאַנד אַ גרויסע מהומה; היינט איז אָפען ערלויבט געוועזען דאָס, וואָס נעכטען איז אַזוי שטרענג פערוועהרט געוואָרען. דאָס פאָלק איז אָבער געוועזען אַזוי אויפגערעגט געגען כהן גדול און זיינע אָנהענגער, אַז עס האָט איהם אַרויסגעוויזען אַ עפענטליכע שנאה. די ערדבעזיצער האָבען אויפגעהערט צו ברענגען תרומות און מעשרות. אויף אַזאַ אופן האָבען אויך געליטען אונשולדיגע. די לוים האָבען פערלוירען זייער הונה און ליידענדיג גרויס דחקות, האָבען זיי געמוזט פערלאָזען דעם בית־המקדש, ווי אויך די הויפּטשטאָדט. ס׳האָבען אויך אויסגעפעהלט נדבות אויף קרבנות, און גאָט׳ס מזבח איז פערגעסען געוואָרען, און גאָט׳ס הויז איז ליידיג געוואָרען. פיעל ערגער דערפון איז נאָך געוועזען די שפּאַלטונג, וואָס די אויבען דערמאָהנטע איבערקעהרעניש האָט געשאַפען אין דער יודישער געזעלשאַפט. אין יעדען הויז זענען אַריינגעדרונגען קריגערייען און מחלוקת. די עלטערען און די קינדער האָבען זיך צוטיילט אין זייערע אַנשויאונגען און זייערע בעציהונגען צו די געשעהענישען אין לאַנד. טיעף פרומע, וועלכע האָבען זייערע איבערצייגונגען איינגעהיט אונבעריהרטערהייד, האָבען זיך פעראייניגט צווישען אַנאַנדער און האָבען געזוכט מיטלען, ווי צו בעזייטיגען די טרויעריגע ערשיינונגען. זייערע בליקען האָבען זיך געווענדעט צו נחמיה׳ן, וועלכער האָט זיך איינגעפונען ביים הויף פון אַרתחשסתא. וואָלט ער פון דאָסניי געקומען אין ירושלים, וואָלט ער זיכער מיט אַמאָל אַנ׳ענדע געמאַכט צו דעם אונערטרעגליכען אונרעכט און פון דאָסניי אַריינגעבראַכט פריעדען

און איינגקייט אין דער הויפּשטאָדט, און פון דאָסניי אויסגעהיילט די געמיינדע!

די גאָטספאָרזיכטיגע האָבען לאַנג נישט געברויכט צו וואַרטען אויף זייער גייסטיגען גואל. נחמיה, זיצענדיג אין קעניגליכען הויף, ווייט פון זיינע ברידער, האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען זיין פאָטער-לאַנד. זיין גוף איז געווען אין פרס, אָבער זיין נשמה האָט געשוועבט אין ירושלים. און ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, וועגען דעם, וואָס אין דער הייליגער שטאָדט קומט פאָר, האָט ער באַלד פון דאָסניי געבעטען ערלויבניש ביי זיין הערשער זיך אומצוקעהרען אין יהודה. דער מלך פון פרס האָט נישט אָבגעזאָגט זיין ליעבלינג אין זיין ביטע און ווי נאָר ער איז אָנגעקומען אין ירושלים (צווישען 430—425), האָט ער גלייך אָנגעהויבען אַרבייטען. זיינע אָנהייגער האָבען איהם פערגליכען צו אַ שמעלץ-פייער, צו אַ רייני-גונגס-פייער, און ער האָט ווירקליך אָבגערייניגט די געמיינדע פון די גע-פעהרליכטע עלעמענטען. די ערשטע זאַך האָט ער אַרויסגעטריבען טוביה'ן דעם עמונ'ער פון זיין פּלאַץ, וואָס ער האָט פערנומען אין דעם הויף פון בית-המקדש, און זיין בעשיצער און מחותן, דעם כהן גדול אלישיב, האָט ער דערוויטערט פון זיין גייסטליכען פּאָסטען. נאָכדעם האָט ער צוזאַמען-גערופען די פאָלקס-מנהיגים און זיי שטאַרקע פאָרווירפע געמאַכט דערפאַר, וואָס צוליעב זייער נאַכלעסיגקייט האָבען די לויים געמוזט דעם בית-המקדש פערלאָזען, ווייל זיי האָבען נישט געזאָרגט וועגען דער פּינקטליכקייט פון דאָס מעשר-אויפמאָהנען. איין אויפרוף פון נחמיה'ן איז געווען גענוג, אום די ערדבעזיצער זאָלען מקים זיין זייער חוב פאַר די לויים און די לעצטע האָבען זיך אומגעקעהרט אין ירושלים. נאָר פאַר דער וויכטיגסטער אויפגאַבע האָט נחמיה גערעכענט דאָס פונאַנדערשיידען די שדוכים מיט די קינדער פון די פרעמדע פעלקער.

דאָס האָט איהם געבראַכט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די מיוחסים פון לאַנד. מנשה, דער פערוואַנדטער פונ'ם כהן-גדול האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט זיך צושיידען מיט זיין פרוי ניקסה, די טאָכטער פון סנבלט. נחמיה איז געווען אַזוי פיעל פעסט ביי זיך, אַז ער האָט זיך בעשלאָסען איהם אַרויסצוטרייבען פון לאַנד. עס זענען פון יהודה דערוויטערט געוואָ-רען אויך אַנדערע כהנים און לוים, וועלכע האָבען נישט געקאָנט זיך איינ-לעבען מיט די שטרענגע סדרים, וואָס נחמיה האָט פון דאָסניי איינגעפיהרט אין יהודה. ווען די אָרדנונג אין דער הויפּשטאָדט איז געוואָרען צוריקגעשטעלט

אין דעם גייסט פון דער תורה, האט זיך נחמיה אװעקגעלאָזען אין דער פראָװינץ, אום אויך דאָרטען אויסצוװאָרצלען דאָס שלעכטס. אין די ערטער, װאו די יודען האבען געלעבט אין נאָהענטער שכנות מיט די פרעמדע שבטים, מיט די אשדוד׳ער, מיט די עמונ׳ער, מואָב׳ער און שומרונ׳ער, האבען די געמישטע שדוכים געבראַכט צו אַזאַ רעזולטאַט, אַז זייערע געבוירענע קינדער האבען טיילוױיז גערעדט אויף דער שפּראַך פון זייערע פרעמדע מוטער׳ס און די הייליגע שפּראַך פון זייער פאָלק איז זיי געװען גאַנץ פרעמד. די דאָזיגע װײַטקייט פון דאָס אייגענע, נאַציאָנאַלע, האָט נאָכמעהר אויפגערעגט נחמיה׳ן און ערװעקט אין איהם זיין גאַנצע ענערגיע. ער האט שטרענג פאַרגעװאָרפען די עלטערען, זיי געשאָלטען און געשטראָפט, און אַ דאַנק זיין ענערגישער טהעטיגקייט איז איהם געלונגען זיין ציעל צו דערגרייכען.

אַרומרייזענדיג איבער דער פּראָװינץ האָט נחמיה בעמערקט, אַז שבת װערט זעהר נאַכלעסיג אָבגעהיט. די דאָרפס־לייט פלעגען אום שבת דריקען די װיינטרויבען אין קעלטער, אָנלאָדעװען זייערע אייזלען מיט פערשידענע פּראָדוקטען און פיהרען עס אין שטאָדט. װען די פויערען האבען זיך פערזאַמעלט אויפ׳ן מאַרק, האט נחמיה פאַר זיי אַ רעדע געהאַלטען און זיי ערקלעהרט, אַז זיי זינדיגען פאַר גאָט מיט אַזעלכע מעשים. זיי האבען געפאָלגט. מיט מעהר ענערגיע איז ער אַרויסגעטראָטען בײַ אַ צװייטען צופאַל. די פיניצער סוחרים פון צור האבען זיך געהאַט אַ מנהג, צו ברייננגען צו פיהרען אום שבת פיש און אַנדערע סחורות און פערקויפען זיי אין ירושלים. נחמיה האָט געלאָזען פערשליסען די טויערען פון שטאָדט און זיי נישט עפענען דעם גאַנצען שבת׳דיגען טאָג אַזוי, אַז זיי האבען אין שטאָדט נישט געקאָנט אַריינטרעטען. ער האָט געבראַכט דערצו, אַז דער שבת איז אָבגעהיט געװאָרען אין לאַנד מיט דער העכסטער שטרענגקייט. די װייטערדיגע טהעטיגקייט פון נחמיה האָט זיך איבערהויפּט אויסגעדריקט אין דעם: אַליץ מעהר צו פערפעסטיגען די װאַנט צװישען דעם יודישען פאָלק און די פרעמדע פעלקער, אום עס זאָל שוין קיינמאָל נישט מעגליך זיין איהר דורכצוברעכען. אַליץ, װאָס נחמיה האָט אויסגעטהון, האָט ער פערשריבען אין אַ בעזונדערען ספר, װאָס טראָגט זיין נאָמען (נחמיה). בעטראַכטענדיג אַליין די פערשידענע שטרענגע מיטלען, װאָס ער האָט אָנגענומען בײַם דורכפיהרען זיינע נייע אָרדנונגען אין לאַנד, ערקלעהרט ער עס שטענדיג דערמיט, װאָס דאָס איז געװען צו יענער צייט אונבעדינגט נויטיג, כדי צו ראַטעװען דאָס פאָלק און דאָס לאַנד פון אויסמישונג מיט די אַרומיגע

שבטים. יעדעס מאָל גיעט ער צו: „זאָל דאָס מיר מיין גאָט צו גוטען געדענקען, וואָס איך האָב געטהון פאַר מיין פאָלק!" דער נאָמען פון נהמיה איז אויף אייביג געבליבען פערהייליגט ביי דעם יודישען פאָלק. אידם און עזרא'ן, די שעפער פון די העכסטע, גייסטיגע שטרעמונגען, שרייבט דאָס פאָלק צו אַ סך גוטע איינפיהרונגען אין דעם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען, וואָס זייערע קוועלען זענען געבליבען נישט בעוואוסט.



# דריטעם קאפיטעל:

## דער סופרים־פעריאד.

די פיינדשאפט, וואס קוועלט ארויס פון ליעבע, איז שטארקער און לײדענשאפטליכער פון דעם צארן, וואס שפראצט ארויס פון דער אונ־בעשטענדליכער פערהאסונג, פון קנאה אדער פון איינפאכער נקמה. סנבלט מיט די איבעריגע ושומרונים און זייערע חברים האבען מיט זייערע אלע קרעפטען זיך געמיהט צו דערשלאגען דערצו, אז זיי זאלען ווערען אנ־גענומען אין דער יודישער געמיינדע, בלויז אוים ליעבע צו דעם גאט, וועלכער איז היילינג געוועזען אין ירושלים און צו וועלכען זיי האבען זיך שוין געהאט צוגעוועהנט מיט'ן גאנצען הארצען. די לײדענשאפטליכקייט פון סנבלט'ס פיינד־שאפט צו נחמיה'ן האט זיך איינענטליך גענומען פון ליעבע; ער האט געוואלט איבער געוואלד זיך צוזאמענגיסען מיט זיינע פיינד. ווערענדיג אבער אזוי פיעל מאל אבגעשטויסען, האט די דאזיגע לײדענשאפטליכע ליעבע זיך פערוואנדעלט אין א פייערדיגער שנאה. סנבלט האט געמיינט, אז א דאנק זיין מתחתן־זיין־זיך מיט דעם כהן גדול, האט ער שוין דער־גרייכט זיין ציעל. נאך ביך איז איהם אויסגעקומען זיך צו ענטטוישען, — ווען זיין איידים מנשה איז ווירקליך פאר די דאזיגע זינד ארויסגעטריבען געווארען פון לאנד. דאס האט שוין דערפילט די מאס. מיט זיין אנגעבוירענע ערמומיות, האט ער אויסגעקלערט א פלאן, ווי אזוי זיך אונטערצוגראבען אונטער דער יודישער געמיינדע דורך איהרע אייגענע מיטגליעדער. וואס וועט זיין ווען ער וועט פאר דעם דאזיגען גאט אויסבויען א בית־המקדש, וועלכער וועט קאנקורירען מיט דעם ירושלים'דיגען, וועט ער דען נישט קאנען אבנעהמען ביי איהם די בכורה? האט ער דאך, כנבלט הייסט דאס, כהנים פון אהרן'ס קינדער, וועלכע וועלען קאנען אויספיהרען די עבודה אין

בית־המקדש לויט די געזעצען פון דער תורה. זיין איידים מנשה, וועלכער שטאַמט פון יהודה׳ן, וועט בעקומען דעם טיטול כהן־גדול און די איבעריגע אַרויסגעטריבענע כהנים פון יהודה. וועלען פול מאַכען דעם קאָמפּלעקט פון בית־המקדש־בעדיענטע. אַלעס האָט, ווי ס׳איז צו זעהן, געזאָלט זיין זעהר גינסטיג פאַר זיין נייעם פּלאַן. אויף אַזאַ אופן האָט געקאָנט פערווירקליכט ווערען זיין שטרעבונג צו בעהעפּטען זיך מיט דעם גאָט פון ישראל און ס׳האָט געקאָנט בעפריעדיגט ווערען זיין פערלאַנג צו שטעלען זיך אָן דער שפּיץ פון דער געמיינדע.

סנבלט האָט נישט אָבגעלעגט זיין אידעע אויף לאַנג. אויף דעם שפּיץ פון באַרג גריזים, נעבען דער שטאָדט שכם, אין דער געגענד, וועלכע קאָן זיך ווירקליך רעכענען אַלס צענטרום פון ארץ־ישראל, האָט ער אויסגעבויעט אַ בית־המקדש, מסתמא, נאָך דעם טוידט פון ארתחששתא (420). דער אויסוואַהל פון דעם פּלאַץ איז אָנגעוויזען געוואָרען דורך די כהנים, די געלעהרטע אין דער תורה, וועלכע זענען אַרויסגעטריבען גע־וואָרען דורך נחמיה׳ן פונ׳ם לאַנד. פון דעם דאָזיגען באַרג האָט אַמאָל, לויט דער אָנווייזונג פון משה רבנו, יהושע געבענשט די, וואָס וועלען היטען גאָט׳ס געבאָט. איבעריגענס, די שומרונים האָבען געגעבען דערצו אַני־אַנדער פּירוש. זיי האָבען גערעכענט און רעכענען ביז היינטיגען טאָג דעם דאָזיגען באַרג גריזים אַלס אַ „באַרג פון גליק״. זאָגאַר די דערביי־איגע שטאָדט שכם איז ביי זיי אָנגערופען געוואָרען „בענטשונג״ (מאַבּראַכטאַ). סנבלט, אָדער די כהנים פון בית־המקדש אויפ׳ן באַרג גריזים, האָבען זיך געמיהט צו דערווייזען, אַז די שומרונ׳ער שטאַמען נישט פון דער אויסגעמישטער בעפעלקערונג, וואָס סנחריב האָט אַמאָל אַהער געבראַכט אָנשטאָט די פערטריבענע ישראלים, נאָר פערקעהרט — זיי שטאַמען פון די אמת׳ע בני־אפרים, וואָס זענען אין לאַנד פערבליבען נאָך דעם חורבן פון שומרון. יעדענפאַלס האָבען זיך ווירקליך צווישען זיי געקאָנט איינגעפינען איינציגע ישראל־פאַמיליעס פון אַמאָל, וועלכע האָבען זיך נאָך דער מפּלה פון דער צעהן־שבטים׳דיגער מלוכה אויפגעהאַלטען אין שכם. דאָך האָט זייער שפּראַך אַרויסגעוויזען זייער צומישטע אָבשטאַמונג. דאָס איז געווען אַ ווילדע געפילדער, עפּעס אַנ׳אויסמישונג פון אַרמיש, אַבּעסיניש, כאַלדעאיש און אַנדערע ווילדע עלעמענטען, וואָס ס׳איז אונמעגליך געווען צו בעשטימען זייער אָבשטאַמונג.

דערווייל איז אָבער דאָס הויפּט־ציעל דערגרייכט געוואָרען. די שומרונ׳ער האָבען געהאַט אַ בית־המקדש, אַרום וועלכען זיי האָבען געקאָנט זיך קאָנ־

צענטרירען, זיי האבען געהאט כהנים פון אהרנ'ס הויזגעזינד, מיט דרייסטקייט
האבען זיי זייער בארג גריזים אנטקעגען געשטעלט דעם היילינען בארג
מוריה, זיי האבען דערוויזען אויף דעם גרונד פון דער תורה, אז גאט אליין
האט אויסדערוועהלט דעם דאזיגען בארג, אלס דעם איינציגען ארט פאר
קרבנות־ברייננען, און זיי האבען מיט שטאלץ זיך אנגערופען ישראלים.
סנבלט און זיינע אנהיינגער האבען געשטרעבט דערצו, צו צוציהען צו
זיך וואס מעהרווירקליכע יודען. יענע יודען, וועלכע פלעגען זיך בע־
זעצען צווישען זיי, פלעגען זיי, די שומרונ'ער, אבגעבען פארטיגע הייזער
און פעלדער און געשטיצט זיי מאטעריעל. די יודען, וואס זענען עפעס א
פערברעכען בעגאנגען אין יהודה און האבען מורא געהאט פאר א שטראף,
פלעגען דעריבער לויפען צו די שומרונ'ער, וואו זיי פלעגען אנגענומען
ווערען אלס טייערע געסט. פון אזעלכע עלעמענטען האט זיך אויסגעבילדעט
די נייע האלב־יודישע געזעלשאפט, אדער סעקטע שומרונ'ער אין דער
געגענד פון שומרון, וואו אלס צענטרום האט געדיענט אדער די שטאדט,
וואס האט דער געגענד איהר נאמען געשאנקען, אדער די שטאדט שכם.
די אנהיינגער פון דער דאזיגער סעקטע האבען געבילדעט א רוהיגע, נאר
שטארקע געמיינדע, וואס האט זיך מיט הוילע וואונדער דערהאלטען ביז
היינטיגען טאג, נישט קוקענדיג אויף איהר קליינקייט און אויף דער אונבע־
דייטענדער צאהל פון איהרע מיטגלידער. דער קיום פון דער דאזיגער
סעקטע איז אייגענטליך דער נצחון פון דעם יודישען גלויבען און דער העכס־
טער בעוויז פון זיין גרויסקייט און לעבענספעהיגקייט, ווארום אט האט אזא
מישמאש פון פערשידענע שבטים, ווי די שומרונים, געקאנט זיך פעראייניגען
דורך דער דאזיגער רעליגיע, אויסקויבען איהר פאר זייער וועג־פיהרער און,
נישט קוקענדיג אויף אלע צרות און אונגליקען, וואס זיי האבען געמוזט דער־
בער אויסשטעהן, זיך קיינמאל מיט איהר נישט געשיידעט. די שומרונ'ער,
פונקט אזוי ווי די יודען, האבען זיך שטענדיג געהאלטען און האלטען
זיך נאך ביז היינטיגען טאג ביי דער תורה, וואס די ארויסגעטריבענע כהני[ם]
פון יהודה האבען מיט זיך צו זיי געבראכט, און איהרע געבאטען שטע־
לען פאר מיט זיך די פארמען פון זייער רעליגיעזען און געזעלשאפטליכען
לעבען. טראץ אבער די דאזיגע אלגעמיינע גרונדשטריכען, האט דאס יודישע
פאלק גארנישט פערדיענט פון דעם דאזיגען צוקומעניש, וואס האט כלומרשט
געטיילט זיך מיט איהם זיין אמונה. די דאזיגע ערשטע יודישע סעקטע
האט געבראכט יודען נישט וועניגער ליידען, וויפיעל די איבעריגע סעקטעס,
[וואס] האבען פון איהר אין די שפעטערדיגע דורות ארויסגעשפראצט. די

שומרונ'ער האָבען נישט נאָר זיך פערהאַלטען מיט אַ שטאַרקער שנאה צו דעם יודישען פאָלק, נאָר זיי האָבען זאָגאַר געפּרובט פיעל מאָל זיך אונטערצוגראָבען אונטער איהם. עס האָט זיך זיי געוואָלט אַליין בלייבען אַלס די אָבשטאַמונג פון ישראל, זיי האָבען געלייקענט אין דער היילינקייט פון ירושלים און איהר בית-המקדש און זיי פלעגען אַרויסשטעלען דאָס, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורכ'ן יודישען פאָלק, אַלס אַ פאַלשע נאָכאַהמונג פון דעםווירקליכען אַלטען ישראל'טהום. און נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי פלעגען שטענדיג זיך צוקוקען צו דעם, וואָס עס קומט פאָר ביי זייערע שונאים, אום איינצופיהרען ביי זיך אַליץ, וואָס דאָרטען ווערט איינגעפיהרט, וואָלטען זיי דאָך מיט פערגניגען פערניכטעט זייער אייגענעם אידעאַל, ווען דאָס וואָלט נאָר געווען אין זייער רשות. פון דער יודישער זייט איז די פיינדשאַפט צו זיי אויך געווען נישט קלענער. די יודען פלעגען די שומרונ'ער אָנרופען „די פערשאָלטענע כותים". די שנאה צווישען ירושלים און שומרון האָט ווידער אויפגעלעבט, אַזוי ווי אין די צייטען פון דער אפרים-מלוכה. זי האָט שוין מעהר נישט געטראָגען קיין פּאָליטישען האַראַקטער; איהר אינהאַלט איז געווען געגרינדעט אויף אַנאינערליכען, רעליגיעזען באָדען, און דעריבער איז זי געווען פיעל ליידענשאַפטליכער.

די ענטשטעהונג פון דער שומרונ'ישער סעקטע האָט געהאַט זעהר אַ גרויסע ווירקונג אויף דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון דעם יודישען פאָלק. איינגעפּינענדיג זיך אין אַ נאָהענטע שכנות און צוזאַמענשטויסענדיג זיך שטענדיג מיט דער דאָזיגער סעקטע, אויסהערענדיג שטענדיג מיינונגען, וועלכע זענען פאַר זיי געווען העכסט שעדליך, האָבען די ישראלים אַליץ שטייפער זיך פערבונדען מיט אַנאַנדער. די שומרונ'ער האָבען מיטגעווירקט צו פערטיעפען ביי די יודען זייער זעלבסטבעוואוסטזיין, וועלכען זיי האָבען געשעפּט הויפּטזעכליך פון דער הייליגער תורה. די תורה איז געוואָרען ביי זיי נישט נאָר דער באַזיס פון דער רעליגיאָן, נאָר דער פונדאַמענט פון זייער נאַציאָנאַלען וועזען. אַזוי ווי עס איז אין די צייטען פון נביאים גרויס געווען ביים פאָלק די גלייכגילטיגקייט צו דעם דאָזיגען „ספר המצות והחוקים"; אַזוי איז אין דער עפּאָכע נאָך עזרא און נחמיה גרויס געוואָרען די פערעהרונג זיינע. דאָס פאָלק האָט אויף דער תורה גענומען קוקען, ווי אויף אַ קוועלע פון אונענדליכער געטליכער חכמה. די יודישע פּאָעזיע צו יענער צייט האָט איהר ערהויבען און בעזונגען מיט הימעלשע לויב-ליעדער און געטליכער התפעלות. זעלבסטפערשטענדליך, אַז די תורה האָט דערום געמוזט ווערען דער יסוד פון געזעצליכקייט אין דער קליינער מלוכה פון יהודה,

בײַ יעדען אומשטאַנד פֿלעגט געפֿאָרשט ווערען אין דעם „בוך פֿון גאָט“, אויב ס'איז בעגאַנגען געוואָרען עפ"י דין. צו יענער צײַט איז אײַנגאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען אין דעם יודישען לאַנד דער מנהג פֿון קנעכטשאַפֿט. אַז אַ יוד האָט געוואָלט זיך פֿערקויפֿען פֿאַר אַ קנעכט האָט מען נישט געהאַט, ווער ס'זאָל איהם קויפֿען. דאָס יודישע פֿאָלק איז דורכגעדרונגען געוואָרען מיט דעם בעוואוסטזײַן פֿון זײַן הייליגקײַט און העכסטער געטליכער בעשטימונג. יעדער יוד איז אַ קנעכט פֿון גאָט („כי לי בני ישראל עבדים“), און קאָן נישט דינען אַלס קנעכט פֿון אַ „בשר ודם“. דער הויפּט-פּרינציפּ פֿון דעם דערמאָהנטען מנהג, לויט וועלכען מ'האָט געקאָנט אַ מענשען פֿערזעצען אָדער פֿערקויפֿען, דער פּרינציפּ, וואָס האָט דאַן עקזיסטירט בײַ אַלע פֿעלקער, איז אין יהודה אײַנגאַנצען אויסגעמעקט געוואָרען דורכדעם, וואָס יעדער חוב האָט געמוזט בטל ווערען אינ'ם יאָהר פֿון שמיטה. די פֿערזאָן פֿון יעדען מענשען איז דורכדעם ערהויבען געוואָרען, געהייליגט געוואָרען, איהר פֿרײַהײַט און זעלבסטשטענדיגקײַט איז אונבעדינגט בעשטעטיגט געוואָרען. די דאָזיגע בעציהונג צו יעדען יודען בכלל האָט ממילא געמוזט וועקען אין האַרצען רחמנות צו יעדען אונגליקליכען מיטגליעד פֿון פֿאָלק. געבען נדבות איז פֿערעכענט געוואָרען אַלס איינע פֿון די גרעסטע מצוות. אין יעדער שטאָדט זענען געווען אויסגעקליבען בעזונדערע ממונים, אָנצופֿיהרען מיט די געזעלשאַפֿטליכע צדקה-ענינים. די פֿריהערדיגע געוואַלדען פֿון די נביאים וועגען דער אכזריות, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד אין דער בעציהונג צו די אָרימע און הילפֿלאָזע, האָבען איצט אין יהודה מעהר קיין אָרט נישט געהאַט.

די אויפֿפֿיהרונג פֿון געריכט איז אין יהודה געווען די פֿאָלקאָמסטע; די פֿערשידענע מיספֿערשטענדנישען צווישען אַנאַנדער פֿלעגען געלעזט ווערען מי"ז אַזאַ דײַנהערציגער עהרליכקײַט, אַז די אינסטיטוציע האָט דאַן געקאָנט דינען אַלס מוסטער פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט. פֿאָלשטענדיגע גלײַכהײַט פֿאַר'ן געזעץ איז פֿאַר יעדען געווען אַזוי קלאָהר, אַז דאָס איז גאָר געווען איבעריג אונטערצושטרייכען. צוויי מאָל אין וואָך פֿלעגען פֿאָרקומען געריכטס-זיצונגען אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך, נאָמענטליך: אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. צוליעב די ספקות, וואָס האָבען געקאָנט אָפּטמאָל אַרויסוואַקסען אין פֿערשידענע פֿראַגען, וועלכע ווערען נישט דירעקט בעצייכענט אין דעם ספר-החקים, האָט געדאַרפֿט געגרינדעט ווערען אַ העכסטער צענטראַל-געריכט, וואָס זאָל אין אַזעלכע צווייפֿעלהאַפֿטע צופֿאַלען בעשטימען דעם דין לויט דעם אַלגעמיינעם גייסט

פון דער תורה. די לייט, וועלכע זענען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער געמיינדע נאָך עזרא און נחמיה האָבען דעם דאָזיגען „העכסטען געריכט" געשאַפען; ער איז בעשטאַנען פון אַ מאַן זיבעציג, וועלכע זענען געווען די „עלטסטע" אין זייערע משפחות און געאַכטעט אין'ם גאַנצען לאַנד. די דאָזיגע איינציגאַרטיגע אינסטיטוציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין יהודה ביז דעם צווייטען חורבן און וועלכע איז שטענדיג געשטאַנען אויף דער וואַך אָבצוהיטען די געזעצליכקייט, האָט זיך אייגענטליך אויסגעבילדעט פון די שטענדיגע פאָלקס-פערזאַמלונגען, וואָס נחמיה האָט איינגעריכטעט; זי האָט בעשלאָסען אַלע וויכטיגע רעליגיעזע, געריכטליכע און זיטליכע פראַגען. די פּרס'ער האָבען זיך, ווי ס'שיינט, צום „העכסטען געריכט" פערהאַלטען מיט עהרע און סימפּאַטיע און האָבען איהם פאַרגעשטעלט דאָס רעכט, צו פערוואַלטען מיט דער געמיינדע, דערום האָט ער געהאַט אויך אַ געוויסע פּאָליטישע בעדייטונג. דאָס דאָזיגע געריכט („סנהדריה-גדולה" אָדער „בית-דין") איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אַ פאָרזיצענדען מיט דעם טיטול „אב-בית-דין" און „ראש-הסנהדרין"; די איבעריגע מיטגליעדער זענען צווישען פאָלק אָנגערופען געוואָרען „סופרים" — ד"ה געלעהרטע. דער סנהדרין האָט גלייך מיט זיין ענטשטעהונג אָנגעהויבען צו ווירקען אין'ם גייסט פון עזרא און נחמיה: אַריינצובריינגען אין יודישען לעבען און אין די יודישע געוואָהנהייטען גערעכטיגקייט און יודישקייט. ער האָט אַרויסגערופען אַ ווירקליכע איבערקעהרעניש אין לאַנד; און אַלע ענדערונגען, וואָס מען האָט נאָכהער, אין אַ יאָהר צוויי הונדערט אַרום, געקאָנט בעגעגענען אין דער יודישער געמיינדע, זענען געשאַפען געוואָרען בלויז נאָר מיט זיין הילף. די נייע איינריכטונגען, וועלכע די מסורה איז מיחס צו עזרא'ן, זענען אייגענטליך אויך זיין שאַפונג. ער האָט אַוועקגעלעגט דעם גרונד פאַר דעם בנין, וועלכער עקזיסטירט שוין ביי יודען טויזענדער יאָהרען. פריהער פון אַלץ האָט ער איינגעפיהרט רעגעלמעסיגע פעריאָדישע פאָרלעזונגען פון דער תורה פאַר'ן פאָלק. יעדען שבת און יעדען יום-טוב האָט געמוזט געלעזען ווערען אַ געוויסער טייל פון דער תורה פאַר דער פערזאַמעלטער געמיינדע. נאָכהער זענען אויך אין די וואָכעדיגע טעג איינגעפיהרט געוואָרען אַזעלכע פאָרלעזונגען אום מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ווען די דאָרפס-לייט פערזאַמלען זיך אין שטאָדט צוליעב די געריכטס-זיצונגען. דאָס האָט געזאָלט אַלץ טיעפער צוזאַמענבינדען דאָס פאָלק מיט דער תורה. דער טעקסט פון דעם געטליכען בוך איז אָבער געווען ניט פאַר אַלעמען לייכט צום לעזען. ביז יענער צייט פלעגען די היילגע ספרים געשריבען ווערען מיט דעם פעניציאַנישען שריפט,

וועלכער איז צוליעב זיין שווערינקייט בעקאַנט געוועזען נאָך פֿאַר די געלעהרטע. פֿאַר די יודען, וועלכע האָבען געוואָהנט אין פּרס, איז נאָך דער דאָזיגער שריפֿט פֿיעל שווערער און אונפֿערשטענדליכער געוועזען און דערום איז די תורה געוועזען פֿאַר זיי נאָך מעהר פֿרעמד, נאָך מעהר נישט צוגענגליך.

אויף אַזאַ אַרט האָט זיך אויסגעבילדעט אַ נייע בעדערפֿעניש, צו פֿערבייטען די אַלטע פֿיניציעאישע בוכשטאַבען מיט נייע, וועלכע זענען שוין דאַן געברויכט געוואָרען ביי די פֿעלקער, וואָס האָבען געוואָהנט אַרום די טייכען חדקל און פּרת. דער דאָזיגער נייער קאַנטיגער שריפֿט (רבוע), וואָס איז שוין פֿון לאַנג אַריין אין'ם אַלטעגליכען געברויך ביי די פּאַלעסטינישע און איבערהויפּט ביי די פּערסישע יודען, איז איינגעפֿיהרט געוואָרען פֿאַר דער תורה און פֿאַר די „נביאים", ווי אויך פֿאַר די איבעריגע הייליגע ספרים און האָט בעקומען דעם נאָמען אשור־שריפֿט (כתב־אשורי), ווייל ער איז צוערשט ערפֿונדען געוואָרען אין די אשורישע פּראָווינצען. די שומרונער, אין געגענטייל, אויס שנאה צו יודען, האָבען איינגעהיט בלויז פֿאַר דער תורה און די איבעריגע הייליגע ספרים דעם אַלטען פֿערפֿלאָנטערטען פֿיניציער־כתב, הגם אין אַלטעגליכען לעבען האָבען זיי אויך שוין לאַנג זיך נישט בענוצט מיט איהם. זיי פֿלעגען מאַכען יודען פֿאָרווירפֿע, אַז זיי בעגעהן אַ פֿערברעך דערמיט, וואָס זיי האָבען געביטען דעם כתב פֿון משה און די נביאים, און נאָך ביז היינטיגען טאָג זענען ביי די שומרונער די ספרי־תורה געשריבען מיט דעם אַלטען כתב, וועלכער איז פֿרעמד זאָגאַר זייערע אייגענע גייסטליכע.

ווען מ'איז איינגעפֿיהרט געוואָרען דער נייער שריפֿט און די תורה איז געוואָרען ווירקליך אַ פֿאָלקס־בוך, וואָס יעדער האָט איהם געקאָנט לייכט לעזען און פֿערשטעהן, האָבען די סופרים איינגעאָרדענט אַ נייעם אַנשטאַלט: שולען פֿאַר דער יוגענד. דאָרטען האָט מען די יונגע יודישע קינדער געלעהרנט די יסודות פֿון רעליגיאָן, פֿון געזעצליכקייט און איינגעפֿלאַנצט אין זיי אַ בעזונדער ליעבשאַפֿט צו דעם אַלעמען. די גייסטיגע פֿיהרער פֿון פֿאָלק אָדער, ווי זיי זענען אָנגערופֿען געוואָרען: די „אנשי כנסת־הגדולה", האָבען געפֿאָדערט פֿון די קומענדיגע דורות זיי זאָלען שאַפֿען, „וואָס מעהר געלעהרטע יונגע לייט" (העמידו תלמידים הרבה"); פֿערשטעהט זיך, אַז זיי אַליין האָבען זיך געמיהט דורכצופֿיהרען אין לעבען דאָס, וואָס ס'האָט געהאַט אין זייערע אויגען אַזאַ גרויסע נאַציאָנאַלע בעדייטונג. אַזאַ שול פֿאַר דער יוגענד איז געגרינדעט געוואָרען אין ירושלים. די לעהרער זענען געוועזען די זעלביגע „סופרים" אָדער „חכמים"; די שילער האָבען זיך אָנגערופֿען „תלמידי־

חכמים". די טהעטיגקייט פון די דאזיגע חכמים איז געווען א דאפעלטע. פון איין זייט האבען זיי זיך פערנומען דערמיט, וואס זיי האבען ערקלערט און אויסגעטייטשט די תורה; פון צווייטען זייט האבען זיי זיך געמיהט איינצופיהרען אין לעבען די פארשריפטען פון דאזיגען הייליגען ספר, דורך דער ווירקונג אויף די תלמידים. זייערע ערקלערונגען צו דער תורה האבען בעקומען דעם נאמען „מדרש". דאס איז געשאפען געווארען נישט לויט דעם פרייען ווילען נאר לויט געוויסע רעגעלען, וועלכע פיעל פון זיי האבען געהאט בקבלה פון די פריהערדיגע דורות ביז די זקנים, יהושע און משה. די שולען און די „סנהדריה גדולה" האבען געארבייט צוזאמען אין איין און דערזעלבער ריכטונג און האבען ערגענצט איינע די צווייטע.

די הערכסטע גייסטיגע אויטאריטעט, די „סנהדריה גדולה" האט זיך בעגנוגענט מיט די קאמענטאריעס (פירושים) צו דער תורה, און מיט דעם, וואס זי האט איהרע געזעצען דורכגעפיהרט אין לעבען; זי האט אויך ארויסגעגעבען זעלבסטשטענדיגע דינים, צו רעגולירען און פערפעסטיגען די רעליגיעז-מאראלישע טהעטיגקייט ביים פאלק. אן אלטער שפריכווארט פון יענער צייט זאגט אן לדורות: „מאכט אן אבצאמונג פאר דער תורה" („עשו סיג לתורה"). אין די דאזיגע ווערטער דריקט זיך אויס דער כאראקטער פון דער ריכטונג, ביי וועלכער ס'האט זיך געהאלטען די דעמאלסטיגע געזעצגעבונג: עס מוזען פערוועהרט ווערען געוויסע ערלויבטע זאכען, וועלכע גרענעצען זיך זעהר נאהענט מיט אונערלויבטע און קאנען אלזא ווערען פערביטען איינע מיט די צווייטע. די דאזיגע שטרעבונג צו פערהיטען פאראויס פון אן עבירה, די דאזיגע אבצאמונג, האט אין יענער צייט געהאט א געוויסען גרונד. די פאלקסמאסען, וועלכע זיינען געווען אונענטוויקעלט, האבען געדארפט אויף אזא אופן זיך צו געוואהנען, צו פאלגען די געזעצען און צו ערפילען זייערע פליכטען. א דאנק דער דאזיגער אויפגאבע, אבצוהאלטען דאס פאלק פון א זינד, זיינען געשאפען געווארען א גאנצע רייהע דינים, וועלכע געהערען צו דעם דור פון די „סופרים" („דברי סופרים"). די קאטעגאריען פון קרובה'שאפט, צ. ב. ש., מיט וועלכע עס איז לויט דעם דין פון דער תורה (מדין תורה) פערוועהרט געווארען צו הייראטען, איז פיעל פערברייטערט געווארען מדיני סופרים (עריות). מיט א בעזונדער זארגזאמקייט זיינען פערהיט געווארען די עבירות געגען אונשולד. א מאנסצערשוין האט זיך נישט געטארט געפינען איינער אליין מיט א פרעמדער פרויענצימער אין א פערבארגענעם ארט (יחוד). געגען דער לייכטזיניגקייט, מיט וועלכע די בעפעלקערונג האט זיך פערהאלטען צום שבת אין נחמיה'ס צייטען,

איז געשאַפען געוואָרען אַ האַרבע, שטרענגקייט פון שבת־פערהיילינונג. צו פערהיטען די מעגליכקייט פון הלול שבת און הלול יום־טוב איז איינגעפיהרט געוואָרען פאַר אַ חוב, צו פערענדיגען אַלע וואָכיגע אַרבייטען ערב שבת און יום־טוב נאָך אַ צייט פאַר זון־אונטערגאַנג.

לויט דעם גייסט פון די סופרים, האָבען די הייליגע שבת'דיגע און יום־טוב'דיגע טעג געדאַרפט אַרויסרופען אין האַרצען פון יעדען יודען אַ פייערליכע גאָטליכע שטימונג, און ברענגען צום פערגעסען די אַלטעגליכע אינטערעסען און וואָכעדיגע ליידען. פרעהליכקייט און בעגייסטערונג האָבען געדאַרפט בעלעבען די יודישע נשמה. צו דעם צוועק האָט יעדער יוד געמוזט ביים אָנקומען און ביים אַוועקגעהן פון שבת אויסטרינקען אַ כוס וויין. ביים אָנקומען דערמאָהנט זיך, מיט אַ תפלה אויף די ליפען, די הייליגקייט פון טאָג (קדוש); ביים אויסגעהן, — אום דער טאָג זאָל מאַכען אַן'איינדריק אויף אויפ'ן וואָך (הבדלה). אַ דאַנק די דאָזיגע און נאָך פיעל דינים וועלכע זענען ביים פאָלק נישט פערשטיינערט געוואָרען, האָט דער שבת אָנגענומען מיט דער צייט זעהר אַ שענעם און ערהויבענעם כאַראַקטער. די זעלביגע הייליגקייט האָבען אויך בעקומען די פערשיעדענע ימים־טובים אַ דאַנק די בעזונדערע תקנות פון די סופרים.

אַ גרויסען תקון האָבען זיי, די סופרים, אויך געשאַפען בנוגע צו דעם גאָטעס־דיענסט. די נביאים נאָך, זענען אויך שוין אַ סך מאָל שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען די קרבנות, וועלכע האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַ טרוקענעם צערעמאָניאַל און האָבען גאָרנישט געווירקט, אויפצוהויבען דעם מענשליכען גייסט. די סופרים האָבען מתקן געווען, אַז צוזאַמען מיט די קרבנות זאָלען איינגעפיהרט ווערען רעגעלמעסיגע תפלות (גאָט'ס־געבעטען), צו וואָס די יודען האָבען זיך נאָך אין דעם פאָריגען גלות צוגעוואָהנט. מען האָט געברויכט מתפלל צו זיין דריי מאָל טעגליך: מיט זונענאויפגאַנג, (שחרית), מיט זונענאונטערגאַנג (ערבית) און אין האַלבען טאָג (מנחה). די תפלות זענען פאָרגעקומען בצבור נישט נאָר אין בית־המקדש, נאָר אויך אין פערשיעדענע שטעלען, ווי אין ירושלים אַזוי אויך אין דער פראָווינץ, אין ספעציעלע הייזער, וואָס האָבען געטראָגען דעם נאָמען „בית־הכנסת". די סופרים האָבען נישט בלויז איינגעפיהרט די אָרדנונג פון דאַווענען, נאָר זיי האָבען זאָגאַר געשאַפען די הויפט־תפלות פון דאַווענען (סדור), וועלכע זענען ביים יודישען פאָלק איבערגעגאַנגען דערנאָך פון דור צו דור. אין די תפלות ווערט, אין אַ גרויסאַרטיגער העררליכער פאָרם, איבערהויפט געלויבט די גרויסקייט פון דעם איינציגען, ענדלאָזען גאָט, דעם בעשעפער פון דער

וועלט, דעם פאטער פון יודישען פאלק; אין זיי ווערט געבעטען פון גאט ליעבע, גענאד, און בארמהערציגקייט צו ישראל, צו דער וועלט, צו אלע בעשעפענישען. א גרויסען ארט פערנעהמט די תפלה וועגען דער תורה, אז זי זאל אריינדרינגען אין די הערצער און אנפילען זיי מיט הייליגקייט, מיט גוטסקייט און פערשטענדיגקייט.

די תפלות פון שבתים און ימים=טובים האבען זיך כמעט ווי נישט אונטער־געשיידט פון די תפלות פון דער וואך. עס איז בלויז צוגעקומען א תפלה, וועלכע האט אונטערגעשטריכען די הייליגקייט פון טאג. דער צערעמאניאל פון דאווענען אין די יום=טוב'דיגע און שבת'דיגע טעג האט זיך אבער אויסגע־צייכענט מיט דעם, וואס דאן פלעגט זעהר פיעל געלייענט ווערען פון דער תורה (קריאת התורה). דערצו נאך פלעגען צוגעגעבען ווערען געקליבענע שטי־קלען פון די נביאים, וועלכע האבען געהאט א שייכות אדער צום טאג אדער צו דאס געלעזענע פון דער תורה (הפטרה). ארויסגערופען אין א געוויסען זין דעם מנהג פון דער הפטרה האט דער אנטאגאניזם צווישען די יודען און די שומרונ'ער. די לעצטע, וועלכע האבען געלייקענט אין ירושלים און אין דעם דאָרטיגען בית=המקדש, האבען אינגאנצען אפגעשטויסען די נביאים, וועל־כע שטרייכען אונטער שטענדיג דאס „געטליכע הויז" און די „געטליכע שטאדט" פון יהודה. אויף אזא ארט האט פון דאסניי אפגעהילכט דאס ווארט פון די נביאים, וועלכע האבען ביי'ם לעבען געהאט פאר זיך וועניג צוהערערס און נאכפאלגערס. דאס דאזיגע ווארט האט געקלונגען אין יעדען בית=הכנסת און ביסלעכווייז האט עס אריינגעטראגען א ערהויבענע בעגייסטע־רונג אין די הערצער פון פאלק. דאן האט זיך געלאזט פיהלען א נויטיגקייט צונויפצוזאמלען די רעדען פון די נביאים, ברענגען זיי אין א פאל־שטענדיגע ארדנונג און אזוי ו.. דערמיט האבען זיך, ווי ס'שיינט, אויך די סופרים בעשעפטיגט. אין דער דאזיגער זאמלונג זענען אריינגעגאנגען די פיער היסטארישע ספרים: יהושע, שופטים, שמואל, מלכים (נביאים ראשונים). דריי גרויסע ספרים פון די נביאים: ישעיה, ירמיה, יחזקאל; צוועלף קלענערע נבואה=ספרים: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה, מלאכי (נביאים אחרונים).. די אלע צונויפגעזאמעלטע ספרים האבען בעקומען דעם טיטול „הייליגע שריפטען" און הגם זיי זענען נישט אזוי הייליג ווי די תורה גופא, דאך פערנעהמען זיי נאך איהר דעם ערשטען פלאץ.

אין דער עפאכע פון די כנסת=הגדולה זענען אלזא פעסטגעשטעלט געווארען צוויי אופנים פון גאטעס=דיענסט: קרבנות און תפלה. דאס ערשטע

פלעגט פאָרקומען נאָר אין בית־המקדש, דאָס צווייטע איבערן גאַנצן לאַנד, ווייל גאַנץ יהודה איז בעדעקט געוואָרן מיט בתּי־כּנסיות. די ביידע פאָרמען פון עבודה (גאָטעס־דיענסט) האָבען געבילדעט איין אייניגקייט, ערגענצענדיג איינע די צווייטע און אָפּלעהרנענדיג זיך איינס פון צווייטן. די תּפלה איז אָבהענגיג געווען פון די קרבּנות אין בעציהונג צו דער צייט. אין דער זעלבער צייט ווען די כּהנים פלעגען אין בית־המקדש צוטרעטען צו די קרבּנות, פלעגט דער צבור אין בית־הכּנסת זיך פערזאַמלען צו תּפלה. אום שבּת און יום־טוב ווען עס פלעגען פיער קרבּנות געבראַכט ווערען, פלעגט צו די דריי טעגליכע תּפלות צוגעגעבען ווערען אַ פיערטע — מוסף. דער סדר פון קרבּנות האָט זיך אויך נישט געקאָנט בעגעהן אָהן דאָס לעבענדיגע וואָרט און עס זענען דערביי איינגעפיהרט געוואָרן אַלס חוב די לויב־געזאַנגען פון די לויים.

דער ענין פון עבודה און קרבּנות האָט געהאַט אין זיך אַ מערקווירדיגען מאָמענט. דאָס איז דער בעשטאַנד פון „ריינליכקייט" און „אונריינליכקייט" (דיני טומאה וטהרה). די געזעצען פון דער תּורה גיעבען דערויף גאַנץ דייטליכע רעגעלען. דער אומריינער טאָר נישט מקריב זיין קיין קרבּנות, טאָר נישט אַריינקומען אין בית־המקדש; איבערהויפּט טאָר ער נישט עסען דאָס, וואָס ס׳איז פערהייליגט געוואָרן דורכ׳ן דין. ס׳שיידען זיך אונטער פערשיעדענע מדרגות אין טומאה; יעדע מדרגה האָט זיך איהר בעזונדערען דין אין בעציהונג צו קדושה.. דאָס געזעץ ווייזט אויך אָן די מיטלען, דורך וועלכע דאָס אונריינע קאָן גערייניגט ווערען. בעזונדערע כּללים זענען געשטעלט געוואָרן פאַר די, וואָס זענען אומריין געוואָרן צוליעב׳ן אָנריהרען זיך אָן אַ טוידטען קערפּער (טמא מת). פרישעס קוואַל־וואַסער שפּיעלט אין דעם ענין פון אָפּריינייגען זיך פון טומאה זעהר אַ וויכטיגע ראָללע.

אין דער דאָזיגער צוויי הונדערט יעהריגער עפּאָכע האָט זיך די גאַנצע טהעטיגקייט פון דער יודישער געמיינדע אויסגעדריקט אין איהר אינערליכער גייסטיגער פערפאָלקאָמענונג. אינ׳ם וואָכעדיגען לעבען האָט דער יוד זיך בעשעפטיגט בלויז מיט רוהיגער, פריעדליכער אַרבייט. מיט מלחמה־אַנגעלעגענהייטען האָט ער זיך נישט אינטערעסירט זאָגאַר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס איז נויטיג געווען צו פערטיידיגען די אייגענע גרענעצען פון די שכני׳שע אָנפאַלען. אין דער ווירקליכקייט איז מקיים געוואָרן דאָס, וואָס עס האָט פאָראויס געזאָגט דער נביא יחזקאל, שילדערענדיג דעם קינפטיגען צושטאַנד פון דער יודישער מלוכה נאָכדעם, ווי דאָס פאָלק וועט זיך אומקעהרען פון גלות אין זיין פאָטערלאַנד. אַ מלוכה פון גייסט, וועלכע

וועט נישט וויסען פון קריעג און פיינדשאפט — אזוי האט אויסגעזעהען דאס בילד פון דער צוקונפטיגער יודישער געמיינדע אין דער פארשטעלונג פונ'ם נביא. אין דער תקופה פון די סופרים האט דאס בילד אנגעפאנגען פערקערפערט צו ווערען.. די יודען האבען קיין אנטייל נישט גענומען אין די מלחמות, וואס זענען צו יענער צייט פארגעקומען נעבען זייערע גרענעצען. פאר ארתחשתא דעם 2-טען און ארתחשתא דעם 3-טען האבען די אונצופריעדענע מצרים (עגיפטער) געפרובט פון זיך אראבווארפען דעם יאך פון פרס און ווערען פון דאסניי זעלבסטשטענדיג. אפט זענען פארביי די יודישע גרענען פון מיטלענדישען-ים פארבייגעגאנגען די פרס'ישע חילות קיין מצרים, אדער די מצרים'דיגע חילות קיין פיניציא, ווי אויך די געדונגענע גריכישע ארמעען, וועלכע פלעגען העלפען מלחמה-האלטען אמאל דעם צד, אמאל יענעם צד פון די שטרייטערס, פלעגען פארבייגעהן אהין און צוריק, און פון זייערע הויכע בערג האבען די יודען געקאנט בעאבאכטען דאס קריעגסטעאטער. נאך אלעמען אבער האבען זיי פונדעסטוועגען פארט נישט שטענדיג געקאנט בלייבען פאסיווע צושויערס בנוגע צו די קריעגס-געשעהענישען, ווארום אויב זיי זענען נישט געווען מחויב צוצושטעלען קיין מענשען פאר דער פרס'ישער ארמעע, האבען זיי דאך אויף זיך געהאט אנדערע מלחמה-פליכטען, ווי צוצושטעלען פראדוקטען און אזוי וו. די בעציהונגען פון דער פרס'ישער רעגירונג צו זיי אין יענער צייט איז פיעל ערגער געווארען. צוליעב דער השפעה פון גריכענלאנד, מיט וועלכער פרס איז דאן געקומען אין נאהענטסטען פערקעהר, זענען די פרס'ער געניוגט געווארען צו דער ווילדער געצענדינערייט און זיי האבען ביי זיך אין לאנד איינגעפיהרט דעם קולט פון פיעל גריכישע געטער. איבערהויפט איז דארט זעהר פאפולערע געווארען די געטין פון גראבע קערפערליכע פערגעניגענס — אפראדיטא, וועלכער די אויסגעלאסענע פרס'ער האבען געדיענט, צו איהר זיך געבוקט און קרבנות געבראכט. צוליעב די גרויסע נצחונות זייערע, איז דאס לאנגע אונגעהויערע רייך געווארען און די בעפעלקערונג האט זיך איבערגעגעבען אינגאנצען צו פערשיעדענע ווילדע תאוות, וואס נאר די געטין אפראדיטא האט עס געקאנט בעגריסען. אננעהמענדיג דעם קולט פון דער דאזיגער תאוה-געטין האבען זיי איהר א נאמען געגעבען אנאאיטא און צוגערעכענט צו זייערע אייגענע געטער. ארתחשתא דער דריטער האט איהר קעניגליך סאנקציאנירט, אליין האט ער צו איהר זיך געבוקט און פערזאגט אויסצושטעלען איהרע סטאטועען אומעדום אין זיין גרויסער מאנארכיע—אין בבל, אין שושן און אין עקבאטאן, אין די דריי הויפטשטעדט זיינע, נאכהער אין דמשק, אין סארדעס און אין

אלע איבעריגע שטעדט פון פרס און מדי. אויף אזא אופן האט דער ריין פרס׳ישער קולט בעקומען א דאפעלען קלאפ: עס זענען אריינגעפיהרט געווארען פרעמדע געטער אין לאנד און דאס ווילד-מגושמ׳דיגע-געצענדיענסט, פון וואס פרס איז שטענדיג ריין געוועזן, האט זיך דארטען א פעסטען נעסט אויסגעפלאכטען. א דאנק דער רעליגיעזער איבערקעהרעניש אין פרס, איז פונאנדערגעריסען געווארען דער איינציגער גייסטיגער פאדעם, וואס האט די פרס׳ער פערבונדען מיט׳ן יודענטום, — די פערהאסינג צו דער געצענדיענערײ. אין פרס האט מען אויפגעהערט צו אכטען דעם גייסטיגען, אבסטראקטען יודישען גאט. ווי ס׳זעהט אויס, האט ארתחשתא, צווינגענדיג זיינע אלע אונטערטעניגסטע פעלקער אנצונעהמען דעם קולט פון דער תאוה-געטין, זיך אויך געפרובט דאס זעלבע צו טהון אין יהודה; די מסורה דערצעהלט, אז די יודען האבען דאן פון די פרס׳ישע פערטרעטער פערשידענע בעליידיגונגען איבערגעטראגען; אז די דאזיגע פערטרעטער האבען זיי גענויט צו פערלאזען דעם גאט פון זייערע עלטערן; די יודען האבען אבער בעסער אויסגעליטען אלע מיני יסורים, זאגאר זיך געלאזען הרג׳ענען דורך שווערע ענוים, און נישט בוגה געווען אין זייערע איבערציינגונגען און אין זייער אמונה.

ס׳איז פערהאן א ידיעה, אז ארתהשסתא אתים האט אין דער צייט פון דער מלחמה מיט מצ״ים (361 — 360) פעריאגט פיעל יהודים פון זייער לאנד און האט זיי בעזעצט אין אירקאניע אויפ׳ן קאספישען־ים.

אין ירושלים גופא האבען די יודען געליטען פיעל צרות פון איינעם פון די פערזאנען, וואס האבען אנגעהויבען אונגעהויער גיך וואקסען און מאכט בעקומען ביים פרס׳ישען הויף, צוליעב דעם כאאס און אונארדנונג, וואס האט געהערשט אין דער פרס׳ישער אימפעריע און אין דעם פרס׳ישען רעגירונגס-מעכאניזם צו יענער צייט. דאס איז געוועזן דער סריס בחוזם, וועלכער האט פאר ארתחשסתא דעם 3-טען בעקומען א גרויסע קראפט און ווירקונג. זיין מעכטיגקייט איז ענדליך געווארען אזוי גרויס, אז ארתחשסתא און זיין גאנצע משפחה זענען איננאנצען אויסגעראטען געווארען און ער, בהוזם, האט פערהאפט דעם טראן. פריהער אבער, איידער ער האט נאך די מלוכה בעקומען, האט ער אויסגענוצט זיין גינסטיגע לאגע אין דער ארמעע, וועלכע האט זיך איינגעפונען אין סוריא און פיניצעא, כדי אנצוזאמלען א סך עשירות. מיט דעם דאזיגען מאן האט זיך דאן געחבר׳ט דער זוהן פון כהן גדול, וועלכער האט געהאפט, אז דורך שוחד, וועט איהם דער פרס׳ישער שר העלפען צו בעקומען די כהונה־גדולה און צו

בעזייטיגען זיין עלטערען ברודער, יהוחנן, וועלכען דער טיטול האָט געהערט לויט דער אָרדנונג פון ירושה. דער לעצטער האָט זיך בעצייטענס דערוואוסט פון זיין ברודערס שטרעבונגען; ער איז צוליעב דעם זעהר אויפגערעגט געוואָרען און האָט געהרג׳עט אין בית-המקדש גופא זיין ברודער יהושע, דעם ליעבלינג פון בגוס. דער דאָזיגער אומשטאַנד איז געווען אַ טרויעריגער צייכען פאַר דער צוקונפט. וואָרום דערווייסענדיג זיך וועגען דעם, וואָס האָט פאַסירט אין ירושלים, האָט דער סריס בעפעהלען אין דער הויפטשטאָדט פון יהודה, נישט נוקם צו זיין זיך פאַר זיין פריינד, נאָר אַלס שטראָף, אַרויסצודריקען פון דער בעפעלקערונג וואָס מעהר געלד. דאָס פאָלק האָט געמוזט פאַר יעדען טעגליכען קרבן-תמיד צאָהלען אַ געוויסען אויסקויף-געלד, וואָס האָט געמוזט יעדען פריהמאָרגען איינגעצאָהלט ווערען פאָראויס.

די יודען האָבען געמוזט אין די דאָזיגע פינסטערע צייטען פון דאָמגיבעמפפען פאַר זייער עקזיסטענץ. אין אַלגעמיין זענען אין דעם משך פון די דאָזיגע צוויי יאָהר-הונדערט אין דעם יודישען לאַנד פאָרגעקומען זעהר וועניג ליכטיגע מאָמענטען: אַ ווײַלע האָט פאַר דעם יודישען פאָלק אַ ליכט געגעבען די זון פון גליק פאַר דריוש דעם ערשטען, וועלכער האָט זיך צו זיי זעהר פריינדליך פערהאַלטען; נאָכהער איז אויך גיך פערשוואונדען געוואָרען די לעבהאַפטע תקופה פון נחמיה און עזרא. דערנאָך הערשט שוין אין לאַנד איינגאַנצען אַ ניעדערגעשלאָגענע שטימונג. עס שטאַרקט זיך די אָרימקייט, די הילפלאָזיגע לאַגע רופט אַרויס אַ ביטערען רחמנות. דאָס פאָלק האָט זיך ווי פערלוירען, די געזיכטער פון זיינע זיהן האָבען אויסגעדריקט דעם ביטערען פערצווייפלונגס-אויסרוף: „מאַין יבוא עזרי?" — „פון וואַנען וועט די הילף אָנקומען?". די געדריקטע שטימונג פון דער דאָזיגער צייט האָט געהאַט איהר ווירקונג אויף די שעפפונגען פון יענע צוויי יאָהרהונדערטען. אין דער צייט פון גלות האָבען דאָס לעבעדיגע אונגליק צוזאַמען מיט דער ליידענשאַפטליכער שטרעבונג צו פרייהייט געהאַלטען דעם פאָלקסגייסט שטענדיג אין אַנאָנגעשטרענגטען בעשטאַנד און אַ דאַנק דעם איז געשאַפען געוואָרען די וואונדערליכע אויפבליהונג פון נביאות און פּאָעזיע. ווען אָבער די אויפרעגונג האָט זיך איינגעשטילט, און די האָפנונגען זענען פערוואַנדעלט געוואָרען אין ווירקליכקייט, איז אָבגעשוואַכט געוואָרען אויך דער גייסטיג-פּאָעטישער פלוג. אויסגעשעפּט איז געוואָרען דער שאַפענדער גייסט פון די משוררים, די בעלי-תהלים, וועלכע ווידערהוילען זיך אונענדליך און בענוצען זיך אָפט מיט די מוסטערען פון די פריהערדיגע דורות.

די פערצייכנונג פון די היסטארישע פאסירונגען איז אינגאנצען פערלאָזען געוואָרען. זאָגאר די עטליכע מעמוארען, וועגען יענער תקופה, וואָס זענען געבליבען פון עזרא און נחמיה, זענען אויך ווייניג בעארבייט בנוגע צו דער אויסערליכער ליטעראַרישער פאָרם.

אַ נייע עפּאָכע אין דעם יודישען לעבען הויבט זיך אָן צוזאַמען מיט דער ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט נאָכ'ן גלות בבל. דאָס פאָלק האָט געמוזט פון דאָסניי אָנווענדען אַלע זיינע קרעפטען, אָנשטרענגען דעם גאַנצען געניוס, כדי צו ראַטעווען זיין זעלבסטשטענדיגקייט. די דאָזיגע עפּאָכע איז אָנגעקומען, אַדאַנק דער ווירקונג פון העלעניזם. דאָס גריכישע פאָלק און דער גריכישער גייסט האָבען פעראורזאַכט אַ בעדייטענדע איבערקעהרעניש אין דעם אַרט דענקען, אין דער מאָראַל און אין די אַלגעמיינע לעבענס-פאָרמען פון דער גאַנצער מענשהייט. זיי האָבען אויף פיעל שטאַפּלען העכער אויפגעהויבען יענע פעלקער, וועלכע זענען געווען פעהיג צו ענטוויקלען זיך. די פערברייטערונג פון דעם גריכישען גייסט איז אָבער אין אייראָפּע און אין אַזיען אָנגעקומען נישט דירעקט פון גריכענלאַנד, נאָר דורך די מוקדוניער (מאַקעדאָניער), וועלכע האָבען אַפילו געשטאַמט פון דעם זעלביגען מקור, וואָס די גריכען, נאָר וועלכע זענען שוין דאָך געווען אויסגעמישט אויך מיט פרעמדע פעלקער. מוקדוניא, וועלכע האָט אין איהר צייט אויפגעריעשט די גאַנצע וועלט מיט איהרע נצחונות, האָט אויך אויפגעמונטערט דעם יודישען פאָלק פון זיין מיטלאָזיגקייט און דרימעל.



# פיערטעס קאפיטעל.

## ארץ־ישראל אונטער דער הערשאפט פון די מוקדונ'ער.

.(175–332)

אלכסנדר דער גרויסער, דער מלך פון מוקדוניא, וועלכען א יודישער נביא האט פערגליכען מיט א לעמפערט, וואס איז בעגאבט מיט אדלער-פליגלען, צוליעב זיינע וואונדערליך-געשווינדע נצחונות, האט געגעבען א טוידט-קלאפ דער פערסישער מאנארכיע. קליין-אזיען, סוריא, פיניציא זענען געלעגען פאר זיינע פיס, פיעל מלוכות און לענדער האבען איהם מיט'ן גוטען ווילען זיך אונטערגעגעבען. צור, נאך א זיעבען-חדשים'דיגער, און עזה, נאך א צוויי-חדשים'דיגער בעלאגערונג, זענען איינגענומען געווארען און פאר זייער שטאלץ האט זיי בעגעגענט א ביטערער שיקזאל. וואס איז געשעהן מיט דער קליינער שוואכער יהודה פאר דער צייט פון דעם גרויסען קעמפפער, פאר וועלכען עס האט געמוזט דעם קאפ בויגען זאגאר דאס לאנד פון די פרעה'ס? די היסטארישע אנדענקונגען רעדען וועגען דעם אין דער פארם פון לעגענדעס און גיבען אלזא נישט קיין דייטליכען בעגריף פון די געשעהענישען אין יענעם אלמענשליך-וויכטיגען מאמענט. עס איז שווערליך צו גלויבען, אז די יודען זאלען זיך האבען ענטזאגט צו אנער-קענען מיט'ן גוטען ווילען די הערשאפט פון אלכסנדר צוליעב דעם, ווייל זיי זענען געוועזען פערבונדען מיט א שבועה געטריי צו זיין פרס. ערשטענס, איז אין ערגיץ נישט דערמאהנט, אז די יודען זאלען ווען ס'איז האבען געגעבען אזא שבועה. צווייטענס, האבען די שלעכטע בעציהונגען פון די פרס'ער צו זיי אין די לעצטע יאהרען נישט געדארפט זיי לאזען לאנג צווייפלען. עס געפינט זיך א מסורה, אז אלכסנדר איז שוין געווען אנגעקומען נאהענט צו יהודה, און די צערעמאניע פון די גייסטליכע, וואס ער האט בעגעגענט,

האט איהם געבראכט דערצו, אז ער זאל זיך מיט הסה בעגעהן מיט'ן יודישען פאלק. דער כהן־גדול אין זיין הייליגער קליידונג, דערצעהלט די לעגענדע, מיט א גרויסער מיינגע כהנים און לויים איז איהם ארויס אנטקעגען; די דאזיגע פייערליכע פראצעסיע האט אויף דעם יונגען מלך געמאכט אזא געוואלדיגען איינדרוק, אז ער האט היים בעגריסט די מיינגע, זיין צארן איז פערוואנדעלט געווארען אין גענאדע און זיין סוויטע האט ער ערקלערט, אז נאך אין מאקעדאניע, אין חלום, האט ער געזעהן דאס געשטאלט פון דעם דאזיגען הייליגען מאן, פון דעם כהן־גדול, אין דער בעגלייטונג פון דער זעלביגער מענגע כהנים און לויים, און דער כהן־גדול האט איהם אין חלום פאראויסגעזאגט, אז ער וועט אומעדים אבהאלטען גרויסע נצחונות. דער ערשטער צוזאמענשטויס פון די ביידע וועלטען, פון דעם יודאאיזם מיט דעם העלעניזם, איז אויף אזא אופן פארגעקומען אויפ'ן פריעדליכען שטייגער. יהודה איז פערעכענט געווארען אלס א טייל פון דער געגענד, וועלכע האט זיך איינגעפונען צווישען די בערג תבות און לבנון, פון צפון־זייט, און מצרים — פון דרום זייט, און האט בעקמען דעם נאמען צעלאסוריא. דער מוקדונ'ישער פערטרעטער פון דער דאזיגער ריעזיגער פראווינץ, וואס האט זיך מיט א געוויסער צייט פריהער געטיילט אויף אזוי פיעל גרויסע און מעכטיגע מלוכות, האט זיך בעזעצט אין שומרון, וועלכע איז געווען, ווי ס'שיינט א זעהר פערפעסטיגטע שטאדט. אויסער דעם האט זי פערנומען דעם צענטרום אין דער פראווינץ און איז געווען ארומגערינגעלט מיט זעהר גוטע פעלדער. דער ערשטער פערטרעטער איז דא געווען אנדרומכוס.

ס'איז שווער צוזאגען, פארוואס זענען די שומרונ'ער נישט געווען צופריעדען מיט דעם דאזיגען כבוד? האט זיי אפשה פערדראסען דאס, וואס אלכסנדר האט די יודען, זייערע פיינדליכע שכנים און פערוואנדטע, ארויסגעוויזען מעהר אכטונג ווי זיי? א פאקט אבער איז, אז זייער אויפרעגונג איז דערגאנגען ביז אזוי ווייט, אז זיי האבען, גארנישט טראכטענדיג וועגען די פאלגען, געהאפט אנדרומכוס'ען און פערברענט אין פייער (331). ווען אלכסנדר האט זיך דערוואוסט פון דער דאזיגער אונזיניגער רציחה, האט זיין ווילדער צארן פאר זיך גאר קיין גרענעץ נישט געהאט. גאנץ מצרים ליגט געווארפען אונטער זיינע פיס, און אזא קליין פאלקעל וועט וואגען איהם צו טהון דערווידער?! פון מצרים, וואו ער האט דאך פערענדיגט זיין זיעג, איז ער גיך אנגעקומען קיין שומרון, זיך נוקם צו זיין אן די מערדער. ער האט זיי שרעקליך געפייניגט, נאכהער האט ער

בעשטימט אַ נייעם פערטרעטער מיט'ן נאָמען מענמנאָן; אויסער דעם האָט ער אין שומרון בעזעצט אַ בעדייטענדע צאָהל מוקדונ'ער. נאָר דאַן האָבען זיך די שומרונ'ער בערוהיגט. און אַזוי ווי אלכסנדר האָט געוואוסט, ווי שטאַרק ס'איז די שנאה פון די שומרונ'ער צו די יודען, האָט ער נאָכמעהר חסדים געטהון מיט די לעצטע, כדי צו ווייזען אויף אַזאַ אופן זיין אונצופריעדענהייט מיט די ערשטע. איינינע גרענעץ־שטעדט צווישען שומרון און יהודה, וועלכע האָבען שטענדיג אַרויסגערופען מחלוקת צווישען די די ביידע שכנ'ישע לענדער, האָט אלכסנדר להלוטין אָבגעגעבען יהודה; אויסער דעם האָט ער דאָס גאַנצע לאַנד בעפרייט פון מס (צינשען) פאַר יעדען שמיטה־יאָהר. די דאָזיגע גנעדיגע בעציהונגען פון העררשער צו זייערע שונאים האָט אויפגעבראַכט די שומרונ'ער. יעדעם פרישע ווינטעל האָט מיט זיך געבראַכט נייען ברען־מאַטעריאַל.

דערווייל אָבער, כל זמן אלכסנדר האָט געלעבט, זענען די שומרונ'ער געווען געצוואונגען צו בעהאַלטען זייערע געפיהלען. דער מלך פון מוקדון האָט נישט געליטען, אַז ווער ס'איז פון זיינע אונטערטעניגע פעלקער זאָל זיך ערלויבען צו טהון אָהן זיין וויסען. זיינע ראַשיגע און גליקליכע נצחונות, וועלכע האָבען איהם צוגעבראַכט אַזש ביז קאַווקאַז, האָבען געהאַלטען אַלע פעלקער, ווי אין קייטען, און האָבען איינגעשמידט יעדע זעלבסטשטענדיגע בעוועגונג. פון גריכענלאַנד ביז הודו און פון כוש (אַבעסיניען) ביז'ן קאַספּישען ים, אין די אַלע לענדער, וועלכע ער האָט איינגענומען און וועלכע האָבען איהם געטריי געדיענט, האָט געהערשט פאָלשטענדיגער פריעדען. אלכסנדר איז געווען דער ערשטער העררשער, וועלכער האָט געקוקט אויף דער גערולדיגקייט אין בעציהונג צו דער אָריגינאַליטעט פון פרעמדע פעלקער, ווי אויף אַנ'אונבעדינגטען פּרינציפּ אין דער פּאָליטיק. ער האָט אויך געאַכטעט די פערשידענהייטען פון די פרעמדע רעליגיעס און פון די קולטוס־פאָרמען. אין מצרים האָט ער אַרויסגעוויזען זיין פערגעטערונג צו אַפּיס'ען און אמאָנ'ען (דער גאָט פון דער זון), אין בבל האָט ער אַרויסגעוויזען זיינע עהרע־געפיהלען פאַר בל און נבו. אין מיטען, איידער ער האָט נאָך בעוויזען צו ענדיגען זיינע גראַנדיעזע פּלענער וועגען איין גרויסער וועלט־מלוכה, וועלכע זאָל אַלע פעלקער פעראייניגען און פערוואַנדלען אין ברידער פון איין אַלוועלטליכער מאָנאַרכיע, איז דער גרויסער קריגס־געניע געשטאָרבען, נישט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין יורש; אין מאַקעדאָניא האָט זיך קיין צווייטער נישט געפונען, וועלכער זאָל קאָנען פערבייטען דעם גרויסען אלכסנדר און פאָרטזעצען זיינע ריעזיגע

פלעגער. א ווילדע הילפלאזיגקייט און צוטומלעניש האט זיך אנגעפאנגען צווישען די פעלקער פון אלע לענדער אין דער וועלט, ווי אויך צווישען דער מיליאָניגער אלכסנדר'ס ארמעע, פונקט ווי ווען אין די נאטור-געזעצען וואלט פארגעקומען א איבערקערעניש, וואס צווינגט צו צווייפלען אין דעם ווייטערדיגען רעגעלמעסיגען גאנג פון טאג און נאכט. אלכסנדר האט איבערגעלאזען א גרויסע צאהל קריעגס-אנפיהרער, וואס זייער קריעגס-קונסט און זייערע קריעגס-פעהיגקייטען זענען שוין געווען גענוג אויסגעפרובט אויף פיעל שלאכטפעלדער אזוי, אז זיי זענען געווען אימשטאנד אונטערצוהאלטען דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון דער מוקדוניא-מלוכה, ווען צווישען זיי וואלט געהערשט אחדות. זיי האבען אבער פון די גריכען גע'ירש'ענט — הגם אין זייערע אדערען האט געפליעסט אויך בלוט פון אנדערע פעלקער — דעם גייסט פון אונאבהענגיגקייט און זעלבסטשטענדיגקייט; די שטרעבונג צו שטעלען די אייגענע פערזענליכקייט העכער פאר דעם גליק פון דער מלוכה; זיי האבען אויך, ווי די גריכען, געקוקט אויף דער מאכט, ווי אויף א מיטעל, צו בעקומען וואס מעהר תענוגים און רייכקייט, מיט איין ווארט, זיי האבען זיך אבגעלערענט פון די העלענער אלץ, וואס אין יענע איז געווען שלעכטעס און אונמאראלישעס. עס האבען זיך אנגעפאנגען אויף דער גאנצער ברייט פון דער מוקדונישער מאנארכיע בלוטיגע מלחמות, וועלכע האבען צוזאמען פארגעשטעלט מיט זיך איין אונגעהויערען ריעזען-קאמפף. די זאך איז דערגאנגען אזוי ווייט, ביז ס'איז פונאנדערגעפאלען די מלוכה פון מוקדוניא און די פערטרעטער פון איהרע פערשיעדענע פראווינציען האבען איהר צווישען זיך פונאנדערגעטיילט. תלמי דער ערשטער (פטאלאמעאוס I), וועלכער האט בעקומען מצרים אויף זיין הלק, האט דורכ'ן שווערד בעקומען אויך צעלאסוריא און יהודה. ווען אויף זיין פאדערונג זיך אונטערצוגעבען, האבען די איינוואהנער פון ירושלים זיך ענטזאגט איהם צו פאלגען, איז ער פלוצלונג אנגעפאלען אויף דער הויפטשטאדט, אום שבת, ווען די יודען האבען נישט געוואגט זיך נעהמען פאר'ן געווער צוליעב דער הייליגקייט פון טאג. ער האט זיך מיט זיין חיל אריינגעריסען אין שטאדט און האט פיעל פון דער בעפעלקערונג פערטריעבען אין געפענגעניש קיין מצרים. שומרון, וועלכע האט אויך אין אנפאנג ארויסגעוויזען א ווידערשטאנד געגען דעם בעזיעגער, האט בעגעגענט דער זעלביגער שיקזאל.

יהודה און די שומרונ'ער האבען אין דער ווירקליכקייט געקאנט לעבען גאנץ גליקליך, ווען זיי וואלטען אויף לאנג געבליעבען אונטער דער הער-

שאפט פון תלמי. ער איז געווען בכלל זעהר א הומאנישער קריעגס־העלד און האט געוואוסט צו שוינען פרעמדע מעלות; ער האט קיינמאל נישט פערשאפט זיינע פיינד מעהר שאדען, ווי דאס איז נויטיג געווען צו זיין נצחון. איהם האט נאך אבער געפעהלט דאס פאלקאמע רעכט אויף צע־לאסוריא און יהודה. די אנפיהרער פון דער מוקדונישער מלוכה האבען נישט געוואלט בשום אופן איהם אנערקאנען אלס הערשער פון די דאזיגע פראווינצען. דימיטריוס האט ענדליך ערקלערט תלמי'ן אנ'ענטשלאסענע מלחמה נעבען עזה. דימיטריוס האט דא בעקומען א גרויסע מפלה. און דאגעגען האט זיך אין דער דאזיגער מלחמה אנגעאפנגען אויסצוציינען סיליוקוס, תלמי'ס היל־אנפיהרער. אין א געווויסער צייט ארום האט אבער דימיטריוס אנגעזאמעלט פון דאסניי א גרויסען חיל און איז ארויסגעטראטען געגען תלמי. דאן איז תלמי געצוואונגען געווען אבצוטרעטען געגען פיינד; ער האט דערום געמוזט החרב מאכען אלע פעסטונגען פון ארום מיטעללענדישען ים ווי אויך פיעלע פון אינעווייניג אין לאנד גופא, איבערהויפט די אויס־געצייכענטסטע אין עכו, יפו, עזה, שומרון און אויך ירושלים — כדי זיי זאלען נישט קאנען דיענען אלס פערטיידיגונגס־פונקטען פאר'ן שונא. נאך איניגע יאהר האט געדויערט די מלחמה, ביז תלמי האט ענדליך אבגעהאלטען א פאלשטענדיגען נצחון איבער'ן פיינד, מיט דער הילף פון נאך דריי בעריהמטע מוקדונישע קריעגס־אנפיהרער: סיליקוס, קאסאנדי און ליזימאך. (301). די דאזיגע פיער העלדען האבען פון דאסניי צוטיילט צווישען זיך די מוקדונישע מאנארכיע. תלמי האט בעקומען גאנץ מצרים און אלע איהרע אומגעגענדען צוזאמען מיט יהודה, און ביי סעלעווקוס'ן איז געבליבען כמעט גאנץ אזיע, סוריא, צוזאמען מיט פרס, ביז'ן טייך הודו (אינד). אויף אזא אופן זענען די יודען פון יהודה אבהענגיג געווארען אן תלמי'ן און זיינע יורשים, און די יודען פון פרס און בבל — אן סיליוקוס'ן און זיינע יורשים.

איבריגענס האט זיך די לאגע פון די יודען אין יהודה פון דער דאזיגער פאליטישער איבערקעהרעניש אויסערליך נישט קיין סך געענדערט. די זעל־ביגע צינשען, וועלכע פלעגען אין לאנד געזאמעלט ווערען און פריהער אבגעשיקט ווערען קיין פרס, פלעגען נאר איצט אבגעשיקט ווערען קיין מצרים. די פרייהייט און די זעלבסטשטענדיגקייט איז ווי פריהער נישט בע־גרענעצט געווארען. אין דער היינזיכט זענען, פערקעהרט, נאך געגעבען געווארען געוויסע פריווילעגיעס. דער כהן־גדול, וועלכער איז נאך פון פריהער פעראנטווארטליך געווען פאר די צינשען, איז דורך דער מצרים־מוקדונישער

רעגירונג אַנערקענט געוואָרען פאַר דעם פּאָליטישען הויפּטמאַן אין לאַנד. תלמי, ווי געזאָגט, איז געווען אַ מענש אַ גוטער פון דער נאַטור און יעדער שריט זיינער איז געווען אויסגערעכענט בלויז לויט די נוצען, וואָס ער קאָן איהם ברייגנען. צו דריקען דעם יודישען פאָלק האָט ער נישט געהאַט קיין אורזאַך. די נייע שטאָדט אלכסנדריא, וואָס אַלכסנדר האָט ביים ים אין מצרים אויסגעבויעט, און וואָס דער ערשטער מצרים-מוקדונישער הערשער תלמי האָט פאַר זיין רעזידענץ געמאַכט, האָט זיך גענוצט אין אַ גרויסער בעפעלקערונג, כדי זי זאָל קאָנען בעקומען די עקאָנאָמיש-פּאָליטישע און קולטורעלע בעדייטונג, אַלס אַ פונקט, וועלכער פערבינדט אַלע דריי וועלט-טיילען: אזיע, אַפריקע און איראָפּע; תלמי'ן האָט נאָר געקאָנט פרעהען דאָס, וואָס די יודען האָבען זיך דאָרטען מאַסענווייז בעזעצט פון די שכנישע לענדער. אין דער אונרוהיגער צייט פון דער מלחמה מיט דימיטריוס האָבען קיין אַלכסנדריא עמיגרירט פיעל יודען, וועלכע תלמי האָט גלייך געמאַכט אין זייערע בירגערליכע רעכטע מיט אַלע זיינע אונטערטאַנער. אויף אַזאַ אופן איז געגרינדעט געוואָרען די יודיש-אַלכסנדרישע געמיינדע, וועלכע פערנעהמט נאָכהער אין דער געשיכטע אַ וויכטיגען פּלאַץ. יודישע קאָלאָניעס האָבען זיך צו דער זעלבער צייט געגרינדעט אויך אין אַנדערע ערטער אין מצרים. תלמי האָט אַליין בעזעצט פיעל יודען אין די פעסטונגס-שטעדט, זענענדיג איבערצייגט אין זייער טריי־הייט. סיליקוס, דער גייער הערשער פון פרס (אַזיען), האָט אויך זיך בענוצט מיט יודישע עלעמענטען ביים בעפעלקערען נייע געגענדען. אין יאָהר (300) האָט ער געגרינדעט אַ נייע שטאָדט אַנטיוכיא, אין וועלכער ער האָט זיך בעזעצט מיט זיין הויף. די שטאָדט, וויפיעל אַנדערע נייע שטעדט, האָבען זיך אויך גענוציגט אין איינוואָהנער. סיליוקוס האָט דאָרטען אַריבערגעפיהרט פיעל יודען פון פרס און בבל. אויך דער דאָזיגער הערשער האָט געשאָנקען די יודען פאָלשטענדיגע גלייך-בערעכטיגונג.

פונקט אַזוי, ווי די יודישע קאָלאָניעס האָבען זיך פערשפּרייט אין די גריכיש-מוקדונישע געגענדען, אַזוי אויך האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען גריכישע קאָלאָניעס אויף דעם יודישען באָדען. אין דער לענג פון דעם ברעג פון דעם מיטעללענדישען ים אין פּאַלעסטינא זענען אויסגעבויעט געוואָרען נייע פּאָרט-שטעדט; אייניגע פון די אַלטע זענען בעניית, פערברייטערט און פערפוצט געוואָרען לויט דעם גריכישען געשמאַק און האָבען בעקומען גריכישע נעמען. די נאָכפאָלגער פון דעם גרויסען אלכסנדר, האָבען אויך געשטרעבט צו רעאַליזירען דעם גראַנדיעזען פּלאַן פון צוזאַמ-

שמעלצען דעם מערב מיט'ן מזרח, און צו דעם צוועק האָבען זיי קיין בעסערן צונויפגיעסונגס-מאַטעריאַל, ווי די יודישע מאַסען, נישט געקענט געפינען. אין אַלעקסאַנדריע האָבען יודען געלעבט גאַנץ אָבגעזונדערט פון דער אָרטיגער קאָפּטישער בעפעלקערונג; דאַגעגען אָבער האָבען זיי זיך זעהר גערן דערנעהנטערט צו די געבילדעטע גריכען, און די ווירקונג פון דער גריכישער קולטור האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען אין אַלע זייטען פון דעם יודישען לעבען אויך אויסער די גרענעצען פון אַלעקסאַנדריע. גאַנץ יהודה איז פון אַלע זייטען געוועזען אַרומגערינגעלט מיט אַ גריכיש-רעדענדער בעפעלקערונג, און וואָס ווייטער האָט די גריכישע שפּראַך אַלץ מעהר אַרויסגעשטופּט דעם אַראַמעאישען דיאַלעקט, מיט וועלכען עס האָבען זיך ביז דאַן בענוצט אַלע יודען פון דער פאָדערשטער אַזיען. צוזאַמען מיט דער גריכישער שפּראַך האָבען זיך, נאַטירליך, אַריינגעריסען אין דעם יודישען לעבען אויך די גריכישע גוטע און שלעכטע זיטען, און נאָר די שטעדט טיעפער אין לאַנד האָבען פאָרגעשטעלט מיט זיך אַנ'אויסנאַהם אין דער הינזיכט. דאָ האָבען געוואוינט די אָרימערע קלאַסען פון דער יהודה'שער בעפעלקערונג, און זייער רעליגיעז-בעטריבטע ערנסטקייט האָט זיך גאַנץ וועניג געלאָזען בעאיינפלוסען פון דער גריכיש-אַפּיקור'סישער לייכטזיניגער קולטור; אויך דאָ אָבער האָבען זיך דערטראָגען מאַסען גריכישע ווערטער פון די שכנ'ישע בעפעלקערונגען, און זיי זענען ביסליכווייז אַריינגענומען געוואָרען אין דער אומגאַנגס-שפּראַך.

ווי געזאָגט, איז די רעכטליכע לאַגע פון יהודה אונטער דער הערשאַפט פון די תלמי-מלכים געוועזען גאַנץ בעפריעדיגענד. די גאַנצע הנהגה פון פאָלק איז געוועזען קאָנצענטרירט אין די הענד פונ'ם כהן-גדול, וועלכער איז געוועזען כמעט דער פּאַקטישער הערשער פון לאַנד און האָט געקענט ענטוויקלען און ווייטער ציהען די יודישע אייגענטימליכקייט און דעם יודישען געדאַנקענגאַנג; אינערליך, גייסטיג איז אָבער דאָס פאָלק אין יהודה שרעקליך אָרעם געוועזען, און פון נחמיה'ן אָן האָט עס קיין איין פּערזענליכקייט נישט אַרויסגעגעבען, וואָס זאָל געבען אַ געוויסע ריכטונג זיין גייסטיגער ענטוויקלונג און איהם העלפען אויסבילדען זיין וועזען און זיין אָריגינעלע אַנשויאונג. דער צענטער פון דעם יודישען גייסטיגען לעבען, פון וועלכען די יודען אין יהודה האָבען ביז אַהער זייער יניקה געצויגען, איז געוועזען בבל און פרס, און איצט, נאָך דער פּאָליטישער איבערקעהרעניש, וואָס האָט איבערגעגעבען די דאָזיגע ביידע

לֶענדֶער אִין דִי הֶענד פוּן אַנ׳אַנדֶער דִינַאסטִיע, — אִיז יהודה פוּן דֶעם צֶענטֶר אִינגאַנצֶען אָבּגֶערִיסֶען גֶעוואָרֶען. דִי יודֶען פוּן יהודה הָאבֶּען שׁוֹין נִישׁט גֶעקֶענט אִיצט אַזוֹי לַייכט אוּן פְרַיי פֶערקֶעהרֶען מִיט זַייעֶרֶע בְּרִידֶער אַרוּם דִי טַייכֶען פרת אוּן חדקל, ווַייל דִי רֶעגִירֶענדֶע דִינַאסטִיעֶן פוּן דִי בֵּיידֶע מלוכות, דִי תלמי׳אִידֶען אוּן סֶעלֶייקִי׳דֶען, הָאבֶּען גֶעקוּקט מִיט חשד אֵיינֶע אוֹיף דֶער אַנדֶערֶער, אוּן דִי אָפטֶע בֶּעזוּכֶען פוּן דִי סֶעלֶייקִי׳דִישֶׁע אוּנטֶערטַאנֶען אִין ירושלים, וואָלט דֶעם חשד נאָך מֶעהר פֶערשׁטַארקט. קוֹים וואָלט דָאס פָאלק אִין יהודה נִישׁט גֶעקֶענט אִיצט אוֹיסקוּמֶען אָהן דֶער הִילף פוּן זַיינֶע אוֹיסווֶענִיגסטֶע גַייסטִיגֶע פִירֶער, וואָלט עֶס, אַלזאָ, בֶּעשׁטִימט אוּנטֶערגֶעהן, אַזוֹי ווִי עֶס זֶענֶען אוּנטֶערגֶעגַאנגֶען יֶענֶע אַלֶע פֶעלקֶער, וואָס הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין נִישׁט גֶעקֶענט דֶערהַאלטֶען אוּן גֶעמוּזט צִיהֶען זַייעֶר גַייסטִיגֶע השפעה פוּן אוֹיסווֶענִיג, פוּן אַנ׳אַנדֶער לַאנד; דָאס אִיז אָבֶּער נִישׁט גֶעווֶען דֶער פַאל מִיט דֶעם יודִישֶׁען פָאלק, אוּן אוֹיף דֶער אַרֶענֶע פוּן דֶעם יודִישֶׁען לֶעבֶּען הָאט זִיךְ צוּ דֶער רֶעכטֶער צַייט בֶּעווִיזֶען אַ גרוֹיסֶע, לִיכטִיגֶע גֶעשׁטַאלט, וואָס לַייכט אַרוּם, ווִי אַ בֶּעוואַקסֶענֶער, פֶערצווַייגטֶער בּוֹים פוּן אַ ווִיסטֶען מדבר. דָאס אִיז גֶעווֶען **שׁמעון הצדיק**, דֶער זוּהן פוּן חוניו I (פוּן 300 בִּיז 270).

דִי גֶעשִׁיכטֶע פוּן דֶער יודִישֶׁער טֶעאָקרַאטִיע (כהנים=הֶערשַׁאפט) הָאט צוּ פֶערצֵייכנֶען עֶטלִיכֶע נֶעמֶען פוּן גוּטֶע אוּן שׁלֶעכטֶע כהנים גדולים, וואָס הָאבֶּען פֶערטרֶעטֶען דֶעם דָאזִיגֶען פָאסטֶען בִּיז שׁמעון הצדיק; דִי יודִישֶׁע לֶעגֶענדֶע אָבֶּער הָאט אִיבֶּערגֶעלָאזֶען פַאר דִי קוּמֶענדִיגֶע דורות דֶעם אַנדֶענקֶען בְּלוֹיז פוּן דֶעם אֵיינצִיגֶען כהן גדול, וואָס הָאט ווִירקלִיךְ עֶטוואָס גֶעטהוּן פַאר זַיין פָאלק אוּן גֶעלָאזֶען נאָך זִיךְ בֶּעדַייטֶענדֶע שׁפּוּרֶען אִין דֶער גֶעשִׁיכטֶע פוּן יֶענֶער צַייט. „עֶר הָאט גֶעזאָרגט פַאר זַיין פָאלק, עֶס זָאל נִישׁט צוּפַאלֶען ווֶערֶן״, אוּן גֶעזוּכט צוּ בֶּעפֶעסטִיגֶען זַיין לַאגֶע אִין אַלֶע הִינזִיכטֶען: עֶר הָאט אוֹיסגֶעפּוּעל׳ט בַּיים קֶענִיג אַנ׳עֶרלוֹיבּנִישׁ, ווִידֶער אוֹיפצוּבּוֹיעֶן יֶענֶע מוֹיעֶרן פוּן שׁטָאדט, ווֶעלכֶע תלמי דֶער עֶרשׁטֶער הָאט גֶעהַאט צוּשׁטֶערט; דֶעם בית המקדש, ווֶעלכֶער אִיז זֶעהר אָבגֶעלָאזֶען גֶעוואָרֶען פַאר דִי צווַייהוּנדֶערט יָאהר, וואָס עֶר אִיז גֶעשׁטַאנֶען, הָאט עֶר גֶעלָאזֶען אָבּפּוּצֶען אוּן בֶּענַייעֶן; אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר נאָך גֶעלָאזֶען צִיהֶען אַנ׳אוּנטֶערעֶרדִישֶׁען קַאנַאל בִּיז צוּם טַייךְ איתם (עֶטלִיכֶע שעה ווַייט פוּן ירושלים) אוּן אוֹיף אַזאַ אוֹפן פֶערזאָרגט מִיט פְרִישֶׁען וואַסֶער נִישׁט בְּלוֹיז דֶעם בית המקדש (וואָס הָאט זִיךְ גֶענוֹיטִיגט אִין אַ סךְ וואַסֶער צוּלִיעֶב דִי אָפטֶע וואַשׁוּנגֶען פוּן דִי לויים אוּן כהנים),

נאָר אויך דער גאַנצער שטאָדט.

די פּערזאָן פון שמעון הצדיק אַלס כהן גדול, בײַ דעם צערעמאָניאַל פון גאָטעס-דינסט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין צייט מיט אַן אונגעוועהנליכער פּראַכט, איז מיט בעגײַסטערטע ווערטער געשילדערט געוואָרען פון דעם דיכטער, וואָס האָט געלעבט אין אַ צייט אַרום ישוע בן-סירא:

ווי הערליך איז ער געווען, ווען ער האָט דעם היכל פערלאָזען,
ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן פּרוכת!
ווי דער מאָרגענשטערן, וואָס שײַנט אַרויס פון צווישען די וואָלקען,
ווי די פולע לבנה אין די טעג פונ'ם פריהלינגס-יום-טוב (פסח).
— — — — — — — — — — — — —
אַז טוט ער אָן זײַנע עהרענקלײַדער,
און הילט זיך אײַן אין די פּרעכטיגע געוואַנדען;
— — — — — — — — — — — — —
און ער שטעהט איבער דעם אויפגעלעגטען שײַטער-הויפען (פון מזבח),
אַרומגענומען, ווי מיט אַ קראַנץ, פון זײַנע ברידער. —
די יונגע צעדערן פון לבנון
— — — — — — — — — — — — —
אַז האָט ער געענדיגט די עבודה בײַם מזבח
און אהרנ'ס זיהן, די כהנים, בלאָזען אין די שופרות,
און רופען אויס אין דער הויך, דערמאָהנענדיג גאָט'ס נאָמען.
אַלע שטערבליכע פאַלען גלײַך מיט'ן פּנים צו דר'ערד,
זיך בוקענדיג פאַר דעם אַלערהעכסטען, פאַר דעם הייליגסטען פון ישראל.
עס האָבען זיך דערהערט די שטימען פון די זינגער'ס
און אָנגעצונדען האָט זיך דאָס האַרץ פון פאָלק,
און געפרעהט האָבען זיך אַלע מענשען פון דר'ערד!...

דער דאָזיגער כהן גדול איז געשטאַנען נישט בלויז אָן דער שפּיץ פון בית המקדש און פון דער יודישער געמײַנדע; ער איז געזעסען בראש אויך פון דער כנסת הגדולה און פערנומען דעם גרעסטען פּלאַץ צווישען די לעהרער פון דער ישיבה, וואָס האָט אויסגעטײַטשט און געלעהרנט דעם פאָלק גאָט'ס וואָרט. ער האָט איבערגעלאָזען זײַנע תלמידים דעם

פאָלגענדען אַפאָריזם: „אויף דריי זאַכען שטעהט די וועלט (די יודישע קהלה), אויף לערנען (תורה), אויף גאָט בעטען (עבודה) און אויף וואוילטעטיגקייט (גמלות חסדים)", און אַלם וועג-ווייזער און לערער קען מען איהם צושרייבען אַ געוויסען חלק אויך אין דעם אַפאָריזם, וואָס ער האָט געלאָזען נאָך זיך איינער פון זיינע בעדייטענדסטע תלמידים, אַנטיגנוס פון סוכו (אַנטיגנוס איש סוכו): „איהר זאָלט נישט זיין, ווי די שקלאַווען, וואָס דינען זייער האַר, אום צו בעקומען זייער בעלויהנונג, נאָר ווי יענע דינער, וואָס דינען טריי זייער האַר, נישט ערוואַרטענדיג קיין שום שכר"

די דאָזיגע רוהיגע צייט האָט זיך אָבער לאַנג נישט געצויגען, און נאָך דעם טוידט פון שמעון הצדיק ברעכען אויס אין לאַנד אינערליכע סכסוכים און קריגערייען, וואָס רואינירען אויף אַ לאַנגע צייט דאָס נאָרמאַלע לעבען פון פאָלק און קאָסטען איהם אַ סך ביטערע קרבנות. שולדיג אין די סכסוכים זענען געווען די קינדער פון דעם זעלביגען שמעון הצדיק — זיין אייניקלען, וואָס האָט אויך געשטאַמט פון אַ מיוחס'דיגער כהנים-פאַמיליע, טוביה, און זיין זוהן חוניו, וואָס האָט אי-בערגענומען פון פאָטער דעם כהן-גדול-שטוהל און געשפּילט אַ בעדיי-טענדע ראָליע אין דער געשיכטע פון דעם יהודה'שען פאָלק, אַ דאַנק די מלחמה-שפּילען פון די סעלייקי'דען (דער צווייטער, דריטער און פיער-טער) מיט די תלמי'אידען (דער צווייטער און דריטער) איבער צעלאָ-סוריע, וואָס האָבען זיך געצויגען צעהנדליגער יאָהרען און געווירקט אויך אויף דעם גורל פון יהודי

יהודה, צוזאַמען מיט צעלאָסוריע, האָבען געלעבט גאַנץ רוהיג אונ-טער דער איבער-הערשאַפט פון מצרים, און ווי די ערשטע צוויי מלכים פון דער תלמי-דינאַסטיע, האָט אויך דער דריטער, עווערגעטוס, זיך גאַנץ פריינדליך בעצויגען צו זיי און זיי אַלע פרייהייטען געגעבען;

האָט אָבער דער צווייטער פון די סעלייקי'ען, קאַליניקאָס, דורכ-אויס געוואָלט אָברייסען די דאָזיגע פּראָווינצען פון עגיפּטען און, ווי ס'ווייזט אויס, האָט זיך איהם איינגעגעבען איבערצוציהען אויף זיין זייט אויך די העכערע ספערען פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ירושלים מיט דעם כהן גדול חוניו II אָן דעם שפּיץ. דער לעצטער האָט אויף דעם סמך זיך אָבגעזאָגט אַריינצוטראָגען אין דער צענטראַלער עגיפּטישער רעגירונגס-קאַסע דעם בעשטימטען יעהרליכען מס פון 20 טאַלאַנטען און דאָס האָט נאַטירליך ארויסגערופען אַ שטאַרקען כעס אין דעם עגיפּ-

טישען הויף, וואו מ'האָט געקוקט אויף דעם דאָזיגען קליינעם אָבצאָהל, ווי אויף דעם איינציגען צייכען פון אונטערטעניגקייט. תלמי III האָט דאַן געשיקט קיין ירושלים זיינעם אַ שליח, אַנטהעניאָנ'ען, מיט דער פאָדערונג, גלייך אַריינצוטראָגען די דערמאָהנטע סומע, דראָהענדיג דער בעפעלקערונג, אַז אי'ם פערקעהרטען פאַל, וועט ער די גאַנצע ערד פון יהודה פונאַנדערטיילען צווישען די גריכישע קאָלאָניסטען, חוניו האָט זיך אָבער איינגע'עקשנ'ט און נישט געוואָלט נאָכגעבען. דאָס האָט אויפגעבראַכט געגען איהם די ברייטערע שיכטען פון פאָלק, וועלכע זענען גאַנץ צופריעדען געווען מיט דער אויבער־הערשאַפט פון די תלמי'איִדען, און עס האָט שוין געהאַלטען ביי אַ בלוטיגען אויפשטאַנד געגען דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פאָטערלאַנד אין אַזאַ ביטערער לאַגע. דאַן האָט זיך אַנ'ענערגישער, ענטשלאָסענער מענש בעוויזען אויפ'ן האָריזאָנט פון דעם יודישען פאָליטישען לעבען, און איהם איז געלונגען די זאַך אין אָרדנונג צו ברענגען.

גערופען האָט מען דעם מענשען, וואָס האָט אַ נייע ריכטונג געגעבען דעם גאַנג פון די געשעהענישען אין לאַנד, **יוסף בן טוביה** — ער איז געווען אַ זוהן פון שמעון הצדיק'ס איידים, טוביה, ד. ה. אַלזאָ אַ שוועסטערס־זוהן פונ'ם כהן גדול. ענערגיש, ערפינדעריש, ענטשלאָסען און אַנציהענד, איז אָט דער אייניקעל פון דעם אַלטען שמעון הצדיק, ווי געבוירען געוואָרען צום הערשען, איהם איז אָבער אין וועג געשטאַנען זיין אַלטער פעטער, דער כהן גדול, וועלכער איז אויך געווען דער פאָליטישער פיהרער פון פאָלק, און דער איצטיגער צוזאַמענשטוים מיט דער עגיפטישער מאַכט האָט איהם געדיענט אַלס גינסטיגע געלעגענהייט, אַריינצונעהמען די הנהגה אין זיינע הענד. בעקומענדיג די ידיעה וועגען תלמי'ס שליח, וואָס איז געקומען מיט אַזאַ שטרענגער פאָדערונג קיין ירושלים, און וועגען דער אונצופריעדענהייט מיט'ן כהן גדול, וואָס וואַקסט אין פאָלק און נעהמט אָן אַ שטורמדיגען כאַראַקטער. האָט ער גלייך פערלאָזען זיין געבורטסאָרט און איז געקומען צום פעטער מיט דעם ביטערסטען פאָרוואורף פאַר זיין עקשנות, וואָס שטעלט אין געפאַהר די עקזיסטענץ פון גאַנצען פאָלק, און מיט דער עצה, — ער, דער פעטער, זאָל פאָהרען צו תלמי'ן און בעטען ביי איהם מחילה. אויף דעם האָט דער שטאָלצער חוניו געענטפערט, אַז ער וועט גיכער זיך אָבזאָגען אינגאַנצען פון זיין טיטול, איידער זיך אַזוי צו ערניעדריגען. דאַן האָט יוסף ביי איהם די ערלויבניש געבעטען, אַליין קיין אַלעק־

סאנדריע צו פאהרען און אונטערהאנדלונגען צו פיהרען וועגען דעם קאנפליקט, און גלייך נאכדעם, ווי ער האט די דאזיגע בעפאלמעכטיגונג בעקומען, האט ער צונויפגערופען א גרויסע פאלקס=פערזאמלונג אין בית=המקדש, וואו ער האט בערוהיגט דער בעפעלקערונג און צוגעזאגט דעם גאנצען סכסוך בשלום אויסצוגלייכען, — אויב דאס פאלק וועט איהם נאר זיין צוטרוי שענקען, און דאס פאלק האט איהם זיין צוטרוי געשענקט — עס האט איהם דעם טיפסטען דאנק אויסגעדרוקט און מיט דעם טיטול פאלקס=פיהרער בעקרוינט (230).

מעהר האט יוסף נישט געדארפט: פון דער מינוט אן טרעט ער ארויס מיט דער פעסטער ענטשלאסענקייט פון א מאכט=בעזיצענדער פערזאן און שטעלט זיך פאר קיין זאך נישט אב, ווען עס האנדעלט זיך אום דעם — זיין ציעל צו ערגרייכען. ער קען גוט די שוואכע זייטען פון דער גריכישער נאטור און בעשיט דעם שליח פון אלעקסאנדריע מיט חניפות, מתנות און גלענצענדע מאהלצייטען. אנטהעניאן איז ענטציקט פון דעם ליעבענסווירדיגען, עלעגאנטען און אינטעליגענטען יודישען אריסטאקראט, און פאהרט צוריק קיין אלעקסאנדריע א געטרייסטער, א צופריעדענער. אין דער זעלביגער צייט פיהרט יוסף אונטערהאנדלונגען מיט זיינע גוטע פריינד אין שומרון וועגען א גרויסער געלד=הלואה, — אום אויפגענומען צו ווערן בכבוד אינ׳ם עגיפטישען הויף, מוז ער פרעכטיגע קליידער טראגען, רייכע געשפאנען בעזיצען און א סך געלד ביי זיך האבען, און זיין פערמעגען איז קליין און אין גאנץ יהודה וועט ער אזוי פיעל געלד נישט קריגען: די בעפעלקערונג לעבט פון לאנדווירטשאפט און האט קיין עשירות זיך נאך נישט אנגעזאמעלט; שומרון אבער לעבט פון האנדעל און האט א סך געלד=מאגנאטען.

יוסף האט דאס געלד בעקומען און זיך געלאזען אין וועג אריין קיין אלעקסאנדריע, און דארט איז שוין אנטהעניאן געוועזען, און מיט בעגייסטערטער ענטציקונג גערעדט פון דעם יודישען פערטרעטער, וואס דארף אנקומען. דער קעניג אליין ווארט אויף יוסף׳ן און וויל איהם שוין זעהען וואס שנעלער, און נאך דער ערשטער אויפנאהמע, איז ער אויך בעצויבערט פון איהם און לאדעט איהם איין אויף דעם באל, וואס דארף פארקומען אין הויף. די געזאנדטע פון די פאלעסטינישע און פעניצישע שטעדט זעהען, ווי דער פערהעלטנישמעסיג נישט זעהר=רייך אויפגעפוצטער יודישער פערטרעטער ווערט אריינגענומען אינ׳ם ענגסטען קרייז פון קעניגליכען הויף, און זענען איהם מקנא; ער גיט זיי אבער באלד די

געלעגענהייט איהם מעהר, ווי מקנא צו זיין.

יוסף בעגעגענט זיך אין אַלעקסאַנדריע מיט די אָבצאָהלונגס=חוכרים (אַרענדאַטאָרען) פון אַלע עגיפּטישע פּראָווינצען, וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער רעזידענץ, אום אין דער געגענוואַרט פון קעניג און הויף אָנצובאָטען זייערע פּרייזען און די אַרענדע צו בעקומען פון די קעניגליכע אָבצאָהלונגען — יעדערער אין זיין שטאָדט אָדער פּראָווינץ. זענענדיג אַלע גלייך פּעראינטערעסירט אין דער זאַך, שליעסען זיי צווישען זיך יד=אחת און באָטען דעם קעניג, נאַטירליך, וואָס וועניגער. דאַן רופט זיך יוסף אַרויס צו צאָהלען דעם קעניג נאָכאַמאָל אַזוי פיעל פון דער אָנגעבאָטענער סוממע. איבערראַשט און ערשטוינט האָבען די אָנוועזענדע חוכרים אָנגעקוקט דעם חוצפּה'דיגען יוד, וואָס האָט אויסגעזעהען, ווי אַ בעטלער געגען זיי; די סימפּאַטיע פון קעניג איז שוין אָבער לאַנג געוועזען אויף זיין זייט און דערצו איז זיין סוממע צוויי מאָל אַזוי פיעל געוועזען פון זייערער. יוסף האָט פערזיכערט דעם קעניג, אַז זיין סוממע וועט נאָך אויך געבען אַ שענעם ריוח, און ווען דער לעצטער האָט פערלאַנגט פון איהם, ער זאָל דער קרוין גאַראַנטירען די סוממע, וואָס ער פערפליכטעט זיך צו צאָהלען, האָט דער יודישער שתדלן שאַרפזיניג געענטפערט, אַז ער גיט די בעסטע גאַראַנטיע, וואָס איז נאָר מעגליך — דעם קעניג מיט דער קעניגין. דער דרייסטער און אין דער זעלביגער צייט חנופה'דיגער ענטפער, איז ערגעטום'ן שטאַרק געפעלען געוואָרען און יוסף איז געוואָרען דער הויפּט=אָבצאָהלונגס=אַרענדאַטאָר פון אַלע צעלאָסורישע און פיניצעאישע פּראָווינצען. בעקומענדיג נאָך דערצו אַ מחנה פון צוויי טויזענד סאָלדאַטען, וואָס זאָלען איהם בעהילפיג זיין ביים איינמאָהנען די שטייערן.

און דער קעניג האָט זיך מיט איהם ווירקליך נישט גענאַרט. בעזיצענדיג אַזא קראַפט, האָט יוסף מיט דער אויסערגעוועהנליכסטער שטרענגקייט אויפגעמאָהנט די שטייערן, און אין יענע שטעדט, (עזה און בית=שאָן), וואו די גריכישע בעפעלקערונג האָט געפּרובט אויסלאַכען דעם אידען=אַרענדאַטאָר און זיך אָבזאָגען פון צאָהלען, — האָט ער די פאָרנעהמסטע און רייכסטע בירגער געלאָזען טויטען און זייער פערמעגען קאָנפיסקירט. די דאָזיגע אַכזריות'דיגע שטרענגקייט האָט געווירקט אויף די אַרומיגע שטעדט, און דער נייער אַרענדאַטאָר האָט פערדאָפּעלט די הכנסות פון דער מלוכה, און אויסער דעם נאָך פיעל טייערע מתנות געשיקט אין הויף, אום צו בעפעסטיגען זיין לאַגע. יוסף איז אויף אַזא

אופן געוואָרען דער פאַקטישער הערשער איבער גאַנץ פּאַלעסטינא, פאָרשטעלענדיג מיט זיך די איינציגע פּערזאָן, וואָס איז געשטאַנען צווישען פאָלק און דעם אַלעקסאַנדרישען הויף

צוויי=און=צוואַנציג יאָהר האָט יוסף געהאַלטען אין זיינע הענד די הויפּט=שטייערונגס=פערוואַלטונג פון גאַנץ צעלעסיריען און פעניציע און, ערווערבענדיג זיך אין דעם פערלויף פון דער צייט אונגעהויערע רייכטימער, האָט ער געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָליע אויך אין דעם פּאָליטישען לעבען פון די דאָזיגע ביידע פּראָווינצען. פאַר דער צייט האָט זיך ענטוויקעלט אין לאַנד דער קאַפּיטאַליזם, עס האָט זיך פערברייטערט דער אינטערנאַציאָנאַלער עקאָנאָמישער פערקעהר און צוזאַמען דערמיט איז אַלץ טיעפער אַריינגעדרונגען אין אַלע ספערען פון פאָלק אויך די גריכישע קולטור; יוסף האָט אָבער די דאָזיגע רייכע רעפּובליקען נישט געשוינט, און אונטער דער הערשאַפט פון דעם IV=טען תלמי, פילאָפּאַטאָר (222 ביז 206), האָט ער אויך מיט אַזאַ אַכזריות געדריקט דער בעפעלקערונג ביים אויפמאָהנען די שטייערן, אַז דאָס פאָלקס=ווערטעל האָט זיך געקלאָגט אויף איהם: „יוסף האָט פון גאַנץ סוריא דאָס פלייש אָבגעשונדען און נאָר די ביינער איבערגעלאָזען”.

דאַן האָט זיך פאַר איהם אויך אַנ'אונרוהיגע צייט אָנגעהויבען. אינ'ם בלוט פון דער תלמי'אידישער דינאַסטיע האָבען זיך שוין געהאַט דאַן טיעף איינגעזויגען די אַלע שוואַכע זייטען פונ'ם העלעניזם: די ליידענשאַפטליכע נייגונגען צו פערשווענדעריען, אונזיטליכקייטען און דעספּאָטיזם, — וואָס ס'האָט, נאַטירליך, זיך שלעכט אָבגערופען אויך אויף דער אַרמעע און אויף דער פערטיידיגונג פון די אַלגעמיינע מלוכה=אינטערעסען. אין דער צייט איז אָבער די סעלייקי'דישע דינאַסטיע געווען געזונד און קרעפטיג, און אַנטיאָכוס III „דער גרויסער” האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט געוואַלדיגע קריגס=פּלענער, שטרעבענדיג צו פערוואַנדלען זיינע פערשידענע פּראָווינצען אין איין גרויסער וועלט=מלוכה. איצט ביי דעם דעמאָראַליזירטען צושטאַנד פון דער עגיפּטישער אַרמעע, האָט ער געגלויבט פאַר זיך אַ גוטע געלעגענהייט צו האָבען און אויסנוצענדיג דעם פערראַט פון איינעם פון די עגיפּטישע פעלדמאַרשאַלען, האָט ער אַריינגעפיהרט זיין מיליטער אין צעלאָסוריא און פעניציע און פערנומען דאָרט עטליכע שטעדט צוזאַמען מיט שומרון. דאָס איז אָבער געווען אַ נצחון בלויז אויף אַ קורצע צייט, ווארום באַלד נאָכדעם האָט זיך פילאָפּאַטער אויסגעניכטערט פון זיינע פער'שכור'טע

אויסגעלאסענקייטען, און צוטרעטענדיג מיט זיין ארמעע ביז נאפיא, האט ער געצוואונגען דעם שונא צו אנטלויפען און אינגאנצען אויפצוגעבען דעם פלאן וועגען איינגעהמען צעלאסוריא. דאס האט יוסף'ן ווידער אויף די פיס געשטעלט, און דערצו נאך האט איהם פילאפאטאר נישט פערגעסען אויך דאס, וואס יהודה מיט ירושלים אן דער שפיץ, — וואו יוסף'ס ממשלה איז בעזונדער שטארק געווען — איז פון אנהויב אן טריי געבליבען דעם עגיפטישען טראהן און האט זיך אנטיוכס'ן נישט אונטערגעגעבען.

און דער וואוילשטאנד פון פאלק איז דערווייל געוואקסען. די גרויסע רייכטימער, וואס יוסף האט זיך ערווארבען, האבען ארייגעבראכט אין לאנד (בעזונדער אין די גרעסערע שטעדט) אונגעהויערע קאפיטאלען, און צו איהם זענען צוגעקומען נאך הונדערטער יודישע בעאמטע, מיט וועלכע ער האט זיך בענוצט ביים אויפמאהנען די שטייערן אין די אלע פראווינצען, וואס האבען זיך געפונען אונטער זיין רשות, און וועלכע זענען אויך רייך און גרויס געווארען. די דאזיגע רייכטימער, צוזאמען מיט יוסף'ס חשיבות אין קעניגליכען הויף און זיינע סאלדאטען-אבטיילונגען, מיט וועלכע ער האט אין דער מורא געהאלטען די פלשתים, פיניקיער, אדומ'ער און זאגאר אויך די גריכיש-מאקעדאנישע קאלאניעס, — האבען אויפגעהויבען דעם פרעסטיזש נישט בלויז פון איהם אליין מיט זיין קרייז, נאר אויך פון דער אלגעמיינער יודישער בעפעלקערונג; דערביי זענען די יודען פון יהודה אלץ מעהר און מעהר ארונטערגעפאלען אונטער דעם איינפלוס פון העלעניזם, און אלע זייערע אויסערע לעבענספארמען האבען שוין געטראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון דעם פיינעם גריכישען געשמאק. אזוי האבען די יודישע וואוינונגען, למשל, אנגעהויבען שענער געבויט צו ווערן און אויך די מאלעריי האט אנגעהויבען בענוצט צו ווערן אין דער יודישער גאס. די יודען פון אלעקסאנדריע, וואס האבען איבער הונדערט יאהר זיך געפונען אין א גריכישער אומגעבונג און זענען שוין אינגאנצען העלעניזירט געווען, האבען אויך געווירקט אין דער ריכטונג אויף די איבריגע צענטערן פון יהודה, דורך דער פערמיטלונג פון די יודען, מיט וועלכע זיי זענען געקומען אין פערבינדונג א דאנק יוסף'ס געשעפטען, און דאס יודישע פאלק האט זיך אזוינאך ביסליכווייז אינגאנצען בעפרייט פון יענע אונגעשליפענע אזיאטישע מנהגים, וועלכע האבען א סך הונדערטער יאהרען געהערשט אין דעם יודישען לעבען.

די דאזיגע אויסערליכע פיינקייט און די אלע איבריגע גוטע זייטען פון דער גריכישער קולטור האבען אבער מיטגעבראכט מיט זיך אין דער יודישער גאס אויך די שלעכטע זייטען איהרע, און אנשטאט דעם נאטירליכען פראצעס פון צופאסען זיך צו א פרעמדען פאלק און איבערנעהמען זיינע בעסערע זיטען און מנהגים, היטענדיג דערביי דעם אייגענעם פאלקס-וועזען און די גוטע נאציאנאלע אייגענטימליכקייטען — איז דא די זאך גאנץ אנדערש צוגעגאנגען: די יודישע אריסטאקראטען האבען אנגעהויבען צו פערגעטערן די גריכישע קולטור און נאכצואהמען, ווי אפען, דאס גאנצע גריכישע לעבען מיט אלע זיינע ווילדע מנהגים און אויסגעלאסענקייטען, פעראכטענדיג אינגאנצען די טראדיציאנעלע תמימות פון פאלק און זיין היסטארישע זיטען-ריינהייט. די גריכען האבען ליעב געהאט געזעלשאפט, אלגעמיינע מאלצייטען און אויסגעלאסענע פערוויילונגען, און די יודישע אריסטאקראטיע האט עס כלומר'שט נאכגעמאכט אין אן'אונשולדיגער פארם: זי האט אויך אנגעהויבען אזעלכע געמיינשאפטליכע מאלצייטען איינצוארדנען, ביי וועלכע די פערזאמעלטע זענען געלעגען צו-דריי אויף א רוהע-בעט, און דערביי האט זי איינגעפיהרט וויין, מוזיק און לידער. דערמיט אליין האט זיך אבער די רעפארם נישט געענדיגט — באלד האט זיך ארויסגעוויזען, אז די דערמאהנטע מיטלען זענען נאך וועניג אויף ארויסצורופען א פאלשטענדיגע הייטערע שטימונג, און די אויסגעלאסענקייט האט איהרע קרבנות אליין טיעפער און טיעפער אראבגעצויגען אינ'ם תהום פון אונזיטליכקייט און פערברעכען. יוסף האט אפט פערבראכט אין פילאפאטאר'ם הויף, וואו די ווילדע פרעהליכקייט האט איהר טריאומף געפייערט און פון קיין גרענעץ נישט געוואוסט. דא איז די אונצוכט אפען ארומגעגאנגען און האט פערפיהרט דאס פאלק און די ארמע; פילאפאטאר האט זיך איינגערעדט, אז זיינע אורעלטערן זענען ארויסגעקומען פון דעם וויינגאט דיאניזאס (באקחוס); ער האט זיך דעריבער געפיהלט פערפליכטעט צו דינען דעם דאזיגען גאט מיט וואס-מעהר פער'שיכור'טע [illegible] און אויסגעלאסענקייטען, און ווער עס האט געוואלט געווינען דעם חסד פון קעניג אדער פון זיינע מקורבים, האט געמוזט אנ'אנטהייל נעהמען אין די דיאנזישע ארגיען און דערביי וואס-מעהר ווילדקייט ארויסווייזען. פון דער דאזיגער קעניגליכער עהרע האט אויך יוסף גענאסען, און ביי איינעם פון די הויף-מאלצייטען, האט זיך אין שמעון הצדיק'ס אייניקעל אזוי צו-פלאקערט די ליעבע צו איינער פון די דארטיגע טענצעריג'ס, אז ער האט

זיין ברודער סאָלימיאַס דרינגענד געבעטען, ער זאָל איהם זי בעזאָרגען אין דערהיים שטילערהייד, ווייל דאָס יודישע געזעץ האָט איהם פערבאָטען זיך צו דערנעהנטערן צו אַ פרוי פון אַ פרעמדען פאָלק. און ער איז שוין דאַמאָלס אַ פאָטער געווען פון זיבען קינדער!

דערביי אַליין האָט זיך יוסף נאָך נישט אָבגעשטעלט. פאַר איהם איז וועניג געווען דאָס, וואָס ער אַליין האָט זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעלעבט מיט די פערדאָרבענע זיטען פון דער גריכישער אַריסטאָקראַטיע — דעם כהן-גדול'ס אייניקעל האָט זיך געוואָלט דעם גאַנצען קולט פון וויין און ווייב איינפלאַנצען אויך אויף דעם יודישען באָדען, און צו דעם צוועק האָט ער אין ירושלים איינגעפיהרט איינעם פון די דיאָנ׳זישע יום-טובים, וועלכע זיין בעשיצער, דער קעניג, האָט אַזוי ליב געהאַט. אין דער איבערגאַנגס-צייט פון ווינטער צום פריהלינג, ווען דער וויינשטאָק האַלט אין רעכטען בליהען און דער וויין געהט צום צווייטען מאָל אויף אין די פעסער, פלעגען די גריכען פייערן איינעם פון זייערע גרעסטע דיאָניזיען-יום-טובים; צוויי טעג פלעגט דער דאָזיגער „וויין-יום-טוב" געדויערן, אוןביידע טעג זענען געווידמעט געווען דער אַרבייט פון שכור'ן און אונצוכט טרייבען. גוטע פריינד פלעגען זיך איינע די אַנדערע שענקען אין דער צייט אָנגעפילטע קריגלעך מיט וויין, און דער, וואָס האָט אַממעהרסטען געטרונקען, איז אַלס זיגער געפייערט געוואָרען. אָט דעם שכורים-יום-טוב האָט יוסף-בן-טוביה אויך אין יהודה איינגעפיהרט — צוויי טעג אין יאָהר האָבען יודען דעם ווייננאַט געדינט, און אום דעם דאָזיגען פרעמדען יום-טוב כלומר'שט אַ יודישען חאַראַקטער צו געבען, איז איינגעפיהרט געוואָרען, אַז די רייכערע זאָלען אין די טעג שענקען מתנות פאַר אָרעמע!

און וואו עס האַנדעלט זיך וועגען אַ באַקחוס-יום-טוב, דאָרט בלייבט עס שוין נישט ביים וויין אַליין: דער יודישער אַדעל האָט די געזעצען פון זיין פאָלק פערלאָזען און די צניעות פון זיינע עלטערן אויסגעלאַכט, און זינגערינס, טענצערינס און אויסגעלאַסענע פרויען האָבען די ריינע לופט פון יהודה מיט שענדליכקייטען און שמוציגע מעשים פערפעסטעט.

נאַטירליך, האָבען זיך אין פאָלק געפונען נישט וועניג אַזעלכע, וואָס דאָס האַרץ האָט זיי געבלוטעט, צוזעהענדיג די שרעקליכע הנהגה פון זיינע פיהרער, און ביי איינעם פון די דאָזיגע טריי-געבליבענע יודען האָט זיך פון האַרצען אַ וואָרנונג אַרויסגעריסען:

קום נישט קיין אויסגעלאָסענער פרוי אַנטקעגען,
אום דו זאָלסט אין איהר אָבגרונד נישט אַרײַנפאַלען.
פערברענג נישט בײַ קיין טענצערין,
אום דו זאָלסט אין איהרע (צויבער-) קינסטלערײַען נישט געפאַנגען ווערן.

די שטימע פון אַזעלכע אײַנצעלנע יודען איז אָבער פערזונקען געוואָרען אין דעם בּרויזענדען שטראָם פון די העלעניסטישע אידעען, וואָס האָבען זיך אַרײַנגעריסען אין דער יודישער גאַס און אַרויסגערופען אַנ׳אמת׳ע איבּערקעהרעניש אין דער גאַנצער יודישער וועלט-אַנשויאונג. דער גריכישער אידעען-גאַנג האָט זיך אונטערגעגראָבען אונטער די יסודות פון דער יודישער אמונה און אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט אָנגעהויבען ערנסט צו צווייפלען אין דעם, צי איז ווירקליך אמת דאָס אַלץ, וואָס די יודישע תורה לעהרנט; צי פערלאַנגט טאַקי די געטליכקייט פונ׳ם מענשען, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון אַלע וועלטליכע פערגעניגענס און צי בּעשעפטיגט זיך די גאָטהייט איבּערהויפּט מיט אונזער וועלט און מיט דעם מענשען. דאָס זענען אָבּקלאַנגען געוועזען פון עפּיקור׳ס לעהרע, וועלכע האָט צו יענער צייט געהערשט אין דער גריכיש-מאַקעדאָנישער וועלט און, ווי ס׳איז זיך לײַכט פאָרצושטעלען, האָט דער שטאַרקער צוזאַמענשטויס צווישען די בּיידע היסטאָרישע קולטורען געמוזט אַרויסרופען אַנ׳אָנגעשטרענגטע גײַסטיגע טעטיגקײַט בּײַ די יודישע שריפטשטעלער און דענקער, פאַר וועלכע עס זענען איצט ענטדעקט געוואָרען נײַע האָריזאָנטען, נײַע שאַפונגס-פאָרמען און נײַע געבּיטען פון דעם מענשליכען גײַסט און פערשטאַנד.

עס עקזיסטירט דעריבּער אַ השערה, אַז אין יענער עפּאָכע זענען געשאַפען געוואָרען די בּיידע ווערק, וועלכע די טראַדיציע האָט צוגעשריבּען דעם קלוגען שלמה: „שיר השירים" און „קהלת". דאָס ערשטע פון די דאָזיגע בּיידע ווערק, וועלכע זענען אַרײַנגענומען געוואָרען אין דעם לעצטען טייל פון דער בּיבּעל, שטעלט פאָר מיט זיך אַ דראַמאַטישע פּאָעמאַ, וואָס בּעזינגט די ליעבּע פון אַ וואונדער-שענער פאַסטוך-מעדעל צו איהר פרײַנד, „וועלכער פיטערט (זײַנע שאָף) אין די רויזען-פעלדער". דאָס איז אַ העריליך-שענעם קונסטווערק, געשאַפען אונטער דעם אײַנפלוס פון דעם איבּערגעטראָגענעם העלעניזם, אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָב דער ראָזיגער גלאַנץ פון דער דאַמאָלדיגער גליקליכער, ליכטיגער יודישער געגענוואַרט; אין וועלכען עס פיהלט זיך די

ליעבענספרעהליכע זאָרגלאָזיגקייט פון הייטערע הימלען, גרינע פעלדער און בערוישענדע בלומען. עס איז דאָס ליעד איבער אלע ליעדער און דאָס איינציגע ווערק אין דער גאַנצער אַלט-העברעאישער ליטעראַטור, וואָס איז אונגעוועהנליך רייך אין ווייכקייט, אין טיעפע עמפפינדונגען און אין מאַלערישע נאַטור-שילדערונגען, און בעזינגט אויף דעם נאַטירליכסטען אופן, אָהן אַ שום רעליגיעזער שאַטירונג, דעם בערוישענדען צויבער פון דער ליעבע.

דער געפיהלפולער דיכטער האָט טיעף איינגעזויגען אין זיך דעם גלאַנץ און די שענע שאַפונגס-פאָרמען פון דער גריכישער קונסט-וועלט, אין זיינע פערזען הערען זיך די שענע קלאַנגען פון טעאָקריט און אַנאַקרעאָן, — דאָס אַלץ אָבער האָט זיך ביי איהם אָרגאַניש צונויפגעשמאָלצען מיט די האַרציגע טענער פון דער יודישער ליריק, און דער גאַנצער אינערליכער גייסט, מיט וועלכען עס איז דורכגעדרונגען זיין „שיר השירים“, טראָגט אויף זיך אַן'אָריגינעל-יודישען שטעמפעל. אינ'ם געגענזאַץ צו דער נישט-זויבערער און אויסגעלאַסענער ליעבע פון די גריכישע ווענוס-טעכטער און באַקחוס-פרויען, האָט ער אַן'אידעאַל-בילד געשאַפען אין דער געשטאַלט פון עמינדב'ס שענער פאַסטוך-טאָכטער שולמית, די פלאַמענדע ליעבע פון וועלכער עס איז דורכגענומען מיט אַ בעצויבערנדער נאַאיוויטעט און מיט אַ ריהרענדער צניעות'דיגער איינפאַכקייט. שולמית פערקערפערט מיט זיך די פאָלקאָמענע שענהייט: איהר שטימע איז זיס, איהר גאַנג — פער'שכור'נד, איהר טאַנצען — געטליך-רייצענד; זי אַנטלויפט אָבער פון שטאָדט, פיהלט זיך געפייניגט אינ'ם קעניגליכען שלאָס און בענקט נאָך די „ווייַנשטאָקבוימער פון עין-גדי“ און נאָך די איינזאַמע „ליליען-פעלדער“, וואו איהר פריינד פיטערט זיינע שאָף. אַט דעם „פריינד“ ליעבט זי מיט דעם גאַנצען גלוט פון איהר יונגען האַרצען, און ריין בלייבט די דאָזיגע גליהענדע ליעבע, — ריין פון יעדען נישט-אַנשטענדיגען וואָרט, פון יעדער נישט-זויבערער האַנדלונג, פון יעדען אונרייַנעם געדאַנק.

איהר געליעבטער זינגט צו איהר:

שטעה אויף, געליעבטע מיינע, שענהייט מיינע,
און געה-דיר!
דען דער הערבסט איז שוין אריבער
און די רעגענס זענען שוין פערביי,
די בליטען האָבען זיך געוויעזען אויף דר'ערד;

די צייט פון נאכטיגאל איז אנגעקומען,
און די שטימע פון דער טירקעל-טויב הערט זיך אין אונזער לאנד.

עס זענען צייטיג געווארען די שפראצען פונ׳ם פייגענבוים,
און די בליטען פון די וויינשטאק-בוימער האבען אנ-
געהויבען שמעקען.

שטעה אויף, געליבטע מיינע, שענהייט מיינע,
און געה דיר!

— — — — — — — — — — — —

ביז עס וועט א בלאז טהון דער טאג
און די שאטענס וועלן אנטלויפען,
וועל איך געהן צו דעם בארג פון די מירטען
און צו די הינלען פונ׳ם וויהרויך
מיט מיר פון לבנון, כלה!
מיט מיר פון לבנון וועסטו געהן.
דו וועסט אראבקוקען פונ׳ם שפיץ-בארג אמנה,
פון די שפיץ-בערג שניר און חרמון,
פון די לייבען-הויהלען
פון די לעמפערט-בערגער.
און שולמית ענטפערט:
קום, מיין טייערער!
מיר וועלן ארויסגעהן אין פעלד,
מיר וועלן נעכטיגען אין די דערפער.
מיר וועלן זיך פעדערן צו די וויין-גערטנער,
מיר וועלן זעהען, צי עס האט געבליהט דער וויינשטאק,
צי עס האבען זיך געעפענט די בליטען,
צי עס האבען זיך פונאנדערגעלאזען די מילגראמען —
דארט וועל איך געבען מיין ליבע דיר!

און אזוי ווערט כסדר געשילדערט די שטימונג פון דער העלדין אלס טאכטער פון דער נאטור, אי׳ם געגענזאץ צו דער שטימונג פון די וועלטליכע „ירושלים׳ס טעכטער״, און איהר צניעות׳דיגע, אונשולדיגע ליבע געגען דער ליידענשאפטליכער אונציכטיגקייט פון די עפענטליכע טענצערינס און זינגערינס, וואס האבען אנגעפילט דאס ווילד-אויסגעלאסענע לעבען פון די שטאדט-איינוואוינער.

ענדיגען ענדיגט זיך די פאעמא מיט דעם אפאטעאז: „שטארק, ווי דער טוידט איז די ליעבע... איהרע פייערדיגע פונקען זענען — א פלאם פון גאט. א סך וואסערן קענען נישט אויסלעשען די ליעבע און טייכען — וועלן זי נישט פערפלייצען"; און אויב דער דאזיגער ליעבעס-הימן איז, ווי מיר האבען שוין דערמאהנט, אריינגענומען געווארען שפעטער אין די „היילוגע שריפטען", איז עס געשעהען בלויז דעריבער, וואס יודען האבען דאן — זענענדיג שוין דערווייטערט פון אזא זונענגלאנץ און פון אזעלכע ליכטיגע לעבענסבילדער — אנגעהויבען בעטראכטען דאס ווערק, ווי א מין אלעגאריע, אין וועלכער די כנסת ישראל (שולמית) טענה'ט זיך אוים מיט איהר געליעבטען (גאט) און גיעסט אוים פאר איהם איהרע צערטליכסטע, היילוגסטע געפיהלען.

א גאנץ אנדער כאראקטער, דאגעגען, טראגט אויף זיך דאס צווייטע ווערק פון יענער עפאכע, „קהלת". די יודישע אגדה האט כאראקטעריזירט די דאזיגע ביידע ווערק, וועלכע די טראדיציע האט, צוזאמען מיט'ן ספר „משלי", צוגעשריבען שלמה המלך'ן, אין דעם פאלגענדען אפאריזם: „ווען דער מענש איז יונג, זינגט ער לידער (שיר השירים); ווען ער ווערט עלטער, זאגט ער משלים (משלי); און ווען ער ווערט גאר אלט, זאגט ער הבל הבלים (קהלת)". און ס'איז ווירקליך אזוי: „שיר השירים" איז דאס ליעד פון דער לעבענספרעהליכער יוגענד, פונ'ם בליהענדען פריהלינג, און דאגעגען איז „קהלת" די פערצווייפלונג פון דער עלטער, די בעטריבטע שטימונג פון א מענשען, וואס איז אי פיזיש, אי גייסטיג איבערזעטיגט, און געפינט נישט מעהר אין לעבען נישט קיין מאטעריעלען גליק און נישט קיין מאראלישע בערוהיגונג *). דאס גאנצע ווערק איז דורכגעדרונגען מיט א פינסטערן, פערצארנטען פעסימיזם, וואס טרעט מיט די פיס אלע בלומען פון לעבען און זעהט אין דעם גאנצען סיסטעם פון דער וועלט, — א נארעשע שפיעל. אויך דא, ווי אין „איוב", רעדט זיך וועגען גאטספארכטיגקייט און פרומקייט; קהלת לאזט אבער די דאזיגע טענער פערזינקען אין דער מעלאנכאלישער שטימונג, וואס עס רופט ארוים די אלגעמיינע נישטיגקייט, די אלגעמיינע פוסטקייט פון לעבען. די סקעפטישע געדאנקען פערגיפטען יעדען גאטספארכטיגען געפיהל אלץ איינס, ווי יעדען פערגניגען, ווי יעדען

*) דובנאוו.

לעבענס־גענוס, און אַ ביטערער פערצווייפלונגס־אויסרוף רייסט זיך פון הארצען אַרויס: „גאָרנישט מיט גאָרנישט, אַלץ איז גאָרנישט!“

נאַרעש און מאַנאַטאָן איז דער גאַנג פון די מעשים אין דער נאַטור, ווארום „אַ דור געהט אַוועק און אַ דור קומט און די ערד בלייבט אייביג שטעהן; וואס עס איז געווען, דאס וועט זיין, און וואָס ס'איז איינמאל געשעהען, וועט געשעהען נאָכאַמאָל — און ס'איז קיין נייעס נישט פאַרהאַן אונטער דער זון“. לעבען און שטערבען, זוכען און פערלאַנגען, פאָרשען און דערגעהן — „דאָס איז אויך אַ פערבלענדעניש פון גייסט, ווארום וואָס מעהר חכמה, אַלץ מעהר פערדרוס, און וואָס מעהר וויסען — אַלץ מעהר וועהטאָג“. געניסען פון די ערדישע פערגניגענס קען אויך נישט גערעכענט ווערן פאַר קיין בעפרידיגונג: „דאָס איז אויך גאָרנישט“. עס קומט אַלזאָ ממילא אוים, אַז דער נאַר און דער חכם, דער רשע און דער צדיק — אַלעמענס גורל איז גלייך, און דאָס בעסטע פאַר'ן מענשען איז, „ער זאָל עסען און טרינקען און זיך לאָזען וואויל געהן אין זיין מאַטערניש“, ווייל דאָס איז אויך פון גאָט געגעבען.

אים געגענזאַץ צו דעם גייסט פון נסים און איבערנאַטירליכע וואונדער, וועלכער הערשט אין די פריהערדיגע פראָזאַאישע און פּאָעטישע ווערק פון דער ביבעל, בעמיהט זיך קהלת פעסטצושטעלען די צוועקמעסיגקייט פון דער נאַטור און דעם אייביגען זיכערן גאַנג פון די געשעהענישען אינ'ם וועלטאַל; גראָד דער געדאַנק פעראורזאַכט איהם אָבער אויך טיפע ליידען, ווייל ער קען נישט צוזעהן דעם סיסטעמאַטישען נצחון פון דאָס שלעכטע איבער דאָס גוטע, פון דער אַכזריות איבער דער גערעכטיגקייט: „און איך האָב צוגעזעהען די אַלע רויבערייען, וואָס טוען זיך אָב אונטער דער זון, און אָט איז די טרער פון די בערויבטע, וואָס האָבען קיין טרייסטער נישט“ — — —; „און איך לויב די טוידטע, וועלכע זענען שוין געשטאָרבען, בעסער פון די לעבעדיגע, וואָס לעבען נאָך; און בעסער פון די ביידע — דעם, וואָס איז נאָך גאָרנישט געווען, וואָס האָט נישט געזעהען די שלעכטע מעשים, וואָס טוען זיך אָב אונטער דער זון“.

און פון דעם דאָזיגען פינסטערן, סקעפּטישען פּעסימיזם, קעהרט ער זיך אָפּט צוריק אום צו די טרייסטענדע טענער פונ'ם עפּיקורעאיזם: „פרעה דיך, בחור, אין דיין קינדהייט און לאָז דיר דיין האַרץ וואויל געהן אין די טעג פון דיין בחור'שאַפט און געה אין די וועגען פון דיין

הארץ און (פאלג) די זעהונגען פון דיינע אויגען, און טו אב דעם כעס פון דיין הארצען און דערווייטער דאס שלעכטע פון דיין לייב, דען די קינדהייט מיט דער יוגענד זענען — גארנישט".

דאס איז אבער נישט די אייגענטליכע פילאזאפישע לעזונג פון דעם אונענדליכען לעבענס-פלאנטער. קהלת ראט דעם מענשען צו לעבען, צו געניסען פון לעבען, צו עקספלאאטירען דאס אלץ, וואס דאס לעבען איז אימשטאנד צו געבען, — נישט ווייל דאס איז דער זין פון לעבען, נישט ווייל ער זעהט אין דעם די אינערליכע אידעע פון דער וועלט-הנהגה, נאר ווייל דאס איז א מיטעל אויף צו פערטויבען דעם שרעקליכען „יתוש", וואס הערט נישט אויף צו לעכערן דעם מענשליכען מוח מיט זיינע אייביגע שאלות און ספקות.

ענדיגען ענדיגט זיך דאס ווערק מיט דעם צוגעגעבענעם גאטספארכטיגען פסוק: „דאס לעצטע ווארט: אלץ איז געהערט געווארען; האב מורא פאר גאט און היט אב זיינע מצוות, דען דאס איז דער גאנצער מענש" (דער גאנצער זין פון לעבען), און א דאנק דעם, ווי אויך א דאנק דער טראדיציע, וואס האט צוגעשריבען דאס ווערק דעם קעניגליכען מחבר פון „שיר השירים" און „משלי", — איז „קהלת" אריינגענומען געווארען אין דער רייהע פון די ביבעל-ווערק.

דאס איז געווען די פרוכט פון דער יודישער געדאנקען-טעטיגקייט אין יענער עפאכע פון וואוילשטאנד און פאלקס-גליק; באלד אבער האבען זיך אנגעהויבען וואלקענס צו ווייזען אויף דעם הימעל פון יהודה און פון דער יהודה'שער בעפעלקערונג. אין דער פאמיליע פון דעם קעניגליכען ארענדאטאר יוסף בן טוביה האבען זיך אנגעהויבען גרויסע מחלוקת, און דאס האט זיך שלעכט אבגערופען אויך אויף דער פאליטישער לאגע פון לאנד; אנגעהויבען האט זיך די מחלוקת צווישען יוסף'ס זיבען זיהן פון זיין ערשטער פרוי און דעם יונגסטען זוהן, הורקנוס, די פרוכט פון יוסף'ס נישט גאנץ-כשר'ן פערקעהר מיט זיין ברודער'ס טאכטער סאלימיע. א דאנק זיינע בעסערע פעהיגקייטען און זיין געשיקטקייט, איז הורקנוס געווארען דער ליעבלינג פונ'ם אלטען ארענדאטאר, און ווען ביים קעניג פילאפאטאר איז אונערווארטעט א זוהן געבוירען געווארען (210) און אלע פערטרעטער פון צעלאסיריען האבען זיך געקליבען קיין אלעקסאנדריע צו בעגריסען די בעגליקטע קעניגליכע עלטערן און זיי מתנות צו ברענגען, האט יוסף, נישט קענענדיג אליין פאהרען, אויסגעקליבען זיין יונגסטען זוהן, אלס דעם פאסענדסטען קאנדידאט

אויף צו פערטרעטען זיין פלאַץ ביי דער דאָזיגער פייערליכער מיסיע. די
עלטערע ברידער האָט עס, נאַטירליך, שטאַרק געקרענקט און זיי האָ-
בען געגעבען אַ וואונק אין אַלעקסאַנדריע, מ'זאָל איהם אַברוימען פון
וועג; דאָס האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבען: דער געשיקטער
הורקנוס האָט זיך גלייך ערוואָרבען די סימפּאַטיע פון גאַנצען הויף און
מיט זיינע פערשווענדערישע מתנות — הונדערט שענע שקלאַפען פאַר'ן
קעניג און אַזוי פיעל שענע שקלאַפינס פאַר דער קעניגין, וועלכע האָ-
בען אַלע געהאַלטען אין די הענד צו איין טאַלאַנט אויף איבערצוגעבען
עס זייערע נייע געביטער — האָט ער אין שאָטען געשטעלט אַלע איבּ-
ריגע פערטרעטער פון לאַנד. און דערמיט אַליין האָט זיך נאָך זיין ער-
פאָלג נישט געענדיגט; ער האָט מיט זיין אינטעליגענץ און שאַרפזיניגען
וויץ פילאָפּאַטאָר'ן אַליין בעצויבערט, און איז זיין נעהנטסטער ליעבלינג גע-
וואָרען. שטאָלץ און טריאומפירענדיג האָט זיך דאַן הורקנוס צוריקגע-
קעהרט קיין ירושלים; און ווידער האָבען זיינע ברידער געלויערט אויף
איהם אין מיטען וועג מיט זייערע מענשען, אום איהם צו דער'הרג'נען.
דאָס גליק האָט איהם אָבער אויך דאָס מאָל נישט פערלאָזען, און
אַרויסטרעטענדיג צוזאַמען מיט זיינע בעגלייטער געגען די אָנפאַלער,
האָט ער צוויי פון זיינע ברודער געטויט.

הורקנוס איז בשלום אַהיים געקומען. דאָ האָט אָבער דער צאָרענ-
דיגער פאָטער אָנגעהויבען צו איהם טענות צו האָבען פאַר אַלע זיינע
לעצטע מעשים און בעזונדער פאַר די אונגעהויערע סומען געלד, וואָס
ער האָט פערשווענדעט; דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז הורקנוס האָט
נישט געקענט לענגער בלייבען אין ירושלים און איז אַוועק צוריק קיין
אַלעקסאַנדריע.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז יוסף געשטאָרבען (208), און דאַן
האָט זיך די מחלוקת צווישען די קינדער נאָך שטאַרקער צופלאַקערט.
די שטייער-אַרענדע צוזאַמען מיט די אַלע דערמיט פערבונדענע הכנסות
און כבודים איז, וואַהרשיינליך, איבערגעגאַנגען צו פילאָפּאַטאָר'ס ליעב-
לינג, ד. ה. צו דעם יונגסטען פון יוסף'ס זיהן. דער האַס פון זיינע
ברידער צו איהם איז געוואַקסען, און ווען ער איז קיין ירושלים געקו-
מען, אום איבערצונעהמען די שטייער-פערוואַלטונג, זענען זיי אָפען
אַרויסגעטרעטען געגען איהם און אָנהענגער געזאַמעלט, אום מיט געוועהר
אין די הענד איהם פון שטאָדט צו פערטרייבען. נאַטירליך האָט הורקנוס
אויך נישט געשוויגען, און אָרגאַניזירט אַ גאַנצע פּאַרטיי פון זיינע אָנ-

הענגער, וועלכע זענען גרייט געווען אַרויסצושטיצן אין אַן׳אָפענער
בלוטיגער בירגער=מלחמה. און געקומען איז דער קאַמפּף ביז אַזוי ווייט,
אַז זי עלטערע ברידער, אַרער ווי מ׳האָט זיי גערופען די טוביה׳אי=
דען, האָבען זיך, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאָליטישע געשעהענישען
פון יענער צייט, גלייך ערקלערט פאַר אָפענע אָנהענגער פון דער סע=
לייקי׳דישער דינאַסטיע, און צו זייער צד איז צוגעשטאַנען אויך דער כהן
גדול שמעון II, דער זוהן פון יענעם חוניו II, וועלכער האָט געפיהרט
אַן׳אַנטאַציע געגען די תלמי׳אידען נאָך פאַר פטאָלאָמעאוס עוערגעט III.
הורקנוס איז דאַן אַנטלאָפען קיין אַלעקסאַנדריע, אום זיך צו בעקלאָגען
געגען די ברידער; דאָרט האָט זיך אָבער דערווייל די לאַגע איינגאַנצען
געענדערט און קיינער האָט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט. זיין בעשי=
צער, דער קעניג פילאָפּאַטאָר, איז געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג נאָך
זיך אַלס טראָנפאָלגער דעם מינדעריעהריגען פטאָלאָמעאוס V עפּיפאַ=
נוס; דאָס האָט אַרויסגערופען אין די עגיפּטישע רעגירונגס=קרייזען אַ
גאַנצע איבערקעהרעניש, און מיט דער שוואַכקייט פון דעם תלמי׳אידי=
שען הויף האָבען זיך דערווייל געוואָלט בענוצען די ביידע שכני׳שע שטאַר=
קע מלכים, אַנטיוכוס דער גרויסער פון סיריען און פיליפּ פון
מאַקעדאָניען, אום צו פערהאַפּען גאַנץ עגיפּטען מיט אַלע פּראָווינצען.

ווי געזאָגט, האָט זיך אין ירושלים שוין געהאַט אויסגעבילדעט אַ
שטאַרקע פּאַרטיי מיט׳ן כהן גדול אָן דער שפּיץ, וואָס האָט זיך גע=
שטעלט אויף דער זייט פון דעם סעלייקיד אַנטיוכוס; דאָס האָט דעם
לעצטען געגעבען די מעגליכקייט מיט גאַנץ לייכטע קרעפטען איינצונעה=
מען יהודה. די טוביה׳אידען האָבען פאַר׳ן קעניג פון סיריען די טויערן
פון ירושלים געעפענט און איהם בעגריסט; די אָנהענגער פון דעם
עגיפּטישען הויף, האָבען זיך אויך געמוזט אונטערגעבען דער שטאַרקע=
רער מאַכט. אַזוי איז יהודה נאָך הונדערט יאָהר עקזיסטירען אַלס אַ טייל
פון צעלאָסיריען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון די פטאָלאָמער,
איבערגעגאַנגען אין דעם רשות פון די סעלייקידען (202).

די אַלעקסאַנדרישע רעגירונג האָט זיך אָבער אַזוי לייכט נישט
אונטערגעגעבען, און אָנשטרענגענדיג די לעצטע כחות, האָט זי אַרויס=
געשיקט דעם אַטאָלישען קריעגספיהרער סקאָפּאַס מיט אַן׳אַרמעע פון גע=
דונגענע סאָלדאַטען, אום דעם קאַמפּף געגען די סירישע אונטערצונעה=
מען און זיי אַרויסצושטופּען פון די פערהאַפּטע פּראָווינצען אַרום ירדן.
אומזיסט האָבען זיך דאַן די טוביה׳אידען מיט זייערע אָנהענגער אָנגע=

שטרענגט, אויסצוהאַלטען דעם אָנגריף פון דער דאָזיגער אַרמעע און נישט אַרונטערצופאַלען ווידער אונטער דער געוואַלט פון די פטאָלאָמעער — סקאָפּאַס מיט זיין ווילדער מחנה האָט ירושלים מיט'ן שטורם איינגענומען און אין שטאָדט אַ חורבן אָנגעמאַכט. מיט אַ וואוטיגען צאָרן האָט ער זיך אויפ'ן בית-המקדש אַרויפגעוואָרפען און אַלע מיטגלידער פון דער סעלייקידישער פּאַרטיי זענען דורך איהם גע'הרג'ט אָדער אַכזריות'דיג געפּייניגט געוואָרען. אַ סך איינוואוינער פון ירושלים זענען דאַן אַנטלאָפען פון שטאָדט און, אום די איבערגעבליבענע פון דער בעפעלקערונג אין דער מורא צו האַלטען, האָט ער זיך אַ וויכטיגען פּונקט געלאָזען און בעזעצט מיט סאָלדאַטען די פעסטונג באַריס אָדער עקרא, אין צפון-מערב זייט פון בית-המקדש.

נאָך דעם אַלעמען אָבער איז סקאָפּאַס'ן דאָך נישט געלונגען, פּאַקטיש אָבצונעהמען צוריק פאַר דער עגיפּטישער קרוין די צעלאָסירישע פּראָווינצען. אין דעם שענעם טאָל צו-פוסענס פון באַרג חרמון, ביי די שטראָמען פון ירדן, האָט זיך אַ בלוטיגע שלאַכט צופלאַקערט, אין וועלכער סקאָפּאַס מיט זיין מחנה איז אינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען. ווידער איז אַנטיוכס געוואָרען דער הערשער פון דעם גאַנצען ראַיאָן, אין וועלכען ס'איז אַריינגעגאַנגען אויך יהודה, און ווידער האָט זיך אין ירושלים די ביטערע מחלוקת אָנגעהויבען. יהודה איז געגליכען געווען אין יענער צייט צו אַ שיף אין מיטען אַ שטורמדיגען ים, וואָס ווערט געשלידערט פון איין זייט אין דער אַנדערער. ביידע קריעג-פיהרענדע פּאַרטייען האָבען דעם לאַנד שווערע וואונדען געלאָזען און פיעל פון די איינוואוינער זענען אין געפאַנגענשאַפט אַוועקגעפיהרט געוואָרען.

געזיעגט האָט אָבער דאָך די סעלייקידישע פּאַרטיי, און ווען אַנטיוכס איז צוגעקומען מיט זיין אַרמעע — נאָכדעם, ווי ער האָט שוין געהאַט איינגענומען די פּראָווינצען אַבילא און שומרון פון ביידע זייטען ירדן — צו די טויערן פון דער הייליגער שטאָדט, זענען די אָנגעזעהענסטע מיטגלידער פון דער קהלה צוזאַמען מיט די כהנים איהם אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען, האָבען איהם מיט פּאַראַד אַריינגעפיהרט אין שטאָדט און לעבענסמיטעל געגעבען פאַר דער אַרמעע און די עלעפאַנטען. די עקרא-פעסטונג איז אָבער נאָך בעזעצט געווען מיט אַטאָלישע סאָלדאַטען, און אין דעם קאַמפף, וואָס אַנטיוכס האָט אונטערגענומען, אום צו פערניכטען דעם דאָזיגען שפּור פונ'ם עגיפּטישען גאַרניזאָן, האָבען איהם די איינוואוינער פון ירושלים פיעל געהאָלפען.

אַנטיוכס, וואַהרשײַנליך, האָט זעהר אָבגעשאַצט די דאָזיגע הילף און דעם יודישען מיטגעפיהל, און דערום האָט ער אָנגעזאָגט זײַן שר תלמי, אַז ער זאָל זיך בּעגעהן מיט חסד. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בּעפעהל, צו רעמאָנטירען דעם בּית־המקדש און אָבצובּויען די חורבות פון שטאָדט. אַנטיוכס האָט דעם יודישען פאָלק געשאָנקען פיעל זכיות און איהם ערלויבּט צו האָבען אַנ׳אינערליכע, אײגענע פערוואַלטונג לויט די אײגענע געזעצען. אויסער דעם האָט ער פערוועהרט אַלעמען, וועלכע געהערען נישט אָן צו דעם יודישען פאָלק, מיט געוואַלד אַרײַנצורײַסען זיך אין בּית־המקדש און אַרײַנצובּרענגען אין ירושלים נבלות און פּגרים, כדי נישט מטמא צו זײַן די הײליגע שטאָדט.

אַנטיוכס איז אויף אַזאַ אופן געבּליבּען דער הערשער פון סוריא צוזאַמען מיט יהודה. ער האָט זיך אָבער מיט דעם אַלײן נישט בּענוגענט. איהם האָט געצויגען צו מצרים און איהרע אומגעגענדען, וועלכע וועלען, ווי עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, זײַן גרינג צו בּעקעמפפען. דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך געפונען אונטער דער מאַכט פון אַ נישט־ווירדיגען הערשער. און ווען די רוימער, זוכענדיג נײַע מלחמות, נאָכדעם ווי זיי האָבען אײַנגענומען קרתגא און מנצח געווען דעם בּעריהמטען האַניבּאַל׳ען, האָבען איהם צוגעזאָגט זייער הילף, האָט ער, אַנטיוכס, שוין דאַן פערקלעהרט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו בּעזיעגען די רוימער גופא און צו פערחאַפּען גאַנץ קלײן־אַזיען צוזאַמען מיט דעם אַלטען גריכענלאַנד. אין די קלײנע מדינה׳לעך פון קלײן־אַזיען, וועלכע זענען שוין געווען איהם אונטערגעוואָרפען, האָט ער בּעזעצט פיעל פאַמיליעס פון יודען, האַלטענדיג צו זיי אַ בּעזונדער צוטרוי און גלויבּענדיג, אַז צווישען די פײַנדליכע בּעזיעגטע עלעמענטען, וועלכע זענען איבּערהויפּט בּעשטאַנען פון גריכען, וועלען די איהם איבּערגעגעבּענע יודען דיענען אַלס אַ זיכערע שטיצע. אַנטיוכס האָט די דאָזיגע קאָלאָניסטען־עמיגראַנטען געשאָנקען אויך אַלע בּירגערליכע רעכט און נאָך צוגעגעבּען פיעל גרויסע הנחות. די דאָזיגע פאַמיליעס האָבען געלעגט דעם ערשטען פונדאַמענט פאַר די יודישע קהלות אין די קלײן־אַזיאַטישע שטעדט — אין עפעס, פאַרדעס און פערגאַם. אין זייער נײַעם פאָטערלאַנד האָבען זיי אײַנגעהיט זייער צוגעבּונדענקײַט צו יהודה, צו ירושלים, צום בּית־המקדש אין אַ משך פון הונדערטער יאָהרען.

די וואַקסענדע מאַכט פון זײַן הערשאַפט האָט אָבער אַנטיוכס אַלײן מיט זײַנע אײגענע הענד פערניכטעט, האָבענדיג אַ צו הויכע פאָר־

שטעלונג וועגען זיין אונבעגרענעצטער גרויסקייט. ער האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט דעם וואוקס פון דער רוימישער מלוכה. אַנטיוכס האָט זיין פּאָליטיק געפיהרט מיט אַ זינלאָזער דרייסטקייט; די רוימער, וועלכע ער האָט גענלויבט אַרויסצוטרייבען פון גריכענלאַנד מיט דער הילף פון בלויזע אָנשרעקונגען, האָבען איהם (190) אַזוי צוקלאַפּט (ביי מאַגנאַזיע), אַז ער האָט געמוזט זיי אָבגעבען אַלע זיינע שטעדט אין גריכענלאַנד און קליין־אַזיען, זיין גאַנצען פלאָט און דערצו נאָך זיך מתחיב זיין אין אַ משך פון צוועלף יאָהר צו צאָהלען קאָנטריבוציע, פונפצעהן טויזענד טאַלאַנטען יעהרליך. צו פערזיכערען דעם אָבמאַך און די קאָנטריבוציע, האָט ער געמוזט שיקען קיין רוים אַלס משכון זיין צווייטען זוהן אַנטיוכס עפּיפנוס, אויף וועלכען ס'איז שפּעטער אויסגעפאַלען דער גורל אַריינצושרייבען אַ בלוטיגען בלאַט אין דער געשיכטע פונ'ם יודישען פאָלק. זעהר שלעכט האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אויף דער סליקוס־מלוכה דער בלוטיגער טעות פון אַנטיוכס בנוגע צו זיינע אייגענע קרעפטען; אום אומשטאַנד צו זיין איינצוצאָהלען יעהרליך אין רוים אַזאַ גרויסע סומע פאַר די מלחמה־הוצאות, האָט ער, דער מלך פון סוריא, געמוזט ראַבירען די היילינגטומען פון די אונטערטעניגסטע פעלקער; דאָס האָט, געוועהנליך, אַרויסגערופען געגען איהם אַ ביטערע שנאה און זאָגאַר די רוהיג־געשטימטע פעלקער האָט עס גערופען צום ווידערשטאַנד. אַנטיוכס, וועלכער האָט זיך גערופען דער גרויסער, איז ווירקליך דער'הרג'עט געוואָרען ביי אַזאַ אָנפאַל. זיין זוהן האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו בערויבען די אונטערדריקטע פעלקער, און געבראַכט ענדליך דערצו, עס זאָל אָבגעשוואַכט ווערען די מלוכה פון די סיליוקידען און אין דער יודישער מלוכה זאָל אַנ'אויפשטאַנד אויסברעכען.

דערווייל האָט זיך נאָך אָבער אין יהודה אַלץ געפיהרט אויפ'ן אַלטען שטייגער. דער העלעניסטישער גייסט, וועלכען דער מוכס יוסף האָט אַריינגעבלאָזען אין ירושלים, האָט זיך אַלץ טיעפער איינגעוואָרצעלט אין לאַנד. די יודישע גריכען, די העלעניסטען, האָבען געבילדעט אַ שטאַרקע פּאַרטיי אין פאָלק, וואָס איז הויפּטזעכליך בעשטאַנען, נאַטירליך, פון די רייכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, וועלכע זענען פערבלענדעט געוואָרען פון דעם גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור. צו דער דאָזיגער פּאַרטיי האָט אויך אָנגעהערט דער כהן גדול ישוע, וועלכער האָט אין זיין נויגונג צום העלעניזם זאָגאַר זיין נאָמען איבערגעענדערט אויף יזון, כדי עס זאָל קלינגען מעהר גריכיש. די מעשים פון כהן גדול

האָבען שוין ממילא נאָכגעטהון פיעל אַנדערע פון די בני אהרן, און דאָס האָט בעזונדער שטאַרק געווירקט אויף די ברייטערע פאָלקס-מאַסען. אָן דער שפּיץ פון דער העלעניסטישער פּאַרטײַ זענען געשטאַנען יוסף דעם מוכס׳ניקס זיהן און אייניקלעך, וועלכע האָבען געבילדעט אינאײנעם אַ פערדאָרבענע באַנדע פון געלדגײַציגע לײַט. דער הויפּט ציעל פון די אָנפיהרער פון דער דאָזיגער פּאַרטײַ איז געוועזען, צו געפעלען אַנטיוכס׳ן, וועלכער איז געוועזען אַליין אַ גריך און האָט זעהר געשעצט דעם גריכישען פאָלק און די גריכישע קולטור, חאָטש ער האָט זיך נישט געמישט אין די אינערליכע רעליגיעזע אַנגעלעגענהײַטען פון יהודה.

אינ׳ם היסטאָרישען לעבען פון יעדען פאָלק, וועלכעס איז נאָך גענוג לעבענספעהיג, פּאַסירט עס אָפט, אַז איין עקסטרעם, איין צושטאַרקע נײַגונג צו איין זײַט, רופט אַרויס אַ צווייטען עקסטרעם, אַ צושטאַרקע נײַגונג אין דער צווייטער זײַט. די, וואָס האָבען מיט טיעפען בעדויער און צאָר׳ן זיך צוגעקוקט צו די שטרעבונגען פון די העלעניסטען, האָבען זיך פעראײניגט אין איין געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל, פעסט צו האַלטען בײַ דער אײגענער אמונה און בײַ די אייגענע פאָלקס-מנהגים און היטען די תורה, ווי דעם שוואַרצאַפּעל פון אויג. זיי האָבען זייער געזעלשאַפט אַ נאָמען געגעבען „כת חסידים“. די דאָזיגע חסידים, אין געגענזאַץ צו די מופקרים׳דיגע העלעניסטען, האָבען גערעכענט יעדע קלענסטע אָבנײַגונג פון דעם יודישען געזעץ פאַר אַ פערברעך געגען גאָט און געגען פאָלק. קײַן שאַרפערע הפכים פון די צוויי פּאַרטײַען קאָן מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלען; זיי האָבען געקוקט אײנע אויף די צווייטע, אַזוי ווי ווען זייערע מיטגליעדער וואָלטען גאָרנישט געוועזען קײַן קינדער פון איין פאָלק און קײַן ברידער פון איין פאַמיליע. דאָס, וואָס בײַ די העלעניסטען איז פעררעכענט געוועזען פאַר אַ אידעאַל, פאַר אַ ציעל, האָבען די חסידים גערעכענט פאַר אַ פערברעך, פאַר אַ פערדאָרבענעם זינד, פאַר אַ פעררראַט. זייערע געגנער האָבען זיי אָנגערופען „רשעים“ און „בוגדים“. די העלעניסטען, האָבען געקוקט וויעדער, אויף אַלץ, וואָס איז געוועזען טײַער און הייליג בײַ די חסידים, ווי אויף ווילדקײַטען און נאַרעשקײַטען, און האָבען אין דעם געזעהען אַ הינדערניש פאַר׳ן גליק פון דער יודישער געמיינדע. צו די חסידים, וועלכע האָבען זיך ווירקליך אויסגעצייכענט מיט זייער שטרענגער עהרליכקײַט און מיט זייער אונצווייפעלהאַפטער פרומקײַט האָבען געהערט די בערידהמטע חכמים יוסי בן יועזר איש צרידה און יוסי בן

יוחנן איש ירושלים. דאָס זענען שעפּפער פון צוויי ריכטונגען אין יודישען רעליגיעזען לעבען. דער ערשטער האָט איבערהויפּט צוגעגעבען א גרויסע בעדייטונג דעם ענין פון לערנען די תורה (למוד), דער צווייטער ווידער האָט בעזונדער שטאַרק געהאַלטען פון מקיים זיין די תורה (מעשה). יוסי בן יועזר פלעגט זאָגען: זאָל דיין שטוב זיין אַ פערזאַמלונגס־הויז פאַר תלמידי חכמים, וואַלגער דיך אין דעם שטויב פון זייערע פיס און טרינק מיט דורשט זייערע רייד; זיין חבר יוסי בן־יוחנן פלעגט אָבער לערנען: זאָל דיין שטוב זיין בּרייט פאַנאַנדערגעעפענט, זאָלען די אָרימע זיין דיינע הויז־לייט און מייד אויס דאָס איבעריגע שמועסען מיט דער פרוי. די מעהרהייט פון פאָלק, ווי דאָס פאַסירט שטענדיג, איז נישט צוגעשטאַנען נישט צו דער, נישט צו יענער פון די עקסטרעמע פאַרטייען — דעם המון איז פון איין זייט געפעלען געוואָרען דאָס אויסערליך גלאַנציגע און פרעהליכע לעבען פון די גריכען און ער האָט נישט געקענט מיט־שטימען מיט דער גרויזאַמער שטרענגקייט פון די חסידים; ער האָט אָבער אויך נישט געשעצט די גרויסע התפעלות פון די העלעניסטען פאַר דער גריכישער קולטור. די מאַסע האָט נישט געקאָנט זיך שיידען מיט איהר פערגאַנגענהייט און נאָך מעהר האָט זי נישט געקאָנט דערלאָזען אינגאַנצען עס צו פערניכטען דורך די נייע איינפיהרונגען און גריכישע נאָכאַהמונגען. אין דעם לײדענשאַפטליכען קאַמפּף צווישען די חסידים און די העלעניסטען, האָבען ענדליך, געמוזט זיך אריינמישען די פאָלקס־מאַסען.

די פרומע נאַציאָנאַליסטען האָבען נאָך פעסט געהאַלטען אין זייערע הענד די הנהגה אין ירושלים. אָן דער שפּיץ פון די דאָזיגע איז געשטאַנען דער כהן גדול חוניו III, שמעון דעם צווייטענס אַ זוהן, וועלכער איז אין דער זעלבע צייט געוועזען אויך זייער פאָליטישער אָנפיהרער. דאָס איז געוועזען אַן אויסגעצייכענטער מענש און חאָטש ער איז פון דער נאַטור געוועזען ווייך און נאָכגיעביג, איז ער דאָך געוועזען העכסט אייפעריג אין דער בעציהונג צו דער תורה; אַ פיינד פון די רשעים און אַ שיצער פון די חסידים, האָט ער מיט דער גרעסטער שטרענגקייט איינגעצוימט די שטרעבונגען פון די העלעניסטען און דערום האָבען זיי איהם שרעקליך פיינד געהאַט. זיינע הויפּט־געגנער זענען געוועזען דריי בּרידער פון אַ בעריהמטע פאַמיליע פון שבט בנימין, וועלכע האָבען זיך כמעט אַלע גלייך אויסגעצייכענט מיט זייער נאַרע־

שער דרײַסטקײט. דאָס זענען געװען: שמעון, חוניו (דער זעלבער
האָט זיך אויך גערופען מיט'ן גריכישען נאָמען מענעלאַס) און ליזימך.
צו זיי דאַרף מען צורעכענען אויך די טוביה'אידען. די לעצטע האָבען
זיך פיינדליך בעצויגען צום כהן גדול נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער
איז געװען געגען זייערע נייע גריכישע איינפיהרונגען, נאָר אויך צו=
ליעב דעם, וואָס ער איז געשטאַנען אין פערבינדונגען מיט הורקנוס'=
ען, וועלכען זיי האָבען געהאַסט נאָך פון די אַלטע צייטען. אָט דער
הורקנוס, האָט זיך, ווי ס'ווייזט אוים, ענדליך ערוואָרבען די סימ=
פאַטיע פון דעם יונגען אַלכסנדרישען מלך, תלמי דעם פינפטען, און
ער האָט אַ דאַנק דעם בעקומען די חבירה (אַרענדע) פון די אָבצאָה=
לונגען אין די געגענדען פון יענער זייט ירדן. דאָרטען אין די געגענ=
דען פון חשבון און מי=דיבו, האָט ער אויסגעאיבט זיינע פליכטען
מיט דער זעלביגער אונבאַרמהערציגקייט, מיט וועלכער ס'איז זיך בע=
גאַנגען אויך זיין פאָטער, יוסף, אין צעלאָסוריאַ. ער האָט צונויפגע=
זאַמעלט גרויסע רייכטימער און נישט ווייט פון חשבון האָט ער זיך
אַ פּאַלאַץ אויפגעשטעלט אויף אַ באַרג, וועלכען ער האָט אַרומגע=
צוימט מיט אַ גרויסער פעסטונג, וואָס האָט בעקומען דעם נאָמען צור.

מורא האָבענדיג צו האַלטען ביי זיך איבעריגע אוצרות, פלעגט
הורקנוס פון צייט צו צייט זיינע גאָלד און זילבער אַריבערשיקען קיין
ירושלים, כדי צו בעהאַלטען עס אין בית=המקדש, וועלכען די געצענ=
דיענער זאָגאַר האָבען געהאַלטען פאַר אונבעריהרליך. הורקנוס איז גע=
שטאַנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט'ן כהן גדול און האָט איהם
דערום אָנגעטרויט זיין גאָלד; צוליעב דעם און צוליעב זיין שנאה צו
דער גריכישער קולטור, וועלכע די העלעניסטען האָבען געוואָלט איינ=
פלאַנצען אין יהודה, האָט שמעון, דער אָנפיהרער פון דער העלע=
ניסטישער פאַרטיי, צוזאַמען מיט די טוביה'אידען, אַזוי שרעקליך פיינד
בעקומען דעם פרומען כהן=גדול חוניו, אַז אין ירושלים האָט געמוזט
שנעל אויסברעכען אַ ביטערליכער ברידער=קאַמפף. שמעון האָט אויך
געהאַט אַ שטעלע אין בית=המקדש און ער האָט, ווי ס'שיינט, אומע=
טום זיך געמיהט צו בילדען אַן אָפּאָזיציע געגען דעם כהן=גדול. אום
אַן ענדע צו מאַכען צו דער לאַגע, האָט חוניו אַרויסגעטריבען פון בית=
המקדש שמעון'ען און צוזאַמען מיט איהם אויך טוביה'ס פאַמיליאַנטען.
דערמיט אָבער האָט ער נאָך פונאַנדערגעבלאָזען דעם פייער פון
מחלוקת.

שמעון — ציִ ער אַליין, ציִ מיט דער הילף פון זיינע פּאַרטיי=
ּ־יט האָט אויסגעאַרבייט אַ ניִעדערטרעכטיגען פּלאַן, וויִ אַזוי נקמה
ני נעהמען פון זיין הויפּט=פיינד. ער האָט זיך געווענדעט צום אָנפיִה=
רער פון חיל אין צעלאָסוריאַ און פיניציעאַ, צו אַפּאָלאָניוס, און אָנגע=
וויזען אויף דעם, אַז אין בית=המקדש פון ירושלים געפינען זיך איין
אוצרות, וועלכע געהערען נישט צום גאָטעסדיענסט און האָבען בכלל
קיין בעל=הבית נישט, און דערום מוזען זיי לויט דעם געזעץ אָבגענו=
מען ווערען פאַר דער רעגיִרונג. אַפּאָלאָניוס האָט, פערשטעהט זיך,
אומגעזאַמט צו=וויסען געגעבען דערפון דעם מלך פון סוריאַ, סיליוקוס IV
(187 — 186); דער לעצטער האָט זיך דאַן זעהר גענויטיגט אין
געלד, אום איינצוצאָהלען די יעהרליכע קאָנטריבוציע אין רוים און
אָנהאַפּענדיג זיך אָן דעם דאָזיגען בלבול, האָט ער געגעבען אַ בעֿ
פעהל זיין שאַף=מייסטער אליודור, ער זאָל קומען אין ירושלים און
פערנעהמען די אוצרות פון בית=המקדש. וויִ מען האָט געקאָנט פאָר=
אויסזעהן, האָט חוניו נישט געוואָלט מיט'ן גוטען ווילען פאָלגען דעם
אונגעזעצליכען בעפעהל. אליודור האָט אָבער דורכאויס געפאָדערט
מקיים צו זיין דעם פערזאָג פון מלך; גרויס איז געווען די אויפרעגונג
פון דער בעפעלקערונג אין ירושלים, ווען זיי האָבען געזעהן, וויִ דער
נעצענדיענער האָט זיך אַריינגעריסען אין בית=המקדש, כדי איהם צו=
ראַביִרען. דאָ האָט אָבער, פּאַסירט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט
אליודור'ן געשטערט אויסצופיהרען זיין פּלאַן. וואָס אייגענטליך עס
האָט דאָ געטראָפען, איז אונבעוואוסט; די מסורה דערצעהלט פון אַ
נס, וואָס איז געשעהן: ווען אליודור איז אַריין אין בית=המקדש, אין
קודש הקדשים, וואו אַ יוד זאָגאַר האָט נישט געטאָרט אַריינטרעטען,
האָט זיך איהם בעוויזען אַ מלאך אויף אַ ווייסען פערד און האָט איהם
צו דר'ערד געוואָרפען.

שמעון האָט זיך אָבער נאָך אַלץ נישט בערוהיגט און ער האָט
כסדר געזוכט מיטלען, וויִ נקמה צו נעהמען פון זיין פיינד דעם כהן=
גדול. ער האָט זאָגאַר צוגעשיקט צו חוניו מערדער, אין דער שטיל
זיין לעבען אָבצונעהמען. חוניו האָט זיך דעריבער אַרומגעזעהן, אַז
די רוהיגקייט און דער שלום וועט נאָך דאַן אין ירושלים צוריק פעסט
געשטעלט ווערען, ווען דער מלך וועט וויסען די ווירקליכע לאַגע
פון די פּאַרטייען אין ירושלים; ווען ער, חוניו, וועט סיליקוס'ן דער=
צעהלען וועגען די אונרעכטען, וואָס זיינע געגנער בעגעהן אַנטקעֿ

גען איהם און די חסידים און וועט בעטען ביים מלך שטיצע. ער האָט דערום זיך בעשלאָסען צו פאָהרען קיין אנטיוכא און זיין ברודער ישוע (יזון) האָט ער דערוויל געלאָזען אויף צו פערטרעטען זיין שטעלע אין בית-המקדש. די דאָזיגע צייט פון זיין אָבוועזענהייט האָבען די העלעניסטען אויסגענוצט און האָבען זיך גענומען שטאַרקער צו זייערע מעשים. זיי העבען געוואָלט דורכאויס אָבנעהמען פון איהם דעם טיטול כהן-גדול און אויסקלויבען אָנשטאָט איהם וועמען עס איז פון זייערע. א כהן-גדול פון זייערע וואָלט געווען ניט נאָר דער בעל-הבית פון די אוצרות פון בית-המקדש, נאָר אויך דער פיהרער פון פאָלק. ער וואָלט געקאָנט גיכער דורכפיהרען די רעפאָרמען אין העלעניסטישען גייסט, צו וועלכע זיי האָבען געשטרעבט, און עס בעהייליגען מיט'ן גייסטליכען אמט; ניט קוקענדיג אָבער אויף דעם, וואָס זיי האָבען געהאַלטען זייערע מעשים בסוד, איז זייער שטרעבונג דאָך ענטדעקט געוואָרען, און דאָס האָט שרעקליך אויפגערעגט יענע, וועלכע האָבען נישט געקאָנט קוקען גלייכגילטיג אויף דעם פאַקט פון אַרונטערוואַרפען די אַלטע אָרדנונג און פערשוועכען די הייליגסטע זכרונות פון דער פערגאַנגענהייט.

אין יענער צייט האָט געלעבט דער דיכטער און דענקער בן-סירא, אליעזר'ס זוהן פון ירושלים. איהם האָבען שטאַרק געקרענקט די דאָזיגע אַלע געשעהענישען, און ער האָט זיך געסטאַרעט צו פערהיטען פון אונטערגאַנג יענע, וועלכע זענען געגאַנגען אויפ'ן פאַלשען וועג. די אונאָרדנונגען, וועלכע ער האָט אַליין איבערגעלעבט אין זיין אייגענער שטאָדט, האָבען איהם פערשאַפט זעהר פיעל פערדרוס און צער און ער האָט בעשלאָסען אַרויסצוגעבען א ספר פון משלים, כדי אויפצוווייזען דעם פאָלק זיינע פעהלערען און איהם אַרויפצופיהרען אויפ'ן דרך הישר. פון יוגענד אָן האָט ער זיך איבערגעגעבען דער תורה, די נביאים און אַנדערע הייליגע שריפטען. איבערהויפט האָט ער טיעף און גרינדליך ערלערענט די משלי-שלמה און פון דאָרט האָט ער גענומען די פאָרם פאַר זיינע משלים.

בן-סירא האָט ניט אָנגעהערט צו יענע חסידים, וועלכע האָבען זיך אַליין אָבגעזאָגט פון ערלויבטע פערגעניגענס און אַנדערע אויך פערבאָטען צו געניסען פון לעבען. ער האָט זעהר פיעל געהאַלטען פון געמיינזאַמע מאָלצייטען מיט וויין און מוזיק, און וועגען יענע אַסקעטען, וועלכע האָבען געזוכט אויסצומיידען יעדע לעבעדיגע און

פרעהליכע פערווײַלונג, האָט ער איראָניש געזאָגט:

„חקירה=זיך מיט טיעפער געלעהרזאַמקײַט,
„ווי עס פאַסט פאַר דיר; נאָר ניט שטער דאָס געזאַנג.
„דאָרט, וואו מ׳טרינקט ווײַן, ניט קום מיט דײַנע חקירות.
„מיהע דיך ניט צו זײַן אַ חכם דאָרט, וואו דאָס איז איבריג.
„ווי אַ בריליאַנטענער פינגערעל אין אַ גאָלדענער פאַסונג,
„אַזוי איז דאָס ליעד בײַם זיסען ווײַן.

בן=סירא האָט פערטײדיגט די מעדיצין געגען די אָנפאַלען פון יענע, וועלכע האָבען עס געהאַלטען פאַר אַ גרויסע זינד, ווײַל נאָך זייער מײנונג שיקט גאָט אַ רפואה צו יעדער קראַנקהײַט, ווען מ׳איז מתפלל צו איהם. בן=סירא האָט אויסגעוויזען די נויטיגקײַט פון רופאים און רפואות, וועלכע גאָט אַליין האָט בעשאַפען פאַר׳ן מענשען. ניט מיט וועניגער היץ האָט ער געאַרבײַט אויפצוהויבען דעם זיטליכען און רעליגיעזען שטאַנד פונ׳ם פאָלק. מיט שטעך=ווערטער האָט ער געטאַרעלט די גאוה און די פאַלשקײַט פון די רײַכע, וועלכע האָבען געבילדעט מיט זיך די מעהרהײַט פון דער העלעניסטישער פאַרטײ, —יענע, וועלכע האָבען זיך געבוקט צום ממון (דעם גאָט פון געלד), געיאָגט נאָך טענצעריננס און זינגעריננס און בכלל אַרײַנגעבראַכט אין דער יודישער גאַס די אַלע פעהלערן און אויסגעלאַסענקײַטען פון דעם גריכישען לעבען. דערבײַ ווערען בײַ איהם די יודישע טעכטער אויך געמאָלט נישט מיט קײַן אָנציהענדע פאַרבען.

בן=סירא האָט געגלויבט, אַז די הויפט אורזאַך פון דער זיטליכער פערדאָרבענהײַט איז די אויבערפלעכליכע בעציהונג צו דער יודישער אמונה. און ער האָט זיך גענומען שטרײַטען געגען דער דאָזיגער ערשײַנונג. בן=סירא האָט אויך בעריהרט די שווערע פראַגע, מיט וועלכער עס האָבען זיך פערנומען די העכערע קרײַזען אין ירושלים: די חוצפה׳דיגע מעשים פון די העלעניסטען און זייער שטרעבונג אָבצונעהמען פון כהן=גדול זײַן טיטול און אויסקלויבען אָנשטאָט איהם איינעם פון זייערע. זיי האָבען געשטעלט אַ פראַגע: צי דען מוז דער טיטול כהן=גדול אַריבערגעהן בירושה און בלײַבען נאָר אין די גרענעצען פון איין פאַמיליע? געגען דעם דאָזיגען עהרגײַץ און געגען דער שטרעבונג איבערצוקעהרען די אַלטע אָרדנונג האָט בן=סירא גע=

קעמפפט אין זיינע ספרים; אָפען רעדען האָט ער אָבער ניט געקאָנט און ער האָט זיך געמוזט בעגנוגענען מיט רמזים:

וואָרום אונטערשיידעט זיך איין טאָג פון'ם אנדערן,
און פון דעסטוועגען שיינט די זון אין יעדערן פון זיי?
דורך דער חכמה פון גאָט אונטערשיידען זיי זיך איינער
פון'ם אַנדערן.
גאָט האָט בעשטימט ימים טובים און אַנדערע טעג.
איינינע פון זיי האָט ער ערהויבען און בעהייליגט,
די איבעריגע האָט ער בעשטימט פאַר אַרבייט.
אַלע מענשען זענען אַרויסגעקומען פון ערד:
אָדם איז בעשאַפען געוואָרען פון ערד,
און פונדעסטוועגען האָט גאָט מיט זיין חכמה זיי
פונאַנדערגעטיילט.
. . . . . . . .
איינינע פון זיי האָט ער געבענשט און ערהויבען,
איינינע האָט ער בעהייליגט און ערנעהנטערט צו זיך.

דער פּאָעט מיינט דערמיט צו זאָגען, דאָס אַזוי ווי די יום-טובים צייכענען זיך אויס צווישען אַלע טעג, אַזוי צייכענט זיך אויך אויס אַ וועלכע עס איז פאַמיליע מיט דעם זכות צו דינען גאָט אין בית-המקדש. אָט די אָרדנונג טאָר דער מענש נישט צושטערען. ער האָט זיך געמיהט צו דערווייזען מיט משלים פון דער יודישער פערגאַנגענהייט, מיט וועלכע גליקליכע רעזולטאַטען עס איז געווען פערבונדען די איבערגעבענהייט צו דער אמונה און צו די אַלטע טראַדיציעס און וועלכע אונגליקען עס האָבען געבראַכט די פּראָבעס, אַרונטערצוואַרפען די אַלטע אָרדנונג. צו דעם צוועק רעכענט ער אויס אַ לאַנגע רייהע פון היסטאָרישע פּערזענליכקייטען און שילדערט קורץ זייערע גוטע און שלעכטע מעשים. מיט אַנ'אָפענער כונה שטעלט זיך בן-סירא אָב אויף דעם אויפשטאַנד פון אַ באַנדע חצופים, וועלכע האָבען ווילד און שרעקליך מקנא געוועזען אהרן'ען. נאָר „זיי זענען אומגעקומען דורך אַ פלאַם-פייער, און אהרנ'ס שיין איז נאָך קלערער און ליכטיגער געוואָרען“. דאָס איז געוועזען אַ רמז, אַז מיט די וועלכע שטעלען זיך געגען כהן-גדול, קאָן אויך טרעפען דאָס, וואָס עס האָט

געטראָפען מיט יענער באַנדע. ער רעדט זעהר פיעל אויך וועגען פנחס'ן, אהרן'ס זוהן; אין קורצען שילדערט ער די אונגליקליכע עפּאָכע פון צושפּאַלטונג און זינדיגקייט אין דער יודישער געשיכטע, און שטעלט זיך בעזונדער אָב אויף דער טהעטיגקייט פון די נביאים. פון דער עפּאָכע, וואָס נאָכ'ן גלות=בבל, דערמאָהנט ער נאָר זרובבל'ן, דעם כהן גדול יהושוע און נחמיה'ן. צום סוף שילדערט בן=סירא מיט מעהר סימפּאַטישע שטריכען דעם דערמאָהנטען שמעון הצדיק פון דער נאָהנטער פערגאַנגענהייט, זיינע מעשים און זיין גייסטיגע גרויסקייט. אַזוי ווי די פאַמיליע פון די דעמאָלדיגע כהנים גדולים, אויך די טוביה'=אידען, האָבען געשטאַמט פון שמעון הצדיק, האָט בן=סירא'ס ביישפּיעל געדאַרפט ווירקען אויף זיי, אַלס אַ מוסר און התראה און אָבווענדען די עהרגייציגע פון זייערע פלענער.

אָנשטאָט דער געווינשטער אחדות האָט זיך אָבער פערשטאַרקט נאָר די קנאה און די שנאה און דאָס יודישע פאָלק איז אַ דאַנק דער טהעטיגקייט פון די זעלביגע העלעניסטען, צוגעקומען צום ברעג פונ'ם תהום.



## פינפטעס קאַפּיטעל.

### די שרעקליכע גזירות געגען דער יודישער אמונה אין דער צייט פון אַנטיוכס עפּיפאַנוס.

---

אויף דער היסטאָרישער אַרענע האָט זיך בעוויזען אַ מענש, זעלכער האָט נאָך מעהר פערגרעסערט די אייביגע אונאָרדנונגען אין דעם יודישען לעבען און געבראַכט אויף דעם יודישען פאָלק אַזעלכע אונגליקען און צרות, פון וועלכע עס האָט נאָך קיינמאָל ניט געוואוסט. דאָס איז געוועזען אַנטיוכס עפּיפאַנוס, — אַ מענש מיט אַ משונה'דיגען קאָמפּליצירטען כאַראַקטער: גוט און שלעכט, פאַלש, אויסגערעכענט און אין דער זעלבער צייט פול מיט אַלערליי קאַפּריזען, קליין אין גרויסע זאַכען און גרויס אין קלייניגקייטען. די מענשען פון זיין צייט האָבען זיך ניט געקאָנט פונאַנדערקלייבען אין זיין נאַטור און ניט געקאָנט פערשטעהן די אורזאַך פון זיינע פערשידענע משוגעת'ן (עפּילאַנעס). צי האָט ער באמת געהאַט אַ גייסטיגען פעהלער, אָדער ער האָט נאָר געטראָגען אַ מאַסקע?

די שול, וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען אין די יוגענד, האָט פיעל געווירקט אויף דעם, אַז ער זאָל אַראָבגעהן פון גלייכען וועג. זיין פאָטער האָט איהם געשיקט אין רוים אַלס אַנ'ערבות פאַר די מלחמה־הוצאות, וועלכע ער האָט זיך אָנגענומען צו בעצאָהלען. אַנטיוכס האָט דאָרטען פערבראַכט צוועלף יאָהר. רוים איז דאַן געוואָרען, אַ דאַנק די נצחונות איבער קאַרטאַגא, מאַצעדאָניען און סיריען — אַנ'אַלוועלטליכע רעזידענץ. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען

מערקען דער איבערגאנג פון קאנטאנ׳ס שטרענגער זיטליכקייט צו דער צולאזענקייט פון די קלוידיוס׳ן, וועלכע האט שוין אינגאנצען געטראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון דער גריכישער אויסגעלאסענקייט. בעזונדער אבער האט זיך אנטיוכס אויסגעלערנט אין רוים פעראכטען מענשען, נאציאנאלע אנשטאלטען און מנהגים; ער האט זיך דארט ערווארבען די גרויזאמקייט, וועלכע ווייס ניט פון קיין רחמנות, און האט ליעב זיך אנצושפיעלען מיט׳ן קרבן, איידער זי מאכט פון איהם א סוף.

אנטיוכס האט גע׳פועל׳ט, אז אנשטאט איהם זאל מען שיקען אלס אנ׳ערבות קיין רוים זיין שוועסטער-קינד דימיטריוס, דעם זוהן פון מלך סיליוקוס פילאפאטער. אנטיוכס אליין האט זיך אומגעקעהרט פון רוים קיין סוריא איבערצונעהמען דעם טראן פון זיין ברודער. איהם האט אבער אנ׳אנדערער מקדים געווען: איינער פון די הויף-שרים האט דער׳הרג׳עט סיליוקוס׳ן און פערחאפט דעם טראן (175). עס איז ניט בעוואוסט, צי אנטיוכס האט עפעס געהאט א שיכות צו דער רציחה. ער איז דאן געווען אויפ׳ן וועג קיין אתונא. עמיימענעאוס, דער מלך פון פערגאם, און זיין ברודער אטאלוס, האבען געהאלפען אנטיוכס׳ן ארויסטרייבען דעם מערדער עליאדארוס און ווערען מלך פון סיריען און אזיען. אנטיוכס איז אלזא ארויף אויפ׳ן טראן מיט דער הילף פון בעטרוג און אונרעכט, ווייל דער כסא-המלוכה האט אייגענטליך גאר געהערט צו דעם זעלביגען דימיטריוס׳ען, וועלכער איז געשיקט געווארען אנשטאט איהם קיין רוים אלס אנ׳ערבות.

די רוימער האבען בעשאטען אנטיוכס׳ן מיט זייערע חסדים, האפענדיג אז דורכדעם, וואס זיי וועלען זעהען אונארדנונגען און קריעג אין דער קעניגליכער פאמיליע, וועט זיך זיי לייכטער איינגעבען אבצושוואכען די מלוכה, וועלכע זיי האבען נאך נישט אינגאנצען געהאט אין זייערע הענד; אנטיוכס האט אבער געוואלט נאך איבערשטייגען די רוימער. ער האט איינגעפיהרט אין אנטיוכיא די רוימישע גלאדיאטאר-שפיעלען, און די קריעגס-געפאנגענע אדער קנעכט האבען זיך געמוזט אזוי לאנג ראנגלען צווישען זיך, ביז איינער פון זיי איז ניט געפאלען פערוואונדעט אדער גע׳הרג׳עט. אנטיוכס האט בכלל ניט געהאלטען פון קיין רעליגיע. „ער האט ניט געשעצט די געטער פון זיינע עלטערען, און האט אין אלגעמיין ניט אנערקענט קיין גאט, ווייל ער האט [illegible] געהאלטען העכער פון אלע".

און אַט אונטער דער הערשאַפט פון אַזאַ מין בעשעפעניש, וואָס האָט נישט געהאַט אין האַרצען קיין פונק אַכטונג צו וועלכע ס'איז מענשען, געזעצען און רעליגיאָנען — האָבען זיך די יודען געפונען.

ווען צווישען די לעצטע וואָלט געווען אַחדות וואָלט אפשר אַנטיוכס זיך אַזוי פיעל ניט אינטערעסירט מיט פּאַלעסטינע; די געוואַלדיגע סכסוכים אָבער, וואָס די העלעניסטען האָבען אַרויסגערופען אין לאַנד, האָבען ממילא געמוזט פיהרען דערצו, אַז ער זאָל זיך אָנהויבען אַריינמישען אין די אינערליכע יודישע ענינים. ערשטענס האָבען די העלעניסטען איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף הורקנוס'ן, וועלכער האָט געקליבען צינזש אין נאָמען פונם מצרים'שען מלך, און הורקנוס, וועלענדיג אויסמיידען די שענדליכע שטראָף, האָט זיך אַליין דאָס לעבען גענומען. דאַן האָבען זיך די העלעניסטען גענומען פערווירקליכען זייער אַלטען פּלאַן: צו אָבנעהמען פון חוניון דעם טיטול כהן גדול. חוניו'ס אייגענער ברודער, יזון, האָט צוגעזאָגט אַנטיוכס'ן אַ גרויסע סומע געלד, אויב ער וועט איהם איבערגעבען דעם טיטול כהן גדול און אַזוי ווי אַנטיוכס, — וועלכער האָט אַגב חושד געווען חוניו'ן, אַז ער איז אַן'אַנהענגער פון די תלמי'ס, האָט זיך דאַן זעהר גענויטיגט אין געלד, האָט ער, נישט פיעל קלערענדיג, ערפילט זיין בקשה (174). נאָכדעם האָבען די העלעניסטען, אָדער דער כהן גדול יהושוע-יזון, נעבעטען אַנטיוכס'ן, אַז יענע יודען, וועלכע וועלען זיך גוט אויסלערנען די גריכישע שפּיעלען, זאָלען אַנערקענט ווערען אַלס מוקדונער אָדער אַנטיוכ'ער, אָדער זיי זאָלען בעקומען פולע בירגער-רעכט און מעגען אַן'אַנטייל נעהמען אין אַלע עפענטליכע פערוויילונגען פון די גריכען. די גריכען האָבען שטענדיג ערנסט געקוקט אויף די פערוויילונגען און האָבען זיי געהאַלטען פאַר אַ לעבענס-ציעל; די פּאַלעסטינישע און פיניציעאישע גריכען האָבען אונטערגעהאַלטען זייער נאַציאָנאַלען פערבאַנד דורך דעם, וואָס זיי האָבען אַריבערגעטראָגען אין פרעמדע לענדער די טראַדיציאָנעלע אָלימפּישע פערוויילונג. דער, וועמען די גריכען האָבען צוגעלאָזען צו זייער פערוויילונג, האָט עס געהאַלטען פאַר אַ גרויסען כבוד פאַר זיך, וויל דאָס האָט געהייסען כמעט דאָס זעלבע, ווי מען וואָלט איהם צוגעשריבען צו דער גריכישער אַריסטאָקראַטיע. יזון און די העלעניסטען האָבען גערעכענט צו גרינדען אין ירושלים אויסער די גימנאַסטישען פערוויילונגען, אויך אַ גימנאַזיע, וואו יודען וואָלטען ערלערנט גרינדליך די גריכישע גע-

ועצגעבונג. דערמיט האָבען זיי געהאָפט אָבצושוואַכען די שנאה, מיט
וועלכער די גריכען האָבען פערפאָלגט די יודען און ווי נאָר יזון האָט
בעקומען אויף דעם אַנ׳ערלויבניש פון אַנטיוכס׳ן, האָט ער אונגעזאַמט
אָנגעהויבען איינפיהרען די גימנאַסטישע איבונגען, אָהן וועלכע מען
האָט ניט געקענט קיין אַנטהייל נעהמען אין די אָלימפּישע שפּיעלערייַ=
ען. צו דעם צוועק האָט דער כהן גדול אָבגעצוימט אַנ׳אָרט פאַר די
איבונגען, פאַר דער גימנאַזיע און פאַר דער נידעריגער שול אין אקרא,
צו צפון=מערב זייט פון בית=המקדש. וואַהרשיינליך, האָט מען געדונ=
גען גריכישע לעהרער צו לערנען יודישע יונגע לייט די מלחמה=
שפּיעל, וועלכע איז בעשטאַנען אין לויף=קאָנקורסען, אין שפּרינגען,
אין ראַנגלען זיך, און אין האַנדגעשלעג.

אין גיכען אָבער האָבען זיך די יודען אויף די דאָזיגע פערוויי=
לונגען בעגעגענט מיט פיעל אונבעקוועמליכקייטען. בעשעפטיגענדיג
זיך מיט דער מלחמה=שפּיעל, האָט מען געדאַרפט זיך אויסטאָן נאַ=
קעט,—אַזוי האָט געפאָדערט דער גריכישער מנהג. די יודישע יונגע
לייט האָבען געמוזט דעריבער אַראָבוואַרפען פון זיך די גאַנצע בושה,
שטעהענדיג נאַקעטערהייד נעבען בית=המקדש, און דערצו פלעגט זיך
דערביי, געוועהנליך, אַרויסווייזען דער יודיש=נאַציאָנאַלער לייב=צייכען,
וועלכער האָט אַרויסגערופען ביי די גריכען געלעכטער און שפּאָט.
האָבען שוין יודען נאָכדעם געקאָנט אַנ׳אַנטהייל נעהמען אין די אָלימ=
פּישע פערווייַלונגען? מ׳האָט אָבער דערצו אויך אַ מיטעל געפונען.
מען האָט איבער זיך געלאָזט מאַכען פערשידענע ספּעציעלע אָפּע=
ראַציעס, כדי אויסערליך ניט זיין עהנליך צו קיין יודען. די גימ=
נאַזיע איז געוואָרען גאַנץ גיך איבערפולט מיט שילער, יונגע כהנים
פלעגען אַוועקוואַרפען די עבודה אין בית=המקדש, כדי זיך צו בע-
טייליגען אין די מלחמה=איבונגען. פרומע יודען האָבען מיט שרעק
געקוקט אויף דעם, זיי האָבען אָבער געמוזט שווייגען. אפילו יזון׳ס
אָנהענגער אליין זענען שוין אויך אונצופריעדען געווען מיט זיינע
מעשים, וועלכע האָבען געפיהרט דאָס יודענטום אויף דעם וועג פון
פערניכטונג, און אויף דעם באָדען האָט זיך אָבגעשפּיעלט אַ חאַראַק=
טעריסטישע סצענע: ווען ס׳האָבען געדאַרפט פאָרקומען אין צור די
אָלימפּישע פערווייַלונגען, אויף וועלכע מען פלעגט ברענגען קרבנות
דעם גריכישען גאָט צעאוס, ווען מען׳ס נאָמען ס׳זענען געווידמעט גע=

ווען די פערוויילונגען, האָט יזון אַוועקגעשיקט אַהין פאָרשטעהער פון יודען, וועלכע האָבען גוט געוואוסט די מלחמה=שפיעל און אויף אַזאַ אופן האָבען זיי זיך געקענט בעטייליגען אין דעם גריכישען יום=טוב. די קרבנות (פאַר דעם גאָט צ ע א ו ס) האָבען געפאָדערט אַ געוויסע סומע געלד, און דאָס האָט דער כהן גדול יזון מיטגעגעבען די יודישע דעלעגאַטען, וועלכע זענען, געוועהנליך, געווען ערצויגען אין דעם גריכישען גייסט. יודען אָבער זענען די דאָזיגע דעלעגאַטען דאָך געווען און אום צו ברענגען אַ קרבן פאַר דעם גריכישען גאָט, האָבען זיי געמוזט שטאַרק קעמפפען פריהער מיט זייער געוויסען; זיי האָבען דעריבער אויסגענומען אַ תנאי, אַז זיי מעגען דאָס געלד פערנוצען אויף אַנאַנדער זאַך, אויב דאָס וועט נויטיג זיין. אַזוי טיעף איז געווען איינגעוואָרצעלט דער יודישער בעגריף וועגען געטליכקייט אפילו ביי די, וועלכע האָבען געהערט צו די העלעניסטישע פאַרטייען!

אין ירושלים האָט זיך דערווייל די מחלוקת צופלאַקערט ביז דער העכסטער שטופע. יזון האָט אין גיכען אָנגעוואָרען דעם חן ביי די העלעניסטען, אָדער צוליעב זיין עהרגייציגקייט, אָדער ווייל ס'האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז ער אַרבייט נאָך אַלץ וועניג ענערגיש אָבצושאַפען די אַלטע אָרדנונג. דורך איינעם פון די אונצופריעדענע העלעניסטען, חוניו=מענעלאַס, פלעגט יזון שיקען דעם מלך ציגוז. מענעלאַס האָט צוגעזאָגט דעם מלך צאָהלען יעהרליך מיט 300 טאַלענטען (מטבעות) מעהר, אויב ער וועט איהם מאַכען פאַר אַ כהן גדול. ער האָט איהם פערזיכערט, אַז אַ דאַנק זיין ווירקונג און איינפלוס, וועט ער האָבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען פאַר דעם מלך'ס אינטערעסען ענערגישער פון יזון'ן. אַנטיוכס איז, זעלבסטפערשטענדליך, מרוצה געוואָרען, אָבצוגעבען דעם טיטול כהן=גדול דעם, ווער עס האָט געגעבען פאַר איהם מעהר (172 — 171). ער האָט באַלד געשיקט אין ירושלים זיין בעאַמטען סאָקראַטעס מיט חיל, צו דערשטיקען יעדען ווידערשטאַנד, וועלכער קאָן אויסברעכען געגען אָט דער פעראָרדנונג. סאָקראַטעס האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט'ן חיל אין אקרא און געמעלדעט די איינוואוינער פון ירושלים, אַז יזון איז אָבגעזאָגט פון זיין שטעל אַלס כהן גדול. דער לעצטער האָט געמוזט אַנטלויפען פון ירושלים.

דער דאָזיגער פאַקט האָט דעם טומעל אין ירושלים נאָך פערגרעסערט. דער גרעסטער טייל פון פאָלק איז געווען זעהר אויפגע=

רעגט דערפון, וואס אויף אהרנ'ס שטוהל זעצט זיך איינער, וועלכער שטאמט גארנישט פון דער כהנים-דינאסטיע און איז בעוואוסט אלס א געגנער פון דער יודישער אמונה.

מיט מענעלאס'ען זענען נישט געווען צופריעדען אויך יענע, וועלכע האבען געשטרעבט צו רעפארמען און נייע איינפיהרונגען. צו אזעלכע האבען געהערט טיילוויז יזונ'ס אנהענגער און טיילוויז יענע, וועלכע האבען זיך נאך ניט איינגאנצען אבגעריסען פון יודענטהום. זיי האבען אבער אלע געמוזט שווייגען, מורא האבענדיג פאר דעם סירישען בעאמטען מיט זיין חיל, און ערשט אין א קורצע צייט ארום האט זיך די שטארקע אונצופריעדענהייט געלאזען פיהלען. שולדיג אין דעם איז געווען מענעלאס אליין; ער האט צוגעזאגט אנטיוכס'ן צו צאהלען צינוש מעדה, ווי פיעל ער האט געקאנט. מענעלאס האט זיין הבטחה נישט געקאנט מקיים זיין און אנטיוכס איז געווארען אויפגערעגט און איהם ארויסגעפאדערט צו זיך; דער לעצטער האט געמוזט אבפאהרען אין אנטיוכיא. אויף זיין ארט האט ער איבערגעלאזען זיין ברודער ליזימאכעס, ארויסגנב'נענדיג פון בית-המקדש פיעל אוצרות, מיט וועלכע ער האט געחאפט צופריעדענצושטעלען אנטיוכוסן. מענעלאס פערברעך האט זעהר אויפגערעגט דוניו'ן, דעם געוועזענעם כהן גדול, וועלכער האט זיך דאן געפינען אין אנטיוכיא. ער האט איהם בעשולדיגט אין בערויבען דעם בית-המקדש, אויף וואס די גריכען האבען אויך געקוקט ווי אויף א גרויסען פערברעך. צום בעדויערען, האט זיך די בעשולדיגונג אויסגעלאזן ביטער פאר חוניון, מענעלאס האט אונטערגעקויפט איינעם פון די שרים, אנדראניקאס'ן, וועלכער האט גענומען אויף זיך צו טויטען חוניו'ן נאך איידער דער מלך וועט זיך דערוויסען פון דעם פערברעך אין בית-המקדש. חוניו מורא האבענדיג פאר שונאים איז דאן געווען אין אפאלאנס טעמפעל אין דאפנע, ביי אנטיוכיא. אנדראניקאס'ן איז אבער געלונגען איהם ארויסצונארען פון דארטען מיט אלערליי שבועות און פערזיכערונגען, און האט איהם געטוידט אויפ'ן שוועל פון טעמפעל (171). דער פאקט פון הרגענען א פרומען כהן גדול איז ניט געפעלען געווארען אפילו די סירישע גריכען! און אנטיוכוס האט געמוזט בעשטראפען דעם מערדער אנדראניקאס, מענעלאס ווידער האט געדארפט יעצט צו געפינען מיטלען ווי מפצה צו זיין דעם מלך און נושא חן צו זיין ביי איהם אויף ווייטער. צו דעם צוועק האט ער געהייסען זיין ברודער ליזימאכעס ארויסנעמען פון בית-המקדש נאך אוצרות און איהם צושיקען. דאס האט אבער גיט געקאנט ארויסגעהן גלאט. ווען מען האט אנגעהויבען וועגען דעם צו ריידען און אנווייזען אויף ליזימאכעס'ן

אַז ער האָט בערויבט דעם בית־המקדש, איז דאָס פאָלק שרעקליך אויפגערעגט געוואָרען, און די אויפרעגונג האָט אָנגענומען אַ ערנסטען כאַראַקטער. די, וואָס האָבען געוואוינט אַרום ירושלים, דערהערענדיג וועגען די מעשים פון די ביידע ברידער, האָבען זיך אַלאַז געטהון קיין ירושלים און האָבען געוואָלט שיטען די פערברעכער. ליזימאַכעס האָט בעוואָפענט זיינע אָנ־הענגער אונטער דער אָנפיהרונג פון אויראַנעס — אַן אַייגנעוואָרצעלטער בעל־עבירה. דאָס אומבעוואָפענטע פאָלק האָט זיך אָבער נישט אָבגעשראָקען און איז זיי בעפאַלען מיט שטיינער און שטעקענס. פיעל זענען געטוידט געוואָרען, אַנדערע זענען פערוואונדעט געוואָרען פון די קלעפּ אָדער זענען זיך צולאָפען. ליזימאַכעס אַליין איז דערהרג'עט געוואָרען נעבען בית־המקדש. מענעלאָוס האָט זעלבסטפערשטענדליך, דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע אויף די מורדים אין ירושלים, און דער מלך האָט אין צור פעראָרדענט אַ געריכטס־זיצונג אויסצופאָרשען די געשיכטע. דריי מיטגליעדער פון סנהדרין, וועל־כע דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבען צו דעם צוועק, האָבען אַזוי קלאָהר דערוויזען די שולד פון ליזימאַכעס'ן און זיין ברודער אינ'ם בערויבען דעם בית־המקדש און אין די בלוטיגע געשעהענישען אין ירושלים, אַז מענע־לאָס האָט בעדאַרפט בעקומען אַ האַרבען שטראָף. דעם לעצטען אָבער האָט זיך איינגעגעבען אַריבערצוציהען אויף זיין זייט אַזאַ מערדער, ווי ער אַליין, וועלכענ'ס מיינונג ס'האָט פיעל געווירקט אויפ'ן מלך. אנטיוכס האָט די שולדיגע פריינעשפּראָכען. ער האָט פריי געמאַכט מענעלאָוס'ן און פער'משפט צום טויט די דריי פון די סנהדרין. די צור'ער, וועלכע זענען געוועזען עדות פון אַזאַ געוואַלד־טהאַט, האָבען אויסגעדריקט זייער אומצופריעדענהייט דערמיט, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען מיטגעפיהל די דריי אומשולדיגע קרבנות אויף זייער לויה. מענעלאָס האָט געקליבען נחת; ער איז פערבליעבען כהן גדול איבער דעם פאָלק, וועלכעס האָט איהם שרעקליך געהאַסט, און כדי צו דערשטיקען אַט די שנאה, האָט ער גענומען בעקלערען נייע רציחות.

ער האָט אָנגעהויבען מסר'ן פאַר אַנטיוכס'ן אויף זיינע שונאים, ד. ה. אויף דעם גאַנצען פאָלק. ערשטענס האָט ער בעשולדיגט זיינע שונאים אין דעם, אַז זיי זענען אָנהענגער פון מצרים'שען הויף און זיי פערפאָלגען איהם, מענעלאָס'ן, דערפאַר, ווייל ער שטערט זיי אויסצופיהרען זייערע פּלענער; צווייטענס, האָט ער אָנגערעדט רכילות אויף דאָס גאַנצע יודענ־טהום; ער האָט ערקלערט, אַז משה'ס געזעצען זענען פול מיט מענשען־האַס, אַז די תורה פערווערט אַ יודען איינצולאַדען צום טיש אַ ניט־

יודען און אין אלגעמיין זיך גוט צו בעציהען צו איהם. אנטיוכס האט דאן זיך געקליבען איינצונעהמען מצרים. מענעלאס'עס מסירות האבען דעריבער געמוזט פיעל ניט איז ווירקען, און אנטיוכס האט אנגעהויבען מיט חשד צו קוקען אויף זיינע אונטערטהעניגע יודען. עס איז איהם זעהר נישט בעקוועם געוועזען צו האבען הינטער זיך א שונא אין א צייט פון אגעפעהרליכער מלחמה.

ג'נ'אויסרייד צו א מלחמה האט אנטיוכס גיך געפונען. זיין שוועסטער קלעאפאטרע, תלמי דעם פינפטענ'ס פרוי, איז געשטארבען און האט איבערגעלאזען צוויי אונמינדיגע זיהן: פילאמעטאי און פיסקאנעס. דער עלטערער האט זיך גערעכענט פאר א מלך, נאר אנשטאט איהם האבען רעגירט צוויי אפוטרופסים, איילעאוס און לענעאוס. אנטיוכס האט אנגעהויבען זאמלען מיליטער, כדי צו בעפאלען מצרים אונטער דעם אויסרייד, אז ער וויל בעשיצען זיינע צוויי פלימעניקעס פון זייערע אפוטרופסים. מורא האבענדיג פאר די רוימער, האט אנטיוכס לאנג אבגעצויגען די הכנות. נאר ווען די רוימער האבען אנגעהויבען פיהרען א מלחמה מיט פערסעאס'ן, דעם מוקדונישען מלך, האט ער ענדליך בעשלאסען זיך אריינצורייסען אין מצרים. ביידע אפוטרופסים מיט'ן יונגען מלך פילאמעטאר זענען ענטלאפען. אנטיוכס האט פערנומען גאנץ צפון-מצרים און האט בעלעגערט אלכסנדריא. דערווייל האבען די איינוואוינער אויסגעקליבען פאר א מלך תלמי'ס יונגערען זוהן, פיסקאנעס'ן, און האבען אנגעהויבען בעשיצען די שטאדט אזוי ענערגיש, דאס אנטיוכס האט זיך מיאש געווען איהר איינצונעהמען. ער האט דעריבער ארויסגערופען אין מצרים דעם עלטערען ברודער, האט געשלאסען מיט איהם אנ'אבמאך און איהם צוגעזאגט מלחמה צו האלטען, נאר פאר זיינע אינטערעסען.

אין יהודה האט מען אויפמערקזאם געקוקט און אונגעדולדיג געווארט אויף דעם אויסגאנג פון דער מלחמה. אין פאל ווען מצרים וואלט מנצח געווען, וואלט מען געקאנט האפען אויף א סוף צו די אלע קריגערייען און אונגליקען, וועלכע עס האט ארויסגערופען דער פערהאסטער כהן גדול. דער מצרים'שער הויף האט מיטגעפיהלט דער נאציאנאל-יודישער פארטיי און פלעגט אויפנעהמען די יודישע פאטריאטען, וועלכע זענען אהינצו אנטלאפען, זיך צו שיצען פון אנטיוכס'עס און מענעלאס'עס געוואלד-טהאטען.

דערווייל איז געקומען דער פריהערדיגער כהן-גדול יזון-יהושוע פון די בני עמון, וואו ער האט זיך בעהאלטען, און האט געבראכט מיט זיך מיליטער צו פערנעהמען ירושלים. מענעלאוס האט געזעהן פערשלי[illegible]

די טויערען און אָבשטויסען איהם פון שטאָדט. דאַן האָט אויסגעבראָכען אַנ׳אמת׳ע בירגער־קריעג צוליעב דער עהרגייציגקייט פון די צווי מענשען, פון וועלכע יעדערער האָט געוואָלט זיין כהן־גדול און אויף אַזאַ אופן בעקומען די מאַכט. אַזוי אָבער ווי נאָר איינינע פון די שטאָדט־איינוואוינער האָבען זיך אָנגענומען פאַר דעם פערהאַסטען מענעלאאוס׳ן, איז יזון׳ען מיט זיין אָבטיילונג מיליטער געלונגען צו פערנעהמען די שטאָדט. מענעלאוס האָט געמוזט אַנטלויפען און זיך בעהאַלטען אין אקרא.

אַנטיוכס איז דאַן געגאַנגען פון מצרים מיט פיעל רויב. ער האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, געקליבען אויפזואַמלען נאָך מיליטער. ווען ער האָט דער־הערט וועגען די געשעהעניש׳ען אין ירושלים. האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען א שרעקליכער צאָרן אויף דעם גאַנצען יודישען פאָלק. ער איז פלוצלונג בעפאַלען ירושלים און האָט דאָרט אָנגעמאַכט אַ שרעקליך־בלוטיגען חורבן; אין זיין גרויזאַמער אונמענשליכקייט האָט ער נישט רחמנות געהאַט נישט אויף קיין אַלטע, נישט אויף קיין קינדער, נישט אויף קיין פרויען. און קיין הלוק נישט געמאַכט צווישען פריינד און פיינד. ער האָט זיך אַריינגעריסען אין בית־המקדש און אין קדשי־קדשים, האָט צוגענומען אַלע אוצרות, דעם גאָלדענעם מזבח, די מנורות, דעם שלחן, אַלע גאָלדענע כלים און אַלע קאָסטבאַרקייטען, וואָס זענען דאָרטען געווען. אינ׳ם בערויבען דעם בית המקדש האָט איהם געהאָלפען מענעלאס. כדי זיך צו פערענטפערן און כדי בּתעשר צו ווערען פון די אַלע פערברעכען, האָט אנטיוכס פערשפרייט א העסליכען רכילות, צו וועלכען עס האָט איהם טיילווייז צוגערעדט דער כהן גדול און וועלכע האָט אַריינגעוואָרפען אַ שאַנד־פלעק אויף דעם גאַנצען יודישען פאָלק. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין קדשי־קדשים אַ שטיינערנעם בילד פון אַ מאַן מיט אַ לאַנגער באָרד, וועלכער איז געזעסען אויף אַנ׳אייזעל מיט אַ ספר אין האַנד. אַנטיוכס האָט געזאָגט, אַז דאָס איז די סטאַטוע שטעלט פאָר מיט זיך דעם יודישען געזעץ־געבער משה, וועל־כער האָט געגעבען די יודען מענשען־פיינדליכע, העסליכע געזעצען, לויט וועל־כע מען דאַרף זיך האַלטען אָבגעזונדערט פון אַלע פעלקער און נישט טהון זיי קיין שום טובה. פון דעמאָלט האָבען די גריכען און רוימער גענומען מיינען, דאָס די יודישע אמונה איז אינגאַנצען געבויט אויף דער פערעה־רונג פון אַנ׳אייזעל. דער זעלבער אַנטיוכס האָט פערשפרייט נאָך אַ העסליכען ליגען. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין קדשי־קדשים אַ גריעך, וועלכער איז געלעגען דאָרט געבונדען און האָט איהם, אַנטיוכס׳ן, געבעטען, ער זאָל איהם בעפרייען פון דער יודישער אכזריות. דער גריעך

האָט איהם געזאָגט, דאָס יעדער יאָהר טוידטען די יודען אַ גריעק כּדי אויפצועסען זיינע געדערין, און דערביי שווערען זיי, צו האַסען און צו פערניכטען די גריכען. עס איז ניט בעוואוסט, צי האָט אַנטיוכס אַליין אויסגעקלעהרט אָט דעם ליגען, צי אַנדערע רכילות'ניקעס, האָבען איהם דאָס אין מויל אַריינגעלעגט, נאָר ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט אַנטיוכס דער ערשטער פערשפּרייט די מיינונג, אַז דאָס יודענטהום לערנט זיינע נאָכפאָלגער צו האַסען און צו פערניכטען אַנדערע פעלקער.

אין טרויער האָט זיך אָנגעטהון ירושלים, און יעקב'ס הויז איז בעדעקט געוואָרען, מיט שאַנדע. דערימט אַליין האָט זיך עס נאָך נישט געענדיגט. דעם לאַנד יהודה איז בעשערט געווען אויסצושטעהן נאָך שרעקליכערע טעג. אַנטיוכס האָט ווידער ערקלערט אַ מלחמה מצרים, און די יודען האָבען געמוזט אַריבערטראָגען אַלע זיינע אכזריות'ען. ביידע קעניגליכע ברידער אין מצרים האָבען צווישען זיך שלום געשלאָסען, אַ דאַנק דער אַריינמישונג פון זייער שוועסטער און די רוימער, און דער עלטערער פילאָמעטאָר, איז געוואָרען מלך אין אלכסנדריא. ווען אַנטיוכס האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט, און אַזוי ווי די רוימער זענען נאָך געווען פערנומען מיט מאַקעדאָניען, האָט ער זיך בעשלאָסען ווידער אָנצופאַלען אויף מצרים (1168). ער האָט ניט בעגעגענט קיין שום ווידערשטאַנד און איז אויף אַזאַ אופן דערגאַנגען ביז אלכסנדריא. די מצרים'שע מלכים האָבען אַוועקגעשיקט שלוחים קיין רוים, צו בעטען שטיצע, און דער רוימישער סענאַט האָט זיי ניט אָבגעזאָגט און געשיקט קיין מצרים דריי הילף-אָבטיילונגען, אָבצושטעלען אַנטיוכוס'ן. נאָך דעם גליקליכען געשלעג ביי פּידנע, ווען דאָס מאַקעדאָנישע מיליטער האָט געהאַט אַ גרויסע מפּלה און דער מלך פּערסעאוס אַליין איז אַנטלאָפען, זענען די דריי רוימישע שרים געקומען צו אַנטיוכס'ן אין לאַגער (22 יוני 168) און האָבען איהם איבערגעגעבען דעם בעפעהל פון סענאַט — אין דער מינוט אָבצוטרעטען פון מצרים; און ווען דער סורישער מלך האָט געבעטען וויפיעל עס איז צייט, אויף אַ ישוב-הדעת, האָט פּאָמפּיליוס לענאַס געמאַכט אַ צירקעל מיט זיין שטעקען און געזאָגט, אַז איידער ער וועט דורכגעהן דורכ'ן צירקעל, דאַרף אַנטיוכס בעשליסען און אויסקלייבען איינס פון די ביידע: שלום מיט רוים, אָדער מלחמה. אַנטיוכוס האָט גאַנץ גוט געקאָנט די עקשנות פון די רוימער און בעשלאָסען גלייך אָבצוטרעטען. אויסער זיך פון כעס און ערגערניש האָט זיך אנטיוכוס אומגעקעהרט אין זיין רעזידענץ-שטאָדט, און איבערהויפּט האָט איהם געקרענקט דאָס, וואָס

ב׳ האָט [illegible] די רוימער, זיינע ביטערסטע שונאים, שפּילען די ראָליע פון א גוטען פריינד.

כל המתי האָט אנטיוכוס דאָן אויסגעגאָסען אויף די יודישע קעפּ. צי האָבען זיך די יודען אָפּען געפרעהט אויף זיין מפּלה, אָדער זיי האָבען צו הויך געערדט וועגען דעם, אז גאָט, וועלכער ערניעדעריגט בעלי־גאוה׳ס האָט איהם בעשטראָפט? ווער קאָן עס זיכער בעשטימען. בעשטראָפט זענען זיי אָבער געוואָרען אויף א שרעקליכען אופן. איינער פון אנטיוכוס׳עס שרים, אפּאָלאָניוס, איז מיט א גאנצער רויבער־באנדע געקומען אין ירושלים, כלומר׳שט מיט פריינדליכע רייד און א פאלשער מינע פון שלום. נאָר אין א שבת־טאָג, ווען די בעפעלקערונג האָט ניט געקאָנט זיך ווידערשטעלען מיט געוועהר, איז דאָס מאַקעדאָנישע חיל בעפאלען די איינוואוינער, האָט געטוידט פיעל דערוואקסענע מענער, געפאנגען פרויען און קינדער אין די אויפגעפיהרט אין פרעמדע לענדער, צום פערקויפען אלס שקלאפען. ווער עס האָט געקאָנט, איז אנטלאָפען פון שטאָדט. פיעל בנינים זענען פערוואנדעלט געוואָרען אין חורבות, די טויערען פון ירושלים זענען צובראָכען געוואָרען, דעם בית־המקדש אָבער האָט דער מערדער אפּאָלאָניוס און זיין באנדע געלאָזען צורוה, ווייל, — אנטיוכוס האָט איהם צוליעב אונבעוואוסטען טעמים — נישט געוואָלט בעריהרען. דערפאר אָבער האָבען זיי ניט געשוינט די אויסערליכע בנינים, האָבען פערברענט די הילצערנע טויערען און האָבען צושטערט די גאלערעען מיט העק און האמערס. אין בית המקדש איז ניט געווען וואָס צו ראַבירען. אויף די ליידיגע גאסען פלעגט מען קאָנען טרעפען נאָר העלעניסטען, טירישע סאָלדאטען און אויסלענדער. „ירושלים איז געוואָרען א פרעמדע שטאָדט פיר איהרע אייגענע קינדער״. דער בית־המקדש איז געוואָרען ליידיג. דער מארק פון אקרא האָט געבילדעט אין ירושלים נאָך א שטאָדט. דאָרט האָבען זיך בעזעצט די סירישע סאָלדאטען, דאָרטען האָבען אויך געוואוינט די העלעניסטען. כדי צו בעשיצען אקרא פון אנאָנפאל, האָט מען איהר ארומגערינגעלט מיט פעסטע ווענד און הויכע טורעמס, העכערע ווי די ווענד פונ׳ם דערבייאיגען בית־המקדש, און זיך פערזיכערט מיט געוועהר און עסענווארג.

מענעלאוס, וועלכער האָט געבראכט צו די אלע שוידערהאפטע חורבנות, איז אָבער אויך ניט געווען צופריעדען מיט דער פריכט פון זיין ארבייט. ווארום פאר וועמען האָט ער איצט געזאָלט שפּיעלען די ראָליע פון א כהן גדול, — איצט ווען קיינער האָט דעם בית־המקדש נישט בעזוכט, ווען

דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם? ער איז געבליבען אַליין: ער האָט אין בית־המקדש געהערט נאָר דאָס עכאָ פון זיין אייגענעם קול, און דאָס האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַ נייעם פּלאַן. דאָס יודענטום, דאָס געזעץ, די תורה אַלץ דאַרף פערניכטעט ווערען און די יודען דאַרפען אָננעהמען דעם גריכישען קולטוס. זענענדיג שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די יודען און זייער רעליגיאָן, האָט ער אַקצעפּטירט דעם פּלאַן און מיט גרויס אכזריות זיך גענומען איהם פערווירקליכען. דאָס יודישע פאָלק מוז אינגאַנצען העלעניזירט ווערען און טריי דינען אַנטיוכוס׳ן — דאָס איז געווען די אידעע פון דעם נייעם בעפעהל, וועלכער האָט געדראָהעט מיט טויט־שטראָף יעדען, וואָס וועט וואַגען איהם עובר צו זיין.

דערמיט האָט אַנטיוכס געוואָלט דערווייזען די אונמאַכט פון גאָט, וועמען דאָס יודישע פאָלק איז געווען אַזוי שטאַרק איבערגעגעבען און געטריי. אַנטיוכס, פערהאַלטענדיג זיך גלייכגילטיג צו זיינע אייגענע געטער, האָט זיך געפונען פערזענליך בעליידיגט דערפון, וואָס די יודען, נישט קוקענדיג אויף די בלוטיגע פערפאָלגונגען און רדיפות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען און שטעהען אויס ביז יעצט, גלויבען פון דעסטוועגען אין זייער גאָט און הערען נישט אויף צו האָפען, אַז ער וועט פערניכטען אַלע זייערע פייניגער און רשעים. אָט דעם יודישען גאָט האָט ער געוואָלט מנצח זיין, און צו דעם צוועק האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, וועלכער איז פּובליקירט געוואָרען דורך ספּעציעלע בעאַמטע אין אַלע שטעדט פון יהודה, אַז מען זאָל אויפהערען מקים זיין די מצות פון דער תורה און מען זאָל מקריב זיין קרבנות נאָר פאַר די גריכישע געטער דערצו האָט מען אומעטום געדאַרפט אוועקשטעלען מזבחות און סטאַטועןאַנטיוכס האָט געוואָלט טרעפען מיט זיין קויל אין מיטען האַרצען פון יודענטום און האָט דעריבער געהייסען, מען זאָל נויטען יודען, מקריב צו זיין אויף די מזבחות אומריינע בהמות און איבערהויפּט חזירים.

די היילינגסטע דריי געזעצען, מיט וועלכע יודען האָבען זיך אונטערשיידט פון די געצענדינער: מילה, אָבהיטען שבת און ניט עסען קיין טרפ׳ע שפּייז, — זענען איצט שטרענג פערבאָטען געוואָרען און דעם מלך׳ס בעאַמטע האָבען אָהן רחמנות געטויט יערען, ווער עס פלעגט האַנדלען געגען דעם מלך׳ס ווילען.

אָנגעהויבען האָט מען מיט׳ן בית־המקדש. אַנטיוכס האָט צוגעשיקט אין ירושלים איינעם פון זיינע שרים, ער זאָל פון בית־המקדש מאַכען אַ טעמפּעל פאַר׳ן גריכישען גאָט צעאוס, אויפ׳ן מזבח פון דער פאָדער־

שטוב (עזרה) האָט מען מקריב געווען אַ חזיר, מיט זיין בלוט האָט מען פערשפריצט דעם קדשי-קדשים, דאָס פליייש האָט מען אויסגעקאָכט און מיט דעם פעטס האָט מען פערגאָסען די היילינע תורה. נאָכדעם האָבען דער כהן גדול און די איבעריגע יודישע העלעניסטען געמוזט אויפעסען דעם געבראָטענעם קרבן. די תורה, וועלכע מען האָט געפונען אין בית-המקדש, האָט מען געשענדעט און פערברענט, ווייל לויט אַנטיוכס'עס מיינונג, האָט זי געפלאַנצט אין די הערצער ניט ריינע מדות און מעני-שען-ליעבע, נאָר שנאה און האַס. נאָכהער האָט מען אַוועקגעשטעלט אויפ'ן מזבח די אָבבילדונג פון צעאוס, און פאַר איהם האָט מען גע-דאַרפט מקריב זיין קרבנות (אַרום 17 תמוז — יולי 168).

אַזוי איז דער גאָט פון ישראל פערטריעבען געוואָרע דורך צעאוס'ן און ווידער איז געשענדעט און פערשמוצט געוואָרען דאָס איינציגע אָרט אויף דער וועלט, וואָס איז געווען גלייך היילינ פאַר יעדען יודען!

די טיעפע לייידען און שמערצען, וואָס ס'האָבען געפיהלט די יודי-שע הערצער, זעהענדיג דעם חלול-הקדש און די נאַציאָנאַלע אונגליקען, האָבען געפונען אַנ'אויסדריק אין צוויי קאַפיטלען פון תהלים, וועלכע אונ-בעקאַנטע משוררים-לוים האָבען פערפאַסט. אין איינעם פון זיי ווערט געזאָגט:

אַ פייער האָבען זיי אָנגעצונדען אין בית-המקדש,
פערשוועכט האָבען זיי דעם משכן פון דיין נאָמען....
נישטאָ ביי אונז ניט קיין מופת, ניט קיין נביא....
און קיינער פון אונז ווייס ניט, ביז ווי לאַנג,
ביז ווי לאַנג, אָ גאָט, וועט דער בעליידיגער דיין
היילינקייט פערשוועכען,
דער שונא דיין נאָמען לעסטערן?...

און דאָס פאָלק? ווי האָבען זיך די בריימערע פאָלקס-שיכטען פאַק-טיש פערהאַלטען צו די דאָזיגע שענדליכע בעפעהלען פון דעם קעניגלי-כען טיראַן, וועלכע האָבען געהאַט פאַר זיך דעם איינציגען צוועק, — אָבצורייסען יודען פון זייער גאָט און אויסצולעשען אין זיי דעם לעצטען פונק פון זייער נאַציאָנאַלען געפיהל?

אַ שרעקליכען נסיון האָבען יודען געהאַט דאָס מאָל אויסצושטעהן. די תליה האָט ערוואַרטעט יעדען, וואָס האָט געוואַגט עפענטליך צו הי-

טען די געזעצען פון דער תורה; זאָגאַר מיט דעם נאָמען יהוד׳עער (יוד) איז פערבאָטען געוואָרען זיך אָנצורופען, און דאָס אַלץ האָט פון דעסט-וועגען ניט געהאָלפען, אויסצומעקען דעם יודישען נאָמען און גאָט׳ס וואָרט צו פערניכטען! שטראָמען פון מערטירער-בלוט האָבען די ערד פון יהודה פערפלייצט, די בעסטע קינדער פון פאָלק זענען געהאַנגען און אכזריות׳-געפייניגט געוואָרען, און — יודען האָבען זייער גאָט ניט פערלאָזען און זיינע געזעצען ניט פערשוועכט.

די יודען פון די סירישע און פעניקישע שטעדט, וועלכע האָבען געלעבט צווישען די גריכען און צוזאַמען מיט זיי, האָבען, אמת ניט אויסגעהאַלטען די שרעקליכע צוואַנגסמיטלען פון אַנטיוכס׳עס בעאַמטע און געבויגען זייערע קעפּ פאַר די גריכישע אָבגעטער, פערלייקנענדיג, אָדער טראָגענדיג בעהאַלטען טיעף אין האַרצען, זייער גלויבען און זייער צוגעבונדענקייט צו דעם יודישען פאָלק; אויך דאָ אָבער האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבען די ערשטע געגעבען דעם ביישפּיעל פון העלדישען מערטירערטום, אָפּפערנדיג אַלע ערדישע פערגניגענס, אויס-שטעהענדיג די שרעקליכסטע ענויים און אַוועקגעבענדיג זאָגאַר דאָס גאַנ-צע לעבען — פאַר דעם אידעאַל, פאַר דאָס הייליגע און אמת׳ע, פאַר דעם זין פון לעבען. אין אַנטיוכיא גופא איז אַנ׳אַלטער געלעהרטער, מיט׳ן נאָמען א ל י ע ז ר, אויסגעשטאַנען די שרעקליכסטע יסורים און ענדליך אויך דאָס לעבען מקריב געוועזען דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט עפענטליך אויפעסען דאָס שטיקעל כשר פלייש, וואָס אַנטיוכס׳-עס משרתים האָבען איהם דערלאַנגט מיט דעם צוועק, דאָס פאָלק זאָל מיינען, אַז ער עסט חזיר. די פאָלקס-לעגענדע ווייסט אויסער דעם צו דערצעהלען אויך פון אַ מוטער מיט איהרע זיעבען זיהן, וועלכע האָבען זיך איינער נאָכ׳ן אַנדערען אָבגעזאָגט צו ערפילען אַנטיוכס׳עס פערלאַנג, און זענען דעריבער אַכזריות׳דיג געפייניגט געוואָרען דער מוטער אין די אויגען. לעבעדיגערהייד האָט מען זיי אויפ׳ן פייער געבּרענט, די הויט האָט מען פון זיי אַראָבגעשונדען און איינצעלנע גליעדער אָבגעשניטען, — און די יודישע מוטער איז געשטאַנען און האָט געקוקט און האָט ניט אויפגעהערט אויפצומונטערן די קינדער, זיי זאָלען די שרעקליכסטע יסורים אַריבערטראָגען, אַבי גאָט׳ס נאָמען ניט שענדען, אַבי פאַר די אָבגעטער דעם קאָפּ ניט בויגען!

אין יהודא גופא איז די צאָהל פון די מערטירער נאָך גרעסער גע-ווען; וואו נאָר אַנטיוכעס׳עס בעאַמטע זענען געקומען, האָבען זיי גלייך

מזבחות אויפגעשטעלט און געפאָדערט פון דער בעפעלקערונג אינ׳ם נאָמען פון קעניג, זי זאָל מקריב זיין חזירים פאַר דעם גאָט צעאוס און דאָס פלייש עסען, זי זאָל עפענטליך אַרבייטען אום שבת, און אין די דיאָניזישע ווייןֿיום־טובים איז נאָך דערצו צוגעקומען אויך די גזירה, אַז יודען זאָלען פייערליכע פראָצעסיעס איינאָרדענען לכבוד דעם גריכישען וויין־גאָט און איהם עהרען מיט אַלערליי אויסגעלאַסענקייטען און שכור׳ע שמחות. קיין ערפאָלג האָבען אָבער די דאָזיגע בעאַמטע נישט געהאַט: זייערע אויפרופען האָבען גאַנץ וועניג יודען צונויפגעבראַכט ווייל די מעהרהייט פון זיי איז שוין פון פריהער געהאַט אַנטלאָפען פון שטאָדט און זיך בעהאַלטען אין די הויהלען און טאָלען פון די יהודה׳אישע בערג נידער אין די מדבריות׳ען אַרום דעם ים־המלח. דער דאָזיגער פערעקשנ׳טער ווידערשטאַנד האָט אַנטיוכס׳ען נאָך מעהר אויפגערייצט, און ער האָט געשיקט איין בעפעהל נאָכ׳ן אַנדערן צו בעשטראָפען די „איינגעשפאַרטע" יודען מיט דער גרויזאַמסטער אַכזריות. די בעאַמטע האָבען די דאָזיגע בעפעהלען, נאַטירליך, דורכגעפיהרט: געפונענע מגילות פון דער תורה זענען דורך זיי צוריסען און פערברענט געוואָרען; די יודען, וועלכע האָבען אין די דאָזיגע הייליגע מגילות אַ טרייסט געזוכט, אויף צו שטילען דעם וועהטאָג פון זייערע בלוטיגע פערפאָלגונגען, זענען אויף דעם גרויזאַמסטען אופן געטויט און געשענדעט געוואָרען, אַלע שוהלען און ישיבות אינ׳ם לאַנד האָבען זיי צושטערט און פערוויסט, און הונדערטער שוואַכע פרויען, וועלכע האָבען אין דער אָבוועזענהייט פון זייערע מענער אַריינגעבראַכט די קינדער אינ׳ם בונד פונ׳ם יודישען פאָלק (מילה), זענען דורך די אונמענשליכע טיראַנען אויפגעהאָנגען געוואָרען אויף דער מויער פון שטאָדט מיט זייערע צאַרטע קינדער אויפ׳ן האַלז. —

די ווירקונג פון די דאָזיגע אונמענשליכקייטען און גרויזאַמקייטען איז אָבער געווען פונקט דער היפך דערפון, וואָס אַנטיוכס האָט פון זיי ערוואַרטעט: אַנשטאָט אָבצושרעקען דעם פאָלק, האָבען זיי איהם נאָך מעהר פערביטערט און נאָך מעהר פערעקשנ׳ט; דער טוידט האָט זיין שרעקליכקייט פערלוירען, און צוזאַמען מיט די פערפאָלגונגען איז געוואַקסען אויך די אינערליכע גרויסקייט, די שטאַנדהאַפטיגקייט, דער רעליגיעזער עקסטאַז. די דאָזיגע בעגייסטערונג איז אונטערגעהאַלטען און נאָך שטאַרקער צופלאַקערט געוואָרען אַ דאַנק דער פייערדיגער אַגיטאַציע פון די חסידים. דורך בעהאַלטענע וועגען פלעגען זיי זיך פון זייערע מערות אַרויסגנב׳נען און אַרומגעהן פון שטאָדט צו שטאָדט

און פון דאָרף צו דאָרף, צונויפרופענדיג אומעטום די איינוואוינער און בעשווערענדיג זיי מיט פייער און גלות, זיך נישט אונטערצוגעבען, נישט צו פערשוועכען גאָט'ס תורה און זיך מוסר-נפש צו זיין פאַר גאָט'ס נאָמען.

די סורישע בעאַמטע אין ירושלים זענען אָבער באַלד געוואָהר געוואָרען, פון וואַנען עס שטאַמט די העלדישע עקשנות, און דער פיהרער פונ'ם גאַרניזאָן, פיליפוס, האָט זיך אַוועקגעלאָזען אין די בערג, אום אויפצוזוכען די אַלע פערנומענע מערות און בעהעלטעניִשען. ווי די לעגענדע דערצעהלט, האָט ער אין אַ געוויסען שבת'דיגען טאָג געלאָזען זיינע סאָלדאַטען אַרומרינגלען איינע פון די דאָזיגע מערות, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען טויזענדער מענער, פרויען און קינדער, און זיי אויפגעפאָדערט, אַרויסצוגעהן און זיך אונטערצוגעבען אַנטיוכס'ען בעפעהל. די בעלאַגערטע האָבען איינשטימיג געענטפערט: „ניין, מיר וועלן זיך אַנטיוכס'עס בעפעהל נישט אונטערגעבען, און די הייליגקייט פון שבת וועלן מיר נישט פערשוועכען". פיליפאָס האָט דאַן בעפעהלען זיינע סאָלדאַטען זיך אַריינצורייסען אין דער מערה, און די חסידים האָבען, נישט וועלענדיג מחלל שבת זיין, קיין שטיין פון דר'ערד נישט געריהרט, אום דעם אַריינגאַנג צו שטערן, און בלויז היִמעל און ערד פאַר עדות גענומען, אַז זיי ווערן אָהן אַ שום זינד געטויט. אַלע בעלאַגערטע זענען דאַן דער'הרג'עט, דערשטיקט און פערברענט געוואָרען דורך דער דאָזיגער מערדער-באַנדע, וועלכע האָט אין אַלע עפנונגען פון דער מערה פייער-קנויטען אַריינגעשליידערט, אום עס זאָל זיך קיינער נישט קענען ראַטעווען.

טיעף איז געוועזען דער שמערץ פון די טריי געבליבענע יודען, הערענדיג וועגען די דאָזיגע שרעקליכע קרבנות, און אויך די מוטיגסטע פון זיי האָבען אָנגעהויבען אַרובצופאַלען ביי זיך. מיט וואָס וועלען זיך די אונערטרעגליכע צרות ענדיגען? און פון היִמעל זעהט זיך קיין צייכען נישט, וואָס זאָל טרייסטען און האָפנונג איינפלאַנצען; און קיין נביא שטעהט נישט אויף, וואָס זאָל פיהרען און דעם וועג וואַיזען, וואָס זאָל גאָט'ס וואָרט מיט זיך ברענגען און אָנזאָגען, ווי לאַנג די בלוטיגע פערפאָלגונגען וועלען דויערן.

דאָס איז איינע פון די שרעקליכסטע צייטען געוועזען אין דער געשיכטע פון דער יודישער מאַרטיראָלאָגיע.

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

## דער מכבּי'שער אויפשטאַנד.

(106—107)

---

ווען די בּלוטיגע רדיפות האָבּען שוין דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה, צובּרעכענדיג דעם אידישען פּאָרק בּיז דעם תהום פון אונטערגאַנג און פערניכטונג, האָט אין יהודה אויסגעבּראָכען אַנ'אויפשטאַנד. די אָנפיהרער פון'ם אויפשטאַנד זענען געווען פון דער פאַמיליע חשמונאים אָדער מכבּ'ער, וועלכע האָבּען זיך, אויסער זייער איבּערגעגעבּענהייט צו דער אמונה, אויסגעצייכענט אויך מיט זעלטענער קלוגהייט, אונגעוועהנליכער גבורה, און געלאַסענער פאָרזיכטיגקייט. איין גרייז-גראָהער פאָטער מיט זיינע פינף זיהן האָבּען אויפגעהויבּען די פאָהן פון'ם אויפשטאַנד, וועלכער האָט אַריינגעבּלאָזען אַ גייסט פון שטאַרקייט און מוט אין די אידישע הערצער אויף לאַנגע לאַנגע יאָהרען; דער פאָטער האָט געהייסען מתתיהו, יוחנן'ס זוהן און דער אייניקעל פון שמעון חשמונאי, וועלכער האָט געשטאַמט פון אהרן הכּהן. ער האָט פריהער געוואוינט אין ירושלים, נאָר צוליעבּ די רדיפות האָט ער זיך געמוזט איבּערקלייבּען אין דעם קליינעם שטעדטיל מודעית (12 קילאָמעטער צו צפון פון ירושלים). פון זיינע פינף זיהן האָט יעדער געהאַט אַנ'אַרמ'יש צונאָמען: יוחנן הגדי, שמעון התרסי, יהודה המכּבי, אלעזר אברן און יונתן אפּוס. די דאָזיגע חשמונאים האָבּען זיך מיט אַ טיעפען צער צוגעקוקט צו דער שרעקליכער לאַגע פון'ם פאָטערלאַנד. „אַלע בּתי-מדרשים זענען צושטערט, יהודה איז אַ שקלאַפין געוואָרען, טאָ וואָס טויג אונז נאָך אונזער לעבּען?“ אַזוי האָט דער אַלטער מתתיהו געזאָגט צו זיינע זיהן און ענדליך בּעשלאָסען, זיך נישט צו בּעהאַלטען מעהר אין פערבּאָרגענע ווינקעלעך און הוהלען, נאָר אַרויסצוטרעטען מוטיג און רעטען דאָס פאָלק פון פערטיליגונג, אָדער — שטאַרבּען פאַר דעם

הייליגען אידעאל! ווען איינער פון די סורישע בעאמטע, אפולאס, איז געקומען אין מודעית, נויטען די איינוואוינער, זיי זאלען דינען די גריכישע געצען און האט אנגעהויבען פאדערען פון מתתיהו, אז ער, אלס דער אנגעזעהענסטער מענש און פארשטעהער, זאל דער ערשטער ווייזען א ביישפיעל פון געהארכזאמקייט און אונטערטעניגקייט, האט דער לעצטער געענטפערט: ווען אפילו אלע פעלקער פון דער סורי'שער מלוכה וועלען זיך ענטזאגען פון זייער רעליגיאן, איך אבער, מיינע זיהן און מיינע ברידער וועלען פערבלייבען טריי דער אמונה. עס האט זיך געפונען דארט איין איד, וועלכער האט געוואלט געפע־לען ווערען דעם סורי'שען בעאמטען און איז צוגעגאנגען צום מזבח מקריב צו זיין א קרבן פאר צעאוס'ן. דא האט ענדליך געפלאצט מתתיהו'ס גע־דולד; עס האט זיך אין איהם אנגעצונדען דאס פאטריאטישע און רעליגיעזע פייער און ער איז בעפאלען דעם בוגד און איהם געטויט נעבען דעם אלטאר; זיינע זיהן, בעוואפענט מיט מעסערס, זענען בעפאלען אפולעס'ן און זיין חיל, האבען זיי דערהרג'ט און דעם אלטאר האבען זיי צובראכען. די דאזיגע פאסירונג איז געווען פאר אלע טריי נאציאנאליסטען א סיגנאל ארויסצוטרעטען געגען שונא אין א ענטשלאסענעם קאמפף אויף לעבען און טויט און ניט צו פאלען, אזוי ווי שלאכט־קרבנות.

מתתיהו האט גלייך נאך דער דאזיגער געשיכטע ארויסגעלאזען אנ'אויפרוף: „ווער עס וויל נקמה נעהמען פאר דער תורה און אמונה, זאל געהן נאך מיר!“ באלד זענען צו איהם צוגעשטאנען די איינוואוינער פון מודעית און פון דער אומגעגענד, און מתתיהו האט געזוכט פאר זיי א געשיצטען ארט אין די בערג פון אפרים. דא איז צו איהם צוגעשטאנען אויך דאס ביסעל חסידים, וועלכע האבען זיך געראטעט פון טויט און די אלע, וועלכע זענען געקומען צולוי־פען אהער פון די שרעקען און רדיפות, און אזוי איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען די צאהל פון די פערטיידיגער פונ'ם פאטער־לאנד און פון דער אמונה. מתתיהו האט זיי פריהער געזאגט אז זיי וועט אויסקומען צו פיהרען א שווערען און בלוטיגען קאמפף און האט זיי צוגערייט, מפקיר צו זיין דאס לעבען פאר דער הייליגער זאך. מ'האט בעשלאסען זיך צו בעשיצען מיט געוועהר פון א'אנפאל אפילו אום שבת, נישט ווי די חסידים, וועלכע האבען ־ישט געוואגט אויפ־צוהייבען א שטיין אין דעם הייליגען טאג. עס האט זיך אנגעהויבען א

הייסע בעוואָפונגס=אַרבייט און אפילו יענע חסידים, וועלכע האָבען
געוואוסט בלויז זיך צו פערטיעפען אין היילינע ספרים, האָבען מאַס=
סען=ווייז געקומען צושטעהן צו מתתיהו'ס מחנה און זיך פערזאָרגען
מיט כלי=זיין. די לאַגע אין לאַנד איז געוועזן אַזוי ווי אין דער צייט
פון נאָך די שופטים; די איינוואוינער זענען צוזייהט און צושפּרייט גע=
ווען אין היילען איבער די בערג, אַ טייל האָט געהאַלטען פאַר'ן
שונא, און נאָר אַ קליינער הייפעל איז געוועזן גרייט אויסצולייזען דעם
פאָטערלאַנד מיט'ן אייגענעם בלוט; האָט אָבער דער הייפעל וועניג
געוועהר געהאַט און איז בכלל גאַנץ וועניג איינגעאיבט געוועזן אין
דער קונסט פון מלחמה. אַ נצחון איז איצט, אַלזאָ, נאָך מעהר אונ=
מעגליך געוועזן, ווי אין אָנהויב פון שאול'ס מלוכה.

מתתיהו האָט אויסגעמיטען אַנ'אָפענעם געשלעג מיט די סורי'ער,
וויסענדיג, אַז די צאָהל פון זיין היל איז זעהר קליין. נור זענענדיג
בעקאַנט מיט יעדען ווינקעל פון דעם לאַנד, איז ער מיט זיינע זיהן
און חיל פלינק איבערגעגאַנגען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער,
האָט צעשטערט די אַלטאַרען פון די גריכישע געטער, בעשטראָפט די
איינוואוינער, וואָס האָבען געהאַלטען פאַר'ן שונא, און פערפאָלגט די
גריכען, וועלכע האָבען זיך איהם געטראָפען אויפ'ן וועג. עס איז
איהם איינינע מאָל געלונגען אויך צו צושלאָגען אַ שוואַכען סורי'שען
חיל, אָן וועלכען ער האָט זיך אָנגעשטויסען. ווען דער סורי'שער בע=
אַמטער פלעגט אַרויסשיקען פון ירושלים געגען די מורדים אַ גרעסערן
חיל, פלעגען זיי מיט אַ מאָל נעלם ווערען און מ'האָט זיי ניט גע=
קענט געפינען. קורץ, מתתיהו האָט געפיהרט געגען דעם שונא אַ
מלחמה, וועלכע איז מעגליך נאָר אין געבירגיגע געגענדען און קען
פערמאַטערן זאָגאַר דעם שטאַרקסטען געגנער.

ווען דער אַלטער מתתיהו האָט געהאַלטען ביי'ם שטאַרבען,
האָט ער פאַר אַ ראַט=געבער בעשטימט זיין עלטערן זוהן שמעון און
אַלס אָנפיהרער פונ'ם אויפשטאַנד דעם יונגער'ן, יהודה. ער האָט
זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען נישט קוקען אויף לעבען און טויט און
שטרייטען ביז'ן לעצטען טראָפען בלוט פאַר זייער גאָט און פאָטער=
לאַנד. באַלד ווי יהודה המכבי איז געוואָרען אָנפיהרער האָט דער
ווידערשטאַנד אָנגענומען נאָך אַ שאַרפערען כאַראַקטער. ער איז געוועזן
אַ העלד, וועמעס גלייכען די אידען האָבען נישט אָנגעזעהן פון דוד'ס
און יואב'ס צייטען אָן. פון זיין העלדען=נשמה האָט געשטראָמט אַזאַ

אונזיכטבאַרע קראַפט, וואָס האָט די אַלע, וועלכע האָבען זיך געפוינען אונטער זיין אָנפיהרונג, מיט טוידט=מוט אָנגעפילט. דערצו איז ער געוועזען בעגאַבט מיט אַ שאַרפזיכטיגען אָנפיהרער=בליק, אָנצוהויבען אַ קאַמפף צו דער צייט, אויסצונוצען די שוואַכע זייטען פון שונא און אָבנאַרען איהם דורך אַ כלומר'שטער אַטאַקע. פון איין זייט „איז ער געוועזען גלייך ווי אַ לייב אין זיין צאָרן" און פון דער אַנדערער זייט „ווי אַ טויב, מיט זיין ווייכקייט און צערטליכקייט". ער איז געוועזען טריי דער אמונה, ווי די בעסטע פערזענליכקייטען אין דער אידישער פערגאַנגענהייט. ער פלעגט זיך ניט פערלאָזען אויף זיין אייגענער קראַפט, נאָר אויף גאָט'ס הילף, צו וועלכער ער פלעגט זיך ווענדען פאַר יעדען אַרויסטריט. יהודה המכבי איז געוועזען אַנ'אמת'ער אידישער העלד, וועלכער פלעגט זיך ערלויבען בלוט פערגיסען נאָר אין נויט, אום צו בעפרייען און ערהויבען דאָס אונטערדריקטע און געפאַלענע פאָלק, און די גאַנצע עפּאָכע פון דעם דאָזיגען אויפשטאַנד טראָגט אויך זיך זיין נאָמען, זיין שטעמפּעל און זיין כאַראַקטער.

אין אָנהויב האָט ער נאָכגעטאָן זיין פאָטער און פלעגט זיך בעגנוגענען מיט'ן בעשטראָפען די בוגדים, מיט'ן צוציהען צו זיך די וועלכע האָבען זיך נאָך ניט אָבגעריסען פון יודענטום און אָנטהון שאָדען קליינע אָבטיילונגען פונ'ם סורי'שען חיל; ווען די צאָהל פון זיינע אָנהענגער איז אָבער פערגרעסערט געוואָרען דורך די, וועלכע האָבען שוין ניט געקענט מעהר רוהיג בלייבען אונטער דעם פרעמדען יאָך, האָט יהודה בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אָפען געגען דעם גריכישען חיל, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער אָנפיהרונג פון אַפּאָלאָניום.

דער ערשטער אָפענער געשלעג, וועלכען יהודה האָט דורכגעמאַכט, האָט זיך אויסגעלאָזען זעהר גליקליך: (166) אַפּאָלאָניום איז געפאַלען טויט אויפ'ן שלאַכט=פעלד און זיינע סאָלדאַטען זענען אָדער פערוואונדעט געוואָרען אָדער זיך צולאָפען. דער בעזיעגטער סורי'שער חיל איז אפילו געוועזען ניט פיעל אין צאָהל, פונדעסטוועגען האָט דער דאָזיגער נצחון צוגעגעבען מוט די יודישע קעמפפער. דעם ערשטען מאָל האָבען זיי דעם שונא גלייך אין די אויגען געקוקט און עס האָט זיי אָבגעגאָלטען! זיי האָבען דערין געזעהן אַ צייכען, אַז גאָט האָט נישט פערלאָזען זיין פאָלק, נאָר ער בעשיצט עס מיט זיין אונזיכטבאַרער האַנד. יהודה האָט אָבגענומען ביי דעם דער'הרג'

מען אפאלאניוס'ן זיין שווערד און האט מיט איהם געקעמפפט ביז'ן לעצטען אטעם=צוג.

דאן איז געגען יהודה'ן ארויס דער סורי'שער קריעגס=פיהרער הערא'ן מיט א גרויסען חיל; מיט איהם זענען מיטגעגאנגען בוגדים=העלעניסטען, אום צו ווייזען איהם בעקוועמע וועגען איבער די בערג, וואו יהודה האט זיך געפונען. ווען די יודישע קעמפפער האבען צו ערשט דערזעהן די גרויסע מחנה פונ'ם פיינד נעבען בית חורון האבען זיי אויסגעשריען: „ווי וועלען מיר עס וואגען צו שטרייטען געגען אזא גרויסען חיל?" נאר יהודה האט זיי בערוהיגט און אויפגעמונטערט און זיי דערמאהנט אלץ, וואס זיי האבען דא צו פערטיידיגען — זייער לעבען, זייערע קינדער און זייער תורה. נאכדעם איז ער שטורמיש בעפאלען די סוריער און האט זיי אינגאנצען צושלאגען. אכט הונדערט מאן פון הערא'נ'ס חיל זענען געבליבען אויפ'ן שלאכט=פעלד און די איבריגע זענען אנטלאפען צו מערב=זייט אין לאנד פון די פלשתים. יהודה'ס ערשטער פאלשטענדיגער נצחון איבער'ן שטארקען שונא ביי בית חורון האט פונאנדערגעפלאקערט אין די יודישע הערצער די האפנונג, אז דער אויפשטאנד וועט זיך גליקליך ענדיגען, און אלע שכנ'ישע פעלקער האבען אנגעהויבען מורא האבען פאר דער העלדענקראפט פון די מכב'ער.

אנטיוכס'ן האט אין אנהויב ווייניג וואס געקימערט דער אויפשטאנד אין יהודה, ווייל ער איז זיכער געוועזען, אז זיין חיל איז נאך גענוג שטארק, אום צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד אין רעכטען אנהויב; ווען אבער ער האט אנגעהויבען בעקומען אפטע ידיעות וועגען די מפלות פון זיינע חיל=אבטהיילונגען אין יהודה, און דערהערט וועגען דעם יודישען העלד יהודה המכבי, האט ער פערשטאנען, אז זיין רעכנונג בנוגע צו דער יודישער קראפט איז געוועזען אינגאנצען פאלש. שטורמיש=צוקאכט און אויפגעברויזט האט ער בעשלאסען צו מאכען איין מאל פאר אלע מאל א סוף פון יודען אינגאנצען; ער האט אבער דעם דאזיגען פלאן ניט געקענט באלד אויספיהרען, ווייל האבענדיג א קליינעם גארניזאן חיל, האט ער געמוזט דינגען סאלדאטען. צו דעם צוועק האט ער געדארפט האבען געלד, און דאס האט איהם גראד געפעהלט, ווייל זיינע ווילדע פערשווענדונגען און הוצאות האבען ווייט אריבערגעשטיגען די הכנסות; ערווארטען די אבצאהלונגען און מסים פון יהודה האט ער שוין געוויס ניט גע=

קענט. דערצו זענען נאָך צוגעקומען אַנדערע פערלעגענהייטען אויך: „שרעק־נאַכריכטען זענען איהם אָנגעקומען פון מזרח און צפון". ארזאַצעס, זיין סאַטראַפּ פון אדום, האָט זיך אָבגעריסען פונ׳ם סוריש־בבל׳שען מלך און בעפרייט דאָס פאָלק פון זיין יאָך; אַרטאַקסיאַס, דער מלך פון אַרמעניען, האָט זעהר וועניג אונטערטהעניגקייט אַרויסגעוויזען צו אַנטיוכס׳ן און האָט זיך געפיהרט ווי אַ אונאָבהענגיגער פירשט. די איינוואוינער פון אַראַדוס און אַנדערע פיניציאישע שטעדט זענען איהם אויך וועניג וואָס געהאָרכזאַם געווען. דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויף צו פערקלענער׳ן זיינע הכנסות. כדי ווידער פול צו מאַכען זיין קאַסע, האָט ער געמוזט פיהרען מלחמות מיט די דאָזיגע פעלקער, און אום די דאָזיגע מלחמות צו פיהרען, האָט ער ווידער געמוזט געלד האָבען. אין אַזאַ פערצווייפעלטער לאַגע האָט זיך אַנטיוכס געפונען.

איהם האָט פונדעסטוועגען פאָרט זיך איינגעגעבען אָבצושפּאָרען וויפיעל עס איז געלד און דינגען חיל אויף איין יאָהר. מיט אַ העלפט פון דעם דאָזיגען חיל האָט ער גערעכענט אַליין אַרויסצוטרעטען געגען די פעלקער אויף יענער זייט פרת, וועלכע האָבען זיך פון איהם אָבגעריסען, און די אַנדערע העלפט האָט ער איבערגעלאָזען אונטער דער אָנפיהרונג פון איינעם פון דער קעניגליכער פאַמיליע, ליזיאַס, וועלכען ער האָט איבערגעגעבען זיין יונגען זוהן צו ערציהען. בנוגע ווידער צו דעם יודישען פאָלק האָט ער זיין פּלאַן אינגאַנצען געענדערט. ניט צו העלעניזירען די אידישע מאַסע האָט ער איצט געשטרעבט — דאָס האָט שוין פאַר איהם קיין רייץ נישט געהאַט. ער האָט דאַן פעסט בעשלאָסען, אינגאַנצען צו פערניכטען און צו פערטיליגען דאָס איבערגעליבענע פון דער אידישער בעפעלקערונג. צו דעם צוועק האָט ער ליזיאס׳ן בעפוילען, אַרויסצוטרעטען מיט׳ן חיל געגען יהודה׳ן, און צו פערניכטען יעדען שפור פון אידען, אויסצומעקען יעדער זכר פון דעם אידישען נאָמען און צו בעזעצען אינ׳ם לאַנד אַנדערע פעלקער, דערביי איז האַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס אינ׳ם כלל פון דעם דאָזיגען פערניכטונגס־פּלאַן זענען אַריינגעגאַנגען אויך די יודישע העלעניסטען.

באַלד ווי עס איז בעוואוסט געוואָרען דער דאָזיגער פּלאַן, איז אַרויפגעפאַלען אַנ׳אימה אין אַ שרעק אויף אַלע יודען און איבערהויפּט אויף די, וועלכע האָבען געוואוינט צווישען פרעמדע פעלקער. קיינער האָט ניט געקענט גלויבען, אַז יהודא׳ס קליינער חיל וועט קענען זיך

ווידער=שטעלען געגען אזא מחנה קריעגסגעלערנטען מיליטער, אונטער
דער אנפיהרונג פון אזא בעוואוסטען פעלד=מארשאל, ווי ליזיאס. אין
יעדען לאנד און שטאדט, וואו עס איז אנגעקומען דעם מלך'ס בע=
פעהל, איז ביי די יודען א גרויסער טרויער אויסגערופען געווארען;
מ'האט געפאסט, געוויינט און געקלאגט, מ'האט זיך אנגעטאן אין צו=
ריסענע בגדים און זיך געוואלגערט אין אש. דערפאר אבער האט דער
דאזיגער אונגעהערטער פלאן, צו פערניכטען דאס גאנצע פאלק, מענער
פרויען און קינדער, — שטארק פערגרעסערט די צאהל פון די פאט=
ריאטישע העלדען און קעמפפער פאר'ן פאטערלאנד. צו די מכב'ער
ווענען יעצט צוגעשטאנען אפילו יענע, וועלכע האבען זיך נישט אזוי
שטארק איבערגענומען מיט'ן יודענטום, ווייל זיי האבען שוין קיין אנ=
דער ברירה נישט געהאט. אום צו פערפעסטיגען און אונטערצוהאל=
טען צווישען די קעמפפער די הויכע שטימונג, איז פערפאסט געווא=
רען א אייגענארטיגער ספר, וועלכער איז דערנאך פערשפרייט געווא=
רען אינ'ם גאנצען לאנד; דאס איז דער ספר דניאל. פערפאסט איז
דער ספר געווארען דורך די חסידים און איז געווען געווענדעט צו די,
וועלכע זענען געווען איבערצייגט אין גאט'ס השגחה אויף דעם יודי=
שען פאלק און געקענט גלויבען אין זיינע נסים.

די פרומסטע און טייערסטע פון פאלק האבען דאך אנגעהויבען
צווייפלען אין די חסידים, וואס גאט טוט מיט יודען, דען עס האט זיך
נית בעוויזען קיין נביא, וועלכער זאל פאראויס זאגען א סוף צו די
אונגעהויערע צרות און אונגליקען. דער ספר דניאל האט דעריבער
געדארפט בערוהיגען די דאזיגע גלויביגע און בעפרייען זיי פונ'ם שעד=
ליכען סקעפטיציזם, איבערצייגענדיג זיי, אז די נביאי'שע קראפט איז
נאך ביי יודען נישט אויסגעגאנגען.

צו ערשט ווערען אין דניאל געבראכט ביישפיעלען פון רעליגי=
יעזער שטייפקייט און זעלטענער מסירת=נפש בנוגע צו דער אמונה,
און דערביי קומען, די ביישפיעלען פון אזעלכע מענשען וועלכע
זענען לויט זייער ערציהונג צוגעוואוינט געווען צו פרעמדע זיטען. אזוי
ווערט דארט גערעדט וועגען דניאל'ן, חנניה'ן, מישאיל'ן און עזריה'ן,
וועלכע זענען ערצויגען געווארען אין כאלדעאישען (כשדים'שען) און
פרסישען הויף.

זייענדיג פעסט איבערצייגט, אז די מלוכה, וועלכע שטיצט זיך
אויף געצענדינערייי און געוואלדטאט קאן קיין קיום נישט האבען, זאגט

דער מחבר פון דניאל נביאות וועגען דער נאָהנטער מפלה פון דער סורי'שער מלוכה. די נביאות ווערט, אמת, ארויסגעזאָגט האַלב פער־וויקעלט, האַלב פערדונקעלט, דאָך איז עס געווען גענוג פערשטענדליך צו יענער צייט. די פירערטע מלוכה אויף דער ערד — בבל, פרס, און אלכסנדר מוקדן, וועלכע האָבען געהערשט איבער ארץ־ישראל, זענען די ערשטע דריי — וועט גאָט לעסטערען און שטרעבען זיינע היילינע לייט צופערניכטען און זיין פאָלק פון זיינע געזעצען אָבצוריסען. די היילינע לייט וועלען זאָגאר מוזען איהם זיך אונטערגעבען איין צייט און צוויי צייטען און א האַלבע צייט (א יאָהר אין צוויי יאָהר אין א האַלבען יאָהר). דאַן וועט די הערשאַפט איבערגעהן צום היילינען פאָלק אויף אייביג און אלע מלכים וועלען איהם לויבען. אין א'נאַנדער פאָרם ווערט דאָס זעלבע אויסגעדריקט אַזוי: די חוצפה'דיגע סורי'שע מלוכה, דער קליינער האָרן פון דער פריהערדיגער גרויסער פרסי'שער און מוקדוני'שער אימפעריע, וועט זיך פונאַנדערוואַקסען וויים און ברייט קיין מזרח, מערב און צפון, וועט זיך ביז'ן הימעל ערהויבען, וועט די שטערען אראָבשלייַדערן און מיט די פים צוטרעטען; וועט זיך אויפהויבען איבער דעם בעשעפער פון די שטערען, וועט די טעגליכע קרבנות שטערען און אין בית־המקדש א געץ אויפשטעלען. אויף דער פראַגע, ווי לאַנג וועט דאָס געדויערען, ווי לאַנג וועט דער קרבן־תמיד בטל זיין, ווי לאַנג וועט דער געץ אין בית־המקדש געוועלטיגען, ווי לאַנג וועט דאָס היילינטום געטראָטען ווע־רען? — ענטפערט די שטים פון דער נבואה: ביז אָוונד און פריה־מאָרגען 2300, דאַן וועט ענדליך דער בית־המקדש אויסגעלעזט ווערען.

דער רעטעניש־פולער ספר דניאל מיט זיין טיעף־דורכגעדרונגענעם נבואה־טאָן, מיט זיינע טיעף־ריהרענדע בילדער־פאַרבען איז זעהר פיעל געלעזען געוואָרען צווישען די חסידישע קרייזען. די מלאכים, וואָס פיגו־רירען אין ספר, די נסים, וואָס ווערען דאָרט דערצעהלט, דערצו די אפּאָקאַליפּטישע פאָרם, אין וועלכער יעדער שטריך האָט זיין כונה און דערצו אויך די בעדייטונג, וועלכע שפיעגעלט אָב די לאַגע פון דער געגענוואַרט, מאַכט נאָך דאָס היילינע ווערק פיעל שפּאַנענדער. די געהיימ־ניספולע שפראַך, האַלב העברעאיש און האַלב אראַמיש (כאַלדעאיש), מאַכט נאָך גרעסער די ווירקונג. אין דער צייט, ווען די נביאים זענען שוין פערשוואונדען געוואָרען, האָט דאָס פערפאָלגטע פאָלק אין דעם דאָזיגען ספר א נייע געטליכע ערשיינונג געזעהען און געזוכט אין דעם צו געפינען א רמז אויף זיין ערלעזונג!...

דערווייל רוקט זיך אַלץ נעהענטער אָן די געפאַהר איבער דעם אידישען לאַנד. ווען אנטיוכוס איז מיט אַ טייל חיל צום מזרח אַוועק, האָט זיין שטעלפערטרעטער ליזיאַס בעשטימט אַלס שר־צבא תּלמי'ן און אַלס געהילפען ניקנור און גורגיאש. דעם לעצטען איז אָבגעגעבען געוואָרען אַ בעפעהל אָנצוהויבען די מלחמה געגען יהודה; ער האָט געפיהרט זיין חיל — לויט דער מסורה אַ מאַן 40,000 אויסער רייטער — ביי'ם ברעג פון ים גלייך צום צענטער פון דעם הייליגען לאַנד. די שומרונ'ער און די פלשתי'מער, די אייביגע שונאים פון יהודה — זענען איהם צו הילף געקומען. ער איז אַזוי זיכער געווען אין זיין נצחון, אַז ער האָט שוין פעררופען פאָרוים אין זיין לאַגער די שקלאַפען־הענדלער מיט געלד און קייטען צו קויפען און צו בינדען די געפאַנגענע יודען. אין דער צייט, ווען דער פיינד פערקויפט שוין פאָראויס זייערע לייבער, קלויבען זיך די יודישע חילות צונויף אונטער דער פאָהן פון יהודה המכבי, זייער צאָהל גרייכט קוים זעקס טויזענד. איידער זיי אויף'ן שלאַכט־פעלד צופיהרען, האָט זייער גרויסער אָנפיהרער געוואָלט זיי מיט העלדעמוטיגער בעגייסטערונג אָנפילען; ער האָט דערום בעשטימט אַ פייערליכע פערזאַמלונג אין דער היסטאָרישער בערגשטאָדט מצפּה.

אַ מערקווירדיגע איבערחזר'ונג! מיט ניין דורות צוריק האָט דער נביא שמואל אַ'ענליכע פאָלק'ס־פערזאמלונג צונויפגערופען אין דער זעלביגער שטאָדט, ווען דעם פאָלק איז אַ'ענליכע געפאַהר פאָרגעשטאַנען ווען איבער'ן לאַנד איז געהאָנגען די שווערד פון פערניכטונג. יהודה האָט מצפּה אויסגעוואוילט אויף דרום, ווייל דאָס אָרט איז נאָך אַמאָל פערהייליגט געווען ביים פאָלק און ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען, פאַר גדליה'ס צייטען, האָט די דאָזיגע שטאָדט פאַר אַ צענטרום געדיענט פאַר די איבערגעבליבענע פון חורבן אין פערטרייבונג, און דאָרטען איז אויך אַ הייליגטום צום בעטען אויפגעשטעלט געוואָרען. יהודה המכבי האָט אין מצפּה גערופען זיין חיל צו בעטען פאַר גאָט. אַ גרויסע פאָלקס־מענגע פון די אַרומיגע שטעדט האָבען זיך דאָרט פערזאַמעלט, כדי אַ'אַנטייל צונעהמען אין דער פייערליכער תפלה פאַר דער ישועה פון לאַנד. זיי זיצען אַ גאַנצען טאָג אין אַ שטרענגען תענית, טוען זיך אָן אין טרויער־קליידער און פערגיסען ביטערע טרערען פאַר גאָט, ער זאָל זיך פון זיינע הויכע הימלען איבער זיין אונגליקליכען פאָלק דערבאַרימען און זיין אונגליקליכען לאַנד אַ הילף שיקען. אַ ספר־תורה, וואָס איז פון בית־המקדש אַרויסגעראַטעוועט געוואָרען פון אנטיוכוס'ס הענד

און וועלכע דער חיל האָט מיט זיך גענומען אַלס פּאָהן פון קאַמפּף, ווערט פונאנדערגעשפּרייט און געלייענט, און די פערזאַמעלטע ווייגען זיך דערמאָהנענדיג, אַז דער שונא וויל דאָס דאָזיגע היילינגטום פון זייער הארצען אַרויס רייסען, כדי זיי פאַר געצען־דינער צו מאַכען. ווען די דאָזיגע בעגייסטערענדע פאָרבערייטונגען זענען געענדיגט געוואָרען, האָט יהודה זיך פערנומען מיט דער סטראַטעגישער איינאָרדנונג פון זיין חיל. ער צוטיילט עס אויף פיער טיילען און איבער יעדען טייל בעשטימט ער אַלס אַנפיהרער איינעם פון זיינע דריי איבעריגע ברידער. לויט דעם געזעץ פון דער תורה הייסט יהודה אויסרופען צווישען חיל: ווער עס האָט נאָר וואָס געהייראַטעט און מיט זיין פרוי זיך נאָך נישט אָנגעפרעהט אָדער ווער עס האָט נאָר וואָס אַ הויז געבויעט און נאָך איהם נישט בענייט, אָדער ווער עמען דאָס האַרץ שרעקט פאַר דער מלחמה, יענער זאָל די מחנה פערלאָזען און אַ היים זיך קעהרען! נאָכדעם טרעט ער מיט זיין חיל אַרויס געגען דעם שונא אין עמאום, איינינגע שטונדען וועג פון מצפּה. גיאורגיאש האָט זיין לאַגער פון אַ מאַן פינף־טויזענד פוסגעהער אין אַ מאַן טויזענד רייטער אויף דעם זעלבינגען פלאַץ אויפגעשטעלט, ווייל דורכדעם פונקט איז איהם לייכטער געווען אריינצודרינגען אין יהודה און אויך אָנצופאַלען אויף דעם חיל פון׳ם מכבי. דער סוריש׳ער אַרמעע־אָנפיהרער האָט געמיינט צובעפאַלען פלוצלונג ביינאַכט די אידישע מחנה. יהוה המכבי האָט אָבער זיך נישט געלאָזט פערנאַרען. ווי נאָר עס איז טונקעל געוואָרען און די נאַכט איז צוגעפאלען האָט יהודה זיין חיל איבער בעקאַנטע וועגען שטילערהייד אַריבערגעפיהרט און האָט זיך דעם פיינד הינטען געשטעלט. ווען גיאורגיאש איז געקומען אויף דעם אָרט, וואו דער אידישער חיל איז פריהער געשטאַנען און האָט איהם ליידיג געפונען, האָט ער גערעכענט, אַז יהודה׳ס מחנה האָט זיך פאַר׳ן פיינד דערשראָקען און איז אָבגעטראָטען צוריק אין די בערג. דאַן טראַכט ער נישט לאַנג און יאָגט איהם כלומר׳שט נאָך. דערוויף איז אָבער געוועזן אויסגערעכענט יהודה׳ס פּלאַן. ער איז אָנגעלאָפען די סוריא׳ער פון רוקען, איז אָנגעקומען ביז זייער לאַגער, האָט איהם אונטערגעצונדען און איז זיי ווייטער נאָכגעלאָפען. נאָר ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, האָט ערשט דאַן גיאורגיאש בעמערקט, אַז דעם פיינד, וועלכען ער האָט געדענקט צו זוכען אין די בערג, שטעהט ביי איהם פון הינטען און איז גאַנץ מונטער און דרייסט צו מלחמה גערייט. אַ גרויסער טייל

פון זײַן מחנה איז שוין אָבער געווען ווײַט אוועק, און זײַענדיג געצוואונגען שוין אַרויסצוטרעטען אין קאַמפּף, האָט ער נאָר געקאָנט אַ קלײנע אָבטײלונג בעפעהלען, זיך אָבצושטעלען. דערווײַל האָט יהודה אויך זײַן חיל אין אָרדנונג געבראַכט און איהם בעגײַסטערט מיט הײַסע ווערטער, צו קעמפפען פאַר'ן פאָלק, פאַר'ן לאַנד, פאַר גאָט און פאַר'ן גלויבען. זײַן יונגערער ברודער, שמעון, לײענט אויף גיך פאָר אײניגע בעגײַסטערענדע שטעלען פון דער תורה און גיעט די סאָלדאַטען אַ פּאַראָל, אויף צו דערקענען אײנער דעם צווײטען — תשועת ד' (גאָט'ס הילף). די צאָהל פון דעם אידישען חיל האָט אַריבערגעשטיגען די קלײנע אָבטײלונג פון די סוריא'ער סײַ אין צאָהל און סײַ אין דער בעגײַסטערונג, אַזוי אַז ער האָט איבער'ן פײַנד אַ גיכען און גרינגען נצחון אָבגעהאַלטען און גיאורגיאש מיט זײַן מחנה האָט געמוזט אָבטרעטען. יהודה האָט אָבער געוואָרענט זײַן חיל ניט צו פערנעהמען זיך דערווײַל מיט'ן רויב פון דעם בעזיעגטען שונא, ווײַל דער גרעסטער טײל פון די סוריא'ער, וועלכע זענען אַוועק פאָרויס, זענען נאָך ניט בעזיעגט און זיי קאָנען יעדער ווײַלע זיך אומקעהרען און דעם קאַמפּף בעגינען. און ווירקליך, ווען די פאָרויסגעהענדע סוריא'שע מחנה האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז זײער קריגס=האַר מיט זײַן אָבטײלונג איז ניטאָ, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט איהם זוכען. יהודה האָט באַלד פאָרבערײטעט זײַן חיל דעם פײַנד צו בעגעגענען, נאָר צו אַ צווײטען צוזאַמענשטויס איז דאָס מאָל ניט געקומען. ווי נאָר די סוריא'שע מחנה האָט צוריק=וועג'ס פון דער ווײַטענס דערזעהן דעם רויך, וואָס איז אויפגעשטיגען פון זײער געוועזענעם לאַגער=פּלאַץ, האָט זי עס ניט געקאָנט בעגרײַפען. אַ'אונגעהויערע שרעק איז אויף זיי אָנגעפאַלען און זײַענדיג אָבגעשײדט פון זײער אָנפיהרער זענען זיי זיך צולאָפען אין אַלע עקען. „אַ גרויסע ישועה איז געשעהן אין יענעם טאָג," אין דער ווירקליכקײט האָט דאָס געשלעג בײַ עמאות געהאַט אַ גרויסע מאָראַלישע בעדײַטונג. ווי דער נצחון זאָל ניט זײַן קלײן, האָט ער דאָך אַרײַנגעגעבען דעם יודישען חיל מוט און געוועקט אין זײַן האַרץ דאָס געפיהל פון צוטרוי צו די אײגענע קרעפטען. ס'איז אויפגעהויבען געוואָרען די שווערד איבער'ן קאָפּ פון פײַנד, וועלכער האָט דורות=לאַנג פערשקלאַפט דאָס פאָלק און בעהערשט דאָס לאַנד און וועלכער האָט זיך גערעכענט פאַר אַ אונבעזיעגבאַרען ריעז אין דער בעציהונג צו דער קלײנער, געדריקטער און געפּלאָגטער יהודה!

און אויב די האַנד וועלכע האָט צוערשט די שווערד איבער דעם אונבעזיגבאַרען שונא אויפגעהויבען, האָט אין אָנהויב געציטערט, האָט זי דאָך געמוזט וואָס ווייטער ווערען זיכערער אַלץ שוין דורכדעם אַליין, וואָס אינ'ם בעוואוסטזיין איז זי שוין בעפרייט געוואָרען פון איהר בעדריקער. מיט לויב און געזאַנג קעהרען זיך די גליקליכע בעזיגער צוריק פון שלאַכט-פעלד צו זייער זאַמעלפונקט קיין מודעים און די הויכע בערג פון יהודה זענען, נאָך אַ פיעל-יאָהריגען טרויעריגען שטום זיין, פערהילכט געוואָרען פון אַ פריידיגען דונער-אויסברוך:

"הודו לד' כי טוב, כי לעולם חסדו!"

די בעזיגער האָבען נאָך אָבער זייער כלי-זין פון האַנד נישט געקאָנט אַרויסלאָזען. זיי זענען געווען גאַנץ איבערצייגט, אַז ליזיאַש, וועלכער האָט פון זיין מלך דעם בעפעהל בעקומען, גאַנץ יהודה צו פערטיליגען, וועט זיך צוליעב דער מפלה פון איינעם פון זיינע שרים נישט אָבזאָגען פון זיינע פלענער; פערקעהרט, מען האָט געקאָנט ערוואַרטען, אַז דער דאָזיגער פערביסענער יודען-פיינד וועט די סורי'שע מחנה אין יהודה נאָך פערגרעסערן. זיי זענען דערום געבליבען בעוואָפענט און קריעגס-פערטיג, צו יעדע צייט דעם שונא אין לאַנד צו בעגעגנען. זיי האָבען געהאַט דאָס גליק צו זעהען, ווי זייערע רייהען וואַקסען אָהן אויפהער און דערגרייכען שוין די צאָהל פון אַ מאַן צעהן טויזענד, און אויב די געשיכטע ווייסט צו דערצעהלען פון "הייליגע מלחמות", האָט די דאָזיגע מכב'ער-מלחמה געוויס דעם דאָזיגען נאָמען פערדיענט. אין אַ יאָהר אַרום, ווען ליזיאַש איז מיט אַ געוואַלדיג גרויסען חיל אָנגעקומען קיין יהודה און פון דאָס ניי אָנגעהויבען די מלחמה, האָט ער שוין דאָרט געטראָפען אַ שטאַרקע פערטיידיגונג, נאָך אַ פיעל שטאַנדהאַפטיגערע און מוטיגערע, ווי פריהער. ער פערפעסטיגט זיין לאַגער אין בית-צור, אַ שעה פינף גאַנג פון ירושלים. יהודה המכבי געהט איהם אָבער אַנטקעגען מיט זיין צעהנ-טויזענדיגער מחנה; עס צופלאַקערט זיך אַ ביטערע מלחמה, און די העלדיש-שטורמדיגע ענטשלאָסענקייט פון די יודישע קעמפפער האָט דורכאויס גובר געווען די קריעגס-קונסט פון די סורי'ער. אָהן מוט ציהט ליזיאַש אָב פון יהודה, זיך איבערצייגענדיג, אַז די יודען זענען געווען צוגעגרייט נישט נאָר צום קאַמפף, נאָר אויך צום אמת'ען טוידט; געגען אַזאַ בעגייסטערונג האָט ער זיך אינגאַנצען מאַכטלאָז געפיהלט; ער האָט אָבער געהאָפט, אַז אין גיכען וועט

זיך איהם ענדליך דאָך אײַנגעבען אַנ,ענדרע צו מאַכען מיט'ן יודישען פאָלק, ווען ער וועט זײַן אַרמעע פעסטער און גרעסער מאַכען. דערווײַל איז אָבער יהודה צײַטווײַליג בעפרײַט געוואָרען פון דעם סורי'שען יאָך און אײַנפלוס; נאָר אין עקרא האָבען נאָך די העלע־ניסטען מיט מענעלאַס'ן אין דער שפּיץ זיך געהאַט פערפעסטיגט, וואַהרשײַנליך מיט דער הילף פון אײניגע סורי'שע אָבטײַלונגען.

אַ דאַנק די צוויי ענטשלאָסענע נצחונות בײַ עמאוּת און בית־צור האָט זיך די לאַגע אין לאַנד פאָלשטענדיג געענדערט. די בע־דראָהענדע געפאַר איז פאַרבײַ, און מערקווירדיג: צײַט די רדיפות אויף דער יודישער אמונה האָבען זיך אָנגעהויבען און צײַט דער בית־המקדש איז דורך די סוריא'ער פעראונרײַניגט געוואָרען, זענען פאַרבײַגעגאַנגען אַרום דרײַ און אַ האַלב יאָהר, פּונקט ווי עס האָט פאָראויסגעזאָגט דער ספר דניאל. איצט האָט דאָס לאַנד אָנגעפאַנגען זיך צו בערוהי־גען. דעם דאָזיגען גינסטיגען מאָמענט האָט דער מכבי און זײַנע אָנהענגער אויסגענוצט זיך אַריבערצוציהען קײַן ירושלים, כדי די הײַ־ליגע שטאָדט צו בענײַען. דאָס אויסערליכע אויסזעהן פון דער הויפּט־שטאָדט האָט געמאַכט אַנ'האַרצרײַסענדען אײַנדריק אויף איהרע זיהן, וועלכע האָבען נאָר וואָס זײער בלוט פערגאָסען פאַר איהר הילף און רעטונג. זי איז ענליך געווען צו אַ מדבר, אין וועלכען ווילדע חיות האָבען נאָר וואָס זײער ווילדען רויב־שפּיעל געענדיגט. בעזונ־דערס פערוויסט איז דער בית־המקדש געווען. דער אולם איז געווען פערברענט, די עזרות — צושטערט, אומעטום — געצען־אַלטאַרען און בײַ יעדען אַלטאַר — דאָס בילד פון גריכישען אָבגאָט צעאוס און די געשטאַלט פון דעם פרעכען אַנטיוכוס. די העלדישע פאָלקס־קעמפּפער האָבען זיך אָבער נישט געוואָלט איבערגעבען די טרויער־געפיהלען און די האַרץ־שמערצען; זײ האָבען געמוזט וואָס שנעלער זיך נעהמען צו דער בעוואָפנונג'ס־אַרבײַט, כדי זײ זאָלען נישט גע־שטערט ווערען פלוצלונג דורך די אינערליכע און אויסערליכע פײַנד. ערשטענס האָבען זײ צושמעטערט די צעאוס־בילדער, צובראָכען די אַלטאַרען און דאָס אַלץ, ווי אויך אַלע איבעריגע אונרײַניגקײַטען, אַרויסגעשלײַדערט פון דעם בית־המקדש־הויף. צוזאַמען דערמיט האָ־בען זײ אָבער אויך דעם מזבח צושטערט, געפינענדיג, אַז נאָך די אַלע אומווירדיגקײַטען, וואָס זענען אויף איהם דורך די סוריא'ער און העלעניסטען אויסגעאיבט געוואָרען, איז ער שוין מעהר נישט ראוי

צו קײנע הײליגע עבודות. עס װערט א נײער מזבח אויפגעשטעלט, א נײער אולם אויפגעבויט און אינגאנצען װערן נײע בית=המקדש=כלים אַרײנגעבראַכט. אין א משך פון דרײ װאָכען װערט די דאָזיגע אַרבײט פאַרטיג און אין פריהמאָרגען פון דעם פינף=און=צװאַנציגסטען כסליו (166) װערט געפײערט די בענײאונג (חנוכה) פון בית=המקדש מיט קרבנות און תפלות. אַזוי התפעלות'דיג און אַזוי טיעף איניג זענען די פאָריגע בית=המקדש=בענײאונגען נישט געװען. די אַנװעזענדע זענען בעגײסטערט געװען פון די רײנסטע, דערהויבענסטע געפיהלען; דער טיעפער טרויער און די ביטערע לײדען, װאָס האָבען געפרעסט דאָס האַרץ פון פאָלק די לעצטע יאָהרען זענען פערשװאונדען געװאָרען; עס האָט אויפגעלעבט די האָפנונג אויף א גליקליכער צוקונפט. דער „חנוכת=הבית" פון בית=המקדש איז דורכ'ן פאָלק בעטראַכט געװאָרען אַלס א נצחון פון יודענטום איבער'ן העלעניזמוס, אַלס א נצחון פון דעם יודישען גאָט איבער די גריכישע אָבגעטער. די בענײאונג האָט געדויערט גאַנצע אַכט טעג, די לויים האָבען כאָרען=װײז דאַנק און לויב=געזאַנגען און תהלים=קאַפּיטלען געזונגען. די לעצטע ישועה האָט זײ שטאָף געגעבען צו פּאָעטישע שעפּפונגען. דאָס גאַנצע פאָלק פון אַלע שטעדט אין יהודה האָבען זיך אין דער דאָזיגער פײערונג בעטײליגט און, װי ס'שײנט, האָבען די אײנװאוינער פון ירושלים אין די טעג אָנגעצונדען פײער'ן פאַר דער טהיר פון הויז אַלס סימבאָלישען צײכען פון דער אויפלעבונג פון דער הײליגער תורה, װעלכע איז צו ליכט געגליכען. די חשמונאים מיט די איבערגעבליבענע מיטגליעדער פון דער כנסת=הגדולה האָבען עס דאַן בעשטימט אַלס א געזעץ פאַר זײערע ברידער אויף אײביג: די אַכט טעג פון 25=טען כסליו אָן מוזען יאָהר=יעהרליך אַלס א יום=טוב אָבגעהיט װערען; יעדערער איז מחויב אין יענע טעג לויב=געזאַנגען פאַר גאָט צו זינגען צום אָנדענקען פון דער בענײאונג, און די אָבענדען מיט ליכט אילומינירען. שוין העכער צװײ טויזענד יאָהר װערט דער מנהג בײ יודען אָבגעהיט און יעדעס מאָל װעקט ער אין האַרצען בײ יעדען מיטגליעד פון פאָלק אַלטע ערינערונגען און נײע האָפנונגען!...

פערשטעהט זיך, אַז די אַלטע אָרדנונג אין בית=המקדש איז פון דאָסנײ אויפגעשטעלט געװאָרען, די כהנים און די לויים האָבען פון דאָסנײ זײערע שטעלען פערטרעטען. נאָר יענע בני=אהרן, װעלכע האָבען זיך, אונטער דעם אײנפלוס פון העלעניזמוס בעטײליגט אין'ם גע=

צעגדיִעסט, זענען בעזייטיגט געוואָרען פון'ם בית=המקדש און פון אַלץ,
וואָס איז מיט איהם פערבונדען. אין דער צייט, ווען די רייניגונג פון
בית=המקדש איז פאָרגעקומען, האָט יהודה המכבי, נישט פונאַנדערלאָזענדיג
זיין חיל, אַרויפגעלעגט אויף איהם די אַרבייט פון בעוואַכען די שטאָדט אום
צו פערהיטען איהר פון איין אָנפאַל, און ווי נאָר די בעניִיאונג האָט זיך געענ=
דיגט, האָט ער אַרומגעמויערט דעם בית=המקדש=באַרג מיט אַ הויכען מויער
און איהם אַרומגעצוימט מיט פיעל מורעמס. פאָראויסעהענדיג, אַז דאָס
פאָלק וועט נאָך מוזען פיעל מלחמות אויסשטעהן, ביז וואַנען עס וועט זיך די
ווירקליכע פרייהייט ערווערבען, זאָרגט ער אָהן אויפהער פאַר דער בעשיצונג
פנו'ם לאַנד, בויט פעסטונגען, פערשטאַרקט די וואַך און א. וו. די שטאָדט
בית=צור, וואו ליזיאַש האָט געמיינט דעם לעצטען מאָל זיך איינצואָרדע=
נען מיט זיין לאַגער, האָט יהודה אויך געלאָזען בעפעסטיגען, און ענדליך איז
דער פלאַץ געוואָרען אַ וויכטיגער פערטיידיגונג'ס=פונקט געגען די אדומ'ער.

דער נצחון פון די יודישע פרייהייט'ס=קעמפפער געגען די גוט בע=
וואָפענטע און איינגעריכטעטע סוריא'ער האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע
קנאה ביי די אַרומיגע פעלקער און פערשטאַרקט די פיינדשאַפט צו
אידען. זיי הויבען אָן צו פערפאָלגען די אידישע איינוואוינער, וואָס
האָבען זיך שוין פון לאַנג=אָן בעזעצט אין די פרעמדע לענדער פון
דער אומגעגענד. די פלשתים'ער אין דרום=מערב, די פיניציער אין
צפון=מערב, די עמונ'ער פון יענער=זייט ירדן, די סוריא'ער און מקדוני=
ער אין דער גאַנצער שכונה—אַלע זענען געוואָרען גלייך דורכגעדרונגען
מיט אַ פערביסענער שנאה צום אידישען פאָלק; מעהר פון אַלע האָ=
בען אָבער זיך אין דער היִנזיכט אויסגעצייכענט די אדומ'ער. די רוהע
פון פאַלעסטינא האָט געפאָדערט איינצושטילען די דאָזיגע פיינדליכע
שכנים. יהודה המכבי האָט אונטערגענומען אַ קריעגס=צוג געגען די
בני=עשו, האָט אָבגעהאַלטען איבער זיי אַ גלענצענדען נצחון און פער=
נומען ביי זיי אַ שטיק לאַנד. גיך און ראַשיג בעפאַלט ער נאָכהער
די עמונ'ער פון איבערן ירדן, וועלכע האָבען געהאַט אַלס אָנפיה=
רער דעם בעריהמטען תימטיאוס, אַנ'עקשנות'דיגער און אונערמידליכער
אידען=פיינד. מיט זיינע גלענצענד=געלונגענע קריעגס=צוגען האָט
יהודה פערזיכערט די לאַגע פון די אידען, וואָס האָבען געוואָהנט אין
די דאָזיגע געגענדען און אויף די אידישע שונאים האָט ער אַ שרעק
אָנגעוואָרפען, צווינגענדיג זיי צו אַכטען די אידישע קראַפט אויב זיי
האָבען ביז איצט נישט געוואוסט צו אַכטען דעם יישען גייסט...

ווען דער אידישער חיל האָט זיך אָבער צוריקגעקעהרט קיין ירושלים, האָט איהם דאָרט פון דאָס ניי אַ טרויעריגע ידיעה בעגעגנט, אַ ידיעה וועגען נייע אידישע פערפאָלגונגען. פון גלעד און בשן האָבען די אידען צו יהודה המכבי שלוחים געשיקט מיט יאָמערליכע בקשות, זיי צו ראַטעווען, ווייל די אָרטיגע געצענדינער האָבען זיך פערזאַמעלט און בעשלאָסען, זיי צו פערטיליגען. שוין טויזענד מאַן האָבען זיי אויסגעקוילעט און קינדער און פרויען אין קנעכטשאַפט פערקויפט. אומגעזאַמט קומען אָן אַזעלכע בקשות אויך פון גליל — דאָרטען געפינען זיך אויך די יודען אין גרויס געפאַהר, אומעטום איז נויטיג די גיכסטע הילף, אומעטום מוז רעטונג געשיקט ווערען. יהודה המכבי טיילט זיין חיל אויף איניגע טיילען: איין טייל גיט ער איבער זיין ברודער פון גליל; די איבעריגע צוויי טייל נעהמט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער יהונתן, מיט וועלכען ער קומט גיך אָן קיין גלעד און בשן; אויף די איבריגע אָבטיילונגען בעשטימט ער צוויי אָנפיהרער, וועלכע מוזען אין לאַנד בלייבען, צו בעוואַכען די מערב-גרענעצען פון יהודה געגען די אָנפאַלען פון די פלשתים'ער. שמעון ערפילט זיין שליחות שנעל און גליקליך. די פיינדליכע חילות, וועלכע בעגעגענען איהם פון פערשידענע זייטען, ווערען דורך איהם פאָלשטענדיג צושלאָגען, פעריאָגט און ביז די האַפען-שטעדט פערשטויסען. שמעון בעפרייט דעם גאַנצען גליל-געגענד און די אידישע איינוואוינער פון דאָרטען רעדט ער צו, זיך איבערצוציהען אין צענטרום פון פאַלעסטינא, כדי דאָס לאַנד זאָל שטאַרקער, בעפעלקערטער און בעפעסטיגטער ווערן. אַ פיעל שווערערען קאַמפף איז זיין ברודער יהודה'ן אויסגעקומען צו פיהרען; אין גלעד און אין בשן זענען געווען פעסטע, אויף בערג געבויטע און גוט געשיצטע פיינדליכע שלעסער און יהודה האָט זיי געמוזט מיט'ן שטורם נעהמען. אויפ'ן וועג האָבען איהם יעדעם מאָל בעגעגענט גרויסע פיינדליכע מחנות, וועלכע זענען אָנגעפיהרט געוואָרען פון דעם זעלביגען יודען-פיינד תימטאוס. יהודה'ן האָט זיך אָבער דער קאַמפף דאָך איינגעגעבען: ער פערנעהמט דעם גרעסטען טייל פון דעם שונא'ס פעסטונגען, צושטערט זיינע מויערען, מאַכט די איינוואוינער אונשעדליך און בעפרייט פון דאָרטען די יודען, וועלכע ער פיהרט איבער'ן ירדן קיין יהודה. אַרום שבועות צייט קומט ער אָן מיט זיין חיל און מיט די אַרויסגעראַטעוועטע יודען צוריק קיין ירושלים (164). פון אַלע שטעדט אין יהודה קומט דאָס פאָלק בע-

גריסען די זיעגער און דעם יום־טוב צו פייערען מיט פרייד־און דאנק־געזאנגען, נייע לויב־הימנען פערהיללען דעם בעגייטען בית־המקדש!

אונטער דער צייט, וואָס יהודה'ס שווערד האָט געהאַלטען אין איין וואונדער שאַפען אויף רעכט'ס און אויף לינקס, האָט זיך דער קעניגליכער הויף פון סוריא גאַרנישט געפרובט איהם וועלכע ס'איז שטערונגען צו מאַכען. האָט די סוריא'ער געפעהלט חיל? האָבען זיי געליטען פון מאַנגעל אין געלד־מיטלען? און אפשר זענען אַנדערע פּאָליטישע אורזאַכען דערביי געוועזען? עס ווערט אָנגעוויזען, אַז אין הויף האָט בעקומען אַ גרויסעווירקונג איינער אַ מאַן פון עהרליכען געוויסען מיט'ן נאָמען תלמי מרקון, וועלכער זאָל האָבען געוועזען געגען די יודישע פערפאָלגונגען און וועלכער האָט געשטיצט די פרייהייט פון דער יודישער רעליגיע. דערווייל איז אַנטיוכ'ס שטערבליך־קראַנק געוואָרען, לאָזענדיג נאָך זיך דעם אונמינדיגען טראָן־פאָלגער אופּטער, און האָט פאַר אַ רעגענט בעשטימט זיין פערטרויטען פיליפּוס; ליזיאַש'ן וועלכער איז געווען דעם מלך'ס רעכטע האַנד אין דער רעגירונג, האָט די זאַך פערדראָסען און נאָך אַנטיוכס'עס טוידט — די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז ער משוגע געווען — הויבען זיך אָן אין הויף שטאַרקע אינטריגען.

צוליעב די דאָזיגע אינערליכע קריגערייען האָט מען אין סוריא כמעט ווי אין גאַנצען געהאַט פערגעסען אָן פּאַלעסטינא.

אויב אָבער פּאַלעסטינא איז רוהיג געווען פון די אויסערע מלחמות, האָט זיך נישט געענדערט די אינערליכע לאַגע אין לאַנד. אין ירושלים זענען געווען צוויי פערפעסטיגטע פלעצער, וואו די פיינדליכע פּאַרטייען פלעגען זיך אַרומרייסען. אין עקרא האָבען נאָך ווי פריהער געהערשט די העלעניסטען מיט זייער כהן־גדול מענעלאָאוס, וועלכע האָבען פאָרטגעזעצט זייערע פיינדליכע אַרויסטרעטונגען געגען די נאַציאָנאַליסטען, געגען די חסידים און געגען דעם בעגייטען בית־המקדש. יהודה המכבי האָט בעשלאָסען אינגאַנצען צו פערניכטען דעם אינערליכען שונא. ער טרעט דעריבער אַרויס מיט זיין חיל געגען עקרא, בויט אויף וואַלען, שטעלט אויף שליידער־מאַשינען, און נעהמט זיך די העלעניסטישע פעסטונג צו צושטורמען. ווען די העלעניסטען האָבען זיך געפיהלט שוואַך געגען יהודה'ס אָנגריף, האָבען זיי געשיקט שלוחים קיין סוריא צו בעטען ביי אופּטער'ן הילף. זיי ערקלערען דעם קעניג אָדער זיין רעגענט, אַז אויב עקרא וועט איבערגעהן אין די הענד פון די חשמונאים, פער־

ליערט סוריא אינגאנצען איהר איינפלוס [illegible] ; [illegible] זא געפאדערט, אז דער מלך זאל שיקען [illegible] קיין פאלעסטינא און מיט געווער אויפשטעלען די העלעניסטישע [illegible]קונג אין לאנד. די פריעדליכע שטימע פון תלתי מרקון, וועלכער האט זיך געפרובט פערמיידיגען די אינערליכע זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם יודישען פאלק, האט מעהר קיין איינדרוק נישט געמאכט, און ווידער האט זיך פונאנדערגעפלאקערט א פייערדיג-בלוטיגע מלחמה. גראד איז יענער מאמענט געווען נישט קיין גינסטיגער פאר'ן יודישען פאלק. עס איז געווען דאן דאס שמיטה-יאהר, ווען דאס לאנד איז נישט געאקערט און נישט געזייהט געווארען. די בעפעלקערונג האט זיך נאר ערנעהרט מיט די פרוכט פון די ביימער און מיט די גרינסען פון די לאנקעס, וואס די ערד גיט פון זיך ארויס. עס איז אלזא אונמעגליך געווען צו מאכען די געהעריגע זאמלונגען פון תבואה און נאהרונגס-מיטלען פאר'ן חיל און פאר די פעסטונגען.

ליזיאש איז ארויסגעטראטען (162) אין בעגלייטונג פון דעם טראן-פאלגער אופטער מיט א גרויסען שטארקען חיל און אויך מיט עלעפאנטען געגען יהודה און האט געשטרעבט צו געהן מיט דעם וועג קיין דרום, גלויבענדיג, אז דורך יענער זייט וועט איהם לייכטער זיין אין לאנד אריינצודרינגען. דער מכבי האט נאר געקאנט ארויסשטעלען געגען איהם איניגע טויזענד סאלדאטען אויפ'ן שלאכטפעלד, ווייל ער האט געמוזט א געוויסען טייל פון זיין חיל איבערלאזען צו פערטיידיגען די הויפשטאדט, דעם בית-המקדש, די פעסטונגען און אויך בית-צור. די לעצטע האבען פערשאפט דעם פיינד פיעל שוועריגקייטען אין זיינע בעוועגונגען. דער גארניזאן, וואס האט דעם דאזיגען פונקט בעשיצט האט געשטריטען מיט גרויסער מסירות-נפש, געמאכט אפטע ארויסטרעטונגען און פערדארבען דעם פיינד'ס שטורם-מאשינעס. דאך האט בית-צור לאנג זיך נישט געקענט האלטען געגען דעם שונא, ווייל אין שטאדט גופא האט פערפעהלט שפייז און די געהיימע וועגען, דורך וועלכע עס פלעגט צוגעפיהרט ווערען פראוויאנט פאר'ן גארניזאן, זענען דורך ליזיאש'ן פערלאפט געווארען, נאכדעם ווי איינער א פעררעטער פון דעם יודישען לאגער האט איהם דעם סוד ענטדעקט. דער גארניזאן איז געצוואונגען געווען די פעסטונג צו פערלאזען. ליזיאש האט זיך שוין געגרייט צו געהן גלייך אויף ירושלים. יהודה המכבי איז נאר געבליבען מיט זיין טייל חיל דעם פיינד צו בעגעגענען. אין בית-זכריה, נישט

וויַיט פון בית=צור, האָבען די יודען פון דאָסניַי געהאַט די געלעגענהייַט זייער הײַלרעגנמוט אַרויסצוווייַזען. אלעזר, אײַנער פון דעם מכבי׳ס ברידער, זעהענדיג אויף אַ עלפאַנט אײַנעם פון די אויסגעפּוצטע סוריא׳ישע שרים, האָט געמיינט, אַז דאָס רייַט דער מלך אַליין, איז ער אונטער דעם עלפאַנט אַרונטערגעקראָכען און איהם דערשטאָכען, אלעזר אַליין איז דערשטיקט געוואָרען אונטער דער שווערער משא פון דער געפאַלענער חיה. דאָך האָט די גרויסע מענגע פון סוריא׳שען חיל גובר געווען דעם קלײנעם הײַפעל ערבּיטערטע פרייַהייַטס=קעמפפער. יהודה המכבי טרעט אָב און ציהט זיך צוריק קיין ירושלים. ליזיאַש יאָגט איהם נאָך. ער איז שוין אין דער הויפּטשטאָדט אַרייַנגעדרונגען, יהודה פערטייַדיגט מיט העלדענמוט דעם בית המקדש, וועלכען ליזיאַש בעלאַגערט, די בעלאַגערונג געדויערט זעהר לאַנג. אין בית=המקדש האָט דערווייַל אָנגעהויבען צו פערפעהלען שפּייַז; דאָס שמיטה=יאָהר געדויערט נאָך און דער חיל געהט אוים פון הונגער. אײַנציגווייַז פערלאָזען די קעמפפער, פערדאַרטע און פערשמאַכטע, זייער פּלאַץ. נאָר יהודה המכבי מיט זייַנע ברידער און אַ קלײַנע צאָהל איבערצייַגטע אַנהענגער, אַנערקענען נישט ניט דעם פייַנד און נישט דעם הונגער. זיי שטרייַטען אָהן אויפהער און בעקעמפפען דעם פייַנד. דאָך ווערט זייער לאַגע פון מינוט אונערטרעגליכער. נישט קיין לעבעדיגע מענשען פון פלייש און בלוט, נאָר שאָטענס, בעגייַסטערטע פון פרומקייַט און פאָלק׳ס=ליעבע, שטעהען בייַם טורם פון בית=המקדש. וואָלט עס דען געקאָנט לאַנג געדויערען? פּלוצלינג איז אָבער אַ וואונדער געשעהען.

יענער פיליפּוס, וועלכען דער פערשטאָרבענער אַנטיוכס האָט אַלס רעגענט בעשטימט און בייַ וועלכען דער פאַלשער ליזיאַש האָט די מאַכט אַבגענומען, האָט אין פרס און מדי פערזאַמעלט חיל און איז געגאַנגען אויף אַנטיוכיא, די הויפּט=שטאָדט פון סוריא, כדי בייַ זייַן געגנער די ממשלה פון די הענד אַרויסצורייַסען. ווי נור ליזיאַש האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער געצוואונגען געווען זייַן חיל פון ירושלים אַרויסצופיהרען, כדי איהם געגען פיליפּוס׳ן צו פיהרען. ער רעדט אײַן דעם יונגען מלך מיט די אידען שלום צו שליסען. יהודה איז אָבער אײַנגעגאַנגען מיט׳ן פייַנד שלום צו מאַכען נאָר אונטער דער בעדינגונג, אַז די אידישע גלויבענס=פרייַהייַט זאָל בשום אופן מעהר נישט בעשרענקט ווערען. אַזוי האָט זיך די דאָזיגע מלחמה געענדיגט צום גונסטען פון די אידישע פרייַהייַט׳ס=קעמפפער. זייער ערפאָלג איז

א צווייפּאַכיגער געוועזען: ערשטענס, איז די אידישע רעליגיע בעפרייט געוואָרען פון דער פרעמדער בעדריקונג; צווייטענס, האָט דער סוריא׳שער הויף אָבגעטון זיין שיצענדע האַנד פון די העלעניסטען, און זיי האָבען דאָך געמוזט ענדליך זייער פעסטונג עקרא פערלאָזען. מענעלאוס, וועלכער האָט דעם אידישען פאָלק אַזוי פיעל ליידען פערשאַפט, ווערט דורך ליזיאַש׳ן גופא אַנערקענט פאַר אַ פערדאָרבענעם מענשען, און נאָכדעם ווי ער האָט צעהן יאָהר די כהונה-גדולה מיט זיינע מעשים פערשוועכט, האָט ער דורך דעם סוריא׳שען חיל-אָנפיהרער זיין טוידט-שטראָף בעקומען.

נאָך דעם פרידענס-אָבמאַך צווישען דעם סוריא׳שען הויף און דעם יודישען פאָלק, נאָכדעם ווי אין לאַנד איז ווידער רוהיג און די אָרדנונג פון דאָס ניי אויפגעשטעלט געוואָרען, האָט געמוזט ווידער געוועהלט ווערען אַ כהן-גדול, וועלכער זאָל זיין דער פערטרעטער פון פאָלק און בעפאָלמעכטיגטער פון לאַנד. און ווער איז געוועזען מעהר פּאַסענד פאַר דעם הייליגען פּאָסטען און פאַר דער ממשלה פון יהודה המכבי? ער בעטרעט ווירקליך די דאָזיגע שטעל און נוצט זיי אויס פאַר דעם גליק פון זיין געליעבטען פאָלק און צום גונסטען פון זיין הייליגען גלויבען.

אין דער דאָזיגער רוהע-צייט האָבען די קעמפּפער געקאָנט אויסקלעגען די שווערד פון האַנד און זיך פערנעהמען מיט פרידליכער אַרבייט. דער לאַנד-בעזיצער האָט זיין פעלד בעאַרבייט, די געלעהרטע האָבען תורה געלערנט, די טיעפע וואונדען פון דער נאָהענטסטער פערגאַנגענהייט האָבען שוין אָנגעהויבען זיך צו פערהיילען און מיט אַ פרישע הויט בעצויגען צו ווערן; די רוהיגקייט איז אָבער נישט קיין דויערהאַפטע געוועזען. צוליעב די פריהערדיגע פּאַרטייפסוקים זענען די גייסטער נאָך צו אויפגערעגט געוועזען, אום די נאָהענטע פערגאַנגענהייט אַזוי שנעל מיט אַ שלייער צו פערדעקען. אין ירושלים האָבען זיך נאָך איינגעפונען אָפענע אָדער געהיימע העלעניסטען, וועלכע האָבען אין הארצען געטראָגען אַ שנאה צו יהודה המכבי און צו זיינע אָנהענגער. די זעלביגע האָבען אויסגענוצט יעדע גינסטיגע פּאָליטישע געלעגענהייט, אום פון זייער געגנער נקמה צו בעקומען. גראָד איז צו יענער צייט אַ גרויסע ענדערונג פאָרגעקומען אין סורי׳שען הויף. דער פּרינץ דימיטריוס, דער פרעטענדענט אויפ׳ן טראָן, האָ[illegible] ממשלה פערלאַזט און אופכער׳ן, ווי אויך ליזיאַש׳ן.

בעזאַמיגט פון דער רעגירונג. די העלעניסטען האָבען יהודה-המכבי'ן מיט זיינע אָנהענגער פער'מסר'ט פאַר'ן נייעם מלך. אין דער שפּיץ פון די דאָזיגע מוסרים איז געשטאַנען דער כהן אליקום אָדער אַלקימאָס, פון וועלכען ס'איז בעוואוסט נאָר דאָס, אַז ער איז געווען דעם בעריהמטען יוסי בן יועזר'ס פּלעמעניק; אַלקימאָס איז געווען בעזונדערס אויפגעבראַכט אויף יהודה המכבי דערפאַר, וואָס יענער האָט איהם בעזייטיגט פון בית-המקדש צוליעב זיין געצענדיענערישער פערגאַנגענהייט אין מענעלאַס'ם צייט. מיט פערשיעדענע גאָלדענע מתנות האָט ער זיך אַ וועג צום מלך אויסגעטרעטען, און דאָס האָט ער אויסגענוצט, אויף צו פער'מסר'ן יהודה-המכבי מיט די חסידים. איבערהויפּט איז די מסירה געווענדעט געווען געגען דעם ערשטען, און ער מיט זיינע חברים האָבען איינגעשמועסט דעם קעניג, אַז זמן די חשמונאים לעבען וועט קיין רוה אין לאַנד נישט זיין. דימיטריוס איז פון דער מסירה געווען שטאַרק צופריעדען: דאָס האָט איהם געגעבען אַנ'אויסרייד פון דאָס ניי אונטערצוואַרפען אונטער דער מאַכט פון די סורי'ער דאָס קליינע האַלב-בעפרייטע מדינה'לע. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אָנהויבען די אונטערדריקונג פון פּאַלעסטינע מיט די זעלביגע מיטלען, מיט וועלכע עס האָבען זיך בענוצט זיינע פאָרגענגער, די פריהערדיגע הערשער פון אַנטיוכיא. ער האָט נישט געוואָלט אָפען בעשרענקען די יודישע רעליגיאָנ'ס-פרייהייט; לכתחלה האָט ער נאָר געוואָלט, אַז דאָס יודישע פאָלק זאָל אַנערקענען דעם כהן-גדול, וועלכען ער וועט בעשטימען און וועלכער דאַרף אין דער זעלבער צייט זיין אויך דער פערטרעטער פון לאַנד. דאָס האָט דעם פאָלק געדאַרפט שטענדיג דערמאָהנען אָן זיין אָבהענגיגקייט. כדי צו פערהיטען וועלכען עס איז ווידערשטאַנד שיקט ער קיין ירושלים דעם ווילד-גראָבען קריגס-העד בכחידס מיט אַ גרויסען חיל. דער זעלבער געד איז אין דער אידישער הויפּשטאָדט אָנגעקומען מיט פריעדען אויף די ליפּען, אָבער יהודה, מיט זיינע ברידער און טרייע אָנהענגער האָבען זיך נישט געלאָזען פערפיהרען. זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז בכחידס זוכט זייער טוידט און זיי האָבען זיך בעצייטענס געראַטעוועט פערלאָזענדיג ירושלים. די חסידים, ווייטער, נישט האָבענדיג אין האַרצען קיין שום חשד, האָבען זיך געלאָזען איינרעדען. זיי האָבען גענלויבט אַלקימאָס'ן, וועלכער שטאַמט פון אַהרן הכהן. אַ גרויסער פערזאַמלונג פון אָנגעזעהענע סופרים. אפשר אויך דער גאַנצער קאָ

פום פון דער בעגייטער כנסת=הגדולה גיעבען זיך אונטער אלקימאס'ן, און בכחידס'ן דריקען זיי אוים זייער צוטרוי און בעטען, צו זארגען פאר דער רוהיגקייט פונ'ם לאנד, און א'ענדע מאכען צו די געוואלדטאטען. דער נייער כהן=גדול פון זיין זייט פערזיכערט, אז דאס זעלבע איז אויך זיין ציעל און זיין שטרעבונג, דאס לאנד ענדליך צו בערוהיגען און די ארדנונג אויפצושטעלען. ער זוכט נאר דאס גליק פון זיין פאלק און זיין וואוילשטאנד, דערויף גיעט ער אויך א שבועה אין בית=המקדש. ווי נאר אבער ער האט בעקומען די הערשאפט איבער'ן בית=המקדש און איבער דער שטאדט ירושלים, האט ער באלד אין איין טאג געלאזען אויסקוילענען זעכציג חסידים פון דער כנסת=הגדולה, צווישען וועלכע עס האט זיך אויך איינגעפונען זיין פעטער יוסי בן=יועזר. דער דאזיגער שענדליכער טאט צוזאמען מיט דער שבועה=פעלשונג האט באלד אויפגעבראכט דאס גאנצע לאנד געגען דעם מערדערישען כהן=גדול און דאס פאלק האט זיינע פערוויינטע אויגען ווידער צו די מכבי'ער אויפגעהויבען. א סך פון יענע, וועלכע זענען אין אלקימאס'ס פארטיי איבערגעגאנגען, פערלאזען איהם אויף דאס ניי און לויפען צו די חשמונאים קיין מודיעים.

ווען בכחידס האט נישט וויים פון ירושלים ארומגערינגעלט א גרופע אלקימאס'ס געגנער און זיי געטוידט, האט זיך אין לאנד פונ'סניי פונאנדערגעפלאקערט די בירגער=קריעג. עלטערע לייט און יונגערע מענשען, וועלכע זענען דורכגעדרונגען געווען מיט ליעבע צום פאלק און לאנד, מיט טריישייט צו דער אמונה און א שטרעבונג צו פרייהייט, האבען זיך ווי פריהער, צונויפגעקליעבען ארום די חשמונאים=ברידער. נאך אלקימאס'ן, ווייטער, זענען נאכגעגאנגען די אלע עהרגייציגע, אלע זינדיגע און פערדארבענע. אזוי שטעהען ווידער אמאל צוויי פיינדליכע פארטייען געגען אנ'אנדער. אין אנפאנג איז די העלעניסטישע פארטיי שטארקער געווען. האט זי דאך געהאט צו הילף דעם סוריא'שען חיל! מיט דעם זעלביגען האט אלקימאס דאס לאנד ארומגערייזט און געצוואונגען די איינוואוינער געהארכזאם צו זיין דימיטריוס'ן און איהם, אלקימאס'ן, צו אנערקענען אלס כהן גדול. אומעטום און אהנאויפהער וואקסט אבער דער אויטאריטעט פון יהודה המכבי; ער בעגייט דעם קאמפף געגען די העלעניסטען, בעשטראפט די פעררעטער און ווארפט אן אויף זיינע געגנער אזא אימה, אז די אנהענגער

פון אַלקימאס'ן קאָנען זיך עפּענטליך אין דער פּראָווינץ מעהר נישט ווײַזען, זיי בלײַבען בּעגרענעצט נאָר אין ירושלים. אַלקימאָס האָט אויך אַזוי ווי זײַן פאָרגענגער מענעלאוס, געשטיצט זײַן מאַכט נישט אויף דער ליעבּע פון פאָלק, נאָר אויף דער סוריא'שער אַרמעע. ער קומט פון דאָסנײַ קײַן אַנטיוכיא מיט נײַע מסירות אויף יהודה המכבי און זײַנע פּאַרטײַ=לײַט, און בּעגעגענט שטענדיג די געהעריגע אויפמערקזאַמקײַט.

מיט די יודישע מורדים האָט דימיטריוס געהאָפט גיך פאַרטיג צו ווערען; ער שיקט קײַן פּאַלעסטינאַ אײנעם פון זײַנע פעלד=מאַרשאַלען מיט'ן נאָמען ניקנור, מיט דעם בּעפעהל אָנצווענדען אַלע שטרענגקײַטען געגען די אויפגעבּונטעוועטע. דער סוריא'שער שר האָט אָבער גישט געקאָנט בּאַלד צו דער אַרבּײַט צוטרעטען. ער האָט געמוזט אָבּוואַרטען נאָך אַ טײַל חיל, וועלכער איז איהם בּעשטימט געוואָרען. דערווײַל האָט ער זיך אָנגעהערט פיעל ערצעהלונגען פון יהודה'ס גבורה און העלדענמוט; פיעל גרויסע מעשים האָט ער וואַהרשײַנליך אַלײן צוגעזעהן; ענדליך איז דער דאָזיגער סוריא'שער פעלדמאַרשאַל געוואָרען יהודה'ס פערעהרער און ער האָט זיך בּעמיהט שלום צו מאַכען צווישען איהם און דעם מלך. ער האָט געשיקט צו דעם מכבי דרײַ בּעפאָלמעכטיגטע מיט אַ פריעדענס=פּלאַן, ווי אַזוי די קריעג אויסצוגלײַכען. די שלוחים זענען אויך בּאַלד יהודה'ס פרײַנד געוואָרען און זענען ווירקליך אויסען געווען אַנ'ענדע צו מאַכען צו דער בּלוטיגער שלאַכט. אין דער זעלבּער צײַט האָבּען זיי אויך ניקנור'ן און דעם מכבי צונויפגעפיהרט, אום זיי זאָלען זיך פערזענליך דורכרעדען. דער אײַנדרוק פון דעם יודישען העלד אויף דעם סורישען פעלדמאַרשאַל איז געווען אַ בּעצויבּערענדער. דער לעצטער האָט איהם געוואונשען, אַז די דורות וואָס וועלען פון איהם אַרויסקומען, זאָלען אין איהם געראָטען זײַן. די דאָזיגע גוטע בּעציהונגען צווישען ניקנור'ן און דעם מכבי האָט אַלקימס געזוכט צוצושטערן. ער האָט פאַר'ן מלך גע'מסר'ט, אַז ניקנור שפּיעלט דאָ אַלס פערמיטלער זעהר אַ פאַלשע ראָלע, אַז ער זוכט נאָר יהודה'ס טובה, אַז ער האָט איהם צוגעזאָגט צו בּעשטימען פאַר אַ כהן=גדול. דאַן שיקט דימיטריוס זײַן פעלדמאַרשאַל אַ שטרענגען בּעפעהל, אַז ער זאָל זיך אָבּהאַלטען פון אַלע אונטערהאַנדלונגען מיט'ן יודישען לאַגער, און אַז פריעדען וועט נאָר דאַן קאָנען געשלאָסען ווערע, ווען יהודה וועט אַ געשמידטער אין קײַטען קײַן אַנטיוכיא געבּראַכט ווערען.

יהודה בעקומט אנ׳אנצוהערעניש, אז ער זאל די פריינדליכקייט
פון די סוריא׳ער מעהר נישט אנטרויען און ער פערשליעסט זיך פון דאס
ניי צווישען די בערג. ניקנור מיט זיין חיל יאגט איהם דארטען נאך
צווישען ביידע לאגערען איז פארגעקומען א צוזאמענשטויס, אין וועלכען
די סורי׳אער האבען געליטען א גרויסע מפלה; ניקנור האט געמוזט צו=
ריק קיין עקרא אבטרעטען. זעהר פערביטערט פון דעם אונגעלונגענעם
געשלעג זוכט ניקנור די מלחמה צו בעניייען מיט פערגרעסערטע קרעפ=
טען. נאר דער עיקר האט ער געזוכט יהודה׳ן גופא אין געפענגעניש צו
פערכאפען. ער איז ארויפגעשטיגען אויף דעם בית=המקדש=בארג (הר=
הבית) און פון דארטען געלאזט דאס יודישע פאלק פערזאמלען. ווען די
כהנים און די מיטגליעדער פון דער כנסת=הגדולה האבען אויסגעדריקט
זייערע אונטערטעניגסטע געפיהלען דעם מלך פון אנטיוכיא אינ׳ם נאמען
פון גאנצען לאנד, ענטפערט ער זיי זעהר גראב, הויבט אויף דרא=
הענדיג זיין האנד געגען בית=המקדש און שווערט, אז ער וועט דאס
דאזיגע הייליגטום אין פייער פערברענען, אויב יהודה המכבי וועט איהם
נישט ארויסגעגעבען ווערען. און כדי נאך מעהר צו ווירקען אויפ׳ן
פאלק, האט ניקנור געלאזען פאנגען דעם געעהרטסטען און בעליעבטסטען
מאן פון ירושלים, מיט׳ן נאמען רגש, וועלכער איז צוליעב זיין גרויסער
חשיבות אנגערופען געווארען „דער פאטער פון יודען“. ער האט איהם
אין קייטען געשמידעט און פאר א משכון גענומען אנשטאדט יהודה
המכבי; דער אלטער רגש האט אבער אליין זיך דאס לעבען גענומען,
כדי זיין אויסלעזונג זאל נישט צווינגען דאס פאלק צו בעגעהן א שענ=
ליכען און שעדליכען טהאט. ניקנור האט נישט גערוהט און האט
ענדליך אויפגעזוכט יהודה׳ן צווישען די בערג, וואו דעם יודישען העלד
האט א גרויסע מענגע בעגלייט. די נייע שלאכט איז פארגעקומען אין
בית=חורון. דארטען האט יהודה ארויסגעשטעלט געגען דעם צעהנטויזענ=
דיגען סוריא׳שען חיל בלויז דריי טויזענד מאן; די דאזיגע פערהעלטניס=
מעסיג קליינע צאהל קעמפפער זענען אבער געווען בעגייסטערט מיט
אונענדליכער ליעבע צו זייער פאלק און גרענעצלאזער פיינדשאפט צו
זייערע בעדריקער. דאס רעזולטאט פון דעם געפעכט איז געווען נאך
גלענצענדער פון די פריהערדיגע: דער יודישער חיל בעזיעגט דעם שונא
און ניקנור אליין לאזט זיין לעבען אויפ׳ן שלאכט=פעלד; די סוריא׳ער,
פערליערענדיג זייער אנפיהרער, לויפען זיך פונאנדער אין דער גרעס=
טער אונארדנונג און ווערען פערשוואונדען צווישען די בערג.

די מלחמה ביי בית-חורון (אָדער ריכטיגער: אדרתא) איז פאָרגעקומען אין 160-טען יאָהר, דעם 13-טען, און דער איינדרוק פון דעם וואונדערבאַרען נצחון איז געווען אַזוי גרויס, אַז יאָהרען לאַנג איז דער דאָזיגער טאָג געפייערט געוואָרען צווישען יודען אונטער דעם נאָמען יום-ניקנור. דער קאָפּ און דער אָרעם פון דעם גע'הרג'טען סוריא'שען מאַרשאַל איז געבראַכט געוואָרען קיין ירושלים און איז אויפגעהאַנגען געוואָרען ביי'ם טויער אַלס צייכען פון גרויסען זיעג.

יהודה און די חשמונאים-פּאַרטיי זענען ווידער געוואָרען די בעלי-בתים פון ירושלים, פון וואַנען אַלקימאָס איז ענטלאָפען, נאָך דער מפּלה פון סוריא'שען מיליטער. יהודה המכבי האָט אָבער פערשטאַנען, אַז דער נצחון איז נאָך נישט קיין פאָלשטענדיגער. דימיטריוס איז נישט ענהליך צו די פריהערדיגע מלכים פון אַנטיוכיא: ער איז מעהר עקשן פון זיי און כל זמן ער האָט נאָך ביי זיך מיליטער, וועט ער פון מלחמה זיך נישט ענטזאַגען. יהודה האָט דאַרום פערקניפּט בעציהונגען מיט רוים און מצרים, וועלכע האָבען איהם צוגעזאָגט הילף; ווייטער פון צוזאָגען זענען זיי אָבער נישט געגאַנגען.

דערווייל האָט דימיטריוס ווירקליך צוזאַמענגעשטעלט אַ פרישע אַרמעע, וועלכע ער האָט געשיקט קיין ירושלים אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם פריהערדיגען אַכזריות'דיגען באַקחידס'ן. דער זעלביגער האָט זיין כאַרשרוט דורכגעמאַכט דורכ'ן גליל און האָט אויפ'ן וועג חרוב געמאַכט פיעל שטעדט און אויסגע'הרג'עט פיעל יודען. יהודה האָט דערווייל פערלאָזען די הויפּט-שטאָדט: איהר שיצען איז שוין געווען אונמעגליך, ווייל ניקנור נאָך האָט איהר פעסטונג און מויער צובראָכען. די בערג האָבען שוין אויך מעהר נישט געקענט דיענען אַלס זיכערונג פאַר'ן יודישען חיל; דער פיינד האָט פאַר דער צייט פון די לעצטע מלחמות שוין געוואוסט אַלע זייערע בעהעלטענישען. דער מכבי פערפעסטיגט זיך אין דרום פון פאַלעסטינאַ און דערווייל לאָזט ער אַרויס אַנ'אויפרוף צום פאָלק: יעדערער, ווער עס האָט נאָך אין האַרצען אַ פונק ליעבע צום פאָטערלאַנד, צו גאָט און צו זיין תורה, זאָל צו איהם אין לאַגער קומען און פאַר דאָס געוועהר זיך נעהמען. אויף דעם אויפרוף זענען אַ מאַן דריי טויזענד געקומען צו יהודה קיין אלעשה; באַקחידס פערפאָלגט אָבער דעם יודישען חיל מיט אַ אונגעהויערער אַרמעע, מיט פוסגעהער, רייטער און עלפאַנטען. שוין אַליין ביים אָנקוקען פון דער דאָזיגער אונצעהליגער

מענגע פאַלט ביי די יודישע קעמפפער דער מוט. זיי בעשליסען ביי זיך, די שלאַכט דורכאויס נישט אָנצוהויבען. זיי ווילען דערווייל זיך צושפּרייטען איבערן לאַנד און אָבוואַרטען ביז וואַנען זייער מחנה וועט פערגרעסערט ווערען, ווען פון דער פּראָווינץ וועלען נאָך יונגע לייט אָנקומען. אומזיסט האָט יהודה אָנגעווענדעט זיין רעדע-קראַפט, זיי צו ערמונטערען, זיי זאָלען ביי זיך פעסט זיין. דער גרעסטער טייל איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר אַ מאַן אַכטהונדערט זענען מיט יהודה'ן געבליבען. מיט דעם קליינעם אָבער איבערגעבענעם הייפעל פאַלט יהוד. אָן אויף באַקחידס'ס רעכטען פליגעל און רופט דאָרט אַרויס אַ פאָלשטענדיגען חורבן: די חיל-אָבטיילונגען טרעטען אָב, נאָר יהודה מיט אַ טייל קעמפפער פערפאָלגט זיי ביז'ן סאַמע גרענעץ פון באַרג בנימין. דערווייל האָבען אָבער די איבערגעבליבענע יודישע סאָלדאַטען געמוזט אַריינטרעטען אין שטרייט מיט דעם רעכטען פליגעל, וועלכען זיי האָבען נישט געקאָנט ביישטעהן. און ווען יהודה האָט זיך פון דער נאָכיאָגעניש אומגעקעהרט, האָט ער שוין די שלאַכט געפונען אין רעכטען ברען; ער ווייזט פון דאָס ניי שרעקליכע וואונדער פון דרייסטקייט, גבורה און קלוגשאַפט. פון ביידע זייטען פאַלען טוידטע און פערוואונדעטע; די שלאַכט געדויערט פון מאָרגענס ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָך ביי דער קליינער צאָהל פון די יודישע העלדען, ווערט אַלץ קענטיגער דער פערלוסט (אבידה) פון יעדען איינציגען, וועלכען דאָס בלוטדורשטיגע פעלד רויבט אַוועק. דעם פיינד געלינגט ענדליך דעם קליינעם העלדישען יודישען גאַרניזאָן אַרומצורינגלען; דאָך הערען די אַרומגערינגעלטע נישט אויף צו קעמפפען. ענדליך פאַלט אָבער דורך אַ פייל דער גרויסער, דער מעכטיגער יהודה המכבי מיט'ן שווערד אין דער האַנד. דאַן צולויפען זיך די עטליכע איבערגעבליעבענע קעמפפער; די ברידער פון יהודה דענקען שוין נישט וועגען נצחון, זיי שטרייטען נאָר איבער זייער ברודער'ס טוידטען קערפּער און זיי געלינגט איהם פון פיינד אָבצונעהמען, כדי עס זאָל קיין שענדליכער שפּאָט איבער דעם געפאַלענעם העלד נישט פאַלען. די שלאַכט ביי אלעשא (160) האָט געמאַכט צו נישט די אַלע גרויסע נצחונות, וואָס די לייבען-העלדישע יודישע קעמפפער האָבען איבער דעם פיינד ביז אַהער אָבגעהאַלטען. דעם מכבי'ם חיל איז צוזייהט געוואָרען און אַלקימאָס בע-

קומט פון דאָס ניַי די מאַכט איִבער דער הויפטשטאַנד און איִבער'ן בית-המקדש.

די יאָהרען-לאַנג-דויערענדע מכבים-מלחמות זענען אָבער דאָך ניִשט שפורלאָז פערלוירען געגאַנגען. זיי האָבען דאָס פאָלק פון זיַין מוטלאָזיִגקיַיט געוועקט; דער אַלט גריַיזער ישראל איִז יונגער, פרישער געוואָרען. מען זאָגט, אַז מאַרטיִרער-בלוט היַילט וואונדען, איִן דער וויִרקליִכקיַיט זענען פיִעל אַלטע וואונדען ביַי'ם פאָלק אויס-געהיַילט געוואָרען מיִט דעם בלוט, וואָס די יודיִשע קעמפּפער האָ-בען פערגאָסען אונטער יהודה-המכבי'ס פאָהן. די גריִכען עפּענען שוין מעהר ניִשט זייער מויל צום לאַכען, ווען זיי בעגעגנען אַ יודי-שע מחנה, און די יודען ברויִכען שוין מעהר ניִשט מיִטצומאַכען די קיִנדיִשע אָליִמפּען-שפּיִעלען, כדי זייער העלדיִשקיַיט צו וויַיזען. נאָך די ערשטע איִן מלחמה געפאַלענע קעמפּפער, האָט דאָס פאָלק זיִך אַליין דערקענט און זיַין היסטאָריִשע אויפגאַבע פערשטאַנען; עס האָט זיִך אַרויסגעוויִזען אַלס אַ פאָלק, וואָס עקזיִסטיִרט און מוז עקזיִס-טיִרען, טראָגענדיִג איִן זיִך זיַין איַיגענע תורה און זיַין איַיגענעם מאָראַל; און דערוויִזען האָט עס, אַז עס האָט גענוג קראַפט די דאָ-זיִגע הײליִגע גיִטער צו בעשיִצען: דער העֶרליִכסטער בעוויַיז און דער געטליִכסטער צײכען איִז דאָס פערגאָסענע בלוט פון די מכבים-העלדען!...



# ערשטעס קאַפּיטעל.

(160—143)

א טיִעפער טרויער נעהמט אַרום דעם גאַנצען יודישען פאָלק נאָך יהודה המכבי'ס טויט. דאָס יודישע לאַנד איז ווירקליך פער'יתומ'ט געוואָרען. גליעדער, גליעדער, איינצעלנע פונאַנדערגעטיילטע גליעדער, אָהן אַ קאָפּ, אָהן אַ הארץ, אָהן אַ צענטראַלען פערבאַנד — אַזוי האָט אויסגעזעהען די יודישע אומה צו יענער צייט. ס'איז נישט געוועזען קיין איין גרויסע וויכטיגע פערזענליכקייט, וואָס זאָל קאָנען אָנפיהרען דאָס פאָלק און זאָרגען פאַר זיינע אינטערעסען. דער כהן־גדול אַלקימאָס האָט פערטרעטען דעם העכסטען פּאָסטען אין לאַנד, ער איז אָבער נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין שטוהל: דאָס פאָלק האָט איהם נישט געליעבט, נישט געאַכטעט; קיין אַנדער אויטאָריטעט איז נישט אויס־געוואַקסען. און דערווייל האָבען די יודען רוהיג געטראָגען אויף זיך דעם פרעמדען יאָך, געבויגען דעם רוקען אונטער דער סוריא'שער קנעכטשאַפט. נאָך דער גרויסער בעגייסטערונג, וואָס יהודה המכבי'ס ערשטע נצחונות האָבען אויסגערופען אין לאַנד, איז אָנגעקומען אַ שווערע מידקייט, אַן אַפּאַטיע. דאָס פאָלק האָט דורשטיג געלעכצט נאָך מנוחה. צו זיין אָבהענגיגקייט איז עס שוין געוואוינט געוואָרען; דעם אויפשטאַנד פאַר די מכבים האָט אייגענטליך אַרויסגערופען נישט די פּאָליטישער פערשקלאַפונג, נאָר דער רעליגיעזער דרוק. לויט ליזיאַס'עס אָבמאַך מיט יהודה'ן זענען אָבער די יודען פריי געוואָרען צו דינען זייער גאָט לויט

זייער געזעץ; דימיטריוס האט דעם דאזיגען אבמאך נישט געוואלט אונ=
טערברעכען. ווייטער, אויב אין דער שפיץ פונ׳ם בית=המקדש איז לויט
דעם מלך׳ס פערלאנג געשטאנען נישט דער פאסענדער מענש, איז דאך
אבער דער נייער העלעניסט אלקימאס אין א געוויסער הינזיכט נישט
עהנליך געווען צו זיין פארגענגער מענעלאוס, דען ער איז דאך געווען
אנ׳אמת׳ער כהן, האט געשטאמט פון די ווירקליכע בני=אהרן, און אויב ער
האט צוליעב פארטיי=צוועקען געהאלטען פון דער גריכישער קולטור,
האט ער דאך נישט ערלויבט זיך קיינע צו=להכעיס׳דיגע פערשוועכונגען
און פערברעכען אין דעם זין פון דער תורה. אין בית=המקדש זענען
רעגולער קרבנות געבראכט געווארען צו דעם איינציגען יודישען גאט,
אין לאנד זענען די געטליכע געזעצען אונגעשטערט אבגעהיט געווארען.
דאס אלץ איז געווען גענוג פאר דאס געפלאגטע און מידע פאלק, זיך
צופריעדען צו שטעלען מיט זיין לאגע. דאך איז אבער געווען צווישען
פאלק א געוויסער טייל, וואס האט נישט געקאנט מיט א גרינגען הארצען
צוזעהן, ווי די סוריא׳ער בעל=הבית׳עווען אין זייער היסטארישען לאנד;
זיי האבען טיעף און קרענקליך געשטרעבט אויפצוהויבען דעם נאציאנא=
לען שטאלץ, און צו בעפרייען זיך פון דעם פאליטישען יאך. דאס זענען
איבערהויפט געווען די אלטע איבערגעגעבענע אנהענגער פון דעם העל=
דישען מכבי, דאס זענען געווען אלטע קעמפפער אין דעם לייבען=לא=
גער, וועלכע האבען, בעגראבענדיג דעם טוידטען קערפער פון זייער
פיהרער אין דר׳ערד, דאך אין הארצען פערשלאסען זיין לעבעדיגען
גייסט, וועלכער האט זיי גערופען צו טהאטען, צו העלדען=וואונדער פאר
דער בעפרייאונג פון דעם פערשקלאפטען פאלק, וואס האט זיין קאפ
פאר׳ן בעדריקער געבויגען.

באקחידוס, וועלכער איז מיט זיין חיל פערבליבען אין ירושלים
אויף צום שטיצען די סוריא׳שע מאכט און דעם קעניגליכען איינפלוס,
האט זיך מיט דער גרעסטער אכזריות פערהאלטען צו יעטוועדערען,
וועלכען ער האט חושד געווען אין דער נויגונג צו א מרידה. די אלע,
אין וועמענס הארצען עס האט געגליהט דער מינדסטער פונק פון נאצ=
יאנאלער ליעבע, זענען פעררעכענט געווען פאר פערברעכער און זענען
אדער אין געפענגעניש אריינגעשליידערט געווארען, אדער זיי האט טוידט=
שטראף און פיין בעגעגענט. די העלעניסטען, בעקומענדיג די ממשלה,
האבען אנגעטאן צרות זייערע אייגענע ברידער אין נקמה געגומען פאר
די פאריגע מפלות. די פערשיעדענע פארטייען האבען זיך געקריעגט

צווישען אנאנדער, אין לאנד איז ברודערליך בלוט פערגאסען געווארען און דער סופר פון יענער צייט, שילדערענדיג די לאגע אין ארץ־ישראל, שרייבט, אז אין לאנד האט געהערשט אזא הימעלשרייענדע אויפרעגונג, וואס פון דער צייט פון די נביאים אן איז אזוינס נישט געווען.

קליין איז געווען די צאהל פון די בעגייסטערטע פאטריאטען — דאס פאלק בכלל איז מיעד געווען פון די אלע מלחמות און ארומרייסענישען און האט געבענקט נאך מנוחה, נאך שטילען פריעדען. די קליינע גרופע מורדים־העלדען האט זיך אבער דערמיט גאנץ ווייניג גערעכענט; זיי האבען נאר איין בילד געזעהען פאר זיך: די אונטערטעניגע לאגע פון דעם יודישען פאלק, און נאר איין ליכטיגע שטרעבונג אין הארצען געטראגען: — בעפרייען דאס פאלק, איהם צוריקקעהרען זיין אמאליגע זעלבסשטענדיגקייט, זיין אמאליגען רוהם און גלאנץ. און זיי האבען איהם בעפרייט: א סך בלעטער אין אונזער געשיכטע זענען א דאנק זייער העלדענמוט מיט גאלדענע אותיות פערשריבען.

געגרופירט האבען זיך די דאזיגע ענטוזיאסטישע רעוואלוציאנערען ארום די געבליבענע ברידער פון דעם געפאלענעם מכבי — י ה ו נ ת ן, ש מ ע ו ן און י ו ח נ ן, פון וועלכע דער ערשטער איז אויסגעוועהלט געווארען אלס פיהרער און הויפטמאן. יהונתן האט נישט געהאט אין זיך די לייבען־שטארקייט און דעם גלוטיגען קריגס־ברען פון זיין געפאלענעם ברודער — ער איז געווען מעהר פאליטיקער, מעהר דיפלאמאט, ווי קריגספיהרער; יעדען טריט זיינעם האט ער פריהער געדולדיג און פארזיכטיג גוט בעקלערט, און שטענדיג אויסגעוועהלט פאר זיינע ארויסטרעטונגען — דעם פאסענדסטען מאמענט. ער האט דעריבער געפונען פאר בעסער נישט ארויסצוטרעטען מיט זיינע קליינע קרעפטען געגען באקחיד'ן, נאר זיך צו פערטיידיגען. און די גאנצע גרופע, מיט די חשמונאים־ברידער אן דער שפיץ, האט זיך בעפעסטיגט אין דעם מדבר ת ק ו, נישט ווייט פונ'ם ים־המלח. דא האבען זיי זיך אבער אויך נישט געפיהלט אינגאנצען זיכער און, אום זיך צו קענען פרייער בעוועגען, האבען זיי זייערע ווייבער און קינדער אריבערגעשיקט אויף יענער זייט ירדן, צו דעם פריינדליכען אראבישען שבט נבט. די פיהרונג פון דער מחנה איז איבערגעגעבען געווארען דעם חשמונאי י ו ח נ ן; אינמיטען וועג אבער זענען אויף זיי אנגעפאלען א באנדע רויבער פון דעם פיינדליכען שבט בני עמרי, און האבען דעם פיהרער גע'הרג'עט און די גאנצע מחנה בערויבט. דאן איז יהונתן מיט זיין גרופע אויך

אַריבּער דעם ירדן און האָט זיך שרעקליך נוקם געווען אָן די מערדער פאַר זייערע אַכזריות'דיגע מעשים.

אין דעם פערלויף פון דער גאַנצער צייט האָט באַקחידוס ניט אויפגעהערט זיי צו זוכען און צו פערפאָלגען, און צוזאַמענשטויסענדיג זיך מיט דער קלייענער חשמונאים־גרופּע נאָך דעם דערמאָהנטען קאַמפּף מיט די מערדער, האָט זי איהם נאָר אַ קלייענעם ווידערשטאַנד געשטעלט און איז אַנטלאָפען צוריק איבער'ן ירדן. באַקחידוס מיט זיין שווער־בּעוואָפענטער אַרמעע איז ניט אימשטאַנד געווען זיי נאָכצוויאָגען איבער'ן וואַסער, און איז געבּליבּען אויף דער אַנדערער זייט, זוכענדיג מיטלען, ווי אַזוי אָבּצושניידען די חשמונאים פונ'ם לאַנד און זיי יעדען צוטריט צו פערשפּאַרען. ער האָט צו דעם צוועק צוריק אויפגעשטעלט די צושטערטע פעסטונגען און זיי נאָכמעהר פערשטאַרקט מיט וואָפען און פּראָוויאַנט. אויסער דעם האָט ער נאָך געפאַנגען גענומען די קינדער פון די אָנגעזעהענסטע משפחות אין ירושלים און זיי פערזעצט אין דער שטאָדט־פעסטונג עקרא, אַלס גאַראַנטיע פאַר דער רוהיגקייט און לאָיאַליטעט פון פאָלק.

די דאָזיגע ענערגישע טעטיגקייט פון דעם פערטרעטער פון דער מאַכט האָט אויף אַ קורצער צייט פּאַראַליזירט דעם העלדענמוט פון די מכבּ'ער, און וואָלט עס דעם קעניג דימיטריאָס געלעגען זיין, זיך מיט געוואַלט אַריינצורייסען אין די רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען פון דעם יודישען פאָלק, וואָלט דער איצטיגער מאָמענט זעהר גינסטיג געווען דערפאַר; צופיעל אָבּער איז דער צווייטער יורש פון אַנטיוכס עפּיפאַנוס געווען אַריינגעטאָן אין זיינע ווילדע פערשווענדערייען און אויסגעלאַסענקייטען, אום זיך אָבּצוגעבּען מיט אַזעלכע זאַכען. פאַר איהם איז גענוג געווען די אָפיציעלע אונטערטעניגקייט פונ'ם לאַנד יהודה, און דער יעהרליכער מס, וואָס פלעגט אַריינקומען פון דאָרטען אינ'ם אוצר המלוכה.

אונטער דער צייט איז אַלקימאָס געשטאָרבּען (159). אויף וויפיעל דער דאָזיגער העלעניסטישער כהן גדול איז ניט געאַכטעט געווען פון פאָלק, קען עדות זאָגען דאָס, וואָס די פאָלקס־לעגענדע בּעטראַכט זיין פּלוצלונגען טוידט, ווי אַ שטראָף פון גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט צושטערט די הילצערנע וואַנד אַרום דעם הויף פון בּית־המקדש, וועלכע האָט געדיענט אַלס מחיצה פאַר טמאים און געצענדינער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבּען קלערען וועגען אַ נייעם כהן

גדול, און דער סורי'שער הויף האָט זיך דאָס מאָל געהאַלטען אינגאַנצען פון דערווייטען בנוגע צו דער פראַגע. באַקחידוס מיט זיין מחנה האָט זיך דאַן צוריקגעקעהרט קיין אַנטיוכיא, און גאַנצע צוויי יאָהר (157—159) האָבען די איינוואוינער פון יהודה גענאָסען דעם טעם פון מנוחה און פריעדען.

נישט גערודט אין דער צייט האָבען נאָר די חשמונאים. אַריינקומענדיג אין לאַנד האָט יהונתן נישט אויפגעהערט צו פערגרעסערן זיין מחנה און צו פערשטאַרקען זיינע פּאָזיציעס. אין אַ אָאַזיס פונ'ם מדבר יריחו, נישט ווייט פון ירדן, האָבען זיי זיך איצט בעפעסטיגט; דאָרט האָט זיך אַ שטענדיגער וואַלד געפונען און נעבען איהם — אַ טייכעל מיט קלאָרען, זיסען וואַסער. דערביי האָט זיי דער ירדן געדיענט אַלס גוטע שוץ־וואַנט פון הינטען און אַלס זיכערער ווינקעל צום אַנטלויפען אים פאַל פון אַ מפּלה. פיהלענדיג זיך פרייער און פעסטער, ווי פריהער, האָט יהונתן איצט אָנגעהויבען אַ אָפענעם קאַמפּף צו פיהרען געגען די העלעניסטען און אָנהענגער פונ'ם סורישען הויף. דאַן האָבען זיך די העלעניסטען געווענדעט מיט אַ ביטע צו דער אַנטיוכי'שער רעגירונג, זי זאָל צושיקען מיליטער און בערוהיגען די פּאַטריאָטישע חשמונאים.

ווידער איז באַקחידוס מיט זיין אַרמעע אין יהודה געקומען; דאָס מאָל אָבער איז איהם די „בערוהיגונג" נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. אַ לענגערע צייט האָט ער בעלאַגערט די פעסטונג פון די חשמונאים; זייער מחנה איז שוין איצט אָבער בעדייטענד גרויס געווען, און זיי האָבען זי צוטיילט אויף צוויי אָבטיילונגען, פון וועלכע איינע, אונטער יהונתן'ס פיהרונג, האָט זיך דערשלאָגען ביז באַקחיד'ס לאַגער, איז בעפאַלען די העלעניסטען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען און האָט אָבגעשניטען די גאַנצע אַרמעע פון לאַנד, און די צווייטע, אונטער שמעונ'ס אָנפיהרונג, האָט פערברענט די בעלאַגערונגס־מאַשינען. אַזוי צוגעדריקט פון ביידע זייטען, איז באַקחיד געצוואונגען געווען אויפצוגעבען די בעלאַגערונג, און זיין גאַנצען כעס האָט ער אויסגעלאָזען צו די העלעניסטען, פון וועלכע ער האָט אַ סך געטוידט.

די דאָזיגע שטימונג פון דעם סירישען קריעגס־פיהרער האָט יהונתן געפונען פאַר גינסטיג אויף צו אונטערהאַנדלען מיט איהם וועגען אַ שלום, און באַקחיד האָט מיט צופריעדענהייט דעם פאָר־

שלאָג אָנגענומען. איהם איז שוין אויך איבערדריסיג געוואָרען דאָס אונענדליכע אַרומיאָגען זיך מיט די ניט רעגולערע אָבטהיילונגען פון דער חשמונאים־גרופּע, וועלכע זענען גענוי בעקאַנט געווען מיט אַלע בעהאַלטענע ווינקעלעך פון לאַנד און האָבען נישט אויפגעהערט איהם צו בעאונרוהיגען מיט זייערע קליינע אָנפאַלען. אַזוי־ערנאָך איז ראַן געשלאָסען געוואָרען אַ אָפּמאַך צווישען די ביידע אָנפיהרער, לויט וועלכען די סירישע רעגירונג לאָזט איבער די פיהרונג פון אַלע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען אין יהודה — דעם פאָלק אַליין, און ערלויבט די חשמונאים צו וואוינען אומגעשטערט אין גאַנצען לאַנד, אויסער דער הויפּט־שטאָדט. די קריגס־געפאַנגענע פון ביידע זייטען זענען בעפרייט געוואָרען, און באַקחיד מיט זיין אַרמעע האָט פערלאָזען דאָס לאַנד.

די העלעניסטען, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געשיצט געוואָרען פונ'ם סירישען הויף, זענען איצט, אַלזאָ, געבליבען „אין שטיך", און די פּאַקטישע הנהגה פון אַלע פאָלקס־אַנגעלעגענהייטען איז איבערגעגאַנגען צו דער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי. בראש פון דער פּאַרטיי איז געשטאַנען יהונתן, און אַזוי ווי ער האָט זיך בעזעצט אין מחמת, איז דאָרטין געוואָרען דער צענטר פון דער יודישער זעלבסט־פערוואַלטונג.

לאַנג האָט זיך דער צושטאַנד ניט געצויגען (156 — 152); יהונתן האָט אָבער בעוויזען אין דער קורצער צייט אַ סך אויפצוטאָן. די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און פּאָפּולערער געוואָרען, די צאָהל פון איהרע אָנהענגער איז כסדר געוואַקסען, און צוזאַמען דערמיט זענען די אַרומיגע פּאָליטישע בעדינגונגען אויך זעהר גינסטיג געוואָרען פאַר דער פערווירקליכונג פון דעם אַלטען אידעאַל. אַ אונערוואַרטעטע געשעהעניש אין דעם סירישען מלוכה־לעבען האָט אַ האַסטיגען שטויס געגעבען פאָראויס די שטרעבונג פון די חשמונאים צו פערברייטערן די יודישע זעלבסשטענדיגקייט און צו בעפעסטיגען די יודישע מלוכה־מאַכט.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען די סעלייקידישע דינאַסטיע האָט געהאַט אויסצושטעהן אַ סך צרות פון די פּרעטענדענטען אויפ'ן טראָן, וועלכע פלעגען געשטיצט ווערן פון איהרע פערביסענע שונאים — די מלכים פון עגיפּטען און קליין־אַזיען. דער לעצטער פון די דאָזיגע פּרעטענדענטען איז געווען אַ אונבעקאַנטער

יונגער מאן פון סמירנא, מיט'ן נאמען באלאס, וועלכער האט אויסגעזעהען זעהר עהנליך צו דעם פערשטארבענעם אנטיוכס עפיפאנעס און האט זיך ארויסגעגעבען פאר זיינעם א זוהן. מיט דער הילף פון פערשיעדענע בעשיצער און שטיצער, האט זיך דעם דאזיגען אלעקסאנדער באלאס איינגעגעבען, צונויפצוזאמלען ארום זיך א גאנצע ארמעע, וועלכע האט איהם געזאלט העלפען אבנעהמען די קרוין ביי דעם קעניג דימיטריאס. דער לעצטער האט שנעל בעגריפען די גאנצע ערנסטקייט פון דער לאגע, און אנגעהויבען אונטערצוחנפ'הנען זיינע שכני'שע מלכים און וואסאלען (אונטערטעניגע פירשטען), אום זיכער צו זיין אין זייער הילף און שטיצע. צו דעם צוועק האט ער זיך פאר אלעמען געווענדעט מיט א פריינדליכען בריעף צו דעם חשמונאים-פיהרער, יהונתן, אין וועלכען ער האט איהם בעשטימט פאר א הויפטמאן פון אלע יהודה'אישע סאלדאטען, און בעפעהלען, מ'זאל איהם ארויסגעבען די געפאנגענע קינדער פון די אנגעזעהענסטע יודישע משפחות, וועלכע האבען זיך געפונען, אלס משכון, אין דער שטאדט-פעסטונג עקרא. יהונתן האט אויסגענוצט די דאזיגע גינסטיגע געלעגענהייט און איז גלייך איבערגעפאהרען וואוינען אין ירושלים, וואו זיין ערשטע ארבייט איז געווען — צו בעפעסטיגען דעם בארג ציון, די מויערן פון שטאדט א. א. וו.

מיט דימיטריא'ס איינפאל האט זיך אבער בענוצט אויך זיין געגנער און — מיט מעהר ערפאלג. אלעקסאנדער באלאס האט געזוכט צוצוציהען דעם פיהרער פון יהודה אויף זיין זייט, און ער האט מעהר פון דימיטריאס'ן פערשטאנען, וועלכען פרייז איהם דערפאר פארצולעגען. ער האט בעשטימט דעם חשמונאי יהונתן פאר א כהן-גדול, האט איהם געשענקט א פורפור-מאנטעל מיט א גאלדענער קרוין און דערמיט איהם בעשטעטיגט פאר א אפיציעלען וואסאל (אונטערטעניגען פירשט) פון דער סירישער מלוכה און פאר א פערזענליכען פריינד פון קעניג. יהונתן האט מיט פרייד אנגענומען דער טיטול, צו וועלכען ער האט, ווי ס'איז צו גלויבען, שוין לאנג געשטרעבט, און אום סוכות, אין יאהר 153, האט ער צום ערשטען מאל ערפילט די עבודה אין בית המקדש אלס כהן גדול. אזוי איז דאס טיעף ערניעדריגטע לאנד, וואס איז שוין געשטאנען ביי דער שוועל פון אונטערגאנג, צוריק דערהויבען געווארען, א דאנק דער העלדישער זעלבסט-אפפערונג פון דעם קליינעם הייפעל בעגייסטערטע

רעוואָלוציאָנערען, און ווידער איז ירושלים געוואָרען דער צענטר פון דער יודישער מאַכט און דעם יודישען גייסט, אין דער געשטאַלט פונ'ם בית־המקדש, וואו דער עלטסטער ברודער פון דעם גרויסען מכבי האָט געטראָגען אויף זיך די כהן־גדול־קליידער און ערפילט די היילינע עבודה.

און זיין בליק האָט איהם נישט אָבגענאַרט. יהונתן האָט זיך אָפען געשטעלט אויף דער זייט פון דעם פרעטענדענט באַלאַס, חאָטש דימיטריאָס, ווי איינער, וואָס האָט שוין גאָרנישט צו פערליערען, האָט נישט אויפגעהערט זיך צו ווענדען צו דעם „פאָלק פון יהודה" און איהם צוצוזאָגען די גלענצענדסטע הנחות און פרייהייטען. דאָס פאָלק האָט זיך אָבער פון דעם בעליבטען חשמונאים־הויז נישט געוואָלט אָבקעהרען, און יהונתן האָט גאַנץ וועניג געגלויבט אין די דאָזיגע „גאָלדענע בערג", וועלכע זענען צוגעזאָגט געוואָרען אין אַ מינוט פון פערצווייפלונג. ער האָט זיך פעסט געהאַלטען אָן אלעקסאַנדער'ן און איהם אַזוי לאַנג געשטיצט, ביז יענער האָט ענדליך בעזיעגט זיין געגנער און איז געוואָרען סירישער קעניג (150).

דער אויפגעקומענער אַלעקסאַנדער האָט קיינמאָל נישט פערגעסען די שטיצע, וואָס יהונתן האָט איהם אַרויסגעוויזען, ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ קריטישער לאַגע, און ער האָט דעם געוועזענעם רעוואָלוציאָנערען־אָנפיהרער בעעהרט מיט אַלערליי קעניגליכע כבודים. צו דער פייערונג פון זיין חתונה מיט דער טאָכטער פון דעם עגיפטישען קעניג, האָט ער פערבעטען דעם יודישען פיהרער, און איהם בעהאַנדעלט, ווי זיינעם אַ גלייכען: האַנד ביי האַנד מיט'ן סורישען קעניג איז יהונתן אין אַ פורפור־מאַנטעל געזעסען, און מעהר כבוד איז איהם אָבגעגעבען געוואָרען פון אַנדערע שכני'שע קעניגען. יהונתן איז אָפיציעל ערקלערט געוואָרען פון אַלעקסאַנדער'ן פאַר דעם מיליטערישען און בירגערליכען פיהרער פון יהודה אַזוי, אַז פאַקטיש איז שוין דאָס לאַנד כמעט אינגאַנצען זעלבסטשטענדיג געוועזען און פאַר זיין צייט האָט עס זיך ווירקליך ערהאָלט פון די פערשידענע וואונדען און קראַנקהייטען, וואָס עס האָט איבערגעטראָגען ביז דאַן.

אַרום זעקס יאָהר (פון 132 ביז 146) איז אַלעקסאַנדער באַלאַס געזעסען אויף דעם סירישען טראָן און, ווי דער גרעסטער טייל פון דער גריכיש־סורישער אַריסטאָקראַטיע אין יענער צייט, האָט ער אויך מעהר געקלערט וועגען זיינע אויסגעלאַסענע תאוות און פערגניגענס,

ווי וועגען די אָנגעלעגענהייטען פון דער מלוכה. דאָס האָט געגעבען די מעגליכקייט דימיטריאָס דעם II־טען, מיט דעם ביינאָמען ניקאַטאָר, דעם זוהן פון דימטריאָס I, אַרויסצורופען אַ אויפשטאַנד אין לאַנד און אַרויסצוטרעטען אַלס געזעצליכער יורש פון דעם סוריא׳שען טראָן. יהונתן האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו שטיצען אַלעקסאַנדערן, חאָטש עגיפטען און רוים האָבען זיך פון איהם אָבגעקעהרט, און ווען דער פערטרעטער פון צעלאָסוריען, אַפּאָלאָניוס, איז איבערגעגאַנגען אויף דימיטריאָס זייט, איז יהונתן אַרויסגעטרעטען געגען איהם מיט געווער, ער האָט בעלאַגערט די האַפענשטאָדט יאַפאַ, וואו ס׳האָט זיך אויפגעהאַלטען אַפּאָלאָניוס מיט זיין חיל, און זי איינגענומען. דערנאָך האָט ער צושטערט די שטאָדט אשדוד און פערברענט דעם טעמפעל פון אָבגאָט דגון. אַלס בעלויהנונג פאַר דער אַרויסטרעטונג האָט יהודה פון אַלעקסאַנדער׳ן בעקומען די אַלטע פלשתים־שטאָדט עקרון מיט איהר או..געגענד (147).

נאָך דעם אַלעמען אָבער איז אַלעקסאַנדערן דאָך נישט געלונגען צו דערהאַלטען פאַר זיך דעם סוריא׳שען טראָן. צוזאַמען מיט דער סוריא׳שער בעפעלקערונג זענען צוגעשטאַנען צו דימיטריאָס׳ן אויך גרויסע טיילען פון דער אַרמעע, און שפּעטער איז איבערגעגאַנגען אויף זיין זייט אויך אַלעקסאַנדער׳ס שווער, דער עגיפּטישער קעניג, וועלכער האָט אָבגענומען זיין טאָכטער פון אַלעקסאַנדער׳ן און זי חתונה געמאַכט פאַר איהם, דימיטריאָס׳ן. דער איצטיגער איידים צוזאַמען מיט׳ן שווער זענען אַרויסגעטרעטען אין אַ אָפענעם קאַמפּף געגען אַלעקסאַנדער׳ן, און נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפען קיין אַראַביען, איז דימיטריאָס אַרויף אויף דעם סוריא׳שען טראָן (145).

מיט דער דאָזיגער איבערקעהרעניש אין סיריען האָט זיך יהונתן געוואָלט בענוצען, אום אויסצוקעמפפען פאַר יהודה נאָכמעהר זעלבסט־שטענדיגקייט, און ער האָט בעלאַגערט דעם וויכטיגסטען פונקט פון דער סירישער מאַכט און דער העלעניסטישער פאַרטיי — די עקרא. די פערפאָלגטע האָבען זיך דאַן געווענדעט צו דעם נייעם סירישען קעניג נאָך הילף, און ער האָט אַרויסגעפאָדערט דעם יודישען פיהרער צו זיך, קיין פּטאָלעמאַיד; יהונתן האָט זיך אָבער כאַר דעם דאָזיגען אַרויסרוף נישט דערשראָקען. ער האָט גוט פערשטאַנען, אַז ביי דער איצטיגער לאַגע פון דעם סירישען הויף לויהנט נישט פאַר איהם זיך איינצורייסען מיט יהודה, און איבערלאָזענדיג די בעלאַגערונג

אין איהר פולער קראַפט, איז ער אַוועק צום קעניג. דער לעצטער האָט זיך ווירקליך גענויטיגט אין געלד און שטיצע, און האָט זיך בעצויגען צו דעם פיהרער פון יהודה, ווי צו אַ בעדייטענדער מאַכט, וואָס קען פיעל נוצען ברענגען. דאַן האָט יהונתן איהם פאָרגעלעגט אַ געוויסע געלד-סומע (300 טאַלאַנטען) און געבעטען, ער זאָל בעפרייען יהודה פון יעדען אָבצאָהל און עס פערגרעסערן מיט עטליכע ראַיאָנען פון שומרון (אפרים, לידדא און רמאתים). דימיטריאָס האָט איהם אין דעם אויך נישט אָבגעזאָגט — חאָטש ער האָט באַלד חרטה געהאַט! — אַבי נאָר זיכער צו זיין אין דער אָפיציעלער אונטערטעניגקייט פון יהודה און אין איהר שטיצע.

מיט רוהם און נצחון האָט זיך יהונתן אומגעקעהרט אין דערהיים. דערצו האָבען זיך אין דעם סורישען מלוכה-לעבען באַלד וויעדער אָנגעהויבען שטאַרקע אונרוהען, און יהונתנ׳ס אַרמעע האָט אונערוואַרטעט איבערגעלעבט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט געקענט בעפריעדיגען דעם יודישען דורשט, איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך נוקם זיין אָן די סירי׳ער פאַר זייער אַריינרייסען זיך צעהנדליגער מאָלען אין ירושלים און פאַר זייער אַריינמישען זיך אין די אינערליכע יודישע אַנגעלעגענהייטען. מיט זיין נאַכלעסיגקייט און שוואַכקייט האָט אויך דימיטריאָס אַרויסגערופען אַ גרויסע אונצופריעדענהייט אין לאַנד און אין דער אַרמעע, און אַזוי ווי אַלעקסאַנדער׳ס קריעגספיהרער טריפאָן, איז אין יענער צייט אַרויסגעטרעטען אַלס רעגענט אינ׳ם נאָמען פון אַלעקסאַנדער׳ס מינדעריעהריגען זוהן, אַנטיוכס VI, איז די גאַנצע בעפעלקערונג אויפגעשטאַנען געגען קעניג און די סאָלדאַטען האָבען פשוט בעלאַגערט זיין פאַלאַץ. ער האָט זיך דאַן געזעהן געצוואונגען, צו בעטען הילף ביי דעם יודישען פיהרער, און דער לעצטער האָט איהם ווירקליך געהאָלפען: דריי טויזענד יהודה׳שע סאָלדאַטען האָבען אַוועקגעמאַרשירט אין דער הויפט-שטאָדט פון סיריען, און בעהערשענדיג דעם גאַנצען גאַרניזאָן, האָבען זיי געצוואונגען די סאָלדאַטען, אַראָבצונעהמען די בעלאַגערונג פון דעם קעניגליכען פאַלאַץ און ביי איהם מחילה צו בעטען. אַזוי האָבען יהודה׳שע סאָלדאַטען, אונטער דער פיהרונג פון אַ חשמונאי, געראַטעוועט דעם טראָן פון אַנטיוכס עפיפאַנוס׳ס יורש!

דימיטריאָס האָט אָבער די דאָזיגע טובה באַלד פערגעסען, און ווי נאָר ער איז בעפרייט געוואָרען פון דער געפאַהר, האָט ער אָנ-

געהויבען צוריקציהען די אַלע הבטחות, וואָס ער האָט פריהער געגעבען, און פיינדליך זיך צו בעציהען צו דעם יודישען פיהרער. דאָס האָט אַרויסגערופען אין ירושלים אַ ביטערע שנאה צו דעם סירישען קעניג, און יהונתן האָט אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט דעם דערמאָהנטען טריפאָן. דער לעצטער האָט מיט צופריעדענהייט אָנגענומען יהונתנ'ס פאָרשלאָג, און געשלאָסען מיט איהם אַ אָבמאַך, לויט וועלכען די סירישע רעגירונג אַנערקענט אַלע רעכטע און פרייהייטען פון דעם יודישען פיהרער און כהן גדול, וואָס פערפליכטעט זיך פון זיין זייט מיליטעריש צו שטיצען דעם קרוין־פּרעטענדענט אַנטיוכס VI. שמעון, יהונתנ'ס ברודער, איז בעשטימט געוואָרען פאַר אַ סירישען „סטראַטעג", ד. ה. פאַר אַ מיליטערישען קאָמאַנדיר איבער דער גאַנצער לענג פון מיטעללענדישען ים. מוטיג און העלדיש האָבען דאָן די ביידע חשמונאים־ברידער געקעמפפט פאַר דעם קליינעם אַנטיוכס, מיט דעם נצחון פון וועלכען ס'איז געווען פערבונדען אויך די זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה.

אין דער מלחמה זענען פאָרגעקומען פערשידענע מאָמענטען; ענדליך אָבער האָבען די חשמונאים געזיגט. יהונתן האָט איינגענומען די שטעדט אשקלון און עזה און איז צוריקגעקומען קיין ירושלים, וואו ער האָט זיך גענומען בעפעסטיגען די שטאָדט פון אַלע זייטען. די מויער־ווענט אַרום שטאָדט האָט ער אויפגעהויבען העכער, און אינמיטען, צווישען דער עזרה און בית המקדש, האָט ער אויפגעשטעלט אַ הויכען וואַל, וואָס האָט געזאָלט אָבשניידען דעם היילינגען שטאָדט־טייל פון דעם סורישען עקרא־גאַרניזאָן. שמעון, ווידער, איז געשטאַנען אָן דער שפיץ פון אַ צווייטער מחנה, און האָט אויך אָבגעהאַלטען גלענצענדע נצחונות. ער האָט פערטריעבען דימיטרי'ס גאַרניזאָן פון דער דרום־פעסטונג בצרה און איהם פערביטען מיט אַ יהודה'שען; ער האָט אויך איינגענומען די נאָהנטסטע שטאָדט פון ירושלים, יאַפאַ (יפו), און בכלל געזוכט צו בעפעסטיגען די גרענעצען פון יהודה.

ביז פיערציג טויזענד אויסגעוועהלטע סאָלדאַטען האָט יהודה דאַן געהאַט אַרויסגעשטעלט אויפ'ן קריגס־פּלאַץ, און עס לאָזט זיך גלויבען, אַז דער גרויסער פיהרער פון פאָלק האָט שוין אין יענער צייט שטאַרק געקלערט וועגען אָבוואַרפען זיך אינגאַנצען פון סוריען און פּראָקלאַמירען יהודה פאַר אַ פאָלקאָם זעלבסטשטענדיגע מלוכה; און פאָראויסזעהענדיג די קאָנפליקטען, וואָס וועלען דעריבער מוזען סוף כל

סוף אויסברעכען צווישען איהם און דעם סורישען הויף, האט ער זיך ווי די היסטארישע קוועלען גיבען איבער, געווענדעט צו דעם רוימישען סענאט מיט א פארשלאג, צו בעניצען דעם אבמאך פון יהודה מיט דער רוימישער מלוכה, וועלכען עס האט געהאט אמאל געשלאסען מיט איהר זיין ברודער — יהודה המכבי.

און ס'איז ווירקליך אזוי געוועזען. דער סורישער מלוכה-פיהרער האט גלייך בעמערקט, אז יהודה שטרעבט נישט בלויז צו פאלשטענדיגער פאליטישער זעלבסטשטענדיגקייט, נאר אויך צו דער ווייטערדיגער פערברייטערונג פון איהרע גרענעצען אויף דעם רעכנונג פון די ערטער, וואס זענען נאר-וואס איינגענומען געווארען דורך די חשמונאים-ברידער פאר אנטיוכס'ן; ער האט דעריבער גלייך נאך דער מלחמה מיט דימיטריאס'ן אנגעהויבען קלערען וועגען א קאמפף מיט דעם מעכטיגען יהודה'אישען כהן גדול. ארויסטרעטען אין א אפענער מלחמה געגען דעם עלטסטען חשמונאי איז אבער פאר איהם צו געפעהרליך געוועזען, און דער מערדערישער טריפאן האט זיך בענוצט מיט א געמיינעם שווינדעל, אום צו פערפיהרען דעם קליגסטען פון די חשמונאים און איהם פון וועג אבצורוימען. ער איז אריין מיט זיין מחנה אין פאלעסטינא און האט זיך אבגעשטעלט ביי בית-שאן (סקיטאפאלים); דערוויסענדיג זיך דערפון, איז איהם יהונתן גלייך ארויס אנטקעגען מיט טויזענדער בעוואפענטע סאלדאטען. צו זיין איבעררראשונג האט איהם אבער טריפאן זעהר פריינדליך בעגעגענט און נאך מיט טייערע מתנות. דער סירישער פיהרער האט איהם דערנאך ערקלערט, אז ער מיינט גארנישט זיך צו שלאגען מיט יהודה און איז בלויז געקומען, איהם, דעם כהן גדול, איינלאדען קיין עכו (פטאלאמעאיס), וואו ס'דארפען געענדיגט ווערען די אונטערהאנדלונגען וועגען אריינרעכנען די שטאדט אין די גרענעצען פון יהודה. יהונתן האט געגלויבט דעם בעטריגער, און דעם גרעסטען טייל פון זיינע סאלדאטען צוריקגעשיקט, זיך לאזענדיג אליין מיט דעם סירישען „פריינד" קיין עכו. דארט אבער איז שוין אלץ צוגעגרייט געוועזען, און יהונתן איז גלייך נאך זיין אנקומען אהין געפאנגען געווארען פון טריפאנ'ס סאלדאטען. די יהודה'שע סאלדאטען, וועלכע האבען געזאלט בלייבען אין עמק יזרעאל און אין גליל, האבען זיך דערוואוסט פון דעם שווינדעל און געבראכט די ידיעה קיין ירושלים, וואו א שרעקליכער טרויער האט ארומגענומען דעם גאנצען פאלק.

דאַן איז דער לעצטער פון די חשמונאים=ברידער, **שמעון**, געקומען צו לויפען אין דער הויפּט=שטאָדט. אין טיפער עלטער, האָט דער דאָזיגער חשמונאי דאָך נאָך פיעל יוגענדליכע קראַפט אַרויסגעוויזען; ער האָט פערזאַמעלט דאָס פאָלק אין הויף פון בית המקדש, און די זעלביגע יהודים, וואָס זענען פריהער פערזונקען געווען אין טרויער און פערצווייפלונג, האָבען איצט צוריק זייער העלדישען מוט בעקומען, און בעגייסטערטע נקמה= און פרייהייטס=געשרייען האָבען זיך פון זייערע הערצער אַרויסגעריסען.

„איך בין נישט בעסער פון מיינע ברידער, וועלכע זענען פאַר אונזערע הייליגקייטען און פאַר אונזער פרייהייט אומגעקומען!" — האָט שמעון אויסגערופען, און די גאַנצע פערזאַמלונג האָט איהם איינשטימיג אַנטקעגען=געשריען: „זיי אונזער קריעגספיהרער, ווי דיינע ברידער יהודה און יהונתן!"

דער לעצטער גליעד פון דעם העלדישען חשמונאים=שטאַם איז איצט אַוועקגעשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון פאָלק, און די אָנגעהויבענע בעוועגונג פאַר דער בעפרייאונג פון יהודה האָט ווייטער געמוזט געפיהרט ווערען נאָך מיט מעהר גלוט, נאָך מיט מעהר בעגייסטערונג. קודם כל האָט מען אָבער געמוזט זעהען בעפרייען דעם כהן גדול אָדער — זיך נוקם זיין פאַר איהם. טריפאָן האָט זיך מיט זיין אַרמעע אַלץ מעהר דערנעהנטערט צו די גרענעצען פון יהודה, פיהרענדיג מיט זיך דעם יודישען ליעבלינג אין קייטען געשמידט, אום אָבצושרעקען דער בעפעלקערונג פון יהודה און זי צו בעפאַלען נאָך איידער זי וועט צו זיך קומען. דאַן האָט שמעון צוזאַמענגענומען זיין אַרמעע ביי אַדידאַ און איז איהם אַרויס אַנטקעגען; דאָס האָט אויף דעם סירישען קריעגס=פיהרער ווידער אַ שרעק אָנגעוואָרפען און ווידער האָט ער זיך צום געמיינעם שווינדעל גענומען. ער האָט ערקלערט, אַז ער פאָדערט מעהר נישט, ווי הונדערט טאַלאַנטען און צוויי קינדער יהונתנ'ס אַלס גאַראַנטיע פאַר יהודה'ס אונטערטעניגקייט. שמעון האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען דעם שווינדעל פון די דאָזיגע כלומר'שטע פאָדערונגען; ער האָט זיי אָבער געמוזט ערפילען, נישט וועלענדיג אַרויפציהען אויף זיך דעם פערדאַכט, אַז ער האָט נישט געוואָלט העלפען בעפרייען זיין ברודער פון טוידט. טריפאָן האָט בעקומען די פערלאַנגטע סומע מיט די צוויי קינדער, און האָט די קריעג ווייטער געפיהרט; די יודישע אַרמעע האָט איהם

אָבער געשטערט אַריינצוקומען אין ירושלים מיט'ן גלייכען וועג. ער האָט זיך דעריבער גענומען מיט דעם וועג צו דער דרום=גרענעץ, און דאָ האָט דאָס גליק דעם דאָזיגען געמיינעם מערדער אין שטיך געלאָזען. אַ אונגעהויערער שניי=פאַל האָט איהם געצוואונגען זיך אַרי=בערצוּוואַרפען מיט זיין חיל אויף יענער זייט ירדן, אין גלעד, און דאָרט האָט ער אויסגעלאָזען זיין כעס צו דעם געפאַנגענעם: — אויף זיין בעפעהל איז געטויט געוואָרען דער גרויסער יהונתן כהן גדול (243), די ביינער פון וועלכען עס זענען שפּעטער דורך שמעון'ען איבערגעפיהרט געוואָרען קיין מודעין, וואו זיי זענען בע=גראָבען געוואָרען אין דער פאַמיליען=מערה פון די חשמונאים. אַזוי האָט געענדיגט זיין לעבען דער פיערטער חשמונאי, וועלכער האָט מעהר פאַר זיינע פאָרגענגער אויפגעטאָן פאַר זיין פאָלק; פון טיעפען אָבגרונד האָט ער דאָס יהודה'שע מלוכה=וועזען אַרויסגעצויגען און עס אויף אַ בעדייטענדער הויכקייט אַוועקגעשטעלט. יהונתן האָט אויסגע=קעמפּפט מאַכט און איינפלוס פאַר זיין פאָלק, און פאַר זיין דינאַסטיע — דעם הויכען כהן=גדול=טיטול, וועלכער האָט איצט צוריק בעקו=מען זיין אַמאָליגען רוהם און גלאַנץ.

יהודה האָט זיך איצט אינגאַנצען אונטערגעוואָרפען דעם איינפלוס פון מתתיהו'ס לעצטען זוהן, שמעון, און אין זיין פּערזאָן האָט עס ווירקליך בעקומען אַ העלדישען און בעגאַבטען פיהרער. ער האָט נישט בלויז פאָרטגעזעצט דעם בלוטיגען בעפרייאונגס=קאַמפּף, נאָר איהם אויך געענדיגט, און מיט זיין נאָמען איז פערבונדען די פאָלשטענ=דיגע פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה; עס וואָלט אָבער דאָך נישט ריכטיג זיין, צוצושרייבען דעם דאָזיגען גלענצענדען ערפאָלג בלויז זיין פּערזענליכע גרויסקייט. שמעון איז דער לעצטער געווען פון אַלע חשמונאים=ברידער, און איהם איז בעשערט געווען צו שניידען מיט געזאַנג דאָס, וואָס זיי האָבען פערזייהט מיט טרע=רען און בלוט! אין איין הינזיכט איז שמעון'ס איצטיגע לאַגע עהנ=ליך געווען צו דער, אין וועלכער יהונתן האָט זיך געפונען נאָך דעם טויט פון זיין עלטערן ברודער — דעם מכבי, ווי אַנדערש אָבער האָט דאָס פאָלק איצט אויסגעזעהען און ווי אַנדערש דאָס לאַנד! יהודה'ס נאָכפאָלגער האָט אין אָנהויב געהאַט אַרום זיך בלויז אַ קליי=נעם הייפעל רעוואָלוציאָנערען; איז אַליין געווען אַ פיהרער אָהן וועל=כע ס'איז רעכט און אָהן אַ שום טיטול; האָט נישט געהאַט נישט

קיין בעפעסטיגטע פלעצער, נישט קיין אנדערע הילפס-מיטלען און איז בכלל פון אויסווייניג און פון אינוועניג געווען ארומגערינגעלט מיט בלוטיגע שונאים. דאגעגען אבער האט יהונתנ׳ס נאכפאלגער איבערגענומען די מלוכה איבער א שטארקען פאלק. ער האט געפונען פאר זיך פעסטונגען, גוט אויסגעשטעלטע קריעגס-פונקטען, א גוט ארגאניזירטע, שטארקע ארמעע, און געהאט נאר איין-איינציגען פיינד קעגען זיך. דערצו האט דער מערדערישער טויט פון דעם באליבטען חשמונאים-כהן-גדול נאך מעהר אויפגעוועקט דעם פאלק און נאך שטארקער פונאנדערגעפלאמט אין איהם די שנאה צו דער סורישער ארמעע אזוי, אז שמעון׳ען איז פארגעשטאנען בלויז צו פיהרען און גוט צו אפעריהרען מיט דעם דאזיגען דאנקבארען מאטעריאל.

און דאס האט דער יונגסטער חשמונאי גלענצענד פערשטאנען. איהם האט דער אלטער מתתיהו נאך בעשטימט פאר א יועץ בנוגע צו די מלחמות געגען דער סירישער הערשאפט, און פון דאן אן האט ער נאך זיין יוגענד-פרישקייט און זיין פייערדיגען מוט נישט פערלוירען.

געהאלטען האט ער זיך ביי דער פאליטיק פון זיין ברודער, — אויסצונוצען דעם געגנער׳ס שוואכקייט, דאס לאנד צו בעפעסטיגען און זיינע גרענעצען ווייטער צו ציהען. און זיין ערשטער שריט איז גלייך געווען א אקט פון אונאבהענגיגקייט — ער האט נישט געווארט ביז די אויבערשטע מאכט וועט איהם בעשטעטיגען אלס כהן-גדול. פאראויסזעהענדיג דעם קאמפף, וואס דער דאזיגער טריט וועט מוזען ארויסרופען, האט ער זיך גלייך גענומען פערשטארקען די פעסטונגען פון לאנד און זיי פערזארגען מיט אלעם נויטיגען; דערנאך האט ער זיך פערבונדען מיט דעם אראבגעזעצטען סירישען קעניג דימיטריאס II, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער זעלביגער איז זיך אזוי נישט אנשטענדיג בעגאנגען מיט זיין ברודער. ער האט איהם געשיקט א גאלדענע קרוין אלס צייכען פון אנערקענונג און צוגעזאגט מיליטערישע הילף געגען טריפאנען, וועלכער האט אונטער דער צייט גע׳הרג׳עט זיין קעניגליכען שיצלינג, אנטיוכס VI, און אליין פערכאפט דעם טראן; דערביי האט ער אבער פערפליכטעט דימיטריאס׳ן צו אנערקענען די פ א ל ש ט ע נ ד י ג ע א ו נ א ב ה ע נ ג י ג ק י י ט פ ו ן י ה ו ד ה. דער לעצטער האט זיך דערפרעהט מיט דעם פארשלאג, און האט זיך פארמעל אבגעזאגט פון די אלע הערשאפטס-סימנים, וואס די סירישע קרוין האט ביז אהער ארויסגעוויזען בנוגע צו יהודה. פון דעם מאמענט אן האט יהודה אנגעהויבען פריי צו

אָטעמען און — ווי דער קראַנקער־דריקט זיך אויס — „דער יאָך פון די געצענדינער איז אַראָבגענומען געוואָרען פון ישראל׳ם האַלז״. דאָס פאָלק האָט גלייך אויפגעהערט זיך צו בענוצען מיט דער צייטרעכנונג לויט די רעגירונגס־יאָהרען פון דער סעלייקידישער דינאַסטיע, און אָנגעהויבען צו שרייבען אין אַלע עפענטליכע דאָקומענטען (142): „אין׳ם ערשטען רעגירונגס־יאָהר פון כהן גדול, קריעגס־פיהרער און פאָלקס־הערשער שמעון״. די שמחה אין ירושלים איבער דער ערוואָרבענער פרייהייט איז אַזוי געוואַלטיג געוועזען, אַז די פיהרער פון פאָלק האָבען זיך געפיהלט פערפליכטעט, מיטצוטיילען די בשורה זייערע ברידער אין מצרים.

שמעון אָבער האָט זיך נאָך אַלץ נישט אינגאַנצען זיכער געפיהלט: — דער סירישער גאַרניזאָן האָט זיך נאָך געפונען אין דער שטאָדט־פעסטונג פון ירושלים. ער האָט דעריבער בעלאַגערט די אקרא מיט סאָלדאַטען און זי אַזוי לאַנג געהאַלטען אָבגעשניטען פון דער דרויסיגער וועלט, ביז זי האָט געמוזט זיך אונטערגעבען, און דעם 23־טען אייר (מאַי, 141) איז פאָרגעקומען די פייערליכע אַרייַנטרעטונג פון די ירושלים־איינוואוינער אין די טויערן פון דער דאָזיגער מעכטיגער פעסטונגס־קייט, וואָס האָט געשטיקט דעם פאָלק אין אַ משך פון גענויע פיערציג יאָהר און אַ שרעק אויף איהם אָנגעוואָרפען.

אַזוי האָט זיך געענדיגט דער פינפאונצוואַנציג־יעהריגער קאַמפף פון יהודה [פאַר איהר זעלבסטשטענדיגקייט. אָנגעפיהרט מיט דעם קאַמפף האָט די העלדישע חשמונאים־פאַמיליע, צו וועלכער ס׳איז פריהער איבערגעגאַנגען דער כהן־גדול־טיטול, און וועלכע איז איצט, צוזאַמען מיט דער ערוואָרבענער פאָליטישער אונאָבהענגיגקייט, ממילא פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַלער הערשער־דינאַסטיע; דאָס פאָלק, וואָס האָט איבערגעטראָגען אויף זיך דעם שווערען יאָך פון פיער מלוכות איינע נאָך דער אַנדערער — די בבלישע, פערסישע, עגיפטישע און גריכיש־סירישע — האָט זיך מיט אַמאָל דערשפירט פריי פון יעדען יאָך, פון יעדען אויסערליכען דרוק, און עס האָט מיט הארציגער דאַנקבאַרקייט אַלץ (די כהונה־גדולה מיט דער קרוין) אונטערגעטראָגען די בעפרייער, זיך גאָרנישט רעכנענדיג דערמיט, וואָס אין זייערע אָדערן פליעסט נישט דאָס בלוט, נישט פון דוד המלך און נישט פון דעם אַלטען צדוק הכהן. געמיינט האָט דאָס פאָלק גוט: פון אייביג־אָן (פון זיין ערשטען געזעצגעבער ביז די לעצטע סופרים פון

דעם פערסישען פעריאד) האבען זיך זיינע בעסטע זיהן בעמיהט, איינצופלאנצען אין איהם די שטרעבונג צו א טעאקראטישער רעגירונגספארם, צו מענשליכער מאכט, וואס זאל פערקערפערן מיט זיך דעם אייביגען אידעאל, דעם געטליכען ווילען, — און עס האט זיין הערשער אויך פאר א כהן גדול בעשטימט. געמיינט גוט האבען אויך די ערשטע חשמונאים; אים נאמען פון דעם יודישען גייסט, פון די פערשוועכטע יודישע הייליגקייטען, זענען זיי געגען דער פרעמדער מאכט ארויסגעטרעטען. די רעזולטאטען פון די דאזיגע גוטע כונות זענען אבער גאנץ אנדערע געוועזען. עס איז געוואקסען די יודישע מלוכה, דאס יודישע קעניגרייך, און וואס פעסטער ס'איז געווארען די מאכט אין די הענד פון דער נייער דינאסטיע, אלץ מעהר איז זי געווארען א ציעל פאר זיך; וואס שטארקער ס'איז געווארען דער קעניג, אלץ שוואכער האט זיך געשפירט אין איהם דער כהן גדול... דאס האט, נאטירליך, געמוזט ברענגען צו פערשיעדענע סכסוכים און קאנפליקטען, ווי צווישען דער דינאסטיע און דעם פאלק, אזוי אויך צווישען די מיטגליעדער פון דער דינאסטיע גופא, און ענדליך האבען אזעלכע סכסוכים ווירקליך מיטגעווירקט די ענדע פון דער פאליטישער חשמונאי'שער מאכט, ווי פון דער יודישער זעלבסטשטענדיגקייט בכלל — יודען זענען ביי זייער תורה געבליעבען, ביי דער מאכט פון גייסט.

# צווייטעס קאפיטעל.

## די חשמונאים-פירשטען שמעון און יוחנן-הורקנוס.

### (142)—106

מיט דער הערשאפט פון דעם ערשטען חשמונאים-פירשט, שמעון, הויבען זיך אן ליכטיגע, רוהיגע יאהרען פאר דער בעפעלקערונג פון יהודה. די איינגענומענע האפען-שטאדט יאפא (יפו) האט רייכער געמאכט דעם לאנד נישט בלויז מיט א וויכטיגען פערטיידיגונגס-פונקט, נאר אויך מיט א אונגעהויערער קוועלע פון הכנסות. יהודה איז איצט פעראייניגט געווארען מיט'ן מיטעללענדישען ים, און האט פערבונדען האנדעלס-בעציהונגען מיט דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט; דאס בעפרייטע לאנד האט אויפגעלעבט און דאס פרייע פאלק האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פריעדליכען ארבייטס-לעבען; האנדעלס-קאראוואנען האבען זיך געצויגען איבער די וועגען פון יהודה, און פאהנען פון האנדעלס-שיפען האבען געפלאטערט איבער די וועלען פון יהודה'שע וואסער'ן. רייך איז דאס פאלק געווארען און מעכטיג האט עס זיך געפיהלט: די איינגענומענע שטעדט (גזר) און פעסטונגען האבען געשיצט די גרענעצען פון לאנד און זיי בעווארענט פון יעדען אויסערליכען אנפאל.

„זיי (די יהודה'ער) האבען זיך איצט אין פריעדען געקענט בעארבייטען זייער ערד; די ערד האט ארויסגעגעבען איהרע תבואות, און די בוימער — זייערע פרוכטען; די אלטע לייט זענען געזעסען אין די גאסען און געשמועסט וועגען דער גוטער לאגע פון לאנד, די יונגע לייט

האָבּען זיך אויסגעפּוצט אין קריגערישע קלײדונגען. די שטעדט האָט ער (שמעון) בּעזאָרגט מיט שפּײַז און די פעסטונגען — מיט כלי-זין, און זײַן נאָמען האָט זיך געטראָגען איבּער אַלע עקען פון דר'ערד... יעדערער איז זיך געזעסען אונטער זײַן װײַנשטאָק און אונטער זײַן פײַגענבּוים, פון קײנעם נישט געשטערט... שמעון האָט געהאָלפען אַלע אונגליקליכע פון זײַן פאָלק... ער האָט דעם בּית המקדש בּעפּוצט און פערדאָפּעלט זײַנע כלים..."

מיט אַזעלכע אידילישע פאַרבּען מאָלט „דאָס ערשטע בּוך פון די מכבי'ער" דאָס לעבּען אין יהודה פאַר שמעונ'ס צײַטען. דער לעצטער האָט נישט אויפגעהערט צו בּעפעסטיגען דאָס לאַנד און זיך אײַנצושטעלען פאַר דער מינדעסטער פּאָזיציע, און דאַגעגען איז דאָס פאָלק אַלײן דורכגעדרונגען געװאָרען מיט זײַן נאַטירליכער פרומקײַט און פריעדליכקײַט, און האָט אָפט נישט אַנערקענט זאָגאַר די נויטיגקײַט פון אַזאַ אונאויפהערליכען בּעפעסטיגונגס-דראַנג. אַזוי האָט דאָס פאָלק געװאָלט אינגאַנצען פערניכטען די מויערן פון דער אקרא, װײַל איהרע הויכע טורעמס האָבּען איבּערגעשטיגען דעם בּאַרג פון בּית-המקדש, װעהרענד שמעון האָט געזעהען אין זײ אַ גלענצענדען פערטײדיגונגס-פּונקט אין פאַל פון אַ מלחמה, און האָט זײ נישט געװאָלט פערניכטען. ער האָט דעריבּער אויסגעאַרבּײַט אַ פּשרה-פּלאַן: די שפּיצען מיט די טורעמס זאָלען אַראָבּגעטראָגען װערען, און די מויערן מיט די הויפען און פלעצער זאָלען בּלײַבּען. דאַן האָט מען אויך דעם פערהאַסטען נאָמען פון דער פעסטונג געענדערט, און איהם פערבּיטען מיט דעם נאָמען, װאָס נחמיה האָט נאָך געהאַט אײַנגעפיהרט, בּירה (בּאַריס). אין דעם דאָזיגען איבּערגעענדערטען פּלאַץ האָבּען די יהודה'אישע סאָלדאַטען געהאַט זײַער קװאַרטיר און זײַער װאָפּען-אַרסענאַל, און דאָ, אַרומגערינגעלט פון זײַן איבּערגעגעבּענעם חיל, האָט שמעון אויך זײַן װאוינונג אײַנגעריכטעט.

נײַנצײַג פאַר יהודה איז געװען אויך די לאַגע אין סוריען; דאָרט האָט מען זיך װידער געשלאָגען פאַר דער קרוין, און יהודה האָט דערפון אין צװײַען פערדיענט: ערשטענס, איז דערװײַל די סורישע מלוכה אַלץ מעהר אָבּגעשװאַכט געװאָרען; און צװײַטענס, האָט זי יהודה צורוה געלאָזען. אינגאַנצען נײַטראַל האָט אָבּער שמעון דאָך נישט געקענט בּלײַבּען; דער קאַמפּף אין סוריען האָט זיך איצט געפיהרט צװישען דימיטראָס דעם II-טענס בּרודער, אנטיוכס סידעט, און דעם פריהערדיגען אוזורפּאַטאָר טריפאָן. שמעונ'ען איז, נאַטיר-

ליך, געגאַנגען אין דעם, איינגאַנצען צו דערשלאָגען דעם מערדער פון זיין ברודער, און ווען אַנטיוכס האָט בעלאַגערט טריפאָנ'ען אין דער פיניקישער פעסטונג דור, האָט איהם שמעון געשטיצט מיט סאָלדאַטען, מיט געלד און מיט שפייז-מיטלען. אַנטיוכס האָט דערפאַר בעשטעטיגט די אַלע פריי־הייטען, וואָס זיין ברודער האָט געשענקט יהודה (240), און האָט נאָך דערצו בעפעסטיגט דאָס רעכט פון יהודה, אויסצוגיעסען אייגענע מטבעות.

אין יענער צייט האָט שמעון נאָך איין שריט געמאַכט, מיט דעם צוועק, צו פערזיכערן די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון יהודה. שווער איז צו זאָגען, וואָס עס וואָלט סוף כל סוף ווערן פון דער פערהעלטניסמעסיג-קליינער יודישער מלוכה, ווען איהר ערשטער זעלבסטשטענדיגער פיהרער וואָלט דעם דאָזיגען שריט נישט מאַכען; דאָס אָבער איז זיכער, אַז אָט דער געמאַכטער שריט האָט דירעקט געפיהרט צו דעם שפּעטערדיגען אונטערגאַנג פון יהודה. שמעון האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל געוואָלט איינגאַנצען בעפרייען דאָס לאַנד פון די קליינע סורישע טיראַנען און האָט בעשלאָסען, אָנצוטרויען יהודה'ס גורל יענעם פאָלק, וואָס איז געווען לויט זיין עצם נאַטור און אַ דאַנק זיין אונערזעטליכער תאוה איינצונעהמען אַנדערע און זיי איינצושלינגען אין זיין אונגעהויערען אָרגאַניזם, — געגען יעדער נאַציאָנאַלער פרייהייט; פון די קליינע סורישע טיראַנען האָט ער דאָס לאַנד בעפרייט, און עס צוגעטראָגען יענעם מעכטיגען טיראַן, רוים, וואָס האָט די איהם איבערגעגעבענע פעלקער קושענדיג און אומאַרמענדיג — דערשטיקט. ער האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, אום צו בענייען דעם אַמאָליגען אָבמאַך, און דער רוימישער סענאַט האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען: יהודה איז איינגעשלאָסען געוואָרען אין דעם בונד פון די מלוכות, וואָס די גרויסע רוימישע רעפּובליק האָט פעראייניגט אַרום זיך, און דער סענאַט האָט איהר גאַראַנטירט די אונבעריהרליכקייט פון איהר טעריטאָריום און איהר פּאָליטישע אונאָבהענגיגקייט.

די ביטערע פרוכטען פון דעם אָבמאַך, האָבען אָנגעהויבען אַרויסוואַקסען ערשט אין אַ לאַנגער צייט אַרום, און דערווייל האָט זיך דאָס פאָלק געפרעהט מיט דעם כבוד און בעשלאָסען, אויסצודריקען זיין דאַנקבאַרקייט דעם גרויסען פיהרער אין אַ פייערליכען אַקט. דעם אַכטאונצוואַנציגסטען טאָג אין אלול (סעפּטעמבער, 140) אויפן 3-טען יאָהר פון שמעונ'ס הערשען אין ירושלים אַלס כהן-גדול, האָט זיך דאָס

גאַנצע פאָלק מיט די כהנים עלטסטע און אַלע פאָרשטעהער, פערזאַמעלט אַרום בית־המקדש און בעשלאָסען, אָנצוערקענען שמעון'ען פאַר דעם העכסטען פיהרער פון פאָלק און איבערצולאָזען איהם און זיינע קינדער ביז משיח וועט קומען דעם טיטול כהן גדול, קריעגס־פיהרער און פירשט; שמעון זאָל, אַלס אויסגעצייכענטער פון פאָלק, טראָגען אַ פורפור־מאַנטעל מיט גאָלדענע בעפוצונגען, אַלע עפענטליכע דאָקומענטען זאָלען אין זיין נאָמען אויסגעשטעלט ווערן; ער זאָל דאָס רעכט האָבען, צו בעשליסען וועגען קריג און פריעדען און וועגען בעאַמטע אין לאַנד, און זאָל דער איינציגער האָבען צו זאָגען איבער די וואָפען און פעסטונגען, ווי אויך איבער דעם בית־המקדש מיט זיינע הייליגקייטען. דער דאָזיגער בעשלוס פון פאָלק איז אויסגעקריצט געוואָרען לזכרון אויף קופערנע טאָוולען, און זיי זענען בעהאַלטען געוואָרען אין אַרכיוו פון בית־המקדש. צו יענער צייט האָט מען אָנגעהויבען אויס־גיסען אין יהודה אויך אייגענע מטבעות. יעדע מטבע האָט געטראָגען אויף איין זייט דעם אויפשריפט „שקל ישראל" מיט דער אָנגעבונג פון איהר ווערט, און אויף דער צווייטער זייט נאָך אַ אויפשריפט: „ירושלים הקדושה"; אויף יעדער מטבע האָט זיך געפונען אויך די צאָהל פון יאָהר, רעכנענדיג דעם אָנהויב פון שמעון'ס הערשען אין לאַנד, און אַ עמבלעם אין דער געשטאַלט פון אַ בליהענדען צווייגעל מיטאַ אונבעשטימטער שעלכעל. די אותיות פון די דאָזיגע אויפשריפ־טען זענען געווען אַלט־העבּרעאישע אָדער שומרוני'שע, וועלכע זענען בעקאַנט געווען צווישען די אַרום־וואוינענדע פעלקער.

עטליכע יאָהר כסדר האָט אין יהודה געהערשט גליק און פריעדען דערנאָך איז ווידער פאָרגעקומען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט אַזוי ווי אויסגעפרובט די שטאַרקייט פון פאָלק, צי זי איז נאָך נישט איינגעשלאָ־פען. אנטיוכס סידעט האָט מיט שמעון'ס הילף בעזיעגט טריפאָנען און זיך געפיהלט פעסט אויף דעם סירישען טראָן; דאַן האָט איהם אָנגעהויבען אויפצופאַלען אין די אויגען די גרויסקייט פון דער געוועזענער סירישער וואַסאַלין, און ער האָט זיך גענומען מאָהנען ביי יהודה אַלטע חובות. ער האָט געשיקט צו שמעון'ען זיין קריעגספיהרער קענדע־באיאָס פון הירקאַניען מיט דער טענה, אַז ער, שמעון, האָט זיך צוגענומען אָהן אַ שום רעכט די סירישע שטעדט יאַפאַ און גזרה און די עקרא פון ירושלים, און דאַרף זיי צוריק אומקעהרען דער סירישער קרוין אָדער בעצאָהלען פאַר זיי טויזענד טאַלאַנטען. שמעון האָט אויף דעם

גענטפערט, אַז די דאָזיגע ערטער האָבען שוין אַמאָל אָנגעהערט צו יהודה און ער האָט זיי בלויז צוריק אָבגענומען, נאָר, אום אויסצומיידען ווייטערדיגע סכסוכים, איז ער גרייט צו געבען הונדערט טאַלאַנטען. דאַן האָט אַנטיוכס בעשלאָסען זיך צו נעהמען פאַר'ן געוועהר, און האָט אַריינגעשיקט דעם זעלביגען קענדעבאַיאָס קיין יהודה מיט אַ גרויסער מחנה פוס-געהער און ריַיטער. שמעון, ווידער, פון זיין זייט, האָט זיך אויך צוגעגרייט צו אַ האַרטנעקיגען קאַמפף, און אַזוי ווי ער אַליין איז שוין זעהר אַלט געווען, האָט ער בעשטימט פאַר קריגספיהרער זיינע ביידע זיהן יוחנן און יהודה. דער שונא האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעריסען טיעפער אין לאַנד און געפייניגט און געטוידט די איינגעזעסענע? — אייגעוואוינער; איהם איז אָבער נישט לאַנג בעשערט געווען אַזוי צו ווילדעווען: ביי דער שטאָדט עקרון האָבען איהם די יודישע קריגס-פיהרער געטראָפען, און דאָרט האָבען זיי איהם מיט זיין מחנה אינגאַנצען צושלאָגען; די אַנטלאָפענע האָט יוחנן נאָכגעיאָגט ביז דער שטאָדט אַשדוד און האָט זיך מיט נצחון אומגעקעהרט קיין ירושלים. דאָס איז געווען דער לעצטער קריגס-אַקט פאַר שמעון'ס לעבען, און די גלענצענדע פאָלגען זיינע האָבען דעם אַלטען פיהרער איבערצייגט, אַז ער מעג זיך פערלאָזען אויף זיינע זיהן: — זיי וועלען וויסען צו שיצען די מאַכט פון יהודה.

חידער האָט דאָס פאָלק פריי אָבגעאָטעמט, און צוזאַמען מיט איהם האָט געהאָפט רוהיג צו פערברענגען דעם לעצטען טייל פון זיין קריגערישען לעבען אויך דער אַלטער פיהרער; איהם איז אָבער בעשטימט געווען אויך צו שטאַרבען נישט נאַטירליך, ווי דאָס איז געווען, רער פאַל מיט אַלע זיינע פיער ברידער. ער האָט געהאַט אַ איידים מיט'ן נאָמען פּטאָלאָמעאוס בן האַבוב, וועלכען ער האָט בעשטימט פאַר אַ פיהרער פון דעם יריחו-ראַיאָן. דאָס איז אָבער דעם עהרגייציגען פּטאָלאָמעאוס ווייניג געווען — איהם האָט זיך געוואָלט אָב'ירשה'נען די גאַנצע אויבערשטע ממשלה איבער יהודה, זיך שטיצענדיג אויף זיינע סאָלדאַטען און אויף דער הילף פון אַנטיוכס סידעט. צו דעם דאָזיגען פערברעכערישען צוועק האָט ער זיך בענוצט מיט דעם מערדערישענדליכען מיטעל, וואָס פלעגט זיך דאַן געוועהנליך פּראַקטיצירען אין די אַזיאַטישע הויפען; אַרומפאָהרענדיג בעזעהען דאָס לאַנד, אום זיך נעהנטער צו בעקענען מיט דעם לעבען און די בעדערפענישען פון פאָלק, האָט זיך דער גרייז-גרויער שמעון אָבגעשטעלט אין דער פעסטונג דגון,

נישט ווייט פון יריחו, וואו זיין איידים האָט זיך געפונען (שבט 135). בעגלייט האָבען איהם אין וועג זיין פרוי און זיינע צוויי יונגערע זיהן יהודה און מתתיהו, און ווען די הויכגעשטעלטע געסט האָבען זיך אונטערגעהאַלטען אויף דעם גרויסאַרטיגען מאָלצייט, וואָס דער איידים האָט לכבוד זיי איינגעאָרדענט, און זיך גאַנץ גוט געפיהלט אין דעם נאָהנטען פאַמיליען-קרייז, זענען שמעון מיט זיינע צוויי זיהן בעפאַלען און געטוידט געוואָרען פון פטאָלאָמעאוס'ן מיט זיין רויבערישער משרתים-באַנדע. דער מערדער האָט גלייך אַרויסגעשיקט שלוחים צו דעם סירי'שען קעניג, יענער זאָל איהם שטיצען מיט סאָלדאַטען; דאַן אויך שלוחים קיין גזרה, וואו יוחנן האָט זיך אויפגעהאַלטען, אום אויך דאָס לעצטע צווייגעל פון דעם פרעכטיגען חשמונאים-בוים אָבצוהאַקען; און ענדליך אויך קיין ירושליפ — אום איינצונעהמען פאַר זיך די שטאָדט מיט'ן בית המקדש. זיין מערדערישער פלאַן האָט זיך איהם אָבער נישט אינגאַנצען איינגעגעבען: — איינער פון פעסטונגס-סאָלדאַטען איז גלייך געלאָפען קיין גזרה, וואו ער האָט געבראַכט די בשורה פון דער שענדליכער רציחה, אַזוי, אַז די געדונגענע מערדער זענען גלייך ביי זייער אָנקומען אין שטאָדט געכאַפט און בעשטראָפט געוואָרען; יוחנן האָט בעוויזען אָנצוקומען פריהער פון פטאָלאָמעאוס'עס שלוחים אויך קיין ירושלים, וואו דאָס גאַנצע פאָלק האָט איהם מיט בעגייסטערונג אויפגענומען, און ווען דער רוצח בן-האַבוב איז צוגעקומען מיט מיליטער צו די טויערן פון שטאָדט, האָט מען איהם שוין פערשפאַרט דעם וועג, און ער איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען צוריק אין זיין פעסטונג דגון, לאָזענדיג ביי זיך אַלס געפאַנגענע זיין שוויגער — יוחנן'ס מוטער.

דער לעצטער האָט איהם אָבער נישט געלאָזען אַזוי רוהיג זיצען, און זיין ערשטע אַרבייט, איבערנעהמענדיג די רעגירונג איבער'ן פאָלק, איז געווען צו פערפאָלגען דעם שענדליכען רוצח פון זיין פאָטער און זיינע ברידער. ער האָט זיך געשטעלט אָן דער שפיץ פון אַ פעסטער אַרמעע, און איז אַוועק בעלאַגערן פטאָלאָמעאוס'ן מיט זיין פעסטונג; דאָ אָבער האָט זיך אָבגעשפיעלט די שרעקליכסטע טראַגעדיע, פון וועלכער די מענשליכע ווירקליכקייט ווייסט צו דערצעהלען, און וועלכע האָט אינגאַנצען פאַראַליזירט זיין בעלאַגערונגס-טעטיגקייט: ביי יעדען נעהנטערן צוטריט צו דער פעסטונג פון יוחנן'ס אַרמעע, האָט דער מערדער אַרויסגעפיהרט דער געפאַנגענער מוטער אויפ'ן שפיץ טורעם און געדראָהעט, זי אַראָבצעוואַרפען!

לאַנג איז דער געפּייניגטער זוהן ביי דער פעסטונג געשטאנען און האָט נישט געוואַגט נעהנטער צוצוגעהן, חאָטש די אַלטע חשמונאים=מוטער האָט, ווי די לעגענדע דערצעהלט, איהם אויפגעמונטערט און געשריען צו איהם, ער זאָל זיך נישט רעכנען מיט איהרע לייַדען, און בעסיגר דעם מערדער פון איהר מאַן און קינדער בעשטראָפען; און ענדליך האָט ער די בעלאַגערונג אויפגעגעבען. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט פון דעסטוועגען דעם מערדער צו טוידטען דער אַלטער מוטער, און אַליין איז ער אַנטלאָפען קיין פילאַדעלפיע, די אַמאָליגע הויפט=שטאָדט פון עמון (רבת=עמון), וואו ער איז שפּורלאָז פערשוואונדען געוואָרען. די ביינער פון דעם אַלטען פיהרער זענען דאַן איבערגעפיהרט געוואָרען אין זיין געבורטס=שטאָדט מודעין, וואו דאָס פאָלק האָט זיי בעגראָבען אין דער פאַמיליען=מערה פון די חשמונאים. איבער דער דאָזיגער מערה האָט שמעון נאָך פאַר זיין לעבען געלאָזען אויפשטעלען אַ הויכען טורעם, פון ווייסען, פּאָלירטען מאַרמאָר=שטיין, וואָס האָט זיך געזעהען ווייט איבער'ן וואַסער און געדיענט אַלס ליכט=זייל פאַר די ים=רייזענדע.

דער נייער פיהרער און כהן גדול, יוחנן הורקנוס, איז צוריקגעקומען קיין ירושלים, און דאָ האָט איהם ווידער ערוואַרטעט זעהר אַ שווערער צוזאַמענשטויס. נאָך דער מפּלה פון זיין קריגס=פיהרער, האָט זיך אַנטיוכס אַליין געשטעלט בראש פון אַ גרויסער אַרמעע, מיט וועלכער ער האָט זיך געלאָזען מאַרשירען צו דער הויפּט=שטאָדט, איבערלאָזענדיג נאָך זיך אין יהודה אויף זיין גאַנצען וועג — טויט און פערוויסטונג. יוחנן, וועלכער האָט זיך אונערוואַרטעט דערוואוסט פון דעם אָנפאַל בעת דער בעלאַגערונג פון דגון, האָט זיך געפיהלט צו שוואַך, אום אַרויסצוטרעטען אַנטיוכס'ן אַנטקעגען, און בעשלאָסען, צו בלייבען אין דער גוט=בעפעסטיגטער הויפּט=שטאָדט. דאַן האָט אַנטיוכס אַרומגענומען די שטאָדט פון אַלע זייטען, און זי אָבגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט. אָפט האָבען זיך קליינע גרופּעס פון די בעלאַגערטע אַרויסגעריסען פון שטאָדט און פעראורזאַכט בעדייטענדע חורבונות אין דער בעלאַגערונגס=אַרמעע, וועלכע האָט, אויסער דעם, געליטען אויך פון וואַסער=מאַנגעל. די בעלאַגערטע, ווידער, האָבען אָנגעהויבען שפּירען מאַנגעל אין שפּייז=מיטלען, און אַזוי ווי דער דאָזיגער צושטאַנד האָט צוגענומען אַ גאַנצען זומער, און די סורער האָבען נישט געזעהען פאַר זיך קיין מעגליכקייט, איינצונעהמען די שטאָדט

מיט'ן שטורם, זענען ביידע זייטען געניוגט געוועזען איבערצורייסען דעם קריעג, און א קורצע צייט פאר דעם יום-טוב סוכות האט הורקנוס געשיקט בעטען וועגען א וואפענשטילשטאנד איבער די טעג פון יום-טוב. אנטיוכס האט נישט בלויז ערפילט דעם דאזיגען פערלאנג, נאר אויך אריינגעשיקט, צו אלעמענס איבערראשונג, פערשידענע רייכע מתנות פאר דעם יום-טוב'דיגער עבודה אין בית-המקדש. דאס האט געבראכט דערצו, עס זאלען אנגעהויבען געפיהרט ווערן אונטערהאנדלונגען וועגען א שלום. אנטיוכס האט געפאדערט, אז די יהוד'ער זאלען איהם אבגעבען דאס געוועהר; צאהלען א געוויסען מס פאר די פעסטונגען יפו, גזר און בית-צור, און ענדליך, לאזען אריינפיהרען א סורישען גארניזאן אין ירושלים. זעהענדיג זיך געצוואונגען, האט יוחנן די ערשטע פונקטען אנגענומען; פון דעם לעצטען אבער האט ער זיך ענטשלאסען אבגעזאגט, און ענדליך איז געבליבען, ער זאל אויסצאהלען אנטיוכס'ן דערפאר פינף הונדערט טאלאנטען און איהם געבען א געוויסע צאהל געפאנגענע; דערצו האט אנטיוכס צושטערט אויך די אויבערשטע טיילען פון די שטאדט-מויערן. אזוי זענען די פינסטערע וואלקענס, וואס האבען א שרעק אנגעווארפען אויף יהודה, אריבער זהן א בעדייטענדען שאדען פאר'ן לאנד.

די מפלה פון יהודה אין דעם קאמפף געגען אנטיוכס'ן האט ביי איהר פיהרער דעם מוט נישט אבגענומען. ער האט זיך גלייך גענומען צוריק בעפעסטיגען די אבגעשוואכטע קרעפטען, און צוזאמען דערמיט אויך אויסגעפרובט דעם טראדיציאנעלען מיטעל, מיט וועלכען עס האבען זיך בענוצט אלע חשמונאי'שע פיהרער איינער נאכ'ן אנדערן: ער האט אוועקגעשיקט א דעפוטאציע קיין רוים, אום צו בענייען דעם אלטען אבמאך. די דעפוטאציע איז פריינדליך אויפגענומען געווארען און דער סענאט האט שריפטליך בעשטעטיגט, אז אנטיוכס מוז צוריק אומקעהרען יהודה די אלע פלעצער, וואס ער האט איינגענומען און האט קיין שום אויבערשטע רעכט נישט איבער יהודה און איהרע איינוואוינער 132. אנטיוכס, ווידער, האט דערווייל אונטערגענומען א נייעם קריעגס-צוג געגען די פארטהאנער, וועלכע האבען אויך אנגעהערט פריהער צו דער סירישער קרוין און וועלכע האבען זייט צעהן יאהר געפאנגען געהאלטען זיין ברודער דימיטריאס, און דא האט זיך דאס גליק פון איהם אבגעקעהרט: זיין ארמעע איז צושלאגען געווארען און ער אליין האט זיך פון א פעלזען אראבגעווארפען

פען, אום אויך נישט געפאנגען צו ווערן. אויף דעם סורישען טראָן איז דאַן ווידער אַרויף דימיטראָס (פון 128 ביז 125), וועלכען די פאַרטהאַנער האָבען בעפרייט; ער איז אָבער פערהאַסט געווען ביים פאָלק און נאָכדעם, ווי ער איז צושלאָגען געוואָרען פון דעם נייעם פרעטענדענט אַלעקסאַנדער צעבינאַ, האָט ער געמוזט אַנטלויפען. דערמיט האָבען זיך נאָך די אונרוהען אין סוריען נישט געענדיגט: דאָרט האָט מען זיך נאָך אַ לאַנגע צייט געריסען און געשלאָגען איבער'ן טראָן און געענדיגט האָבען זיך די דאָזיגע אַרומרייסענישען צוזאַמען מיט דער ענדע פון דער גאַנצער סעלייקידישער דינאַסטיע.

די דאָזיגע שוואַכקייט פון סוריען האָט דעם פיהרער פון יהודה געגעבען די מעגליכקייט אינגאַנצען צו איגנאָרירען דעם אָבמאַך, וואָס ער האָט געשלאָסען מיט אַנטיוכס'ן, און צוריקצושטעלען די פאָלשטענדיגע אונאָבהענגיגקייט פון זיין לאַנד. ער האָט זיך אָבער דערמיט אַליין נישט בענוגענט; איהם האָט זיך געוואָלט פערברייטערן די גרענעצען פון לאַנד און צובּרענגען יהודה צוריק צו דעם אומפאַנג, וועלכען זי האָט פערנומען אין די גליקליכע צייטען פון די אַמאָליגע מלכים. צו דעם צוועק האָט ער פאַר אַלעמען געזוכט צו פעראייניגען אַלע אָבגעריסענע טיילען פון דעם יודישען פאָלק און צו פערשטאַרקען זייער בעציהונג צום צענטר, צו ירושלים. די כנסת הגדולה האָט דאַן ווידער (124') אָוועקגעשיקט אַ בריעף צו די יודישע קהלות אין מצרים און צו זייער אָנגעזעהענסטען, יהודה אַריסטאָבול, דעם קעניג'ס לעהרער, אין וועלכען זי האָט זיי אויפגעפאָדערט מיטצופייערן דעם טאָג פון דער בענייאונג פון בית המקדש.

אַ שטערונג אויף דעם וועג פון דער פאָלשטענדיגער פּאָליטישער און רעליגיעזער צונויפשמעלצונג פון אַלע טיילען פון פאָלק האָבען פאָרגעשטעלט מיט זיך אויך די שומרונים. די דאָזיגע בעפעלקערונג, וואָס האָט פון אייביג-אָן זיך בעצויגען מיט אַזאַ טיעפער שנאה צו יהודה, האָט פערנומען דעם סאַמע צענטר פון פּאַלעסטינאַ, און אויסער דעם, וואָס זי האָט געאָגראַפיש געשטערט דעם דירעקטען פיערקעהר צווישען יהודה און גליל, האָט זי בכלל גערייצט דעם רעליגיעזען געפיהל פון די יהודה'ער מיט איהר היילען טעמפעל אויף דעם בּאַרג גריזים, ביי דער שטאָדט שכם יוחנן הורקנוס האָט דעריבער בעשלאָסען, איינצונעהמען דעם דאָזיגען צענטר פון לאַנד און אונטערטעניג צו מאַכען אויך די צוויי אַנדערע שכני שע

פײַנדליכע שבטים, פון וועלכע יהודה איז אַמאָל פיעל אויסגעשטאַנען: די אדומ׳ער פון דרום זײַט, און די גריכען פון מזרח זײַט. אום אײַנצושליעסען אזעלכע דרײַ טעריטאָריומס אין די גרענעצען פון יהודה האָט זיך אָבער געפאָדערט אַ געוואַלטיגע מיליטערישע מאַכט, און יוחנן האָט זיך געזעהן געצוואונגען, אײַנצופיהרען בײַ זיך אַ רעגולערע שטאַרקע אַרמעע פון געדונגענע סאָלדאַטען. די געלד-מיטלען אויף דעם האָט יוחנן, ווי ס׳האָט זיך דערצעהלט אין פאָלק, גענומען פון דעם אוצר, וואָס ער האָט געפונען אין דוד המלך׳ס קבר. —

דער ערשטער שריט אויף דעם וועג פון דער נײַער ריכטונג אין דער פּאָליטיק פון יהודה, — די ריכטונג פון אָנפאַלען און אײַננעהמען, אַנשטאַט דער ביזהעריגער פערטיידיגונגס-פּאָליטיק — איז געווען געווענדט קײַן מזרח, אויף יענער זײַט ירדן. דאָ האָט ער בעלאַגערט די אַמאָליגע מואב-שטאָדט מידבא און זי בעזיגט. פון דאָרטין לאָזט ער זיך אַוועק צו דער הויפּטשטאָדט פון שומרון, שכם, און נעהמט אײַן צוזאַמען מיט׳ן באַרג גריזים, וואו ער צושטערט דעם שומרוניש׳ען טעמפּעל, וועלכער איז שטענדיג געווען, ווי אַ דאָרן אין די יודישע אויגען. דער צושטערונגס-טאָג פון דעם טעמפּעל („יום גריזים“) איז פון דאַן אָן געוואָרען אַ יום טוב: „ניט צו פאַסטען, ניט צו טרויערן“ (120).

צוזאַמען מיט דעם דאָזיגען נצחון פון יהודה איז דער גלאַנץ פון שומרון שוין אויף אײביג פערשוואונדען געוואָרען. ווי דורך אַ וואונדער האָט זיך אַ קלײנע צאָהל מיטגליעדער פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען שטאַם דערהאַלטען ביז צו דער איצטיגער צײַט; דאָס איז אָבער ניט מעהר, ווי אַ עלענדער שאָטען, וואָס האַלט זיך קוים בײַ זײַנע רעליגיעזע טראַדיציעס, און „וואַקעלט זיך צווישען יודענטום און הײדענטום (געצענדיענסט)“. *)

אַ שווערערן קאַמפּף האָט יוחנן געהאַט צו פיהרען מיט די אדומ׳ער. דאָס איז אַ קלײן פערביסען פאָלק געווען, וואָס האָט נאָך פון די עלטסטע צײַטען געטראָגען אין האַרצען אַ שנאה צו יהודה, און האָט ניט דורכגעלאָזען קײן אײנציגע געלעגענהײט איהר שלעכטס צו טאָן. אין אַ מלחמה-פאַל האָט די שכנות פון דעם דאָזיגען אונאָבהענגיגען

*) דובנאָוו

פאלק, וואס האט זיך אריינגעשניטען אין דעם דרום־טייל פון לאנד, פארגעשטעלט מיט זיך א גרויס געפאהר, ווייל די פערביסענע אדומ'ער האבען גערן דורכגעלאזען דעם שונא'ס ארמעע דורך זייער לאנד און אזויערנאך געעפענט פאר איהם דעם קירצסטען וועג צו דער יהודה'שער הויפטשטאדט. הורקנוס האט דעריבער גענומען אויף זיך די מיסיע, זיי אונשעדליך צו מאכען, און האט בעלאגערט זייערע צוויי פעסטונגס־שטעדט חדרה און מרשה, נישט וויים פון חברון. די בעלאגערטע אדומ'ער האבען זיך געמוזט אונטערגעבען, און ווען דער פיהרער פון יהודה האט זיי פארגעלעגט, אדער זיך מגייר צו זיין, אדער אויסצעוואנדערן פון לאנד, האבען זיי זיך אבגעשטעלט אויף דאס ערשטע. דער גרעסטער טייל פון זיי האט זיך געלאזען מל'ן, זייערע געצענטעמפלען האט מען צושטערט און זיי האבען זיך אויסערליך נערעכענט פון דאן אן פאר יודען — יעקב מיט עשו'ן האבען זיך פעראייניגט, און דער עלטערער ברודער האט געדיענט דעם יונגערען! דאס איז א גלענצענדער נצחון געווען, און כמעט דער ערשטער פאקט אין דער יודישער געשיכטע פון אסימילירען אין זיך א גאנצען פאלק און צווינגען איהם, אנצונעהמען דעם יודישען גלויבען; באלד אבער האט זיך דער איינגעשלונגענער קערפער שטארק אנגעהויבען צו פיהלען אין דעם יודישען ארגאניזם, און — מיט טיעפע, שמערצליכע וועהטאגען. אונגליק און בלוטפערגיעסונג האבען די דאזיגע פעריודישטע אדומ'ס קינדער מיט זיך אין יהודה מיטגעבראכט, און ווען יודען וואלטען דאן האבען צווישען זיך א וויים־ווייט־זיכטיגען נביא, וואלט ער געגאנגען איבער די פרעהליכע גאסען פון ירושלים און פאר דעם בעלויכטענעם חשמונאי'שען פאלאץ און וואלט מיט א צעוועהטאגט הארץ געשריען צו די פערשכור'טע „זיגער": עס וועט קומען א טאג, און דער טראן פון די חשמונאים וועט צושמעטערט ווערן, און בלוט וועט פליעסען טייכען־וויין אין די גאסען פון יהודה, און יודען וועלן פערטריבען ווערן אין אלע עקען פון דער וועלט — דורך די הענד פון אדומ'ער און רוימ'ער!...

דער נצחון איבער די אדומ'ער האט באלד ארויסגערופען א נייע קריעג מיט דער שטאדט שמרון, וואס איז געווען בעוואוינט פון מאקעדאניער און סוריער. הורקנוס האט בעזעצט א גרופע אדומ'ער נאהנט פון דער שטאדט, און זיי זענען אלע מאל בעפאלען געווארען פון זייערע שטאדטישע שכנים; ער האט דאן ארויסגעשיקט אהין א

מחנה סאָלדאַטען, אונטער דער אָנפיהרונג פון זיינע צוויי זוהן אַריסטאָבול און אַנטיגאָן, וועלכע האָבען די שטאָדט בעלאַגערט; און ווען דער סורישער קעניג, אַנטיוכס IX קיזיקען, איז איהר געקומען צו הילף, איז ער פון אַריסטאָבולוס'ן בעזיעגט געוואָרען און האָט געמוזט אַנטלויפען קיין בית-שאן. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו דעם עגיפּטישען קעניג, און בעקומענדיג פון איהם טויזענד מאַן, — זיך נאָכאַמאָל אַריינגעריסען אין יהודה און חרוב געמאַכט עטליכע שטעדט און דערפער; די יהודה'עאישער פרינצען האָבען זיך אָבער איצט אויך פאַר איהם נישט דערשראָקען און נישט אָבטרעטענדיג פון שומרון, האָבען זיי איהם געצוואונגען אָבצוטרעטען. דער דאָזיגער נצחון האָט אויפ'ן פאָלק אַ געוואַלטיגען איינדריק געמכט, און די לעגענדע דערצעהלט, אַז אין דעם אויגענבליק, ווען די שלאַכט האָט זיך אַזוי גליקליך געענדיגט, האָט דער אַלטער כהן גדול, יוחנן הורקנוס, געטאָן די עבודה פון יום כפור, און אַ בת-קול פון הימעל האָט זיך דערטראָגען צו זיינע אויערן: „דיינע יונגע פרינצען האָבען בעזיעגט אַנטיוכס'ן!"

דער לעצטער האָט אָבער דעם קאַמפף נישט אויפגעגעבען און אַריינגעשיקט קיין יהודה צוויי קריעגס-פיהרער, קאַלימאַנדראָס און עפּיגראַטאָס, מיט אַ נייער מחנה סאָלדאַטען; האָבען זיי אָבער אויך נישט בעסער געמאַכט. דער ערשטער איז אינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען, און דער צווייטער האָט פערראַטען דעם סורישען קעניג און פאַר געלד איבערגעגעבען אינ'ם רשות פון יהודה די שטאָדט בית-שאָן און נאָך אַנדערע פלעצער פונ'ם עמק יזרעאל ביז'ן באַרג כרמל, וועלכע האָבען אָנגעהערט ביז אַהער צו די גריכען. דערנאָך האָט זיך אויך די שטאָדט שומרון אונטערגעגעבען, און הורקנוס האָט זי געלאָזען ביז צו דעם לעצטען שטיין פערוויסטען, און מיט וואַסער-גראָבענס און קאַנאַלען דורכציהען, אום עס זאָל קיין שפור נישט בלייבען פון דער אַמאָליגער בליהענדער שטאָדט. דאָס איז פאָרגעקומען דעם פינפאונצוואַנציגסטען טאָג אין חודש חשון (109), און ער איז אַריינגענומען געוואָרען אין דער רייהע פון די נאַציאָנאַלע געדענק-טעג, צוזאַמען מיט די טעג 15 און 16 אין חודש סיון, — די טעג ווען יודען האָבען צוריק בעזעצט די שטאָדט בית-שאן און די אַנדערע פלעצער.

אַזוי האָט יוחנן הורקנוס פערווירקליכט די גרויסע פלענער פון די חשמונאים, די זעלבסשטענדיגקייט פון יהודה איז געווען פעסט געזיכערט,

איהרע שונאים—די סירער, אדומ'ער, שומרונים, — זענען אמטעהר־סטענטייל בעזיעגט געווען; דאס לאנד האט זיך פריי ענטוויקעלט און פאר דעם יודישען פאלק האבען זיך צוריק אומגעקעהרט די טעג פון דוד און שלמה; אלע טיילען פון דעם יודישען פאלק האבען זיך פעראייניגט: עס איז געווארען איין גוף — יהודה, און איין נשמה — דער בית=המקדש.

ווי זיין פאטער, האט אויך יוחנן געלאזען אויסגיסען יהודה'שע מטבעות, און ווי יענער, איז ער אויך געבליבען ביי דעם טיטול כהן=גדול און פירשט. צווישען די מטבעות, וואס זענען געגאסען געווארען אין זיין צייט, געפינען זיך אנדערע מיט דעם אויפשריפט:

„יהוחנן (הכהן) הגדול וחבר היהודים" (יוחנן דער כהן גדול און די יהוד'ער=געזעלשאפט), וואס טראגט אויף זיך מעהר א פרייען, רעפובליקאנישען שטעמפעל: די מטבעות ווערען אויסגעגאסען נישט בלויז אין זיין נאמען נאר אויך אינ'ם נאמען פון פאלק; דאגעגען אבער טראגען אויף זיך א טייל פון זיינע מטבעות אנ'אנדער אויפשריפט:

יהוחנן הכהן הגדול ראש חבר היהודים (יוחנן דער כהן גדול און דער עלטסטער פון דער יהוד'ער=געזעלשאפט).



## דריטעם קאַפּיטעל.

### דאָס אינערליכע לעבען און דער פארטייען־קאמפף.

(142)—106

די שטורמישע מלחמות מיט די אַרומיגע פעלקער, וואָס יהודה האָט ניִשט אויפגעהערט צו פיהרען אין דעם משך פון איבער אַ האַלבען יאָהר־הונדערט, האָבען געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויך אויף דעם אינערליכען לעבען פון פאָלק. די נצחונות מיט די מפלות, די פריינדליכע און פיינדליכע בעריהרונגען מיט פערשידענע פעלקער און דער איבערגאַנג פונ'ם אָרימען דערשלאָגענעם לעבען צו אַ לעבען פון רייכטום און פרייהייט, — האָבען פונאַנדערגעטרייסעלט אַלע לעבענס־בעגריפען פון פאָלק און אויפגעוועקט אין איהם אַלע זיינע גייסטיגע קרעפטען. צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג און פערטיעפונג פון דאָס אייגענע, פון דאָס פאָלקסטימליכע, האָבען זיך אַריינגעריסען אין דער יודישער גאַס אויך פרעמדע זיטען און לעבענס־פאָרמען; יודען האָבען איבערגענומען פון זייערע שכנים די קריעגס־קונסט, און די פּאַלאַצען אין ירושלים האָבען אָנגעהויבען געבויט צו ווערען לויט די געזעצען פון דער גריכישער אַרכיטעקטור און אינ'ם גריכישען סטיל. אויב די ברייטערע מאַסען פון פאָלק האָבען אַליין, מיט זייער אייגענעם אינסטינקט פערשטאַנען, אַרויסצושטופען ביסליכווייז דעם אַראַמעאישען דיאַלעקט פון דער יודישער גאַס און אַריינצוברענגען אָנשטאָט איהם דעם העברעאישען; אויב דאָס פאָלק פלעגט אין דער שפּראַך זינגען זיינע לידער, פיהרען זיינע געשעפטען און זאָגאַר אויך לייענען זיינע מלוכה־

אקטען, — האָבען זײַנע פיהרער און בכלל יענע אלע, וועלכע זענען געשטאַנען בראש פון דעם מלוכה=לעבען זיך בענוצט מיט דער גריכישער שפראַך, און פיעל פון זיי האָבען זיך אפילו אָנגעהויבען מיט גריכישע נעמען צו רופען. די דאָזיגע מלוכה=מענשען און אַריסטאָקראַטען האָבען אין אַלגעמיין געשטרעבט נאָר צו פערגרעסערן די פאָליטישע מאַכט פון יהודה און אויסצושפרייטען איהרע גרענעצען; זיי האָבען געזעהען אין יהודה אַ פאָליטישען שטאַאט, גלייך מיט די וועלטליכע מלוכות פון די אַרומיגע אַנדערע פעלקער, — אַ שטאַאט מיט אַ קעניג, וואָס דאַרף פיהרען מלחמות, פערגרעסערען אלע מאָל דאָס לאַנד מיט די טעריטאָריומס פון אַנדערע פעלקער און שטעהן שטענדיג אויף דער וואַך פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פאָליטישען לעבען.

אַזאַ מין בליק איז אָבער געווען גענען די אייביגע טראַדיציעס פון דער יודישער נבואה, וועלכע האָבען זיך נאָך דערהאַלטען ביי די פרומע קלאַסען פון פאָלק. אין די דאָזיגע קרייזען האָט געהערשט די זיכערע איבערצייגונג, אַז נישט דאָס איז די מיסיע פון דעם יודישען פאָלק, צו לעבען אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער און צו זיין גלייך מיט זיי; די יודישע געזעלשאַפט האָט, לויט דער מיינונג, געדאַרפט פערנעהמען אַ גאַנץ בעזונדער פלאַץ צווישען דער רייהע פון די אַנדערע פעלקער, און זיך אינגאַנצען שטיצען נישט אויף קיין פאָליטיק און נישט אויף קיין מלחמה=גבורות, נאָר אויף די יסודות פון דער תורה, פון דעם רעליגיעזען מאָראַל, פון „גאָט׳ס וואָרט". יודען דאַרפען זעלבסטשטענדיג זיין, אום זיי זאָלען קענען לעבען לויט זייערע אייגענע געזעצען און היטען זייערע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען; קוים אָבער האָבען זיי דאָס ערךייכט, דאַרפען זיי שוין מעהר קיין מלחמות נישט פיהרען, דאַרפען זיי שוין קיין אויסערליכע פאָליטיק נישט טרייבען, נאָר היטען און אויפהויבען ביז צו דער העכסטער מדרגה די אייגענטימליך=יודישע סאָציאַלע אָרדנונג, וועלכע איז פון גאָט אַליין ספּעציעל בעשטימט געוואָרען פאַר זיין „אויסדערוועהלטען פאָלק".

און אָט, אויף דעם באָדען פון דער מיינונגס=פערשידענהייט האָבען זיך אויסגעבילדעט דריי פאַרטייען: די אִיסִיִים, די פְּרוּשִׁים און די צְדוּקִים. די ערשטע האָבען זיך אויסגעטיילט פון די חסידים (חסידים הראשונים), וועלכע האָבען זיך צוריקגעצויגען פונ׳ם גאַנצען טומעל, פון די אלע מלחמה געשרייען און בכלל פון דעם גאַנצען וואַקלענדיגען לעבענס=געוויש, אום זיך איבערצוגעבען אינגאַנצען די העכע-

רע אינטערעסען פון גייסט און צו לעבען „מיט גאט". די מיטגליעדער פון דער דאָזיגער סעקטע, וועלכע איז בכלל געשטאַנען העכער פון יענער געזעלשאַפטס-פאָרם און פון יעדען סאָרט בירגערליכען צוזאַמענלעבען, האָבען זיך אייַנגעאָרדענט אַ גאַנץ בעזונדערן ישוב אין די בערג און אין די מדבריות, וואו זיי האָבען געלעבט אַלס ברודער-געמייַנדע לויט בעזונדער׳ע געזעצען.

נישט אַלע פרומע האָבען אָבער געפונען פאַר ריכטיג צו גיין מיט דעם וועג פון אָבזונדערן זיך און אַנטלויפען פון לעבען. די מעהרהייט פון דער פרומער יודישער אינטעליגענץ האָט גאַנץ אַנדערש פערשטאַנען דעם בעגריף פון דער יודישער תורה. די תורה הייסט יעדען יודען לעבען מיט גאָט; דאָס הייסט אָבער נאָך נישט, אַז ער דאַרף אַנטלויפען פון לעבען. בלייַבען אין פאָלק, שאַפען, אַרבייטען, בויען, אויסניצען אַלע געביטען פון לעבען און אויסבילדען אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך שטיצען אינגאַנצען אויף דער תורה און פערקערפערן מיט זיך גאָט׳ס ווילען, — דאָס איז דער זין פון די אייביגע יודישע נבואה-אידעאַלען. און ווייַל די עקסיסטענץ פון אַזאַ מין געזעלשאַפט איז נאָר דאַן זיכער, ווען דאָס לאַנד געפינט זיך נישט אונטער דעם יאָך פון אַ פרעמדער, געצענדיענערישער אמונה, — דאַרף מען היטען די אונאָבהענגיגקייט פון יהודה און זי פערטיידיגען מיט אַלע געזעצליכע מיטלען, דאָס איז געווען דער געדאַנקען-גאַנג פון דער צווייטער, נאַציאָנאַל-רעליגיעזער פאַרטיי — פון די פרושים.

אַנטקעגען דער דאָזיגער פאַרטיי, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די מעהרהייט פון פאָלק, זענען אַרויסגעטרעטען די פאַקטישע בעוועגער פון דעם מלוכה-מעכאַניזם: די דיפּלאָמאַטען, קריעגס-פיהרער און שטאַאַטס-בעאַמטע. שטיצענדיג זיך אינגאַנצען אויף אַ רעליגיעזען יסוד, האָבען די פרושים געמוזט שטעהן דורכאויס דערפאַר, אַז אַלע עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען זאָלען זיין שטרענג צוגעפאַסט צו די געזעצען פון דער תורה און צו די הויכע מאָראַלישע אידעאַלען פון דער נבואה, און די פאָדערונג איז די וועלטליכע רעגירונג אַלס אַזעלכע, נישט אימשטאַנד געווען צו בעפריעדיגען. די פאַקטישע טעטיגקייט פון אַ מלוכה-מעכאַניזם לאָזט זיך נישט שטענדיג אייַנשליסען אין די ענגע ראַהמען פון דעם רעליגיעזען געזעץ, און אַט דער קאָנפליקט צווישען דעם אייביגען אידעאַל און דער אַלטעגליכער ווירקליכקייט האָט אַרויסגערופען די צוזאַמענשטעלונג פון דער דריטער פאַרטיי, — פון די

צדוקים, וועלכע האָבען געלעגט מעהר געוויכט אויף די וועלטליכע מלוכה-אינטערעסען, ווי אויף די אינטערעסען פון די אמונה-אידעאלען.

פון די דריי פּארטייען האָבען נאָר די לעצטע צוויי זיך אקטיוו בעטהייליגט אינ'ם פּאָליטיש-געזעלשאַפטליכען לעבען פון לאַנד, און אַמ-שטאַרקסטען האָט זיך דער געגענזאַץ צווישען די ביידע ריכטונגען ענט-וויקעלט אין דער צייט פון יהונתן'ס מלוכה, ווען דאָס פאָלק האָט זיך אָבגערוהט פון די אויסערליכע מלחמות.

די פּרושים (אָבגעשיידטע: פון אַנדערע פעלקער, פון זינד) האָבען געוואָלט זעהען אין יהודה אַ גייסטיגע רעפּובליק, וואו ס'הערשט די רעליגיעזע מאָראַל, וואו אַלץ איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון די יודישע געזעצען און טראַדיציעס. אָבטרעטען פון דער תורה הייסט פערראַטען דעם פאָלק, אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען דאָס ווערט געטאָן צוליעב די אינטערעסען פון דער מלוכה, — די פּרושים זענען איבערצייגט געוועזען, אַז דער גורל פון דער מלוכה אַלץ אײנס, ווי דער גורל פון יעדען איינצעלנעם מענשען, ליעגט ביי גאָט אין די הענד און אַז נאָר די געטליכע השגחה אַליין איז אימשטאַנד צו ברענגען דעם יודישען פאָלק צרות אָדער פריידען.

גאָט האָט אַלץ בעשאַפען, גאָט איז דער איינציגער האַר פון דער וועלט, דער איינציגער פיהרער פון מדינות און פעלקער, און יודען זענען זיינע אויסדערוועהלטע קינדער, וועלכע דאַרפען געהן אין זיינע וועגען, היטען זיין תורה און דיענען אלס מוסטער פאַר אַלע אַנדערע פעלקער. און וואָס וועלן זיי דערפאַר בעקומען? מיט וואָס וועט זיי די געטליכע גערעכטיגקייט בעלויהנען פאַר זייער פרומקייט, פאַר זייער נאַטספאָרלטיגער עהרליכקייט? אויף דער פראַגע האָט די תורה אַליין און מיט איהר דאָס גאַנצע ביבלישע יודענטום געענטפערט: ווען איהר פרום זיין, וועט אייך גוט זיין. איהר וועט זיצען אויף אייער ערד, דער רעגען וועט קומען אין זיין צייט, דער וויינשטאָק וועט בליהען און אַרויסגעבען זיסע פרוכטען און קיין שונא וועט אייך נישט בעאונרוהיגען און קיינער וועט אייערע קינדער פון אייך נישט אוועקנעהמען — איהר וועט לעבען גליקליך און רוהיג.

דעם איצטיגען בירגער פון דער חשמונאים-מלוכה האָט אָבער אָט די תשובה שוין נישט בעפרידיגט. די בילדער פון דער נאָהנטער פער-גאַנגענהייט זענען איהם נאָך פריש געוועזען אין זכרון; איהם זענען נאָך פאַר די אויגען געשטאַנען די תליות מיט די אויפגעהאַנגענע יודישע מו-

טער׳ס, די מערות מיט די הונדערטער פערברענטע אויף קדוש השם, די טויזענדער געפּייניגטע, געשענדעטע און געפאַנגענע, און דאָס האָט שוין אַרויסגערופען ביי איהם אַ ביטערען פּראָטעסט אויך געגען דער אונגערעכטיגקייט, וואָס ווייזט זיך כסדר אַרויס אין דעם אַלטעגליכען לעבען: סטייטש, פאַרוואָס לעבט זיך דעם רשע גוט און דעם צדיק שלעכט? וואו איז דאָ די הימלישע גערעכטיגקייט?

דאַן זענען די פּרושים געקומען און האָבען ערקלערט, אַז דאָס אמת׳ע לעבען הויבט זיך אָן ערשט נאָכ׳ן טויטט; די וועלט איז נאָר אַ מין פאָרהויז צום סאַלאָן — יענע וועלט, און דאָרט וועט ערשט די געטליכע גערעכטיגקייט בעלויהנען דעם צדיק און בעשטראָפען דעם רשע. דערביי וועלן די צדיקים אויפשטעהן צום אייביגען לעבען (תחית המתים) און די רשעים — צו אייביגער שאַנד", ווי ס׳איז געשריבען אין ספר דניאל. פערשטעהענדיג די גאַנצע וויכטיגקייט פון דער דאָגמע האָבען די פּרושים זי אַריינגענומען אינ׳ם סיסטעם פון יודענטום אַלס איינעם פון די עיקרים, אויף וועלכע די יודישע אמונה שטיצט זיך, און ביסליכווייז האָבען זיך פון דער לעהרע אויסגעבילדעט נאָך אַנדערע פאָרשטעלונגען און בעגריפען (השארת הנפש, גיהנם, גן-עדן א. א. וו.), וואָס האָבען שפּעטער אויסגעפילט אַ בעדייטענדען פּלאַץ אין דער יודישער ליטעראַטור.

צוזאַמען מיט דער שטרענגער פאָדערונג, צוצופּאַסען דאָס גאַנצע אַלטעגליכע, וואָכעדיגע לעבען צו דעם רעליגיעזען געזעץ, — איז אָבער אויסגעוואַקסען אַ נייע שוועריגקייט: די געשריבענע געזעצען פון דער תורה זענען צו קורץ און צו וועניג געווען, אום אַרומצונעהמען די פערשידענאַרטיגע און פערפלאָנטערטע ערשיינונגען פון דעם איצטיגען לעבען, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט אינגאַנצען געענדערט און אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער פאָרם. דאָ זענען ווידער געקומען די פּרושים און אויסגעפילט דעם חסרון; זיי האָבען צוזאַמענגענומען די אַלע זיטען און פאָלקס-מנהגים, וואָס דאָס לעבען אַליין האָט געשאַפען אין דעם משך פון צעהנדליגער דורות, און זיי ערקלערט, אויסגעטייטשט און געגעבען אַ בעשטימטע, צום איצטיגען לעבען צוגעפּאַסטע פאָרם. די דאָזיגע נישט געשריבענע געזעצען, וועלכע האָבען געלעבט אין פאָלק און זענען צוזאַמען מיט איהם געוואַקסען, האָבען איצט אַ סך מיטגעהאָלפען צו רעפאָרמירען די יודישע געזעצגעבונג, נישט אָנגרייפענדיג אין דער זעלבער צייט איהר אייגענטימליכען און רעליגיעזען גייסט.

און דערבײַ אלײן האבען זיך די פרושים נישט אבגעשטעלט. זײ האבען זיך גענומען אויסטײַטשען און ערקלערן די געזעצען פון דער תורה מיט דער הילף פון פערשידענע לאגישע חקירות, און אויף אזא אופן בעקומען די מעגליכקײַט, ארויסצודרינגען פון זײ די אלע פראקטישע געזעצען, װאס די איצטיגע לעבענס-בעדינגונגען האבען געפאדערט. די דאזיגע אויסטײַטשונגען און ערקלערונגען; זענען װידער, פון זײער זײַט, אויך פערהײליגט געװארען און האבען בעקומען די זעלביגע פערפליכטונגס-קראפט, װאס עס האבען געהאט אין זיך די איצטיגע „דברי סופרים", די לאנג פארמולירטע פאלקס-געזעצען. אזוי האט די רעליגיעזע דיסציפלין ביסליכװײַז און אונבעמערקטערהײד ארומגענומען דאס גאנצע װאכעדיגע לעבען פון פאלק, זיך צופאסענדיג צו דער ענטװיקלונג פון זײַנע בעגריפען און בעדערפענישען. די אלע געזעצען װעגן שבת און װעגען די יום-טוב'דיגע תפלות זענען אין יענער צײַט בעשטימט אין אויסגעפילט געװארען; עס זענען ארײַנגענומען געװארען אין דעם רעליגיעזען געזעץ די אלע יום-טובים און היסטארישע פײַער-טעג, װעלכע זענען און דער תורה גארנישט דערמאהנט, װײַל דאס פאלק אלײן האט זײ אײַנגעפיהרט, צום אנדענקען פון געװיסע געשעהענישען אין זײַן לעבען. אין די געזעצען װעגען כשר און טרפה, װעגען פאמיליען-רײַנהײט, װעגען די רײַניגונגען אין בית-המקדש א. א. װ. האבען זיך די פרושים שטרענג געהאלטען בײַ דער טענדענץ פון אבזונדערן יודען װאס מעהר פון דער ארומיגער װעלט, און בנוגע צו די געביטען האבען זײ אנגעהויפט װאס מעהר סיגים און חומרות; דאגעגען אבער האבען זײ אײַנגעפיהרט זעהר גרויסע פערלײַכטערונגען אין דעם שטראף-קאדעקס פון דער תורה. אין דער הינזיכט האבען זײ געזוכט אויסצוטײַטשען דעם געשריבענעם געזעץ אזוי, אז ער זאל זײַן צוגעפאסט צו די איצטיגע פאלקס-בעגריפען. אזוי האבען זײ, למשל, שארף געקעמפפט געגען טוידט-שטראף, און דעם בעקאנטען פסוק: עין תחת עין (אג'אויג פאר אג'אויג) האבען זײ ערקלערט אין דעם זין, אז די תורה מײנט דא נאר א געלד-שטראף.

די פרושים האבען זיך בכלל אויסגעצײכענט מיט זײער שטרענגער געזעצליכקײַט, מיט זײער צניעות, מיט זײער מעסיגקײַט בנוגע צו פערשידענע לעבענס-תאוות, מיט זײַער מילדקײַט און גאטס-פארכטיגער גוטסקײַט. אײנער פון די בעריהמטע פרושים, יהושע בן פרחיה, װעלכער האט געלעבט (מיט זײַן חבר נתאי הארבאלי) אין הורקנוס'ס

צייט, פלעגט שטענדיג זאגען: „מאך דיר א רבי'ן, קויף דיר א חבר און אורטייל יעדען מענשען צום גוטען." די דאזיגע גוטע זיטען און דער גאנצער גאנג פונ'ם פראקטישען יודאאיזם, וואס האט זיך געהאלטען ביי די פרומע קלאסען נאך פון עזרא'ס צייטען אן, האבען צוגעצויגען צו זיך די ברייטסטע מאסען פון פאלק, אזוי אז די אינערליכע פערוואלטונג פון דער מלוכה און פון בית=המקדש האט זיך געפונען אינגאנצען ביי די פרושים אין די הענד.

דאגעגען האבען די הויכע מלוכה=שטעלעס, די ארמעע=פיהרונג און צוזאמען דערמיט אויך די רייכטימער און דער אויסערליכער גלאנץ — זיך געפונען אין די הענד פון די צדוקים. די דאזיגע אריסטאקראטען זענען געקומען אין א נעהנטערער בעריהרונג מיט דער אויסערליכער העלעניסטישער וועלט, און האבען איינגעפיהרט אין זייער פריוואטען לעבען א סך העלעניסטישע זיטען און מנהגים. דאס זענען געווען מענשען מיט הויכער וועלטליכער בילדונג, וואס האבען געשטרעבט צו פעראייניגען די אידעען פון דער יודישער תורה מיט דער אויסערליכער שענער פארם פון דער העלעניסטישער קולטור, און וואס מעהר אבצושוואכען די מחיצה צווישען יודען און די ארומיגע קולטורעלע פעלקער. אלס פאטריאטישע יודען האבען זיי קודם כל געזארגט פאר דער פאליטישער גרויסקייט פון יהודה, פאר דער אויסשפרייטונג פון די יהודה'שע גרענעצען און פאר דער מאכט פון דעם חשמונאי'שען הויף; דערביי זענען זיי אבער געווען צו=וועניג דורכגעדרונגען מיט דעם רעליגיעזען געפיהל, אום איבערצולאזען גאט אליין די דאגה פאר דער אונאבהענגיגקייט און גרויסקייט פון יהודה. די מלוכה דארף פארמעל היטען די געשריבענע געזעצען פון דער אייביגער יודישער קאנסטיטוציע, פון דער תורה; דאס דארף איהר אבער נישט שטערען צו ענטוויקלען זיך אזוי, ווי עס פערלאנגען פון איהר דער צייט=גייסט און די פראקטישע אינטערעסען. קוים האט וועלכער ס'איז פאליטישער אבמאך אדער וועלכע ס'איז מלחמה געמוזט אנריהרען א געבאט פון דער תורה, האבען זיך די צדוקים שטענדיג געשטעלט אויף דער זייט פון די מלוכה=אינטערעסען; איבערהויפט האט גאט, נאך זייער מיינונג, דעריבער געגעבען דעם מענשען א פרייען ווילען, כדי ער זאל זיך אליין אויסטרעטען זיין לעבענס=וועג, כדי ער זאל אליין זיין דער בעל הבית פון זיין גורל, און דער גרויסער בעשעפער פון דער וועלט מישט זיך גארנישט אין די מענשליכע אנגעלעגענהייטען. בעלויהנט ווערט דער

צדיק פאר זיינע גוטע מעשים באלד אויף דער וועלט — מיט די גוטע מעשים גופא; און דאס זעלבע איז אויך מיט די שלעכטע מעשים פון די רשעים. גוטע מעשים ברענגען גוטס און שלעכטע — שלעכטס פאר'ן לעבען גלייך, און מ'דארף גארנישט אנקומען צו קיין גלויבען אין „תחית המתים" און „יענע וועלט."

נאטירליך, האט אזא מין אנשויאונג שוין נישט געקענט פערפליכטען קיינעם צו אפפערן וואס ס'איז פון זיינע איצטיגע לעבענס־פערגניגענס, און בכלל איינצושליסען דאס גאנצע לעבען אין א רייהע פון גזירות און סיגים. די צדוקים האבען דעריבער נישט געוואלט אנערקענען די אלע אויפטועכצען און נייע פערפליכטונגען פון די נייע פערהייליגטע פאלקס־מנהגים און מסורות. זיי האבען אוועקגעשטעלט אלס פרינציפ, אז וויכטיג און הייליג זענען נאר יענע געזעצען, וועלכע שטעהען דייטליך און אויסדריקליך געשריבען אין די חמשה חומשי תורה, און די אלע אנדערע פערפליכטונגען, וועלכע זענען מיט דער צייט געשאפען געווארען, האבען קיין בעדייטונג נישט. דאס האט געבראכט פון איין זייט צו פערשיעדענע פערלייכטערונגען אינ'ם אלטעגליכען לעבען בנוגע צו די געזעצען וועגען כשר און טרפה, וועגען ארבייטען אום שבת אדער אום יום־טוב, וועגען פאמיליען־בעציהונגען און נאך אזעלכע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, און פון דער צווייטער זייט האט עס ארויסגערופען די שרעקליכסטע אכזריות'ן בנוגע צו דער געריכטס־מאכט, וועלכע האט אויסגעטייטשט די פערעלטערטע שטראפען פון דער תורה אין זייער בוכשטעבליכען זין.

די מיינונגס־פערשידענהייט צווישען די פרושים מיט די צדוקים איבער פערשידענע ריטועלע דינים האט זיך אפט פונאנדערגעפלאקערט אין א ליידענשאפטליכען וכוח. צווישען די פראגען, וואס האבען ארויסגערופען אזא מין מחלוקת, האט זיך געפונען אויך יענע וועגען די דינים פונ'ם וואסער־גיעסען אויפ'ן מזבח אום סוכות. די פרושים האבען זיך זעהר הארב בעצויגען צו דער עבודה פון די לויים אין בית־המקדש, און ארויסגעגעבען מאסען דינים און גזירות, אום צו פערהיטען די בעריהרונג פון אונרייניגע מענשען אדער כלים; די צדוקים, דאגעגען, האבען געלאכט דערפון און צוזעהענדיג, ווי זיי לויפען יעדעס מאל צו'ם בעקען וואשען אנ'אנדער כלי, האבען זיי איראניש בעמערקט: „אין גיכען וועלן די פרושים הייסען רייניגען אויך דעם זונען־באל".

„די צדוקים האבען אין אלגעמיין פארגעשטעלט מיט זיך א קלאס פון טי־

פּישע וועלטמענשען, וועלכע זענען שטרענג-קאָנסערוואַטיוו בנוגע צו דער פּאָרמעלער פּרומקייט, און ווילען פונדעסטוועגען נישט דערלאָזען, אַז די עטיש-רעליגיעזע בעגריפען זאָלען האָבען אַ איינפלוס אויף דער ספערע פון די פּראַקטישע, פּריוואַטע און געזעלשאַפטליכע, אינטערעסען".*)

אָן אַ זייט פון די דאָזיגע צוויי פּאַרטייען, וועלכע האָבען גע-קעמפּפט צווישען זיך פאַר דעם סאָציאַלען און רעליגיעזען טיפּ פון דער יהודה'שער מלוכה, איז געשטאַנען די דריטע סעקטע אָדער גרופּע, וואָס האָט אינגאַנצען איינגעאָרדענט איהר לעבען אויף די יסודות פון דער אינדיווידועלער זעלבסט-פערפאָלקאָמענונג און האָט געדיענט אַלס יסוד פאַר אַ גאַנץ נייער ערשיינונג אין דער מענשליכער געשיכטע. דער דאָזי-גער אָרדען איז בעשטאַנען פון אַ בעדייטענדער צאָהל איסיים (פון דעם סירישען וואָרט חעסעי=חסיד), ביי וועלכע דאָס גאַנצע לעבען האָט זיך קאָנצענטרירט נאָר אין די רעליגיעזע אידעען און געפיהלען. דאָס זענען געווען מענשען, וואָס האָבען זיך פערטיעפט אין זיך אַליין, אין זייער אייגענער אינערליכער וועלט, און האָבען געזוכט פריהער פון אלץ אַ רעטונג פאַר דער נשמה.

מענשען הייליגע, ריינע, מיט געוויסע מיסטישע נייגונגען, האָבען זיי געוואָלט הייליג לעבען. די אַלטעגליכע, די וואָכעדיגע, די וועלטליכע וועלט האָט פאַר זיי קיין בעדייטונג נישט געהאַט — לע-בען דאַרף דער מענש נאָר אין זיך און נאָר מיט גאָט. אָבטויטען דאַרף דער מענש אין זיך יעדע תאוה, יעדען פערלאַנג, יעדען וועלט-ליכען בעגעהר, און לעבען דאַרף ער ריין, הייליג, זיך בעהעפטענדיג מיט דער אייביגקייט, מיט די העכערע וועלטען.

זיי האָבען זיך דעריבער דערווייטערט פון דעם שטאָדט-טומעל און איינגעאָרדענט זייער ישוב אין די מדבריות. איבערנעהמענדיג אינגאַנצען די ריינהייטס-געזעצען פון די לויים אין בית=המקדש, לויט וועלכע די בעציהונג מיט יעדען וועלטליכען מענשען האָט פעראונרייניגט, זענען זיי געווען געצוואונגען צו פערקעהרען נאָר מיט זייערע גלייכע, און דאָס האָט זיי געטריבען זיך צו פעראייניגען אין איין אָרדען, וואו יעדערער איז פערפליכטעט שטרענג צו היטען די געזעצען. אום אָנצוקומען אַלס מיטגליעד אין דעם אָרדען, האָט דער קאַנדידאַט געמוזט אַ גאַנצען

*) דובנאָוו.

יאָהר אויסגעפּרובט ווערן, און ערשט דאַן איז ער צוגעלאָזען געוואָרען צו דער צערעמאָניע פון די „וואַשונגען". דאַן האָט ווידער געמוזט אַוועקגעהן אַ לאַנגע צײַט, און נאָכדעם האָט דער נײַער מיטגליעד געמוזט געבען אַ פײַערליכע שבועה, אַז ער וועט זיך אונטערגעבען אַלע בעפעהלען פון די עלטסטע, אַז ער וועט נישט בעהאַלטען קיין זאַך פון די „ברידער" און וועט קיינעם נישט אַרויסגעבען די סודות פונ׳ם אָרדען; דאָס האָט איהם שוין געמאַכט פאַר אַ פּאַקטישען מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט און געגעבען דאָס רעכט זיך צו בעטײַליגען אינ׳ם ברידערליכען מאָלצײַט.

די בעל הבתי׳שקײַט איז בײַ די איסיים אינגאַנצען געווען אַוועקגעשטעלט אויף קאָמוניסטישע יסודות. יעדער מיטגליעד האָט אַרײַנגעטראָגען אין דער קאַסע פון אָרדען זײַנע הכנסות, און דער גאַנצער אָרדען איז אויסגעהאַלטען געוואָרען פון דער אַלגעמײַנער סומע. די קליידונג זאָגאַר איז אויך געווען די זעלביגע פאַר אַלע מיטגלידער; ווײַסע גראָבע מאַנטלען אום ווינטער, אין לײַכטע הילעם אום זומער. דערבײַ האָט יעדער איינציגער געמוזט פערדינען אויף זײַן לעבען פון פיזישער אַרבײַט; אַ סך פון זיי האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ערד־אַרבײַט און מיט אַנדערע מלאכות — האַנדלען האָט קיין איסי נישט געטאָרט.

לעבען מיט אַ פרוי איז דעם איסי ערלויבט געווען, אָבער נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס איז נויטיג, אום קינדער צו האָבען; די מעהרהײַט פון די איסיים האָט אינגאַנצען געקוקט אויף דער חתונה, ווי אויף עטוואָס זינדיגעס, קערפּערליכעס, און האָט אויסגעמיטען יעדען פערקעהר מיט אַ פרוי, זאָגאַר אויך — אַ געזעליכען.

אַזאַ מין קאָלאָניע האָבען זיך די איסיים אײַנגעאָרדענט צו מערב זײַט פון ים המלח, אין דעם אָאַזיס עין־גדי וואו די פּאַלמען־בוימער האָבען כמעט בעפרידיגט זייערע שפּײַז־בעדערפעניסען, און פון דעם דאָזיגען צוזאַמענלעבען שטאַמט אויך דער בעקאַנטער מאמר: „אַ חסיד זאָגט: דײַנס געהערט צו דיר און מײַנס געהערט אויך צו דיר". עס זענען ממילא נישט געווען בײַ זיי קיין אָרימע און קיין רײַכע, און דאָס רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז זייער זין האָט זיך ביסלעכווײַז בעפרײַט פון אַלע ערדישע אינטערעסען, און איז אינגאַנצען פערזונקען געוואָרען אין אַ ווײַטער, טרוימעריש־אידעאַלער וועלט.

די איסיים האָבען זיך אויסער דעם נאָך אויסגעצײַכענט מיט

פֿיעל אַנדערע אייגענטימליכקייטען. ווי די יודען אַמאָל, וואַנדערנדיג אין דער מדבר, האָט אויך יעדער איסיי שטענדיג געטראָגען מיט זיך אַ רידעל, אום אויפצושאַרען די ערד און צו פֿערדעקען די אונריינקייט, און דערצו איז אין זייער קליידונג אַריין אויך אַ מין פֿעל-פֿאַרטוך אָדער האַנדטוך, מיט וועלכען זיי האָבען זיך בענוצט ביי זייערע אָפטע וואַשונגען. די איסיים פֿלעגען לייענען קריאת-שמע אין דער פֿריה צוזאַמען מיט'ן אויפגאַנג פֿונ'ם מאָרגענשטערן, און נאָך געוויסע כונות און פֿאָרבערייטונגען, אין דער צייט פֿון וועלכע עס איז קיין וואָכעדיג וואָרט נישט אויסגערעדט געוואָרען, פֿלעגט זיך יעדערער פֿערזינקען אין זיין תפלה, וואָס איז אייגענטליך בעשטאַנען פֿון פֿריי געפֿיהלען און האָט געטראָגען דעם כאַראַקטער פֿון אַ מין ריינער „השתפכות הנפש". נאָך די תפלות האָבען אַלע געמוזט אַוועקגיין אַרבייטען, און קומענדיג צוריק פֿון דער אַרבייט האָבען זיך אַלע ווידער געטובל'ט און אָנגעהויבען מאַכען הכנות צו דעם אַלגעמיינעם מאָלצייט, וועלכער האָט ביי זיי פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון די קרבנות אין בית המקדש.

דער מאָלצייט פֿלעגט פֿאָרקומען אונטער דעם סדר: „זיך אָבריינִיגענדיג, קומען זיי אַריין אין עס-צימער, ווי אין אַ הייליגען אָרט. נאָכדעם, ווי זיי זעצען זיך איין שווייגענדיג, לעגט דער בעקער אַוועק אַ חלק ברויט פֿאַר יעדען בעזונדער, און דער קוכער שטעלט אַוועק נעבען יעדען איינציגען אַ כלי מיט איין געריכט. פֿאַר'ן עסען ריכט אָב דער כהן אַ תפלה, און קיינער ריהרט זיך נישט צו צום עסען ביז ער האָט זי נישט געענדיגט. נאָכ'ן מאָלצייט — בעט ער ווידער. אָנהויבענדיג און ענדיגענדיג דאָס עסען לויבען אַלע גאָט און דאַנקען איהם פֿאַר די שפּייז, וואָס ער האָט זיי געשענקט. דערנאָך נעהמען זיי פֿון זיך אַראָב זייערע מאָלצייטס-קליידער, אַלס הייליגע, און לאָזען זיך ווידער אַוועק אַרבייטען ביז'ן אָבענד. קומענדיג, עסען זיי ווידער לויט דעם זעלביגען סדר" (יוסיפון).

די איסיים האָבען זעהר שטרענג אָבגעהיט די געזעצען וועגען שבת-רוה, און אַ סך פֿון די סיגים און גזירות, וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען, זענען שפּעטער אַריינגענומען געוואָרען אין די פֿערפֿליכטונגען פֿון תלמוד; די דאָזיגע פּראַקטישע פֿרומקייט האָט אָבער נאָך נישט אויסגעפֿילט זייער גאַנצען לעבענס-אינהאַלט. זייער אַסקעטיזם, זייער שטילקייט און זייערע רעליגיעזע טרוימעריי, האָט זיי ביסלעכווייז

אינגאַנצען אָבגעווענדעט פון דער קלאָרער און לאָגישער תורה מיט איהר ניכטערער לעבענס-אַנשויאונג, מיט איהרע דייטליכע, צום לעבען צוגעפּאַסטע געזעצען; זיי האָבען אָנגעהויבען זוכען אין דער תורה שטאָף פאַר זייער טרוימערישער פאַנטאַזיע, פאַר זייערע מיסטעריעזע שווערמערייען, און האָבען אויף אַזאַ אופן געשאַפען דעם יסוד פאַר דעם קומענדיגען יודישען מיסטיציזם. זיי האָבען די ערשטע אָנגעהויבען אַריינצולעגען פערשידענע רמזים און סודות אין די אותיות פון גאָט'ס נאָמען (יהוה), געפינענדיג, אַז קוים איז דער נאָמען אַזוי הייליג, מוז אין זיינע איינצעלנע בוכשטאַבען אויך זיין עטוואָס געהיימעס, הייליגעס. די דאָזיגע רמזים און סודות זענען וואָס וויטער אַלץ מעהר פערטיעפט און פערברייטערט געוואָרען, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט זיך ביי זיי אויסגעבילדעט אַ גאַנצע רייהע פאָרשטעלונגען וועגען גוטע און שלעכטע גייסטער, וועגען מלאכים און שדים, וועגען בשוף און גן-עדן-געהיים-זעהעריי און נאָך אַזעלכע פערנעבעלטע בעגריפען, וואָס האָבען מיט דער ווירקליכער יודישער לעבענס-תורה גאָרנישט צו טאָן.

צוליעב זייערע אייגענטימליכע מנהגים און פאַנטאַסטישע לעבענס-בעגריפען זענען די איסיים בעטראַכט געוואָרען פון פאָלק ניט בלויז אַלס הייליגע, נאָר אויך אַלס מענשען, וואָס זענען אימשטאַנד וואונדער צו בעווייזען. דאָס פאָלק האָט געגלויבט, אַז די איסיים קענען פאָראויסזאָגען די צוקונפט, פותר זיין חלומות און אויך היילען אַלערליי קראַנקהייטען. דאָס לעצטע איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס עטליכע פון די איסיים האָבען זיך ווירקליך בענוצט מיט געוויסע קרייטעכצער אויף צו היילען קראַנקע.

דערפאַר אָבער האָבען זיי קיין שום איינפלוס נישט געהאַט אויף דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד. זייער צאָהל איז בכלל געווען געווען זעהר קליין און אין די בעסטע צייטען אפילו, האָט אויך זייער אָרדען נישט געצעהלט מעהר פון פיערטויזענד מיטגליעדער. דערצו איז נאָך צוגעקומען אויך דער אומשטאַנד, וואָס דער גרעסטער טייל מיטגליעדער פון דעם אָרדען האָט געלעבט נישט פערהייראַטעט, און די צוגעקומענע מיטגליעדער פון אויסווייניג האָבען נישט געקענט אויספילען דעם שאָדען פון דער נאַטירליכער פערמינדערונג.

ביים רודער פון דער מלוכה-שיף זענען אַלזאָ געשטאַנען די פיהרער פון די אַנדערע צוויי פּאַרטייען — פון די פרושים מיט די צדוקים, און פאַר דער צייט פון יוחנן-הורקנוס איז צו קיין אָפענעם

קאָנפליקט צווישען זיי נישט געקומען. דער לעצטער האָט ביידע פּאַרטייען גלייך אויסגענוצט: די צדוקים אַלס קריעגספיהרער און דיפּלאָמאַטען, און די פרושים — אַלס געזעץ-לעהרער, ריכטער און בעאַמטע איבער אַלע אינערליכע אָנגעלעגענהייטען. די בעציהונג, ווידער, פון די פּאַרטייען צו הורקנוס׳ען איז אויך געוועזען איינגעטיילט און בעשטימט: די צדוקים האָבען געשעצט אין איהם דעם שטאַאַטסמאַן און מלוכה-פיהרער, און די פרושים — דעם פרומען כהן-גדול, וועלכער האַלט זיך שטרענג ביי זייערע רעליגיעזע אויסטייטשונגען און בעגריפען.

וועניגער בעדייטענדע סכסוכים צווישען די פרושים מיט די צדוקים פלעגען פון צייט צו צייט אויסברעכען אין דער טעטיגקייט פון דער העכסטער יהודה׳שער רעגירונגס-אינסטיטוציע, פונ׳ם סנהדרין. די דאָזיגע פערזאַמלונג פון אויסגעוועהלטע פאָלקס-פאָרשטעהער האָט עקסיסטירט אין ירושלים נאָך פון די אַלטסטע צייטען, און פלעגט שטענדיג געפיהרט ווערן פון דעם כהן-גדול, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די אָפיציעלע פערזאָן פאַר דער הערשענדער אויבערמאַכט. איצט, נאָך דער איבערקעהרעניש אין לאַנד, וואָס האָט פערוואַנדעלט יהודה אין אַ זעלבסטשטענדיגער מלוכה מיט אַ אייגענעם פירשטליכען כהן-גדול, האָט זיך דער כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע אויך געענדערט. די פריהערדיגע „גערוזיע” (אויף פערסיש: בעראַטונג, פערזאַמלונג) בעקומט איצט דעם גריכישען נאָמען סנהדרין (בית-דין הגדול) און איהרע פונקציעס ווערן וואָס ווייטער אַלץ ברייטער און זעלבסטשטענדיגער. אָן דער שפּיץ פון סנהדרין, אַלס פאָרזיצענדער (נשיא), שטעהט איצט דער רעגירענדער פירשט, וועלכער איז צוזאַמען דערמיט אויך כהן גדול-און שופט, און אין איהם בעטייליגען זיך פאָרשטעהער נישט בלויז פון די גייסטיגע און געלעהרטע שיכטען, נאָר אויך פון די פּאָליטישע פּאַרטייען; אַזוי אָבער, ווי דער העכסטער מלוכה-פיהרער איז אָפט פערנומען מיט אַלגעמיינע מלוכה-אינטערעסען, פערטרעט איהם אין סנהדרין, אַלס וויצע-פאָרזיצענדער, דער עלטסטער פון די דינים, וואָס טראָגט דעם טיטול אב-בית דין. דאָס „גרויסע סנהדרין” אין ירושלים איז בעשטאַנען פון איין און זיעבעציג מיטגלידער, וועלכע פלעגען זיך צונויפקלייבען אין דעם אויסערליכען זאַל פון בית המקדש, וואָס איז געוועזען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „לשכת הגזית”; פאַקטיש האָבען אָבער די זיצונגען

געקענט פארקומען אויך ביי דריי און צוואנציג מיטגליעדער, און דאס האט געהייסען „דאס קליינע סנהדרין". צווישען די מיטגליעדער פון סנהדרין האבען זיך געפונען פארשטעהער פון דער גייסטיגער און וועלטליכער אריסטאקראטיע, כהנים, שופטים (ריכטער), געלעהרטע און געזעצקענער; און אויסער דער דאזיגער העכסטער געזעצגעבענדער אינסטיטוציע אין דער הויפטשטאדט, זענען נאך געווען פערשיעדענע קלענערע בית-דינ'ם אין די קלענערע שטעדט.

געשטיצט האט זיך דאן די גאנצע יודישע געזעצגעבונג אויף די געבאטען און פערזאגען פון דעם אונבעריהרבארען היילינען קארעקס— פון דער תורה. די ארבייט פון סנהדרין איז דעריבער בעשטאנען אין דעם, אויסצוטייטשען די דאזיגע פערפליכטונגען פון דער תורה, צוצופאסען צו זיי די איצטיגע לעבענס-בעדינגונגען און ארויסצוגעבען לויט זיי פאקטישע אורטיילען. אין די פאליטישע אנגעלעגענהייטען פון לאנד האט זיך דאס סנהדרין געמישט נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל די אנגעלעגענהייט האט געהאט א שייכות צו די רעליגיעזע בעגריפען פון דער תורה. דאס סנהדרין האט אבגעהיט די ריינהייט פון די כהנים-משפחות און פון די פאמיליען-פערבינדונגען בכלל, פיהרענדיג צו דעם צוועק ספעציעלע פאמיליען-ביכער. דורך דער דאזיגער אינסטיטוציע פלעגען אויך געמאכט ווערן די אסטראנאמישע בעאבאכטונגען און אויסרעכנונגען, אום צו קענען בעשטימען, ווען עס הויבען זיך אן די חדשים און יאהרען און ווען זיי ענדיגען זיך.

די געריכטס-זיצונגען פון סנהדרין פלעגען פארקומען עפענטליך. דערביי פלעגען די געריכטס-מיטגליעדער זיין אויסגעזעצט אין א האלבען קרייז, אום זיי זאלען זיך קענען זעהען איינער דעם אנדערן, און צוויי שרייבערס זענען געשטאנען פון דער רעכטער און דער לינקער זייט און האבען פערשריעבען די מיינונג פון די ריכטער. אום ארויסצוטראגען א בעפרייאונגס-אורטהייל איז גענוג געווען (ביי קרימינעלע פראצעסען) א מעהרהייט פ. 1 שטים און דאגעגען האט זיך געפאדערט צו א בעשולדיגונגס-אורטהייל א מעהרהייט פון צוויי שטימען, ד. ה. דרייצעהן פון דריי און צוואנציג. די אויספרעגונג פון די געריכטס-מיטגליעדער איבער דער שולדיגקייט פונ'ם אנגעקלאגטען פלעגט זיך אנהויבען פונ'ם יונגסטען און ענדיגען מיט'ן פארזיצענדען; דער דאזיגער סדר איז איינגעפיהרט געווארען, אום די מיינונגען פון די עלטערע מיטגליעדער זאלען נישט ווירקען אויף די יונגערע. אויסער

האָבען זיך שטענדיג געמוזט אַרויסזאָגען פריהער די בעפרייער און דערנאָך די בעשולדיגער, און די איינמאַל אַרויסגעזאָגטע בעפרייאונגס-מיינונג האָט שוין נישט געקענט מעהר גענומען ווערן צוריק.

ביי אַזעלכע בעדינגונגען איז אַ טוידט-אורטייל געווען אַ זעלטענע ערשיינונג אין דער פּראַקטיק פונ'ם סנהדרין, און דאָס איז געווען די פרוכט פון דעם איינפלוס פון די פרושים און פון זייער געזעץ-אויסטייטשונג. די צדוקים, האַלטענדיג זיך שטרענג ביי די געשריבענע געזעצען פון דער תורה, זענען געווען פיעל שטרענגער אין זייערע אורטיילען; זיי האָבען אָבער פאָרגעשטעלט מיט זיך אין סנהדרין די מינדערהייט — די פּראַקטישע אויסטייטשונג פון געזעץ איז דאָ אינגאַנצען געלעגען אין די הענד פון די פרושים. די צדוקים האָבען דערפאַר געהאַט מעהר איינפלוס אויף דער אויסערליכער פּאָליטיק פון לאַנד און זי געפיהרט אין אַ געוויסער, איינענער ריכטונג. *)

אַזוי האָבען די ביידע פּאַרטייען איינגעטיילט צווישען זיך זייערע איינפלוס-ספערען אין דער הנהגה פון לאַנד, און אָבער זיי איז געשטאַנען דער פירשטליכער כהן גדול, וועלכער האָט, ווי געזאָגט, פיעל מיטגעווירקט דערפאַר, אַז דער דאָזיגער איבערפלעכליכער שלום זאָל מיט קיין זאַך נישט געשטערט ווערן. היטענדיג, פון איין זייט, אַלע דינים און חומרות לויט די געזעץ-ערקלערונגען פון די פרושים, האָט ער פון דער צווייטער זייט, געלעבט גוט אויך מיט די צדוקים. זיי זענען געווען זיינע מיט-קעמפּפער, זיינע קריגס-פיהרער און זיינע מלוכה-יועצים. זייער פיהרער, יהונתן, איז געווען דעם פירשט'ס פערזענליכער פריינד, און ביז זיין טיעפער עלטער האָט יוחנן איינגעהאַלטען דעם אינערליכען אַנטאַגאָניזם צווישען די ביידע פּאַרטייען, און געזעהען, ער זאָל זיך נישט פונאַנדערפלאַקערן און אַרויסרייסען.

לאַנג האָט אָבער די דאָזיגע גלייכגעוויכט זיך נישט געקענט האַלטען און, ווי עס קומט געוועהנליך פאָר ביי אַזאַ פאַל, איז גענוג איין וואָרט, איין בעוועגונג, אום איינצוואַרפען דעם בנין, וואָס איז געבויט געוואָרען אין דעם משך פון אַ סך יאָהרען. אַזאַ מין וואָרט, וואָס איז גאַנץ צופעליג אַרויסגערעדט געוואָרען, האָט דאָ אויך געדיענט אַלס אויפרייס-מאַטעריאַל [illegible] האָט זיך דער אויפרייס מיט גרויסע [illegible] און [illegible] — מיט בלוט-

פערגיעסונגען און שוידערהאפטע רציחות.

פארגעקומען איז דער אויסברוך פון דעם אזוי לאנג בעהאלטענעם געגענזאץ אויף דעם פאלגענדען אופן: זיך אומקעהרענדיג צוריק פון ט מלחמה, וואס האט זיך געענדיגט מיט א גלענצענדען נצחון איבער א שטארקען שונא, האט יוחנן-הורקנוס געלאזען איינארדנען א גרויסארטיגען מאלצייט, צו וועלכען ער האט איינגעלאדען די חשובים פון די פרושים און די צדוקים — אהן אונטערשיעד. אויף גאלדענע טישען זענען לזכרון דערלאנגט געווארען ביטערע עסענס. און ארייננקומענדיג אין זעהר א הייטערער שטימונג, האט זיך יוחנן געווענדעט צו זיינע געסט מיט דעם פארשלאג, זיי זאלען איהם אפען זאגען, צי ער האט עפעס עובר געווען געגען געזעץ און צי ער היט נישט אב פינקטליך אלע בעפעהלען און פערבאטען פון דער תורה. די געסט זענען גערירהרט געווארען פון דער דאזיגער עהרליכער פראגע, און האבען אויסגעדריקט זייער אינערליכע צופריעדענהייט מיט זיין הערשען איבערן פאלק; דאן האט זיך אויפגעהויבען איינער פון די פרושים, א געוויסער אליעזר, און זיך געווענדעט צו הורקנוס'ן מיט דער שארפער ארויספאדערונג: „אויב דו ווילסט זיין עהרליך, נעהם אראב פון זיך דעם חושן ואפוד (די כהונה-גדולה-קליידער) און בעגנוגען דיך מיט דעם הערשער-טיטול אליין"! און ווען דער ערשטוינטער יוחנן הורקנוס האט איהם געפרעגט, וואס'רע פערברעך ער האט אויף איהם אויפצווייזען, האט דער פאנאטישער אליעזר איהם פעסט און דייטליך געענטפערט: „ווייל מיר האבען געהערט פון די זקנים, אז דיין מוטער האט זיך געפונען אין געפאנגענשאפט ביי די סורי'ער (און א זוהן פון א געפאנגענער טאר אין בית המקדש נישט זיין)."

טיעף אנגעגריפען פון דער דאזיגער שענדליכער בעליידיגונג, האט יוחנן-הורקנוס זיך דאך דערווייל גאנץ רוהיג פערהאלטען צו דעם אינצידענט, און בעפעהלען צו בעשטימען א גענויע אויספארשונג וועגען דער בעשולדיגונג; ווען די אויספארשונג האט זיך אבער געענדיגט און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די בעליידיגונג האט קיין שום גרונד נישט, האט זיך זיין כעס פונאנדערגעפלאקערט. דאן האבען זיך די צדוקים בענוצט מיט דער גינסטיגער געלעגענהייט, און זייער פיהרער יהונתן האט זיך בעמיהט איינצורעדען דעם בעליידיגטען פירשט, אז די פרושים האבען איהם מיט א כיון א שליידער געטאן אין פנים אזא שווערע בעשולדיגונג, אום איהם צו ערניעדריגען אין די אויגען פון פאלק. דאס האט דעם הערשער נאכמעהר אויפגערייצט, און ער

האָט געפאָדערט פון די אָנפיהרער פון דער פּרושים-פּאַרטיי, זיי זאָלען בעשטימען אַ שטראָף פאַר דעם בעליידיגער; און ווידער איז זיין איי-געגליבע פערלעצט געוואָרען: ער האָט געגלויבט, אַז די דאָזיגע פּאַרטיי-אָנפיהרער ווילען זיך בעציהען צו דעם בעשולדיגטען זעהר האַרב און איהם משפּט'ן פאַר מאַיעסטעטס-בעליידיגונג; אַזאַ מין בעזונדער פערברעכען, אַלס אויסנאַהם, איז אָבער אינגאַנצען גאָרנישט געווען במציאות אין דעם שטראָף-קאָדעקס פון די פּרושים, און זיי האָבען איהם געמשפּט סתם פאַר רכילות.

דאָס האָט אינגאַנצען דערפילט די מאָס פון זיין פערדרוס, און דעם צדוקי'שען פיהרער איז איצט גאַנץ לייכט אָנגעקומען צו איבער-צייגען הורקנוס'ן, אַז די פּרושים זענען איהם נישט טריי און ער דאַרף זיי דורכאויס דערווייטערן פון דער מלוכה-פיהרונג.

עס איז שווער צו זאָגען, וויפיעל אמת ס'איז געלעגען אין דער איבערצייגונג און אויף וויפיעל די פּרושים זענען ווירקליך נישט צו-פרידען געווען מיט דעם קריעגערישען כהן גדול; זיכער איז אָבער דאָס, אַז דער בעליידיגטער פיהרער האָט זיך געלאָזען איבערצייגען פון די צדוקים, און איז אינגאַנצען אַריבער אויף זייער זייט. אַלע עפענט-ליכע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס פון לאַנד זענען בעזעצט געוואָרען מיט אָנהענגער פון דער צדוקי'שער פּאַרטיי, און דאָס רעזולטאַט דערפון איז געווען — אַ טיעפע שנאה צו די חשמונאים, וואָס האָט אָנגעהויבען וואַקסען אין די רייהען פון די פּרושים און זייערע אָנהענגער.

די פרוכט פון דער דאָזיגער פיינדליכער שטימונג האָט הורקנוס אַליין נישט געזעהען — ער האָט געלעבט אַ גאַנץ קורצע צייט נאָך דער איבערקעהרעניש, און איז געשטאָרבען אויף דעם איין און דריי-סיגסטען יאָהר פון זיין הערשען (106), איבערלאָזענדיג נאָך זיך פאַר די קומענדיגע דורות זכרונות פון ליכטיגע, גוטע צייטען. אין דער עפּאָכע פון זיין הערשען האָט דאָס יודישע פאָלק ערדייכט די העכסטע שטופע פון זיין גייסטיגער און מאַטעריעלער אויפלעבונג; רייך האָט דאָס פאָלק געלעבט, פריי און שטאַרק האָט עס זיך געפיהלט, און דער איבערפלוס פון זיינע גייסטיגע קרעפטען האָט זיך אויסגעגאָסען אין דער פאָרם פון פערשידענע סאָציאַלע און עטישע שטרעמונגען, אין דער פאָרם פון אַ גייסטיגען פּאַרטיי-קאַמפּף.

# פירטעס קאַפּיטעל.

## אַריסטאָבול I, אַלעקסאַנדער ינאי און שלומית אַלעקסאַנדראַ.

( 69 106 )

---

יוחנן הורקנוס האָט איבערגעלאָזען פינף זיהן: יהודה=אַריס=טאָבול, אַנטיגאָנאָס, אַלעקסאַנדער, אבשלום און נאָך איינעם אַ פינפטען, וואָס זיין נאָמען איז געבליבען אונבעקאַנט. לויט דעם געזעץ פון דער יהודה'שער קאָנסטיטוציע האָט איצט די הערשאַפט צוזאַמען מיט דער פהונה=גדולה געדאַרפט איבערגעהן צום עלטסטען זוהן, צו יהודה=אַריסטאָבול. דער לעצטער אינצידענט מיט די פרושים איז אָבער נישט אַריבער אינגאַנצען שפורלאָז, און דער אַל=טער פירשט האָט פאַר זיין טויט בעשטימט זיין פרוי אַלס הערשערין פון יהודה און זיין עלטסטען זוהן האָט ער איבערגעלאָזען בלויז דעם כהן=גדול=טיטול.

אַריסטאָבול — דער זעלביגער, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין ברודער אַנטיגאָנאָס אָבגעהאַלטען אַ גלענצענדען נצחון איבער די סאַ=מאַריער—האָט זיך אָבער מיט די כהן=גדול=קליידער נישט בענוגענט; ער האָט געוואָלט אויך הערשען. און ער האָט עס אויסגעפיהרט: — פערשליסענדיג דער מוטער אין אַ געפענגעניש, (וואו זי איז

אין גיכען אויסגעגאנגען פון הונגער) און בעזייטיגענדיג אויך די ברידער, — האט ער זיך געלאזען קרוינען אלס קעניג פון יהודה, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס לויט די טראדיציעס פון פאלק האט געקענט טראגען דעם טיטול נאר אזא, וואס אין זיינע אדערן פליעסט דאס בלוט פון דוד המלך. דער קעניגליכער טיטול האט אבער נישט פערגרעסערט נישט זיין מאכט און נישט זיין אנזעהען, און אויף די מטבעות, וואס זענען געגאסען געווארען אין זיין צייט, שטעהט אויך נישט מעהר, ווי: „יהודה כהן גדול וחבר היהודים (יהודה דער כהן גדול און די יהוד'ער-געזעלשאפט)".

אין זיין בעציהונג צו די פארטייען איז אריסטאבול נאך פיעל ווייטער אוועק פון זיין פאטער (אין די לעצטע יאהרען) און ווי ס'איז צו זעהען פון די ווייניגע ידיעות, וואס זענען דערגאנגען צו אונז איבער דער קורצער צייט פון זיין הערשען, האט ער זיך אינגאנצען אונטערגעווארפען דעם איינפלוס פון די וועלטליכע צדוקים. צוליעב זיין איבערטריבענער ליעבע צו אלעם גריכישעס איז ער פון די גריכישע היסטאריקער געקרוינט געווארען מיט דעם ביינאמען פילהעללען (העלענענפריינד); גראד דאס אבער האט אבגעשטויסען פון איהם די ברייטע מאסען פון פאלק, וועלכע זענען געשטאנען אויף דער זייט פון די פרושים און האבען זיך געהאלטען ביי די נאציאנאלע טראדיציעס און מנהגים.

קעניג אריסטאבול איז נישט בעליעבט געווען ביים פאלק אויך צוליעב זיינע אכזריות'דיגע מעשים געגען זיין מוטער און געגען זיינע ברידער. פון די לעצטע האט אריסטאבול געלאזען ביי זיך נאר זיין ליעבלינג אנטיגאנאס, און ווען זיינע הויף-יועצים האבען איהם איינגערעדט, אז ער, אנטיגאנאס, זוכט זיך צו ערווערבען די ליעבע פון דער ארמעע און פון פאלק, אום לייכטער צוצוקומען צו דער מאכט, — האט ער אויך איהם געלאזען אומברענגען.

דער דאזיגער טרויעריגער פאקט ווערט פון פאלק אזוי געשילדערט: ס'איז געווען סוכות, און דער קעניג אריסטאבול איז געלעגען קראנק. דערווייל האט זיך אנטיגאנאס אומגעקעהרט פון א געלונגענער מלחמה, און גלייך נאך זיין אנקומען אין שטאדט, האט ער זיך, אין פולער בעוואפנונג און אן דער שפיץ פון דער ארמעע, געלאזען געהן צום בית-המקדש, אום אבצוריכטען די עבודה און אבצוהאלטען א תפלה פאר'ן קעניגס געזונד. דאס פאלק האט דעם בעליעבטען פרינץ בע-

גײַסטערט אויפגענומען, און דערכּיט האָבען זיך זײַנע שונאים בענוצט,
אום צו פערזיכערן דעם קראַנקען קעניג, אַז זײַן ברודער טראָגט זיך
אַרום מיט אַ פּלאַן פון אַ מלוכה=איבערקעהרעניש און צו דעם צוועק
האָט ער זיך עס איצט אַזוי פײַערליך אַװעקגעלאָזען צום בית=המקדש.
דער אויפגערײַצטער קעניג האָט דאַן אָבגעגעבען אַ בעפעהל זײַן לײַב=
וואַך — צו טוידטען יעדען, וואָס וויַעט פרובען אַרײַנגעהן אין פּאַלאַץ
אַ בעוואָפּענטער, און אין דער זעלביגע צײַט האָט ער געשיקט אַ גע=
הײמען שליח צו אַנטיגאָנעס'ן מיט דעם אָנזאָג, דער לעצטער זאָל זיך
גלײַך מעלדען צו איהם נישט בעוואָפּענט. דער שליח איז אָבער
איבערגענומען געוואָרען פון די פערביסענע הויף=לײַט, וועלכע האָבען
איהם אָנגערעדט. ער זאָל איבערגעבען אַנטיגאָנאָס'ן אים קעניג'ס נאָ=
מען, ער זאָל שוין קומען אין פּאַלאַץ אין זײַן נײַער בעוואָפּנונג; אַנ=
טיגאָנאָס האָט ערהאַלטען דעם פאַלשען בעפעהל, און איז גלײַך אַוועק
צום פּאַלאַץ, — וואו ער איז דערהרג'עט געוואָרען פון זײַן ברודער'ס
לײַב=שומרים. דער טוידט פון דעם געליעבטען ברודער האָט נאָכמעהר
פערשטאַרקט די קראַנקהײַט פון דעם פיזיש=שוואַכען קעניג, און ער איז
אין אַ קורצע צײַט אַרום געשטאָרבען, זיצענדיג אויפ'ן טראָן נישט
מעהר ווי איין יאָהר.

די אויסערליכע פּאָליטיק פון יהודה האָט זיך ווײַטער געפיהרט
אין דער ריכטונג פון דעם אַלטען יוחנן=הורקנוס, און אַריסטאָבול האָט
אויך געשטרעבט צו פערברײַטערן די גרענעצען פון זײַן לאַנד. ער
האָט אונטערגענומען אַ קריעגס=צוג (צוזאַמען מיט זײַן ברודער אַנטי=
גאָנאָס) געגען די איטור'עער און טראַכאָניטען און האָט אַרײַנ=
גענומען דעם גאַנצען געביט, וואָס זיי האָבען בעוואוינט, אין די גרע=
נעצען פון יהודה; דערבײַ האָט ער זיך אויך געהאַלטען בײַ זײַן פאָ=
טער'ס סיסטעם, און די בעזיעגטע פעלקער זענען געצוואונגען געוואָ=
רען אָנצונעהמען די יודישע אמונה.

נאָך אַריסטאָבול'ס טוידט איז דער טראָן פון יהודה איבערגעגאַנ=
גען צו זײַן יונגערען ברודער יהונתן אָדער יאַנאַי, מיט דעם
גריכישען נאָמען אַלעקסאַנדער. ער איז געווען דער עלטסטער פון
די דרײַ געפאַנגענע ברידער, וואָס די אַלמנה פון דעם פערשטאָרבע=
נעם קעניג האָט איצט בעפרײַט, און אַזוי ווי אַריסטאָבול איז געשטאָר=
בען אָהן קינדער, האָט דער נײַער קעניג און כהן גדול, אַלעקסאַנ=
דער=ינאי חתונה געהאַט (מיבם געווען) מיט דער אלמנה פון

זיין פערשטאָרבענעם ברודער, וואָס האָט זיך אויך גערופען מיט אַ דאָפעלען נאָמען: שלומית אַלעקסאַנדראַ.

ווי ס'איז צו גלויבען, האָט דער נייער קעניג אין דער ערשטער צייט זיך דערנעהנטערט צום פאָלק און זאָגאַר אויך צוריקגעגעבען די פרושים זייערע אַלע אַמאָליגע פּאָסטענס. דער פיהרער פון די פרושים, שמעון בן שטח, האָט אָנגעהויבען, אַלס אַ ברודער פון דער קעניגין, אָפט צו קומען אין הויף, און דאָס פאָלק בכלל האָט זיך בעצויגען צום קעניג מיט צוטרוי און ליבע; דער דאָזיגער צושטאַנד האָט זיך אָבער לאַנג נישט געצויגען. אַ זוהן פון אַ קריגערישער פאַמיליע איז אַלעקסאַנדר יאַנאַי פון געבורט אָן געווען אַ סאָלדאַט, און דערצו איז צוגעקומען נאָך אַ אומשטאַנד, וואָס האָט איהם געהאָלפען בעזונדער שטאַרק ענטוויקלען זיינע קריגערישע איינגענשאַפטען. דער אַלטער יוחנן-הורקנוס האָט דעם איצטיגען קעניג אין דער יוגענד נישט ליעב געהאַט, און נישט קענענדיג איהם פערטראָגען נעבען זיך, האָט ער איהם אַוועקגעשיקט ערציהען קיין גליל, וואו דער נישט-בעגאַבטער פרינץ האָט זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען זיינע קריגערישע נייגונגען. איצט, ווען דער צופאַל האָט דעם קאַמפּפס-לוסטיגען אַלעקסאַנדער-יאַנאַי אַוועקגעשטעלט אָן דער שפּיץ פון דער יהודה'שער מלוכה, האָט ער געזעהען פאַר זיך נאָר איין איינציגע מיסיע: וואָס מעהר מלחמות, וואָס מעהר קאַמפּפס-נצחונות. איהם האָט אָבער געפעהלט די פיהרער-קראַפט און דער פּאָליטישער טאַקט, און מיט זיינע אומגעלומפּערטע אַרויסטרעטונגען האָט ער נאָר פערשוועכט די פאָלקס-קרעפטען, און נישט איין מאָל צוגעבראַכט זיין מלוכה ביז'ן שוועל פון אָבגרונד. אויב אַלעקסאַנדער יאַנאַי'ן איז יאָ געלונגען דורכשניטליך צו פערברייטערן די גרענעצען פון יהודה אין די זיעבען און צוואַנציג יאָהר פון זיין הערשען, האָט ער עס געהאַט נאָר זיין גליק צו פערדאַנקען, און יעדענפאַלס נישט זיין קלוגהייט און זיין קראַפט. ווי זיין פאָטער, האָט ער זיך אויך בענוצט אין זיינע קריגס-צוגען מיט געדונגענע סאָלדאַטען פון די אַרומיגע שבטים: די פּיזידע'ער און ציליציע'ער. צו די סורישע סאָלדאַטען האָט ער קיין צוטרוי נישט געהאַט, צוליעב דער פיינדליכער שטימונג, וואָס האָט געגליהט ביי זיי אין האַרצען, בנוגע צו זייער אַמאָליגער וואַסאַלין, צו יהודה.

אַלעקסאַנדער'ס ערשטער בליק איז געווען געווענדעט אויף ד ברעג-לענדער פון דעם מיטעללענדישען ים, וועלכע זענען איצט, צו-

ליעב די אַרומרײַסענישען אין׳ם סורישען הויף, איננאַנצען אונאָבהענגיג געוואָרען; און פון די דאָזיגע פרײַע טעריטאָריומס, וועלכע זענען געוועזען בעפעלקערט מיט גרעקען און פיניקער, האָט בעזונדער צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקײַט פונ׳ם יהודה׳שען קעניג די שטאָדט פּטאָלאָמעאוס (עכו) מיט איהר רײַכער בעפעלקערונג און אויסגעצייכענטען האַפען. דער קריגערישער אַלעקסאַנדער יאַנאַי האָט בעלאַגערט די דאָזיגע שטאָדט מיט אַ גרויסער מחנה סאָלדאַטען; דאַן האָבען זיך די אײַנוואוינער געווענדעט נאָך הילף צו דעם עגיפּטישען פּרינץ פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס, וועלכער האָט געפיהרט אַ קאַמפּף געגען זײַן מוטער קלעאָפּאַטראַ. דער לעצטער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פאָרשלאַג, וואָס איהם האָט געגעבען די מעגליכקײַט אי צו פערגרעסערען זײַן מאַכט, אי זיך צוצורוקען נעהנטער צו די גרענעצען פון זײַן מוטער׳ס מלוכה, און ער איז צוגעקומען מיט דרײַסיג טויזענד סאָלדאַטען צו דעם יהודה׳שען האַפען. אַ קורצע צײַט זענען די פײַנדליכע לאַגערן געשטאַנען אײַנער געגען אַנדערן, און ענדליך אין אַ שבת׳דיגען טאָג, האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די גרויסע שלאַכט, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דער פאָלשטענדיגער מפּלה פון דער יהודה׳שער אַרמעע. טויזענדער געפאַלענע זענען אויפ׳ן שלאַכט-פעלד געבליבען, מאַסען זענען געפאַנגען געוואָרען און די איבריגע זענען זיך צולאָפען. און דערמיט אַליין האָט זיך נאָך דער עגיפּטישער פּרינץ נישט בעפריעדיגט: ער איז שרעקליך אויפגערייצט געוועזען געגען דער בעפעלקערונג פון יהודה דערפאַר, וואָס די יהוד׳ער אין עגיפּטען שטיצען זײַן מוטער אין איהר קאַמפּף מיט איהם פאַר׳ן עגיפּטישען טראָן, און אויסער זײַן נצחון איבער אַלעקסאַנדער׳ן האָט ער זיך נאָך געוואָלט נוקם זײַן אויך אָן די פריעדליכע אײַנוואוינער פון יהודה. ער האָט זיך אַרײַנגעריסען אין לאַנד און געהרג׳עט און גערויבט נישט שוינענדיג אפילו — פרויען און קלײַנע קינדער.

אַלעקסאַנדער יאַנאַי האָט זיך דאַן געזעהען געצוואונגען נאָכצוגעבען דעם שטאַרקען געגנער, און ער האָט געשלאָסען אַ פריעדענס-אָבמאַך מיט דעם עגיפּטישען פּרינץ. דאָס איז אָבער געוועזען נישט מעהר, ווי אַ דיפּלאָמאַטישער מאַנעוור, אום צו געווינען צײַט; אַלעקסאַנדער האָט כלומר׳שט נאָכגעגעבען אַלע פאָדערונגען פון דעם עגיפּטישען טראָן-פּרעטענדענט, און אין דער זעלביגער צײַט האָט ער שוין געהאַט פאַרטיג אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך נוקם צו זײַן אָן זײַן בעזיגע-

גער און ווי אַזוי צוריק צו געווינען די אַלע פערלוירענע פאָזיציעס און פריווילעגיעס. ער האָט געשלאָסען אַ געהיימען אָבמאַך מיט פּטאָלאָמעי'ס מוטער, וועלכע האָט געקוקט מיט שרעק אויף דעם אונגעהויערען נצחון פון איהר זוהן און איז אויך געווען פעראינטערעסירט אין דעם, איהם וואָס מעהר אָבצושוואַכען.

און דאָ האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען די בלויזע צופעליגקייט פון אַלעקסאַנדער'ס פּאָליטיק, וואָס האָט דעם יהודה'שען פאָלק שיער נישט געקאָסט זיין פרייהייט. בעקומענדיג פון אַלעקסאַנדערן דעם פאָרשלאָג, איהם צו שטיצען מיט מיליטער, איז אין דעם עגיפּטישען מלוכה-ראַט דערוועקט געוואָרען די פראַגע, צי לוינט נישט פאַר קלעאָפּאַטראַ'ן אויסצונוצען אייננאַנצען די הילפלאָזע לאַגע פון יהודה און זי צוריק איינצושליסען אין דער רייהע פון די עגיפּטישע פּראָווינצען — אַזוי ווי זי איז געווען אַמאָל. און דער דאָזיגער פּלאַן וואָלט זיכער אָנגענומען ווערן, און יהודה וואָלט זיכער אַרונטערפאַלען אונטער דער מאַכט פון אַ פרעמדער מלוכה; דאָ איז אָבער צוגעקומען אַ זייטיגער פאַקטאָר, וואָס האָט געווירקט צום גונסטען פון דער יהודה'שער זעלבסטשטענדיגקייט און זי ביים לעבען דערהאַלטען: אין דער עגיפּטישער אַרמעע האָבען צוויי אַלעקסאַנדריניש̇ע יודען, די ברידער חלקיה און חנניה, פערטרעטען זעהר הויכע פּאָסטענס, און אָט דער לעצטער איז שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען דעם פּלאַן פון פערשקלאַפען יהודה. ער האָט דער עגיפּטישער קעניגין פּשוט געדראָהט מיט אַ אויפשטאַנד פון אַלע איהרע יודישע אונטערטאַנען, און דערצו איז די בעדייטונג פון זיינע פערזענליכע פעהיגקייטען אַלס דיפּלאָמאַט און קריעגספיהרער אויך צו גרויס געווען, אום צו קענען זיך נישט רעכנען מיט זיין צופריעדענהייט אָדער אונצופריעדענהייט.

קלעאָפּאַטראַ האָט זיך אַלזאָ געמוזט אָבזאָגען פון די אַלע פיינדליכע פּלענער געגען יהודה, און נאָך דעם אָבמאַך, וואָס זי האָט געשלאָסען מיט אַלעקסאַנדערן, האָט זי איהם אַרויסגעשיקט צו הילף אַ גרויסע מחנה סאָלדאַטען אונטער דער אָנפיהרונג פון די זעלביגע צוויי יודישע ברידער. די דאָזיגע עגיפּטישע אַרמעע האָט מציל געווען נישט בלויז די פרייהייט פון דעם יודישען פאָלק, נאָר אויך — זיין לעבען, ווארום פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס האָט זיך נאָך פריהער דערוואוסט פון די אונטערהאַנדלונגען, וואָס אַלעקסאַנדער פיהרט מיט זיין מוטער, און ער האָט שוין געהאַט אַ גרויסען טייל פון דער יהודה'שער

ערד מיט יודיש בלוט פערגאָסען—מיט בלוט פון יודישע מוטער׳ס און יודישע קינדער, וועלכע זענען צוהאַקט געוואָרען אויף קליינע שטיקלעך און געוואָרפען געוואָרען אין קאָלענדיגען וואַסער. לאַטוראָס האָט שוין געהאַט איינגענומען די שטאַרקסטע פונקטען פון יהודה; צוקומענדיג צו עזה האָט איהם אָבער בעגעגענט די עגיפּטישע אַרמעע, און נאָך אַ גאַנצער רייהע צוזאַמענשטויסען אויפ׳ן ים און אויף דער יבשה האָט דער יודישער אָנפיהרער פון קלעאָפּאַטראַ׳ס מיליטער (חלקיה איז געבליבען אויפ׳ן שלאַכט-פעלד) בעזיעגט איהר זוהן — דעם עגיפּטישען קרוין-פרינץ. דער לעצטער האָט זיך דאַן אומגעקעהרט צוריק אויף זיין אינזעל ציפּער, און יהודה האָט פריי אָבגעצויגען דעם אָטעם נאָך די אַלע איבערגעלעבטע בלוטיגע אונרוהיגע געשעהענישען.

אַרום זעקס-זיעבען יאָהר האָט זיך די שטילע צייט געצויגען. דאָס אינערליכע לעבען אין לאַנד איז זיך דערוויילע געגאַנגען מיט זיין וועג, און אַזוי לאַנג ווי דער קריעגערישער קעניג איז געווען פערנומען מיט זיינע מלחמות, האָט ער זיך בעצויגען גאַנץ נייטראַל צו די אייביגע סכסוכים צווישען די פרושים מיט די צדוקים, אָדער ער האָט זיך אינגאַנצען נישט אינטערעסירט מיט זיי. נעהנטער צו די סכסוכים איז געשטאַנען זיין פרוי שלומית, וועלכע איז אַליין געווען אַ היימישע אָנהענגערין פון די פרושים, און אַ דאַנק איהר איינפלוס איז איהר ברודער, שמעון בן-שטח, אימשטאַנד געווען אויסצוגלייכען אַלע מחלוקת׳ען און צו דערהאַלטען דעם עפענטליכען שלום.

די דאָזיגע נייטראַליטעט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. אָדער די קריעגערישע שטרעמונגען פון דעם מגושם׳דיגען קעניג האָבען זיך אָנגעשטויסען אָן די אייביגע נבואה-אידעאַלען פון די פרושים-פאָלקס-פיהרער, אָדער דער דעספּאָטישער הערשער האָט געזעהען אין דעם צוריק ערוואָרבענעם איינפלוס פון די דעמאָקראַטישע פרושים אַ שטערונג אויף דעם וועג פון זיין מאַכט, אָדער ער האָט סתם געוואָלט צוציהען אויף זיין זייט די קריעגערישע צדוקים, — אַ פאַקט איז, אַז אַלעקסאַנדער איז מיט איין מאָל אַרויסגעטרעטען אַלס אָפענער געגנער פון די פרושים און האָט אויף אַ חוצפה׳דיגען אופן אָנגעגריפען זייערע היילינגסטע געפיהלען. דאָס איז געווען אינ׳ם יום-טוב סוכות, און אַלעקסאַנדער האָט ערפילט די עבודה אין בית המקדש אַלס כהן גדול. דאָס פערזאַמעלטע פאָלק איז געשטאַנען טיעף בעגייסטערט פון דער ערומיגער פייערליכקייט, פון דער ערומיגער היייליגער שטימונג און

האט געווארט אויף דעם מאמענט, ווען דער כהן גדול וועט, לויט אנ'אלטער מסורה, ארויפגיסען א זילבערן קענדיל וואסער אויפ'ן מזבח; דער לעצטער האט דאס אבער נישט געטאן, און אנשטאט ארויפצוגיסען דאס וואסער אויפ'ן מזבח, האט ער עס מוטווילינג אויסגעגאסען פאר זיינע פיס. פערביטערט און אויפגעקאכט פון דעם דאזיגען חוצפה'דיגען ארויסטריט האבען די פערזאמעלטע פערוואָרפען דעם פערהאסטען כהן גדול מיט די אתרוגים, וואס זיי האבען געהאלטען אין די הענד, און עס וואלט אפשר דער שענדליכער בעליידיגער פון די פאלקס-געפיהלען מיט זיין לעבען בעצאהלט דערפאר, ווען ער וואלט נישט רופען גלייך צו הילף זיינע געדונגענע פיזידישע און ציליצידישע סאלדאטען, וועלכע זענען ווי צוגעגרייט געווען צו דעם אויפשטאנד און האבען זיך ווי צורייצטע, ווילדע חיות ארויפגעווארפען אויפ'ן פאלק. ביז זעקס טויזענד מאן זענען דאן געפאלען אין בית המקדש אלס קרבנות פון אלעקסאנדער'ס אכזריות, און אום אויסצומיידען נאך אזא אויסברוך פונ'ם פאלקס-צארן אין דער צוקונפט, האט ער זיין פלאץ אין בית המקדש אבגעטיילט פון דעם זאל, וואו דאס פאלק האט זיך געפונען, מיט א הויכער וואנט. און נישט נאר אין בית המקדש — נאך דעם בלוטיגען צוזאמענשטויס איז אויך אין לעבען אנ'אייזערנע וואנט אויסגעוואקסען, א וואנט פון צארן און פערביטערונג, וואס האט אבגעטיילט דעם פאלק פון זיין טיראנישען הערשער מיט זיינע שטיצער און אנהענגער. די אונגליקליכע שפאלטונג אין דעם יודישען פאלקס-לעבען פאר די צייטען פון רחבעם און ירבעם האט זיך איצט איבערגעחזר'ט אין דער געשטאלט פון די ביידע פארטייען, וואס זענען גרייט געווען צו קעמפפען צווישען זיך — אויף לעבען און טוידט.

און דער בלוטיגער הערשער האט זיך צוריק צו זיין ארבייט גענומען — שוין צו לאנג איז ער אויף איין ארט געזעסען. ער האט זיך נאך אלץ ארומגעטראגען מיט זיינע גרויסע קריעגס-פלענער, און איצט האט ער געגלויבט צו געפינען אנ'אויסרעד דערצו. ער האט געווארפען אנ'אויג אויף די געגענדען פון יענער זייט ירדן און אין דרום-מזרח זייט פון טבריה, און האט זיך אוועקגעלאזען אהין מיט מיליטער; איהם איז אבער ארויס אנטקעגען דער נאבאטע'אישער קעניג אבאדא און האט איהם פערנארט אין א טיפען גראבען צווישען די גלעד-בערג, וואו אלעקסאנדער'ס ארמעע איז כמעט אינגאנצען

אומגעקומען און ער אליין איז קוים א לעבעדיגער צוריקגעקומען קיין ירושלים.

דאס האט נאכמעהר צופלאמט די פערביטערונג פון די פרושים און זיי נייעם שטאף געגעבען צו דער אגיטאציע געגען אלעקסאנדערן. אין א פערלויף פון זעקס יאהר (פון 84 ביז 89) האבען נישט אויפגעהערט די בלוטיגע אויפשטאנדען און די אינערליכע מלחמות. אלעקסאנדערן האט זיך אפילו איינגעגעבען צו דערשטיקען יעדען אויפשטאנד גלייך ביי זיין אויסברוך מיט דער הילף פון געדונגענע סאלדאטען; די אינערליכע פערביטערונג פון פאלק איז ער אבער נישט אימשטאנד געווען איינצושטילען. ביי יעדער „בערוהיגונג“ איז בלוט פערגאסען געווארען און דאס האט געדיענט אלס אנהויב פאר א נייעם אויפשטאנד.

ענדליך איז דער דעספאטישער אלעקסאנדער שוין אויך מיעד געווארען, און ער האט דער ערשטער אויסגעשטרעקט זיין האנד צו די פרושים; זייער פערביטערונג איז אבער צו שטארק, צו גיפטיג געוועזען און זיי האבען זיין האנד אבגעשטויסען. אלעקסאנדער האט פארגעלעגט די פרושים, זיי זאלען איהם ארויסשטעלען זייערע פריעדענס-בעדינגונגען; אויף דעם האבען די לעצטע איהם געענטפערט, אז זייער ערשטע בעדינגונג איז — זיין טוידט.

און ביז אזוי ווייט איז דערגאנגען דער פערביטערטער כעס פון די פרושים, און אזוי שטארק האט געפלאמט אין זייערע הערצער דער דורשט, זיך נוקם צו זיין אן דעם בלוטיגען הערשער מיט זיינע יועצים און שטיצער, אז זיי האבען גארנישט בעמערקט די אונגליקען, וואס רייסען זיך ארייין אין לאנד צוזאמען מיט די בלוטיגע ברידער-מלחמות, און ביי זיי איז רעכט געווארען זיך צו ווענדען צו דעם דעמאלדיגען סירישען קעניג, דימיטריאס אייקעראס, מיט דעם פארשלאג, ער זאל ארייינפיהרען זיינע סאלדאטען אין יהודה און קעמפפען מיט זיי צוזאמען געגען דעם חשמונאי'שען הערשער, וואס האט פערפלעקט דעם טראן מיט'ן בלוט פון זיין פאלק.

און ס'איז ווירקליך אזוי געוועזען. אנטיוכס עפיפאנוס'עס אייניקעל האט מיט פערגניגען אנגענומען דעם פארשלאג פון די יהודה'שע רעוואלוציאנערען, און זיך גלייך אריינגעריסען מיט א מחנה סאלדאטען אין צענטר פון יהודה; דאן איז איהם אלעקסאנדער ארויס אנטקעגען ביז שכם, און אויף דער שומרונישער ערד האט זיך צופלא-

קעֶרט אַ בלוטיִגעֶ שלאַכט, איִן וועֶלכעֶר עֶס האָבעֶן געֶקעֶמפפט יודעֶן געֶגעֶן יודעֶן און גריִכעֶן געֶגעֶן גריִכעֶן.

געֶעֶנדיִגט האָט זיִך דעֶר בלוטיִגעֶר צוזאַמעֶנשטויס מיִט דעֶר פאָלשטעֶנדיִגעֶר פעֶרניִכטונג פון אַלעֶקסאַנדעֶר'ס געֶדונגעֶנעֶ מחנות, און עֶר אַליין האָט געֶמוזט אַנטלויפעֶן און זיִך בעֶהאַלטעֶן איִן די בעֶרגפון אפרים (98).

דאָ האָבעֶן זיִך די יהודה'שעֶ רעֶוואָלוציאָנעֶרעֶן אָבגעֶשטעֶלט. זיי האָבעֶן זיִך נוקם געֶוועֶן אָן דעֶם פעֶרהאַסטעֶן קעֶניִג: עֶר איִז עֶלעֶנד, פעֶרטריִעבעֶן, זיין מאַכט איִז דעֶרשלאָגעֶן. וואָס וועֶט אָבעֶר מיִט'ן פאָלק זיין? סאָלדאַטעֶן פון אַ פרעֶמדעֶר מלוכה האָבעֶן איִן זייעֶרעֶ העֶנד יהודה'שעֶ שטעֶדט, יהודה'שעֶ דעֶרפעֶר; קיִנדעֶר פון אַ פרעֶמדעֶן, געֶצעֶנדיִענעֶריִשעֶן פאָלק קעֶמפפעֶן פאַר די יודיִשעֶ איִדעֶאַלעֶן, זעֶנעֶן זיִך נוקם פאַר פעֶרשוועֶכטעֶ יודיִשעֶ הייליִגקייטעֶן. שטעֶהט דאָ ניִשט פאָר אַ שרעֶקליִכעֶ געֶפאַהר פאַר דעֶם קיום פון דעֶר גאַנצעֶר אומה?

און דאָס פאַטריאָטיִשעֶ געֶפיִהל האָט געֶזיִעגט: זעֶקס טויזעֶנד פרושים זעֶנעֶן איִבעֶרגעֶגאַנגעֶן אויף אַלעֶקסאַנדעֶר'ס זייט, און דעֶר סיִריִשעֶר העֶרשעֶר האָט געֶמוזט פעֶרלאָזעֶן דאָס לאַנד. געֶבליִעבעֶן איִז אָבעֶר נאָך אַ גרויסעֶ צאָהל פעֶרביִסעֶנעֶ און וויִטעֶנדעֶ פרושים-רעֶוואָלוציאָנעֶרעֶן, וואָס האָבעֶן בעֶשלאָסעֶן וויַיטעֶר צו פיִהרעֶן דעֶם קאַמפף געֶגעֶן אַלעֶקסאַנדעֶרן אָהן דעֶר היִלף פון פרעֶמדעֶ סאָלדאַטעֶן; זיי איִז אָבעֶר אַלעֶקסאַנדעֶר'ן ניִשט שוועֶר אָנגעֶקומעֶן צו בעֶזיִעגעֶן, און ווען זיי האָבעֶן זיִך עֶנדליִך בעֶהאַלטעֶן איִן דעֶר פעֶסטונג ביתם, האָט עֶר זיי בעֶלאַגעֶרט און אייַנגעֶנומעֶן. די געֶפאַנגעֶנעֶ רעֶוואָלוציאָנעֶרעֶן זעֶנעֶן אָבגעֶפיִהרט געֶוואָרעֶן איִן ירושלים, און וויִדעֶר האָט דעֶר מעֶרדעֶריִשעֶר קעֶניִג פעֶרפלעֶקט די גאַסעֶן פון דעֶר יהודה'איִשעֶר הויפטשטאָדט מיִט אַ שוידעֶרהאַפטעֶר בלוט-באָד: עֶר האָט געֶלאָזעֶן (אונטעֶר דעֶם אייַנפלוס פון זיין צדוקישעֶן פריינד דיאָגאָן) אויפהעֶנגעֶן אַכט הונדעֶרט פון די געֶפאַנגעֶנעֶ רעֶוואָלוציאָנעֶרעֶן, טוידטעֶנדיִג פריִהעֶר זייעֶרעֶ ווייבעֶר און קיִנדעֶר — זיי איִן די אויגעֶן.

די לעֶגעֶנדעֶ גיִט נאָך צו, אַז וועֶהרעֶנד די דאָזיִגעֶ בלוטיִגעֶ סצעֶנעֶס, האָט אַלעֶקסאַנדעֶר זיִך געֶפונעֶן איִן דעֶר געֶזעֶלשאַפט פון אויסגעֶלאַסעֶנעֶ פרויעֶן, מיִט וועֶלכעֶ עֶר האָט געֶשכּוֹר'ט און געֶהוליעֶט. איִז דאָס געֶוועֶן פשוטעֶ אַכזריות פון אַ מעֶרדעֶריִשעֶר נאַטור אָדעֶר אַ פעֶרשכּוֹר'טעֶר אויסברוך פון לאַנג דעֶרשטיִקטעֶ, נקמה-לייַדעֶנשאַפטעֶן? ני-

כער לאזט זיך גלויבען דאס ערשטע, און אלס אזעלכען האט איהם אנערקענט אויך דאס פאלק, קרוינענדיג איהם מיט דעם שענדליכען ביינאמען „טרפי״ (ווילדער, תלין, רוצח); אלעקסאנדער האט זיך אבער צו דער צייט גאנץ ווייניג גערעכענט מיט דער שטימונג פון פאלק און ער האט איצט מיט פולער צופריעדענהייט געפייערט דעם יום טוב פון זיין פאלשטענדיגען נצחון איבערן אינערליכען שונא. ביז פופציג טויזענד מאן פון ביידע זייטען זענען אומגעקומען אין דעם פערלויף פון דער צייט, זינט עס האבען זיך אנגעהויבען אין לאנד די בלוטיגע מלחמות, און איצט האבען די פרושים איננאנצען בעפרייט אלעקסאנדער'ן מיט זיין באנדע פון יעדער פעראנטווארטליכקייט. די גרויזאמע שחיטות און רציחות פון דער לעצטער צייט האבען אונמעגליך געמאכט פאר די פרושים, צו פערבלייבען אין לאנד, און אין דער נאכט פון די אכט הונדערט תליות זענען אכט טויזענד פרושים, מיט זייער אנפיהרער שמעון בן שטח, אנטלאפען פון יהודה. מיט טיעפע וואונדען אין הארצען האבען די דאזיגע בעסטע זיהן פון פאלק זיך דערווייטערט פון זייער היים פון זייערע בערגער און טאלען, פון זייער בית־המקדש; זייערע אויגען זענען אבער אויך ווייטער געווענדעט געבליבען צו דער זייט פון יהודה, און טיעף אין הארצען האבען זיי נישט אויפגעהערט צו האפען אויף יענער צייט, ווען גאט וועט אויפריכטען זייער לאנד און עס בעפרייען פון זיינע שלעכטע אכזרי'שע פיהרער. בעזעצט האבען זיך די עמיגראנטען אין סוריען און מצרים.

און יהודה האט זיך „בערוהיגט״ — קיינער איז דעם בלוטיגען הערשער אין וועג נישט געשטאנען. ער האט זיך דעריבער געקענט איצט פריי איבערגעבען זיין אלטער ליידענשאפט צו פיהרען מלחמות, און ער האט עס ווירקליך געטאן. נישט קוקענדיג אויף זיינע אלע מפלות האט זיך אלעקסאנדער'ן שוין ביז דער צייט דאך געהאט איינגעגעבען צו פערגרעסערן יהודה מיט א גאנצער רייהע שטעדט און געגענדען: אויף דער זייט ירדן פון ראפיא אין דרום ביז צו די כרמל־בערג אין צפון, און אויף יענער זייט — פון סעליציא אין צפון ביז דער פאלמען־שטאדט צער, אין דרום־זייט פון ים המלח. די איינגענומענע פונקטען האט אלעקסאנדער געלאזען גוט בעפעסטיגען, און די פעסטונגען אלעקסאנדריאן ביים ירדן, מכור ביים ים המלח און הירקאניאן, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען נאך פאר

זיין פאָטער , זענען געווען בעריהמט אַלס אונבעזיעגבאַרע שוץ=פּאָזיציעס .
צוזאַמען מיט די פיעל איינגענומענע געביטען איז אַרונטערגעפאַלען
אונטער דער יהודה'שער קרוין אויך אַ גרויסע גריכישע בעפעלקע=
רונג , און אַלעקסאַנדער האָט געלאָזען אויסגיעסען מטבעות , וואָס האָ=
בען געהאַט אויף זיך צוויי אויפשריפטען : אַ העבּרעאישען מיט
אַ גריכישען . דאָס איז געווען דער ערשטער פאַקט אין דער נייער
יודישער מלוכה פון בענוצען זיך אָפיציעל אויך מיט אַנ'אַנדער שפּראַך
אויסער העבּרעאיש . די דאָזיגע בּיידע אויפשריפטען האָבען בעצייכענט
אַלעקסאַנדער'ן אַלס קעניג , ווערענד די פריהערדיגע מטבעות האָ=
בען נאָך געטראָגען אויף זיך דעם טראַדיציאָנעלען בלויז=העבּרעאישען
אויפשריפט : יהונתן הכהן הגדול וחבר היהודים (יהונתן — ינאי —
דער כהן גדול און די יהוד'ער=געזעלשאַפט) .

איצט האָט זיך אַלעקסאַנדער ווידער אַוועקגעלאָזען אויפ'ן
שלאַכט=פעלד , און נאָך אַ דריי=יעהריגען קאַמפּף מיט פערשיעדענע
נעגנער , וואָס האָט זיך געענדיגט אַמאָל מיט אַ מפּלה און אַמאָל מיט
אַ נצחון פון דער יהודה'שער אַרמעע , — האָט זיך אַלעקסאַנדער דאָך
אומגעקעהרט קיין ירושלים אַלס זיעגער . יהודה איז ווידער פער=
גרעסערט געוואָרען מיט עטליכע בעדייטענדע טעריטאָריומס , און דער
אַלטער חלום פון די ערשטע חשמונאים איז שוין כמעט פערווירקליכט
געוואָרען : די גרענעצען פון יהודה האָבען פערנומען דעם גאַנצען
שטח — פון ים ביז'ן מדבר . די דאָזיגע נצחונות פון דער לעצטער
צייט האָבען געמילדערט אַביסל אויך די בעציהונג פון פאָלק צום קע=
ניג , און עס האָט זיך געלאָזען גלויבען , אַז די אַלע אַלטע חטאים
און רציחות פון דעם גרויזאַמען הערשער זענען פערשוואונדען געוואָ=
רען פונ'ם פאָלקס זכרון .

בכלל האָט זיך אַלעקסאַנדער אין דער צייט גאַנץ וועניג אָבגע=
געבען מיט די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד — ער איז
בסדר פערנומען געווען מיט זיינע מלחמות . ליידענדיג פון אַ שטאַר=
קען פיעבער , וואָס האָט איהם אונאויפהערליך געמאַטערט אין די
לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען , האָט ער דאָך דאָס בעליעבטע
שלאַכט=פעלד נישט פערלאָזען , און ביי איינער פון זיינע מיליטערישע
אָפּעראַציעס , ביי דער בעלאַגערונג פון ר אַ ג אַ ב אַ , האָט זיך זיין
קראַנקהייט שטאַרק פערערגערט . דער שאָטען פון טוידט האָט אָנגע=
הויבען אַרומשוועבען פאַר די אויגען פון דעם קריגערישען הערשער ,

און — דאָס געוויסען האָט אין איהם ערוואַכט. ער האָט בעשטימט דער פרומער און עהרליכער קעניגין, וועלכע איז צו איהם געקומען, אלס פאַקטישע מלוכה-פיהרערין און האָט איהר אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך דערנעהנטערן צו די פ ר ו ש י ם, זי זאָל זיי איבערגעבען די גאַנצע הנהגה פון לאַנד און קיין זאַך נישט טאָן אָהן זייער איינשטימונג, דערביי האָט ער איהר אויך אויסגעדריקט זיין ווילען, מ'זאָל די סאָלדאַטען נישט געבען צו וויסען וועגען זיין טוידט, אַזוי לאַנג ביז די בעלאַגערטע פעסטונג וועט זיך נישט אונטערגעבען, און דאַן — זאָל מען זיין קערפער איבערגעבען צו די פרושים אין די הענד, זיי זאָלען איבער איהם אויסאיבען זייערע נקמה-געפיהלען אָדער — איהם בעגראָבען מיט כבוד.

און די פרושים האָבען ווירקליך אויסגעאיבט זייערע נקמה-געפיהלען, אָבער נישט איבער'ן קערפער פון געשטאָרבענעם. דער קערפער פון געשטאָרבענעם אַלעקסאַנדער יאַנאַי (אויפ'ן 25-טען יאָהר פון זיין לעבען און 27-טען פון זיין הערשען) איז איבערגעפיהרט געוואָרען קיין ירושלים, וואו די קעניגין האָט איהם געלאָזען בעגראָבען מיט פייערליכקייט און פּאַראַד. די פרושים האָבען אָבער דעם טאָג פון זיין שטאַרבען אַריינגענומען אין דער רייהע פון די נאַציאָנאַלע יום-טובים, און אין דער בעשטימונג פון'ם דאַטום לויט די רעגירונג'ס-יאָהרען פון'ם חשמונאי'שען כהן גדול, האָבען זיי אָנגעהויבען צו שרייבען: „אין דעם און דעם יאָהר צו דער הערשונג פון'ם כהן-גדול", אָנשטאָט דעם טראַדיציאָנעלען נוסח: „אין דעם און דעם יאָהר צו דער הערשונג פון'ם כהן-גדול פון דעם אַלערהעכסטען גאָט".

אָן דער שפּיץ פון יהודה איז איצט אַוועקגעשטעלט געוואָרען ש ל ו מ י ת, מיט דעם הערשער-נאָמען אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אַ; און אויב ס'איז מעגליך צו רעדען וועגען צוויי ריכטונגען אין אַ מלוכה-לעבען, וואָס זענען א י נ ג אַ נ צ ע ן אַנטקעגענגעזעצט איינע דער אַנדערער, לאָזט זיך עס אַמבעסטען אילוסטרירען מיט דער מלוכה-ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יהודה נאָך דעם טוידט פון דעם קריגערישען קעניג. אַלעקסאַנדער האָט דאָס לאַנד געהאַלטען אין די גאַנצע זיבען און צוואַנציג יאָהר פון זיין הערשען, ווי אין אַ ווילדען, ברויזענדען שטורם; איז רוהיג געוואָרען פון אויסווייניג, האָבען זיך אין לאַנד גופא אָנגעהויבען מהומות און איבערקעהרענישען און בלוט-פערגיסונגען, און ביי דער מינדעסטער בערוהיגונג אין לאַנד, האָט עס זיך

גלײַך װידער אָנגעהויבען צו טרײַסלען צוליעב אַ מפּלה פון אויסװעניג.

איצט אָבער האָט זיך אָנגעהויבען אַ נײַע צײַט פאַר דער אויסגעמאַטערטער יהודה, — אַ צײַט פון מנוחה און פריעדען. אַלײן אַ איבערצײַגטע אָנהענגערין פון די פּרושים, האָט די קעניגין דאָך פערשטאַנען זיך ניט איבערצובויגען אינגאַנצען אין אײן זײַט, אום ניט נאָכמעהר אויפצוריצען די אויפגערעגטע לײַדענשאַפטען און דעם בלוטיגען האַס, װאָס האָבען געהאַלטען די בײדע פּאַרטײען, װי צװײ פײַנדליכע לאַגערן, אײנע געגען דער אַנדערער. די פּרושים װי די צדוקים, בײדע האָבען ליעב דאָס פאָלק, בײדע װילען איהם זעהען גליקליך, — זאָלען זײ=זשע בײדע געמײנזאַם אַרבײטען פאַר זײַן גליק און װאוילשטאַנד, יעדערער אויף דעם געביט, צו װעלכען ער איז אַממעהרסטען צוגעפּאַסט. אָט דעם װעג פון׳ם אַלטען יוחנן הורקנוס אין די ערשטע יאָהרען פון זײַן גרויסקײַט, האָט זיך אויך אַלעקסאַנדראַ אויסגעװעהלט, און אַזוי װי ער, האָט זי אויך איבערגעגעבען אַלע אינערליכע אָנגעלעגענהײַטען פון לאַנד אין די הענד פון די פּרושים, איבערלאָזענדיג די פיהרונג פון דער אויסערליכער פּאָליטיק און פון דער אַרמעע — די צדוקים.

דאָס פאָלק האָט פאַר אַלעקסאַנדראַ׳ס הערשאַפט פרײַ אָבגעאָטעמט. קײנער פון די שכני׳שע פירשטען האָט ניט געװאַגט זיך אַרײַנצורײַסען אין די גרענעצען פון דער מעכטיגער יהודה; דער אַריסטאָקראַטיש=שטרענגער רעזשים האָט אָנגעהויבען אָבצוטרעטען זײַן פּלאַץ די דעמאָקראַטיש=מענשענפרײַנדליכע אײַנפיהרונגען פון די פּרושים, און די נאַטור אַלײן האָט אויך געבענשט דאָס לאַנד מיט אַ אונגעװעהנליכער פרוכטבאַרקײַט.

אַלס כהן גדול האָט די קעניגין בעשטימט איהר עלטסטען זוהן הורקנוס, אַ מענש מיט אַ שװאַכען כאַראַקטער און מיט גאַנץ װעניג פעהיגקײַט צו װעלכען ס׳איז שאַרפען, עפענטליכען אַרויסטריט, און ראַגעגען האָט זי דעם יונגערן זוהן, אַריסטאָבול, מיט דעם קריעגערישען טעמפּעראַמענט און די צדוקישע נײַגונגען פון פאָטער, — אינגאַנצען דערװײַטערט פון די מלוכה=אָנגעלעגענהײַטען. די מיטװירקונג און די גאַנצע פּאַקטישע אינערליכע הנהגה פון לאַנד איז איצט אַלזאָ איבערגעגאַנגען צו די נאָהנטע יועצים און הויף=לײַט פון דער קעניגין, און די זענען געװען כסדר פּרושים. דעם ערשטען פּלאַץ צװישען די דאָזיגע יועצים, װאָס האָבען געהאַט אַ שטאַרקען אײַנפלוס אויף דעם

גאַנג פון דער מלוכה=פיהרונג, איז געווען דער קעניגינ'ס ברודער, שמעון בן שטח, וועלכער האָט זיך נאָך אַלעקסאַנדער'ס טוידט אומגעקעהרט קיין יהודה צוזאַמען מיט זיין חבר יהודה בן טבאי און מיט נאָך פיעל פון די פערטריבענע פרושים. זיין בעטהייליגונג אין דעם מלוכה=לעבען פון יהודה פאַר דער צייט איז געווען אַזוי אָנגעזעהען, אַז די כראָניקער שטעלען איהם שטענדיג צוזאַמען מיט דער קעניגין און שרייבען: „אין די טעג פון שמעון בן שטח און דער קעניגין שלומית."

ביי אַזאַ צושטאַנד האָט זיך דער איינפלוס פון די צדוקים אינגאַנצען פערלאָרען, און זייערע פּאָזיציעס זענען איצט אַזוי שוואַך געווען, אַז זיי האָבען כמעט אָהן אַ ווידערשטאַנד געמוזט בּיסלעכוויז אָבּטרעטען אַלע זייערע פּלעצער אין די רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס פון לאַנד. אָן דער שפּיץ פון סנהדרין האָבען זיך אַוועקגעשטעלט שמעון בן שטח מיט דעם דערמאָהנטען בן טבאי, און זייער ערשטע אַרבייט איז געווען אויסצוראָטען די איבערגעבליבענע שפּורען פון די פריהערדיגע, צדוקי'שע, איינפיהרונגען און אָרדנונגען. אויף וויפיעל דאָס פאָלק איז צופריעדען געווען פון דעם דאָזיגען גייסטיגען אויפשטאַנד געגען דער שטרענגער געזעצליכקייט פון די צדוקים, קען עדות זאָגען דער פאַקט, וואָס עס האָט בעשטימט צו פייערן יאָהר יעהרליך דעם טאָג (14 תמוז), ווען עס איז צוריק איינגעפיהרט געוואָרען אין לאַנד דער שטראָף=קאָדעקס פון די פּרושים.

די רעסטאַוראַציע (צוריקאויפשטעלונג, בענייאונג) פון סנהדרין און פון גאַנצען לעבען אין לאַנד האָט אויך איהרע קרבנות געפאָדערט. דאָס סנהדרין האָט פעראורטהיילט עטליכע פון די צדוקי'שע אָנפיהרער, אויף וועלכע דאָס פאָלק האָט געקוקט, ווי אויף שולדיגע אין די אַלע הריגות און שחיטות פון דעם געוועזענעם הערשער, און נאָך דער בעשטעטיגונג פון דער קעניגין, איז דער אורטהייל אויסגעפיהרט געוואָרען. אָט די יורידישע בעשטראָפונג פון די עטליכע פערהאַסטע צדוקים האָט אָבער נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויפ'ן לאַנד, ווי די גאַנצע טעטיגקייט פונ'ם בענייטען סנהדרין, וואָס האָט זיך אין זיין פּראַקטיק כסדר אָנגעשטויסען אָן צדוקי'שע בעגריפען און געזעץ=אויסטייטשונגען. דאָס פאָלק מוז אָנהויבען לעבען צוריק לויט די געזעצען פון דער תורה, ווי די מסורה טייטשט זיי אויס; דער לעבענסגייסט פון פאָלק דאַרף נישט פערגליווערט ווערן, דאַרף זיך נישט איינ=

שליסען אין די ראַהמען פון דעם געשריבענעם וואָרט, נאָר איהם וועבען און ווייטער ציהען און צופּאַסען זיינע אַלטעגליכע אינטערעסען צו דעם הויכען גייסט פון דער געטליכער תורה; די גאַנצע געזעצגעבונג פון לאַנד דאַרף פיהרען דערצו, עס זאָל אויפגעהויבען ווערן די יודישע געזעלשאַפט און פערקערפערן מיט זיך די העכסטע אידעאַלען פון דער יודישער נבואה — דאָס איז געווען די הייסע שטרעבונג פון די איצטיגע בעניי'ער; און כדי וואָס בולט'ער צו מאַכען דעם שטעמפּעל פון זייער גייסט און לעהרע אויף דעם לעבען פון פאָלק, האָבען זיי געמוזט פערשטאַרקען זייערע געזעצען און דינים מיט פערשידענע סיגים און חומרות און האַרבע שטראָפען, וואָס זענען אָפט דערגאַנגען ביז צו די שאַרפסטע עקסטרעמען. עס איז געווען אַ מכסוך צווישען די פּרושים מיט די צדוקים אין דער פראַגע וועגען בעשטראָפען פאַלשע עדות (ביי קרימינעלע פּראָצעסען). לויט די צדוקים איז אויסגעקומען, אַז פאַלשע עדות דאַרפען נאָר דאַן בעשטראָפט ווערן, אויב דער אָנקלאָגער איז צוליעב זייער עדות זאָגען פעראורטיילט און בעשטראָפט געוואָרען, און דאַגעגען האָבען די פּרושים געפאָדערט אַ שטראָף פאַר אַ פאַלשען עדות אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען די פאַלשקייט פון זיין עדות זאָגען האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך פאַר'ן אורטייל און דער בעשולדיגטער איז אַרוים פריי. איצט איז פאָרגעקומען אַזאַ פאַל אין'ם בעניי'טען סנהדרין, און יהודה בן טבאי האָט דעם עדות בעשטראָפט „אויף צו-להכעיס די צדוקים", דערביי איז ער אָבער בעגאַנגען אַ געוואַלדיגען יורידישען פעהלער און האָט אינגאַנצען פערגעסען, אַז לויט דעם זין פון געזעץ קען מען נאָר דאַן בעשטראָפען פאַר פאַלש עדות זאָגען, ווען געגען דעם בעשולדיגטען זענען אַרויסגעטרעטען צוויי עדות, אָבער נישט איינער, ווייל ביי איין עדות קען אין אַלגעמיין קיין בעשולדיגונגס-אורטייל נישט אַרויסגעטראָגען ווערן. אַזאַ עקסטרעמע שטרענגקייט צוליעב די פאָדערונגען פון דער צייט האָט זיך נאָך עטליכע מאָל אַרויסגעוויזען אין דער טעטיגקייט פון סנהדרין, און ווי די לעגענדע דערצעהלט איז שמעון בן שטח'ס איינענער זוהן אויך געפאַלען אַלס קרבן פון אַזאַ מין יורידישען טעות.

די דאָזיגע ביידע פיהרער האָבען דעריבער אָנגעזאָגט זייערע נאָכפאָלגער, זיי זאָלען זיין פאָרזיכטיג ביים אויספרעגען די עדות און דעם בעשולדיגטען און זעהן אויסמיידען יעדען טעות, און צו דעם צוועק

פון איינפלאנצען אט די געריכטליכע פארזיכטיגקייט איז, ווייזט אויס, געשאפען געווארען אין יענער צייט אויך די שענע ערצעהלונג שושנה. דארט דערצעהלט זיך פאלגענדעס: צוויי אויסגעלאסענע מענער האבען געווארפען אנ׳אויג אויף דער גאטספארכטיגער און ערליכער פרוי פון דעם אנגעזעהענעם יהויקים, מיט׳ן נאמען שושנה,׳ און ווען זי האט מיט פעראכטונג אבגעווארפען זייער שענדליכען פארשלאג, זענען זיי ארויסגעטרעטען אין געריכט און האבען עדות געזאגט, אז זי האט ביי זיך אין גארטען פערבראכט א לאנגע צייט אין אויסגעלאסענע אומארמונגען מיט א יונגען מאן. די ריכטער האבען געגלויבט די עדות און די פרוי האט שוין געזאלט פעראורטיילט ווערן; דא האט זיך אבער אויפגעשטעלט דער קלוגער דניאל און נעפרעגט די עדות, אונטער וועלכען בוים די שענדליכע אומארמונגען זענען פארגעקומען, און ווען די לעצטע האבען זיך סותר געווען איינע די אנדערע אין זייערע רייד האט דאס געריכט איינגעזעהען, אז זיי האבען פאלש עדות געזאגט און געוואלט פערגיסען אונשולדיג בלוט.

דאס בעניימטע סנהדרין האט רעפארמירט אלע געביטען פון דעם פאלקס-לעבען און אומעטום געזוכט אריינצוברענגען די יסודות פון גע-רעכטיגקייט און געוויסענהאפטער פרומקייט. מיט שמעון בן שטח׳ס נאמען איז פערבונדען די איינפיהרונג פון דער „כתובה״, וואס האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דעם גאנג פונ׳ם פאמיליען-לעבען ביי יודען, שטערנדיג פון איין זייט דעם מאן אבצו׳גט׳ען דער פרוי פאר דער מינדעסטער קלייניגקייט, און פערזיכערנדיג פון דער צווייטער זייט דער הילפלאזער פרוי מיט א געוויסער מאטעריעלער שטיצע.

נאך וויכטיגער איז די אנדערע איינפיהרונג פון דעם וויטזיכטי-גען פאלקס-פיהרער. ער האט געלאזען עפנען שולען אין די גרעסערע שטעדט, און איינגעפיהרט, אז „אלע קינדער מוזען געהן אין שול״. דאס איז דער זיכערסטער וועג געווען צו ערציהען דעם פאלק אין א געוויסער ריכטונג, איינצווארצלען אין איהם די בעגריפען פון דער יודישער תורה און צו פערשפרייטען צווישען די ברייטערע מאסען די יודישע געזעץ-וויסענשאפט.

בנוגע צו דער עבודה אין בית המקדש האבען אויך די פרושים צוריק איינגעפיהרט די אלע דינים און מנהגים, וואס די צדוקים הא-בען געהאט מבטל געווען. אזוי האבען זיי איצט מיט פרייד און בע-גייסטערונג געפייערט דאס וואסער-גיעסען אויפ׳ן מזבח אום סוכות, און

מיט דער צייט איז אָט די צייטווייליגע פייערונג פערוואנדעלט געוואָרען אין א יעהרליכען פאָלקס=יום=טוב, פון וועלכען מ'האָט שפּעטער דערציעהלט, אז ווער עס האָט נישט בייגעוואוינט אָט די פרייד אין בית המקדש (שמחת בית השואבה), האָט קיינמאָל קיין שטורמישע פאָלקס=שמחה נישט געזעהען. אין דער נאכט פלעגט דער בארג פון בית המקדש אזוי בעלויכטען ווערן, אז די גאנצע שטאָדט האָט אויסגעזעהען, ווי פערזונקען אין א פייערדיגען ים, און ליכטשטראָמען האָבען זיך ארייגעריסען אין אלע ווינקעלעך. דאָס גאנצע פאָלק איז געווען פערזאמעלט ארום בית המקדש, וואו עס האָבען זיך געטראָגען אין דער לופטען פרעהליכע, פייערליכע לידער; אויף יעדען איינעם פון די פופצעהן טרעפּ, וואָס האָבען געפיהרט פון דער עזרת=נשים צו איינער פון די העכערע עזרות, פלעגט דער לוים=כאָר, אין דער בעגלייטונג פון הארפען, קלאנג=בעקענס און נאָך אינסטרומענטען, זינגען אויסגעוועהלטע קאפּיטלען פון תהלים (שיר המעלות'ען), וואו ס'האָט זיך אממעהרסטען גערעדט וועגען דער צוריקקעהרונג פונ'ם ערשטען גלות און וועגען די חסדים, וואָס גאָט טוט מיט זיין פאָלק. צום סוף פלעגט זיך דער כאָר ווענדען צום פערזאמעלטען פאָלק:

לויבט, פרייזט גאָטס נאָמען,
לויבט איהם, איהר גאָטס קנעכט.

און די פערזאמעלטע פלעגען איהם ענטפערן:

לויבט גאָט—גאָט איז גוט,
בעזינגט זיין נאָמען — זיין נאָמען איז זיס;
דען יעקב'ן האָט ער זיך אויסדערוועהלט,
ישראל'ן—פאַר זיין שאַץ.

א עהנליכער יום=טוב פאר'ן פאָלק איז געווען חמשה עשר באָב — דער טאָג, חען עס פלעגט געשענקט ווערען פיעל האָלץ פאַר'ן בית המקדש. אין דעם יום=טוב האָבען זיך בעזונדער בעטייליגט די בנות ציון (ציונ'ס טעכטער), וועלכע פלעגען פערברענגען דעם גאנצען טאָג אין געזאנג און טענץ. די פייערונג פלעגט פאָרקומען אויף איינעם פון די פרייע פלעצער, אין א ווייגנאָרטען, וואו גאנצע שאַרען יונגע, וויים=געקליידעטע מעדלעך האָבען בעצויבערט די ארומיגע יונגע לייט מיט זייערע טאנץ=קאראהאָדען, וואָס זיי פלעגען בעגלייטען מיט גע=

רײַמטע העברעאישע לידער. ווי ס'איז צו גלויבען, איז דער דאָזיגער יום־טוב אויך אײַנגעפֿיהרט געוואָרען אַלס דעמאָנסטראַציע געגען די צדוקים, וועלכע האָבען נישט אַנערקענט דעם גאַנצען מנהג פֿון שענקען האָלץ פֿאַר'ן מזבח.

צו די אַלע רעפֿאָרמען אין דער געזעצגעבונג און אין דעם גאַנצען סאָציאַלען לעבען פֿון לאַנד איז צוגעקומען נאָך איינע, וואָס האָט אויך, ווי די מעהרסטע אײַנפֿיהרונגען פֿון יענער צײַט, פֿערפֿאָלגט צוויי צוועקען: אַרויסצוטרעטען דעמאָנסטראַטיוו געגען אַ געוויסער אַנשויאונג פֿון די צדוקים און אויפֿצוועקען דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיהל בײַ די טײַלען פֿון'ם יהודה'שען פֿאָלק, וואָס האָבען געלעבט אין אַנדערע לענדער, ווײַט פֿון יהודה, און נישט געהאַט קיין פֿערבינדונג מיט דעם לעבענס־נערוו פֿון דער יהודה'שער אומה, מיט'ן בית המקדש. די צדוקים האָבען אײַנגעפֿונען, אַז די טעגליכע קרבנות און איבערהויפּט די הוצאות פֿון בית המקדש דאַרפֿען נישט אַנערקענט ווערען פֿאַר קיין פֿאָלקס־זאַך, און דאָס געלד אויף דעם דאַרף גענומען ווערען פֿון אײַנצעלנע פֿרומע מנדבים; די בעראַטונג אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון דער קעניגין האָט אָבער אָנגענומען אַנ'אַנדער בעשלוס. זי האָט בעשטימט, אַז יעדער יוד פֿון צוואַנציג יאָהר אָן (גרים און בעפֿרײַטע שקלאַפֿען אויך אין כלל) איז פֿערפֿליכטעט אַרײַנצוברענגען מינדעסטענס אַ האַלבען שקל (אַרום 11 ק.) יעהרליך אין'ם אוצר פֿון בית המקדש. די דאָזיגע נדבה האָבען פֿרײַוויליג גענומען אויף זיך צו צאָהלען נישט בלויז די יודען פֿון יהודה, נאָר אויך אַלע יהוד'ער, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין די אַרומיגע לענדער, און צו דעם צוועק זענען בעשטימט געוואָרען דרײַ אַלגעמיינע יעהרליכע זאַמלונגען אין פֿערשידענע צײַטען: פֿאַר יהודה אין אָנהויב פֿון פֿריהלינג, פֿאַר די נעהנטערע לענדער (עגיפּטען און סיריען) — אַרום שבועות, און פֿאַר די ווײַטע לענדער (בבל, מדין און קליין־אַזיען) — אַרום סוכּות. די רײַכסטע זאַמלונגען זענען שטענדיג געווען די שפּעטערדיגע — די אויסלענדישע יודען זענען רײַך און פֿרײַגיביג געווען און אָנשטאָט די זילבערנע אָדער קופּערנע שקל'ס און דינר'ס פֿון יהודה, פֿלעגען זיי געבען גאָלדשטיקער. אין די לענדער, אין וועלכע ס'האָבען זיך געפֿונען אַ סך יהוד'ער, פֿלעגען זיי אויסקלויבען אַ מיטעלפּונקט, וואו עס פֿלעגען צוגעשיקט ווערען אַלע געזאַמעלטע נדבות, אום פֿון דאָרטען דאָס צו בעזאָרגען קיין ירושלים, — צו וואָס עס פֿלעגען אויסגע־

קליִבען ווערן די אָנגעזעהענסטע מענשען פון לאַנד. אַזעלכע מיטעלפונקטען זענען געווען נציבין און נהרדעה אין בבל און מעסאָפּאָטאַמיען; אַפּאַמעאַ און לאַאָדיִצעאַ אין קליין־אַזיען, און פּערגאַמום און אַנדראַמיטיום אין דער געגענד עָאָלים. די דאָזיגע דרייפאַכיגע געזאַמעלטע יעהרליכע הכנסה איז גענוג געווען אויף צו דעקען אַלע הוצאות פון בית המקדש, און עס פלעגען זיך נאָך אָבשטעלען געוויסע סומען, פון וועלכע עס האָט זיך מיט דער צייט אָנגעזאַמעלט אַ בעדייטענדער קאַפּיטאַל.

אַזוי איז דער צדוקישער איינפלוס ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט געוואָרען פון אַלע ספערען פון׳ם פאָלקס־לעבען אין יהודה, און דאַגעגען איז דער איינפלוס פון די פרושים אַלץ בולט׳ער, טיעפער און שטאַרקער געוואָרען; איינס נאָך דאָס אַנדערע זענען אַלע אַלטע געזעצען ווידער איינגעפיהרט געוואָרען, און צו זיי זענען צוגעקומען פיעל נייע, וואָס האָבען זיך אויך איינגעזוויגען אין פאָלק און זענען געוואָרען אַ טייל פון זיין נאָרמאַלען לעבענס־גאַנג. צוגעגאַנגען איז דאָס, נאַטירליך, נישט לייכט; די צדוקים האָבען נישט איין מאָל אָנגעווענדעט זייערע לעצטע קרעפטען צו שיצען האָטש וויפיעל ס׳איז פון זייערע פערלוירענע פּאָזיציעס, און דעם סנהדרין איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו משפט׳ען יענע, וואָס זענען אַליין נאָר וואָס געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער יהודה׳שער געזעצגעבונג. די איצטיגע העכסטע ריכטער זענען אָבער געווען איבערגעגעבענע פאָלקס־פיהרער און קיין שום ווייכקייט און פאַלשקייט האָט פאַר זיי נישט עקסיסטירט דאָרט, וואו ס׳האָט זיך געהאַנדעלט וועגען די אינטערעסען פון כלל, וועגען דער גייסטיגער אויסבילדונג פון פאָלק. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען די פאַלשקייט פון די עדות, אויף דעם סמך פון וועלכע שמעון בן שטח׳ס זוהן איז פערמשפ׳ט געוואָרען צום טוידט, און די ריכטער זענען גענייגט געווען איהם צו בעפרייען, האָט דער פערמשפט׳ער אַליין — לויט דער לעגענדע — זיי אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, וואָס לויט׳ן געזעץ קען מען נישט גלייבען די עדות, ווען זיי נעהמען זייער פריהערדיגע עדות־זאָגען צוריק, און דערביי האָט ער זיך געווענדעט צום פאָטער מיט דער אַרויספאָדערונג: „אויב דו ווילסט, אַז דאָס גליק פון יהודה זאָל דורך דיין האַנד בעפעסטיגט ווערן, בעטראַכט מיך, ווי אַ שוועל, וועלכער מ׳טרעט אַריבער אָהן שום בעדויערן“; און דער פאָטער האָט איהם געפאָלגט — דער היטער פון

געזעץ האט דערשטיקט אין זיך זיינע פאטער-געפיהלען צוליעב די אינטערעסען פון דעם העכערן אידעאל. דאס זעלבע איז געווען אויך מיט דעם צווייטען פיהרער, מיט יהודה בן טבאי; דער לעצטער איז אויסערסט שטרענג געווען אין זיין געריכטליכער בעציהונג צו די צדוקים, און אין דער זעלבער צייט איז זיין פערזענליכע בעציהונג צו בעשולדיגטע אין אלגעמיין געווען פיעל ווייכער מילדער. ער פלעגט זאגען: „אזוי לאנג, ווי די בעלי-דברים שטעהען פאר דיר, בעטראכט זיי ביידע פאר שולדיגע; איז אבער דער אורטייל שוין ארויסגעטראגען — דארפסטו זיי שוין ביידע רעכנען פאר אונשולדיג".

די שארפע געריכטליכע מיטלען, מיט וועלכע די פרושים האבען זיך בענוצט אויף צו פערפאלגען די צדוקים האבען ענדליך ארויסגערופען ביי די לעצטע א שטארקע פערביטערונג, און זיי האבען זיך געווענדעט צו דעם יונגען פרינץ אריסטאבול, וועלכער האט זיך פאר זיי ווארים אנגענומען און אויסגעפועל'ט פאר זיי א אודיענץ ביי דער קעניגין. די צדוקים האבען דאן אויסגעוועהלט א דעלעגאציע פון זייערע עלטסטע פארשטעהער, און די לעצטע האבען זיך געקלאגט פאר דער קעניגין אויף די פערפאלגונגען געגען זיי, ערקלערענדיג איהר דערביי, אז זיי וועלע געצוואונגען זיין איבערצוגעהן אין דיענסט פון די יהודה'שע שכני'שע מלוכות נבט אדער סיריען, און איבערלאזען דאס פאטערלאנד אינגאנצען אהן מיליטערישער בעשיצונג. דאס האט אויף דער קעניגין געווירקט, און זי האט בעשטימט עטליכע פון די צדוקים אלס קאמענדאנטען פון מעהרערע פעסטונגען. נאר די דריי שטארקסטע פעסטונגען האט זי זיי מורא געהאט אנצופערטרויען: מכור, הירקאניא און אלעקסאנדריא.

פון די אויסערליכע מלוכות איז יהודה א לאנגע צייט נישט בעאונרוהיגט געווארען. עס האט זיך געמאכט, אז טיגראנעס, דער קעניג פון ארמעניען, וואס האט צו יענער צייט שוין געהאט בעהערשט גאנץ סיריען, האט געוואלט אייננעהמען אויך יהודה אלס א געוועזענע אונטערטעניגע פראווינץ פון סיריען. ער האט בעלאגערט פטאלאמעאיד און געשטעלט אויף אזא אופן אין געפאהר יפו מיט איהרע ארומיגע וואסער-געביטען, אזוי אז אלעקסאנדרא האט נישט געזעהען פאר זיך קיין אויסוועג, און האט געשיקט צו איהם שלוחים מיט טייערע מתנות און א פריינדליכען בריעף; דאס האט אבער דעם ארמענישען בעזיגער נאך נישט בעוואויגען אראפצונעהמען די בעלאגערונג פון דער יהודה-

שער פעסטונג און ער וואָלט זיכער אָבגעריסען אַ בעדייטענדען טייל פון דער יהודה'שער ערד, ווען ער וואָלט ניט דערהערען פלוצלונג, אַז די רוימישע לעגיאָנען אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם בעריהמטען לוקולוס האָבען זיך אַריינגעריסען אין אַרמעניען. אַזוי איז די געפאַהר פאַר יהודה אַריבער, און ווידער האָט אין לאַנד געהערשט פריעדען און מנוחה.

באַלד אָבער האָט זיך אַ נייע געפאַהר אָנגערוקט, — אַ געפאַהר, וואָס האָט טיעף אָנגעגריפען דעם נערוו פון דעם יהודה'שען מלוכה-לעבען און איהם אינגאַנצען פונאַנדערגעטרייסעלט. די גרייז-גרויע קעניגין איז האָפנונגסלאָז קראַנק געוואָרען און דער הייציגער אַריסטאָבול איז גלייך צוגעטרעטען צו דער פערווירקליכונג פון זיין פלאַן וועגען אַ איבערקעהרעניש אין דער מלוכה-פיהרונג, האָבענדיג אויף זיין זייט — די קריעגערישע צדוקים. אַריסטאָבול האָט שטילערהייד פערלאָזען ירושלים און איז געקומען אין דער גאַליליע'אישער פעסטונג גאַבאַטאַ, וועלכע דער צדוקישער קאָמענדאַנט גאַלעסט האָט איהם גלייך איבערגעגעבען; אין אַ משך פון פופצעהן טאָג האָבען שוין איין און צוואַנציג אַזעלכע פעסטונגען זיך געפונען אונטער זיין מאַכט, און דערצו האָט ער זיך נאָך צוגעדונגען הילפס-מחנות פון די קליינע סירישע פירשטען, פון די פעלקער אויף יענער זייט ירדן און פון דעם רויבערישען טראַכאָניטען-שבט. דער שוואַכער כהן-גדול און טראָן-יורש, הורקנוס, האָט געזעהען די געפאַהר און געבעטען הילף ביי דער קראַנקער קעניגין; דאָס איינציגע, וואָס זי איז אָבער איצט אימשטאַנד געוועזען צו טאָן, איז געווען דאָס איבערגעבען אין זיינע הענד און אין די הענד פון די איבריגע פאָלקס-פיהרער די דריי טריי-געבליבענע שטאַרקע פעסטונגען, אין איינער פון וועלכע ס'האָט זיך געפונען אויך דער אוצר המלוכה.

באַלד נאָכדעם איז די קעניגין געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג דעם פאָלק אויף דער שוועל פון אַ בלוטיגער בירגער-קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט צוזאַמען מיט דער אַזוי שווער אויסגעקעמפפטער אונאָבהענגיגקייט פון יהודה. ניין יאָהר איז די עהרליכע שלומית געזעסען אויף דעם יהודה'שען טראָן און דאָס זענען גליקליכע יאָהרען געווען אין דער געשיכטע פון דער בענייטער יודישער מלוכה; איהרע לעצטע טעג זענען אָבער געווען אויך די לעצטע פון דער יהודה'שער פרייהייט, און איהר טוידט — דער טוידט פון דער לעצטער זעלבסטשטענדיגער הערשערין אין יהודה.

# פינפטעם קאַפּיטעל.

## די לעצטע חשמונאי'שע מלכים.

---

דער צוגערייטער אויפשטאַנד האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט גלייך נאָכ'ן טוידט פון דער אַלטער הערשערין. בלייבענדיג ביז איהרע לעצטע מינוטען אַ טרייע אָנהענגערין פון דער פאָלקס=פּאַרטיי, האָט זי די קרוין צוזאַמען מיט דעם כהן=גדול=טיטול איבערגעגעבען איהר עלטערן זוהן, הורקנוס'ן, אין וועלכען די פּרושים האָבען געזעהען זייער קעניג — דעם קעניג, וואָס וועט זיך נישט יאָגען איינצונעהמען פרעמדע לענדער, וואָס וועט נישט פערפלאָנטערן דאָס לאַנד אין אַ נעץ פון פּאָליטישע סכסוכים און קריגערייען און וועט שטיצען די סאָציאַלע אויסבילדונג פון דעם יהודה'שען פאָלק, זיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג אין דער ריכטונג פון די אַלטע טראַדיציעס און אידעאַלען און די פערבעסערונג פון זיין עקאָנאָמישער לאַגע.

אַנדערש האָבען אָבער געקוקט אויף דער לאַגע פון לאַנד די צדוקים. פאַר זיי איז הורקנוס געווען נישט בלויז אַ קעניג פון דער פּאַרטיי, וואָס פערפאָלגט זיי, וואָס האָט ביי זיי אַוועקגענומען די מאַכט פון די הענד און לאָזט זיי נישט לעבען, ווי זיי ווילען; זיי האָבען אין הורקנוס'ען אויסער דעם אַלעמען געזעהען אויך אַ שוואַכען הער-

שער און אַ שלעכטען קריעגער. יהודה איז שטאַרק, זי איז אַצונד אַרומגערינגעלט מיט נאָך שטאַרקערע שכנים, וואָס ווילען זי איינשלינגען, און די פליכט פונ'ם הערשער איז קודם כל — צו שיצען דאָס לאַנד. ביים רודער פונ'ם מלוכה־לעבען דאַרף אַלזאָ שטעהן אַ מענש מיט קריעגערישע פעהיגקייטען, וואָס איז אימשטאַנד נישט בלויז זיך אַנטקעגען צו שטעלען דעם שונא, נאָר אויך אָנצופאַלען אויף איהם; וואָס איז אימשטאַנד אָבצוהיטען און צו פערגרעסערן די פּאָליטישע מאַכט פון זיין לאַנד, קורץ: אַ קעניג, וואָס קען פיהרען אַ קאַמפּף און איהם ענדיגען מיט נצחון. און אָט די אַלע פעהיגקייטען האָט אין זיך דער יונגערער ברודער פון דעם געזעצליכען טראָן־יורש — אַריסטאָבול.

און אויב ביי דעם פריהערדיגען קאַמפּף צווישען די פרושים מיט די צדוקים זענען די ברייטערע שיכטען פון פאָלק כמעט איינגאַנצען געשטאַנען אויף דער זייט פון די ערשטע, האָט זיך איצט, ביי דעם קאַמפּף צווישען דעם קעניג פון די פרושים און דעם קעניג פון די צדוקים, די לאַגע בעדייטענד געענדערט; איצט איז אַ גרויסער טייל פון פאָלק אַליין אויך אַריבער אויף דער זייט פון דעם ענערגישען אַריסטאָבול און דער לעצטער האָט גלענצענד פערשטאַנען אויסצוניצען די דאָזיגע גינסטיגע שטימונגען. זייענדיג פאָלשטענדיג צוגעגרייט צו דעם אויפשטאַנד און האָבענדיג אַרום זיך אַ שטאַרקע, גוט בעוואָפענטע אַרמעע, האָט אַריסטאָבול דאָך נישט געוואַגט אָפען אַרויסצוטרעטען מיט זיין פאָדערונג אַזוי לאַנג, ווי די מוטער האָט נאָך געאָטעמט; צוזאַמען אָבער דערמיט, ווי די קעניגין איז געשטאָרבען און הורקנוס איז אַרויף אויפ'ן טראָן, האָט ער זיך אָנגעהויבען דערנעהנטערן מיט זיין מחנה צו דער הויפּטשטאָדט. הורקנוס האָט איהם אַרויסגעשיקט אַנטקעגען אַ טייל פון די געדונגענע סאָלדאַטען, וואָס ער האָט איבערגענומען פון דער מוטער, און ביי יריחו איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישען די פיינדליכע לאַגערן פון ביידע ברידער.

געענדיגט האָט זיך דער צוזאַמענשטויס דערמיט, וואָס דער גרעסטער טייל פון הורקנוס'ס סאָלדאַטען איז איבערגעגאַנגען אין די רייהען פון דעם העלדישען אַריסטאָבול, און דער קעניג האָט זיך בעהאַלטען אין דער פעסטונג באַרים (עקראַ), וואו ער האָט געהאַלטען געפאַנגען אַלס משכון אויך די פרוי און קינדער פון זיין ברודער.

דער לעצטער האָט זיך אָבער נישט אָבגעהאַלטען, און ווען ער איז אַריין אין ירושלים און האָט שוין געהאַט איינגענומען אויך דעם בית המקדש, האָט זיך דער בעזיעגטער אונטערגעגעבען. די ברידער האָבען אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען און ענדליך איז צווישען זיי, אונטער אַ שבועה אין בית המקדש, געשלאָסען געוואָרען אַ פריעדענס=אָבמאַך, לויט וועלכען דער וועלטליכער, קריעגערישער אַריסטאָבול האָט בעקומען די קרוין און דער שוואַכער, פריעדליכער הורקנוס איז געבליעבען בייא דער כהונה גדולה. אום צו בעפעסטיגען דעם אָבמאַך האָט אַריסטאָבול'ס זוהן, אַלעקסאַנדער, חתונה געהאַט מיט הורקנוס'ס טאָכטער, אַלעקסאַנדראַ.

דער נייער קעניג האָט קיין גרויסע ענדערונגען אין דעם אינערליכען לעבען פון לאַנד נישט אַריינגעבראַכט, און כאָטש ער איז געווען ענג פערבונדען מיט די צדוקים, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען בעקומען די מאַכט, האָט ער דאָך נישט געוואַגט מיט געוואַלט אַרויסצוטרעטען געגען זייערע געגנער, די פרושים, און געגען די רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע איינפיהרונגען פון די לעצטע. קיין מאַטעריאַל פאַר אַ שטאַרקען אויסברוך צווישען די ביידע פאַרטייען האָט זיך דאָ, אַלזאָ, נישט געוויעזען, אַז דער אינערליכער קאָנפליקט צווישען זיי האָט מיט דער צייט ווירקליך אָנגעהויבען צו פערליערען זיין שאַרפקייט און זיין פערביטערטקייט; דאָ זענען אָבער אַרויס אויף דער אַרענע פון דעם יהודה'שען מלוכה=לעבען גאַנץ זייטיגע פינסטערע פערזאָנען, וועלכע זענען געווען פעראינטערעסירט אין דעם, אַז אָט די רוהיגקייט זאָל געשטערט ווערן און עס זאָלען זיך צוריק אומקעהרען פאַר'ן לאַנד די צייטען פון אינערליכע מהומות און בלוטיגע ברודער=מלחמות.

דער בעדייטענדסטער פון די דאָזיגע פערזענליכקייטען, וואָס האָט דירעקט צוגעפיהרט יהודה צו דער שוועל פון אונטערגאַנג, איז געווען אַ נ ט י פ אַ ט אָ ר, איינער פון די אָנגעזעהענסטע צווישען די אדומ'ער, וועלכע יוחנן הורקנוס האָט אונטערגעוואָרפען דער יהודה'שער קרוין און געצוואונגען זיך צו אַסימילירען מיט דעם יודישען פאָלק און אָנצונעהמען זיין גלויבען. אַ שפּראָצלינג פון אַ אַריסטאָקראַטישער אדומי'שער משפחה און אַ זוהן פון אַנטיפאַ, וועלכער האָט פאַר אַלעקסאַנדער=יאַנאַי פערטרעטען דעם פּאָסטען פון אַ קריעגס=הויפּטמאַן איבער דער גאַנצער אדומי'שער פּראָווינץ, האָט אַנטיפּאַטאָר

איצט אויך פערנומען איינעם פון די אָנגעזעהענסטע פלעצער אין דעם יהודה'שען הויף און געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָליע אין דעם מלוכה־לעבען פון לאַנד. דער שוואַכער הורקנוס II האָט זיך גענויטיגט אין אַ ענערגישען פיהרער און וועג־ווייזער, און איז נאָך אַלס קרוין־פּרינץ שוין ארונטערגעפאַלען אינגאַנצען אונטער דעם איינפלוס פון דעם אדומי'טי־שען אינטריגאַן, וועלכער האָט געבויט פערשידענע פּלענער, אום אַריינצוקריעגען אין זיינע הענד די גאַנצע פּאַקטישע ממשלה איבער'ן לאַנד.

איצט, נאָכדעם ווי דער טראָן פון יהודה איז פערנומען געוואָרען פון אַזאַ ענערגיש־קריעגערישען פיהרער, ווי אַריסטאָבול, איז אַנטיפּאַטאָר'ן פּאָרגעשטאַנען, זיך אָבצוזאָגען פון אַלע זיינע האָפנונגען און פּלענער, און דאָס האָט זיך דעם אדומי'שען אַריסטאָקראַט נישט געוואָלט. ער האָט זיך דעריבער גענומען איצט אין אַנ'אַנדער זייט און זיין ערשטע אַרבייט איז געווען, צו אַגיטירען געגען דעם אונגעזעליגען קעניג, אַריסטאָבול, און צו שפּיעלען אין דער זעלביגער צייט אויף די סטרונעס פון דעם כלומרשט־בעליידיגטען הורקנוס. דער לעצטער האָט שוין לאַנג געהאַט שלום געמאַכט מיט זיין גורל און נישט געקלערט וועגען קיין שום אַרויסטריט געגען זיין ברודער; אַנטיפּאַטאָר האָט איהם אָבער אַזוי לאַנג אויפגערייצט און אַזעלכע מיטלען אָנגעווענדט דערצו, אַז ער איז ענדליך מרוצה געוואָרען צוצושטעהן צו דעם טייוועלשען פּלאַן. אַנטיפּאַטאָר האָט שוין אַלץ געהאַט אָבגעמאַכט מיט דעם נאַבאַטע'אישען קעניג אַרעטאַס, און אין אַ געוויסער פינסטערער נאַכט איז ער צוזאַמען מיט הורקנוס'ן פערשוואונדען געוואָרען פון ירושלים, אַוועקפיהרענדיג דעם לעצטען אין דער נאַבאַטע'אישער הויפּטשטאָדט פּעטראַ. דאָ איז צווישען ביידע זייטען געשלאָסען געוואָרען אַ אָבמאַך, לויט וועלכען דער נאַבאַטע'אישער קעניג האָט זיך פערפליכטעט צו שטיצען דעם יהודה'שען קרוין־פּרעטענדענט און דערפאַר איז זיך דער לעצטער מתחיב אָבצוטרעטען נאַבאַטעאַ צוועלף פונקטען פון דעם יהודה'שען טעריטאָריום, וועלכע זענען נאָך פאַר אַלעקסאַנדער־יאַנאַי'ן אָבגענומען געוואָרען פון די אַראַבער (אין מזרח־און דרום־מערב־זייט פון דעם טוידטען ים).

אַרעטאַס האָט זיך דאַן, צוזאַמען מיט הורקנוס'ן, אַוועקגעשטעלט אָן דער שפּיץ פון פופציג טויזענד אַראַבישע סאָלדאַטען, און די מחנה האָט זיך אַוועקגעלאָזען צו די גרענעצען פון יהודה (65־66).

דער איבערראַשטער אַריסטאָבול האָט זיך גלייך געחאַפּט און איז אַרויס דער מחנה אַנטקעגען; דעם אָנגריף פונ'ם שטאַרקען געגנער האָט ער אָבער נישט געקענט בײַשטעהן. גרויסע טײַלען פון זײַן אַרמעע זענען פרײַוויליג איבערגעגאַנגען אויף דער זײַט פון די שטאַרקערע און ער אַלײַן איז אַנטלאָפען קײַן ירושלים, וואו ער האָט זיך בעהאַלטען אין דער פעסטונג אויפ'ן הר הבית (בית=המקדש=באַרג).

אַרעטאַס איז צוגעטרעטען צו דער בעלאַגערונג פון ירושלים. די בעלאַגערטע האָבען זיך אַ לאַנגע צײַט העלדיש פערטײַדיגט; עס האָט אָבער אָנגעהויבען אויספעהלען אין שטאָדט לעבענס=מיטעל, און צוזאַמען דערמיט האָט זיך געמוזט אָבשטעלען אויך די עבודה אין בית=המקדש, ווײַל עס איז נישט געווען, וואָס מקריב צו זײַן. אַריסטאָבול האָט דאַן אַפּעלירט צו דעם רעליגיעזען געפיהל פון די יהודה'עאישע בעלאַגערער, און געבעטען, זיי זאָלען אַרײַנלאָזען אין שטאָדט אַ געוויסע צאָהל בהמות, וואָס איז נויטיג צו דער עבודה אין בית המקדש פון דעם נאָהנטען יום=טוב — פסח.

אין אָנהויב איז די בקשה בעפרידיגט געוואָרען: יעדען טאָג פלעגט זיך פון דעם פעסטונגס=וואַל אַראָבלאָזען אויף אַ קייט אַ קאָרב מיט גאָלד — טויזענד דראַכמען: אַזוי איז געווען אָבגעמאַכט — און דערפאַר פלעגען די בעלאַגערער זיי אַרויפשיקען צוריק די נויטיגע צאָהל שעפסען און בעראַנעס; אַזוי אָבער ווי די בעלאַגערונג האָט זיך לאַנג געצויגען און עס האָט זיך נישט פאָראויסגעזעהען קײַן ענדע צו דער לאַגע, האָט אײַנער פון די בעלאַגערער פאָרגעלעגט (גיכער אַנטיפּאַטער אַלײַן), מ'זאָל אויסנוצען דעם דאָזיגען מאַנגעל אין קרבנות און צווינגען די בעלאַגערטע, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען. די עצה איז אָנגענומען געוואָרען, און צווישען די בעלאַגערער=הירקאַניסטען האָבען זיך געפונען זאָגאַר אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געפועל'ט בײַ זיך, אָנצווענדען דערבײַ אַ געמײַנעם שווינדעל און זיך אַרײַנצורײַסען מיט אַ פערגיפטעטע קויל אינ'ם סאַמע הארץ פון דעם נאַציאָנאַלען רעליגיזען געפיהל. אין אַ געוויסען טאָג נאָכדעם, האָבען זיי אָנשטאָט די פערלאַנגטע שעפסען און רינדער, אַרויפגעשיקט די בעלאַגערטע — אַ ח ז י ר. דער דאָזיגער חוצפה'דיגער וואַנדאַליזם האָט טיעף בעטריבט די געמיטער פון די פרומע יהודה'ער, און ווי די פאָלקס=לעגענדע דערצעהלט, האָט זיך גלײַך נאָכדעם דורכגעטראָגען אַ שרעקליכער אוראַגאַן דורכ'ן גאַנצען לאַנד און האָט פערטראָגען אַלע תבואות פוי

דִי פֶעלְדֶער אוּן אַלֶע פְרוּכְטֶען פוּן דִי גֶערְטנֶער, אַזוֹי אַז דָאס לַאנד
אִיז גֶעפַיינִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן הוּנגֶער. דִי זֶעלְבִּיגֶע לֶעגֶענְדֶע שְׁטֶעלְט
אוֹיךְ נָאךְ אַנדֶערֶע צָרוֹת פוּן פָאלְק אִין צוּזַאמֶענְהַאנג מִיט דֶער דֶער־
מָאהנְטֶער הֵיילִיגְקַייטְס־פֶערְשְׁווֶעכוּנג אוּן ווִי אַ טֵייל ווִילֶען הָאבֶּען שְׁטֶעהט
אִין צוּזַאמֶענְהַאנג דֶערְמִיט אוֹיךְ דֶער פֶערְבָּאט, צוּ הָארֶעווֶען חֲזִירִים
אוּן צוּ הַאנְדְלֶען מִיט זֵיי.

דֶער צוּשְׁטַאנד פוּן דֶער בֶּעלַאגֶערוּנג הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶערְמִיט
נָאךְ אַלְץ נִישְׁט גֶעעֶנְדֶערְט, אוּן דִי הִירְקַאנִיסֶען זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף
אַנ'אַנדֶער גֶעמִיינְהַייט בַּאלְד אִין אָנְהוֹיבּ פוּן דֶער בֶּעלַאגֶערוּנג הָאבֶּען
פִיעל פוּן דִי בֶּעלַאגֶערְטֶע פֶערְלָאזֶען דִי שְׁטָאדְט, אוּן צְווִישֶׁען זֵיי הָאט
זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיךְ חוֹנִיו (חוֹנִי הַמְעַגֵל), אֵיינֶער פוּן דִי פֶערְהֵיי־
לִיגְטֶע יְהוּדָה'עֶר, וָואס דָאס פָאלְק הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם, ווִי אוֹיף
אַ בַּעַל־מוֹפֵת אוּן גֶעגְלוֹיבְּט, אַז עֶר אִיז אִימְשְׁטַאנד מִיט זַיינֶער אַ
תְּפִלָּה אַלֶץ אוֹיפְצוּטָאן, זָאגַאר אוֹיךְ צוּ עֶנְדֶערְן דִי גֶעזֶעצֶען פוּן דֶער
נַאטוּר. עֶר הָאט אַמָאל, לוֹיט דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן פָאלְק, מַצִיל גֶעוֶוען
מִיט זַיינֶע תְּפִלּוֹת דָאס לַאנד פוּן אַ פָאלְשְׁטֶענְדִיגֶער אוֹיסְטְרִיקֶענִישׁ, אוּן
אִיצְט, נִישְׁט ווֶעלֶנְדִיג בַּייוואוֹינֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁחִיטוֹת אוּן בְּרוּדֶער־
מִלְחָמוֹת, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ אֵיינְזַאמֶער גֶעגֶענְד, ווַייט פוּן
שְׁטָאדְט. דִי סָאלְדַאטֶען פוּן הוּרְקָנוֹס'ס לַאגֶער הָאבֶּען אִיהם אָבֶּער דָא
אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אוּן גֶעפָאדֶערְט, עֶר זָאל שִׁילְטֶען מִיט גָאט'ס נָא־
מֶען דִי אַרִיסְטָאבּוּלִיסְטֶען אוּן אוֹיסְבֶּעטֶען אוֹיף זֵיי אַ מַפָּלָה.
דֶער גֶעטְלִיכֶער חוֹנִיו הָאט דַאן אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל
אוּן גֶעזָאגְט: „גָאט, הַאר פוּן דֶער ווֶעלְט! אָט דִי, וָואס שְׁטֶעהֶען דָא
אַרוּם מִיר, זֶענֶען קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק, אוּן יֶענֶע, וָואס ווֶערֶן דוּרךְ
זֵיי בֶּעלַאגֶערְט, — זֶענֶען דַיינֶע הֵיילִיגֶע דִינֶער. בֶּעט אִיךְ בַּיי דִיר —
עֶרְפִיל נִישְׁט דָאס, וָואס בֵּיידֶע זַייטֶען ווִינְשֶׁען זִיךְ אֵיינֶע דִי אַנדֶערֶע!"
דִי צֶעווִילְדֶעווֶעטֶע, צוּרַייצְטֶע סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִיהלְט שֶׁענְדְלִיךְ
אָבְּגֶענַארְט אִין זֵייעֶר הָאפְנוּנג, אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶעם הֵיילִיגֶען מֶענְשֶׁענ־
פְרַיינְד — מִיט שְׁטֵיינֶער פֶערְווָארְפֶען.

דֶערְווַייל, אִין דֶער צַייט ווֶען דָא הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען דִי בִּירְגֶער־
מִלְחָמָה, הָאט זִיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער ווָאלְקֶען אָנְגֶערוּקְט אוֹיף דֶעם הָארִי־
זָאנְט פוּן דֶער גַאנְצֶער מִזְרָח־ווֶעלְט, אוּן דֶער זֶעלְבֶּער גוֹרָל פוּן אִיהרֶע
אַרוּמִיגֶע שְׁכֵנוֹת הָאט אוֹיךְ יְהוּדָה בֶּעגֶעגֶענְט. יְהוּדָה'ס לֶעצְטֶע שָׁעָה
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען — דֶער רוֹימִישֶׁער אָדְלֶער הָאט אַרַיינְגֶעזֶעצְט זַיינֶע

שאַרפע נעגעל אין ישראל׳ס לייב און זיי שוין נישט אַרויסגעצויגען
פריהער, ביז פון דער יהודה׳שער זעלבסטשטענדיגקייט איז נאָר אַ שאָ=
טען געבליבען. די פון נצחון פערשכור׳טע רוימישע לעגיאָנען, אונ=
טער דער אָנפיהרונג פון בעריהמטען פּאָמפּעיוס, האָבען זיך אַריינגע=
ריסען אין דער פאָדערשטער אַזיען, וואו זיי האָבען שוין געהאַט
דורכגעפיהרט אַ טייל פון דעם גרויסען פּלאַן, לויט וועלכען די גאַנצע
אַמאָליגע סיריען, וואָס איז איצט פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רייהע
קלענערע מלוכות, — האָט געמוזט אַרונטערפאַלען אונטער דער רוי=
מישער קרוין. די טאָן=געבער פון דער איצטיגער העלעניזירטער מזרח=
וועלט זענען געווען טיגראַן מיט זיין שטאַרקער אַרמעניען, די מעכ=
טיגע פאַרפיאַנער, אַרעט מיט דער ערוואַכטער אַראַביען און ענדליך
פּאָנטיע מיטרידאַט, דער העלדישער קעניג פון הינטער=קאַווקאַז,
וואָס האָט געוואַגט דעם לייב צו פערטשעפּען — זיך אָנצוהויבען
מיט רוים.

אָט האָט זיך אָבער דער לייב פונאַנדערגעלאָזען און — לענדער
און מלכים זענען פאַר זיינע פיס געלעגען. אַרמעניען, הינטערקאַוו=
קאַז און פיניקיע האָבען זיך שוין געפונען אונטער דער הערשאַפט פון
דער רוימישער מאַכט, און דער זעלביגער גורל איז איצט פאָרגעשטאַנען
סיריען. אַהין האָט פּאָמפּעי געשיקט זיין לעגאַט סקוואר, וועל=
כער האָט אויפ׳ן וועג זיך דערוואוסט פון דער ברודער=מלחמה, וואָס
קומט איצט פאָר ביי די טויערן פון דער יהודה׳שער הויפּטשטאָדט,
און האָט זיך גלייך אַוועקגעלאָזען מיט זיין מחנה אויפ׳ן אָרט פון קאַמפף.
ביי זיין ערשטען אַרויפטריט אויף דער יהודה׳שער ערד איז ער אָבער
באַלד בעגריסט געוואָרען פון ביידע צדדים, וועלכע האָבען איהם אָנפערטרויט
זייער גורל און געבעטען, ער זאָל זיך אָננעהמען פאַר זיי. דער בעלאַגערער,
ווי דער בעלאַגערטער, ביידע האָבען זיך אָנגעחאַפּט אָן דעם רוימי=
שען קריעגספיהרער, און אַרויסגעשיקט צו איהם שלוחים מיט טייערע
מתנות, און דאָ האָט אַריסטאָבול בעזיעגט זיין ברודער: אַריסטאָבול׳ס
שליח האָט געבראַכט מזומ׳ענע פיער הונדערט טאַלאַנטען, ווערהענד די
שלוחים פון הורקנוס אָדער, ריכטיגער, פון אַנטיפּאַטאר, האָבען נאָר
צוגעזאָגט אַזאַ סומע צו ברענגען. דער רוימישער לעגאַט האָט זיך
איצט אַלזאָ אָפען געשטעלט אויף אַריסטאָבול׳ס זייט און לויט זיין
בעפעהל איז אַרעט געצוואונגען געווען אַראָבצונעהמען די בעלאַגערונג
פון ירושלים און אָבצוטרעטען מיט זיינע אַראַבישע סאָלדאַטען פון דער

יהודה'שער גרענעץ. דער בעפרייטער אריסטאבול האט זיך ארויסגעריסען פון ירושלים און נאכגעיאגט די אראבער מיט די הירקאניסטען, און ענדליך (ביי פאפיראן) האט ער זיי דערשלאגען; דער רוימישער קריעגס־פיהרער האט זיך אומגעקעהרט צו זיין פריהערדיגען מארשרוט.

דער דאזיגער כלומרש'טער נצחון איבערן „שונא" האט פערבלענדעט אריסטאבלוס'ען די אויגען, און ער האט געגלויבט, אז ער איז ווירקליך דער טריאומפירענדער, זעלבסטשטענדיגער קעניג פון יהודה. ער האט אין די צוויי יאהר (פון 65 ביז 63) געלאזען מטבעות אויסגיעסען, אויף וועלכע ער איז געווען בעצייכענט אלס קעניג און האט זיך געפרובט זאגאר אנפאלען אויף פערשידענע שכני'שע טעריטאריום'ס און זיי איינצונעהמען.

גאנץ אנדערש האט מען אבער געקוקט אויף דער לאגע פון יהודה אין די טאן־געבענדע ספערען פון דעם רוימישען מלוכה־לעבען. דארט האט זיך איצט פונאנדערגעקאכט מיט'ן גאנצען ברען דער אפעטיט צו בעהערשען דעם מזרח, און איבערגעגעבען איז אט די אויפגאבע געווארען דעם בעריהמטען בעזיעגער פונ'ם העלדישען מיטרידאט, פאמפעיוס'ען, — דעם זעלביגען געוועזענעם קאנסול, וואס האט אין זיין לעבען נאר איין ציעל פאר זיך געזעהען: בעהערשען רוים, בעזיעגען דעם רוימישען פאלק, און איין וועג, אום דעם ציעל צו ערדייכען: וואס מעהר פרעמדע פעלקער בעזיעגען און אונטער דער רוימישער הערשאפט ארונטערברענגען, וואס מעהר קריעגס־טראפעען דעם רוימישען פאלק אונטערטראגען און וואס מעהר אוצרות פאר זיך אליין אנזאמלען.

זיך אוועקלאזענדיג מיט זיינע העלדישע לעגיאנען אין דער בריי־טער מזרח־וועלט האט דער ווייטזיכטיגער קריעגס־פיהרער געטראכט איינענטליך נישט וועגען יהודה — צו אונבעדייטענד איז די דאזיגע פראווינץ געוועזען פאר דער מעכטיגער וועלט־רעפובליק. פאמפעיוס האט געוואלט די אמאליגע סיריען איינצונעהמען, די אמאליגע מלוכה פון דעם גרויסען אלעקסאנדער, וואס האט געהאט אין איהרע גרענעצען אלע איצטיגע מזרח־מלוכות; קוים האט אבער דער צופאל (אין דער געשטאלט פון דעם ברודער־קאמפף) זיך מקדים געוועזען און איהם שוין געבראכט און וועלכע ס'איז בעציהונגען מיט דער יהודה'שער מלוכה, האט ער זי שוין מעהר פון אויג נישט ארויסגעלאזען.

און דער „צופאל" אליין האט זיך אויך אזוי שנעל נישט געענ־

דיגט. פּאָמפּעיוס האָט בעקומען די פאָלשטענדיגע דיקטאַטאָרישע מאַכט איבער אַלע ברעג-לענדער פונ'ם מיטעללענדישען ים, און איז געוואָרען פאַר'ן גאַנצען מזרח דער „קעניג איבער אַלע קעניגען". און אָט, אין דער צײַט, ווען דער שאָטען פון דעם רוימישען אָדלער האָט שוין געשוועבט איבער אַלעמענס קעפּ, האָט זיך אין יהודה נאָך שטאַרקער פונאַנדערגעקאָכט די מלחמה פאַר דער „מאַכט". די נשמה פון דעם ברודער-קאַמפּף איז איצט אויך געווען אַנטיפּאַטאָר, וועלכען עס האָט זיך אײַנגעגעבען אַריבערצוציהען דעם דערמאָהנטען סקאַוור אויף זײַן זײַט, און צווישען די פערשידענע שלוחים, וואָס זענען געקומען בעגריסען דעם מעכטיגען „קעניג איבער אַלע קעניגען" אין זײַן רעזידענץ דמשק, האָט זיך געפונען אַ דעלעגאַציע אויך פון דעם יהודה'שען קעניג אַריסטאָבול. די דעלעגאַציע האָט געבראַכט מיט זיך אַ טײַערע און קינסטלערישע מתנה, וואָס האָט דעם גרויסען רוימישען טריאומפאַטאָר אַלײן אויך אין ערשטוינונג געבראַכט און בעצויבערט: אַ זעהר קינסטלעריש אויסגעאַרבײַטען גאָלדענעם װײַנשטאָק מיט גאָלדענע טרויבען און בלעטער אינ'ם ווערט פון פינף הונדערט טאַלאַנטען. פּאָמפּעיוס האָט זיך געאײַלט אַוועקצושיקען דעם דאָזיגען ערשטען אָנזאָג פון זײַן טריאומף קיין רוים, וואו דאָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַלס ציערונג אינ'ם קאַפּיטאָלישען יופּיטער-טעמפּעל; דאַגעגען אָבער האָט ער זיך נישט געאײַלט צו ערפילען אַריסטאָבולס פערלאַנג — צו סאַנקציאָנירען זײַן רעכט אויף דעם יהודה'שען טראָן. ער האָט בעפעהלען דורך די שלוחים, די בעלי-דברים אַלײן זאָלען קומען פאָרלעגען פאַר איהם זייערע טענות, און געגען זייער ווילען, האָבען זיי דאָך געמוזט קומען. הורקנוס האָט זיך דאַן בערופען אויף זײַן בכורה, אויף זײַן געבורטס-רעכט, און האָט דערבײַ אָנגעוויזען אויף נאָך פערשידענע אונגעזעצליכקײַטען אין אַריסטאָבול'ס מלוכה-פיהרונג, וועלכע זענען בעשטעטיגט געוואָרען פון פיעל אָנגעזעהענע יהודה'ער; אַריסטאָבול, ווידער, האָט ערקלערט, אַז הורקנוס איז פשוט נישט פעהיג צו פיהרען די מלוכה און ער האָט געמוזט איבערנעהמען, אויף זיך די העכערע פערוואַלטונג פון לאַנד צוליעב די אינטערעסען פון לאַנד גופא. אויסער די צוויי קרוין-פּרעטענדענטען איז אַרויסגעטרעטען נאָך אַ דריטער טוען — אַ דעפּוטאַציע פון דער נײַטראַלער בעפעלקערונג, וואָס אַנערקענט אינגאַנצען נישט די נויטיגקײַט פון אַ קעניג פאַר'ן לאַנד און וויל אײַנפיהרען צוריק דעם אַמאָליגען טעאָקראַטישען רעזשים.

די דאָזיגע רעפובליקאַנער האָבען זיך בעזונדער געקלאָגט אויף די לעצטע חשמונאים, אַז זיי האָבען געענדערט די יהודה'שע קאָנסטיטוציע און מיט געוואַלט פערוואַנדעלט די טראַדיציאָנעלע גייסטיגע פאָלקספיהרונג (כהונה גדולה) אין אַ פעסטער מאָנאַרכיע, וואָס פערקנעכט נאָר דעם פאָלק און ברענגט איהם קיין נוצען נישט.

פאָמפעיוס האָט אויסגעהערט די אַלע טענות און קיין בעשטימטען ענטפער נישט געגעבען — איהם האָבען די אינערליכע אַרומרייסענישען אין יהודה געקענט נאָר פערלייכטערן זיין שפעטערדיגע אַרבייט. ער האָט צוגעזאָגט צו בעזוכען דאָס לאַנד און אַליין איינצופיהרען דאָרט אַ אָרדנונג, און איז דערווייל אַוועק ענדיגען זיין אַרויבטריט געגען די אַראַבער-נאַבאַטעער; דער שטאָלצער און קריגערישער אַריסטאָבול האָט אָבער דאָך אַרויסגערופען ביי איהם אַ מורא פאַר אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד אים פאַל פון וועלן איינעהמען יהודה, און ער האָט זיך בעמיהט מיט אַלע מעגליכקייטען נישט אָבצולאָזען פון זיך דעם הייסבלוטיגען חשמונאי.

און דער חשד האָט זיך ווירקליך בעשטעטיגט: אַריסטאָבול האָט דערשפירט די געפאַהר, וואָס רוקט זיך אָן אויף זיין לאַנד, און איז, אונערוואַרטעט פאַר פאָמפעיוס'ען, אַוועק קיין יהודה, וואו ער האָט זיך בעפעסטיגט אין דער שטאַרקער באַרג-פעסטונג אַלעקסאַנדריאַ (צו צפון זייט פון יריחו, אינ'ם ירדן-טאָל). פאָמפיי האָט דאַן אויפגעגעבען זיין קאַמפף געגען די אַראַבער און איז אַרויף מיט זיין מחנה אויף דער יהודה'עאישער ערד. דאָ האָט ער אַרויסגעפאָדערט אַריסטאָבלום'ען צו זיך, און דער יהודה'שער קעניג איז געצוואונגען געווען איהם נאָכצוגעבען, אום נישט נאָכמעהר אויפצורייצען דעם רוימישען זיגער; דער לעצטער האָט זיך שוין אָבער מיט קיין הבטחות נישט בעפריעדיגט און אויף זיין פערלאַנג, האָט איהם אַריסטאָבול געמוזט איבערגעבען די בעדייטענסטע יהודה'עאישע פעסטונגס-פונקטען.

אַ בעליידיגטער, מיט אַ פלאַמענדען געפיהל פון נקמה-דורשט אין האַרצען, האָט זיך אַריסטאָבול אומגעקעהרט קיין ירושלים מיט דעם פעסטען בעשלוס — טריי צו בלייבען דער טראַדיציע פון דעם אַלטען חשמונאים-שטאַם: מיט געוועהר אין האַנד פאַר'ן פאָלק צו קעמפפען.

עס איז שוין אָבער צו שפעט געוועזען. זיך דערוויסענדיג פון די דאָזיגע מלחמה-פאָרבערייטונגען, האָט פאָמפעיוס גלייך צוגעפיהרט זיין אַרמעע ביז צו די טויערן פון ירושלים, און ווידער האָט דער פער-

ביטערטער אריסטאבול נישט געזעהן פאר זיך קיין אנדער אויסוועג, ווי — זיך אונטערגעבען. די רוימישע לעגיאנען האבען אבגעקיהלט דעם חשמונאי'שען העלדענמוט, און אריסטאבול האט זיך פערפליכטעט, איבערצורייסען די מלחמה-פארבערייטונגען, צו בעצאהלען קאנטריבוציע און איבערצוגעבען ירושלים אין די הענד פון דער רוימישער מאכט.

פאמפעיוס האט דאן פערהאלטען אריסטאבלוס'ען ביי זיך און געשיקט זיין פערטרעטער גאביניוס מיט א מיליטער-אבטהיילונג קיין ירושלים, אום איינצונעהמען פון די איינוואוינער די צוגעזאגטע קאנטריבוציע; איהם איז אבער אויסגעקומען זיך גלייך אומצוקעהרען אין לאגער צוריק — די יהודה'ישע פאטריאטען האבען איהם נישט אריינגעלאזען אין שטאדט און איינגאנצען נישט אנערקענט די געצוואונגענע הבטחות פון זייער געפאנגענעם קעניג. דאס האט איינגאנצען דערפילט די מאס פון פאמפעיוס'ס כעס, און ער האט בעלאגערט ירושלים (63).

און לאנג איז דעם רוימישען פיהרער נישט אויסגעקומען צו ווארטען. די הירקאניסטען און צוזאמען מיט זיי אויך בעדייטענדע טיילען פון דער איבעריגער נייטראלער בעפעלקערונג האבען נישט איינגעזעהען קיין שום נוצען אין א אפענעם ווידערשטאנד געגען די רוימישע לעגיאנען, און האבען געעפענט פאר די לעצטע די טויער'ן פון שטאדט. עס האט זיך אבער געפונען אין פאלק א בעדייטענדע צאהל בעגייסטערטע פאטריאטען, וואס האבען בעשלאסען ביי זיך צו קעמפפען ביז זייער לעצטען אטעם-צוג געגען די געצען'דינערישע בעדריקער פון דער יהודה'ישער מאכט, און וועלכע זיי האבען געזעהען אויך די צושטערער פון דעם יודישען גלויבען, און אט די העלדישע קעמפפער פאר'ן גלויבען און פאר'ן פאטערלאנד האבען זיך בעפעסטיגט אויפ'ן הר-הבית, פערניכטענדיג די בריק, וואס האט פערייניגט דעם בית המקדש מיט'ן שטאדט, און זיך פערטיידיגענדיג מיט א אונגעוועהנליכער גבורה.

דער דאזיגער בארג האט פארגעשטעלט מיט זיך א שטארקע פעסטונג, און די געניטע רוימישע קריעגער האבען זיך לאנג געמוזט מאטערן און אנשטרענגען, ביז זיי איז געלונגען איהם איינצונעהמען. מיט העלדישער זעלבסט-אפפערונג פלעגען זיך די בעלאגערטע ארויסרייסען פון זייער לאגער און בעשיטען די מחנה פון שונא מיט א האגעל פון קוילען, שטערנדיג איהם אויף אזא אופן צוצוטרעטען נאהנט

צו די וועסט פון בית-המקדש; דערצו איז דער באַרג פון צפון זייט געווען גוט געשיצט מיט פעלזען, קינסטליכע גראָבענס און טורעמס, און פאָמפּעיוס איז געצוואונגען געווען אַראָבצוברענגען פון טירוס גרויסע בעלאַגערונגס-מאַשינעס, אום צו צושמעטערן די טורעמס, און מאַסען האָלץ פון די ווייטע וועלדער, אום די גראָבענס אָנצופילען. אַזוי האָט זיך די בעלאַגערונג פערצויגען, און דער בית-המקדש וואָלט זיך אפשר נאָך אַ לאַנגע צייט געהאַלטען, ווען עס וואָלט נישט צוקומען דאָ איין אומשטאַנד, וואָס האָט די רוימער בעדייטענד פערלייכטערט זייער אַרבייט: די בעלאַגערטע קעמפּפער פאַר'ן גלויבען, פאַר דער תורה, האָבען אין דער זעלביגער צייט גופא נישט געוואָלט אָבטרעטען פון דער תורה אפילו אויף דאָס מינדעסטע, און לויט איהרע געזעצען האָט מען זיך אום שבת געמעגט בענוצען מיט געוועהר נאָר אויף צו פערטיידיגען דעם אייגענעם נפש, אָבער נישט אויף צו שטערען די בעלאַגערער אין זייערע אָנפאַלען אויף די פעסטונגס-ווענט. עס פערשטעהט זיך, אַז די רוימער האָבען זיך גלייך אָנגעשטויסען אָן דער ערשיינונג און האָבען פערשטאַנען גוט אויסצוניצען די פאָלשטענדיגע פאַסיוויטעט פון די בעלאַגערטע אין דעם פערלויף פון אַ בעשטימטען מעת-לעת אין דער וואָך. נישט בעגעגענדיג קיין ווידערשטאַנד, האָבען זיי דעם גאַנצען שבת'דיגען טאָג זיך בעשעפטיגט ספּעציעל מיט דער אַרבייט פון צושמעטערן די מויערן, און ענדליך, אין אַ געוויסען שבת (סיון-יוני 63), איז איין טורם פון בית-המקדש געפאַלען און דורך דער עפנונג האָט דער יונגער זוהן פון דעם בעריהמטען רוימישען דיקטאַטאָר סוללו דער ערשטער זיך אַריינגעריסען אין בית-המקדש מיט זיין סאָלדאַטען-אָבטיילונג.

און קיינער האָט זיך די זיעגער נישט אַנטקעגענגעשטעלט — די זעלביגע יהודה'עאישע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען גאַנצע דריי מאָנאַטען אויסגעהאַלטען דעם קוילענשטורם פון די רוימישע שליידער-מאַשינעס און אַזוי העלדיש פערטיידיגט דעם גייסטיגען לעבענס-נערוו פון זייער פאָלק, אָט די זעלביגע העלדישע קעמפּפער זענען איצט געשטאַנען בעגייסטערט, טיעף פערזונקען אין אַ פייערליכער תפלה צו דעם אַלערהעכסטען גאָט פון ישראל. דאָס האָט פון דעסטוועגען נישט געשטערט די זיעגער זיך אַרויפצוואַרפען אויף די בעזיעגטע מיט דעם וואוט פון צורייצטע חיות און צו פערפלייצען די עזרות פון גאָט'ס הייליגען הויז מיט'ן בלוט פון די הייליגסטע [illegible]. אין [illegible]

אונגליקליכען טאג האבען צוועלף טויזענד יהודה'עאישע פאטריאטען זייערע לעבענס פערלוירען אונטער דער שווערד און די פערשידענע פיין-מיטלען פון די אכזרי'שע רוימער, און גאט'ס הויז איז פערשאנדעלט געווארען אין א שחיטה-הויז, און טויזענדער אבגעהאקטע קעפ פון הייליגע כהנים האבען זיך געוואלגערט צוזאמען מיט די פריהערדיגע קרבנות אויפן הייליגען מזבח, און פון פלאמען איז דער הימעל רויט געוועזן, — פון פלאמען, אין וועלכע די יהודה'עאישע פאטריאטען האבען זיך אליין געווארפען, מיט גאט'ס נאמען אויף די ליפען, נישט וועלנדיג אריינפאלען אין די הענד פון די בלוטיגע רוימער.

פאמפעיוס אליין האט דערוויל אויסגענוצט די געלעגענהייט, אויף זיך צו בעקאנען מיט דעם כאראקטער פון דעם יודישען גלויבען, וועגען וועלכען עס האבען זיך ארומגעטראגען פערשידענע לעגענדען אין דער גאנצער דעמאלדיגער „ציוויליזירטער" וועלט. נאך אנטיוכס עפיפאנעס האט געהאט פערשפרייט דעם קלאנג, אז די יהודה'עער פערגעטערן אין זייער טעמפעל א עזעל-קאפ, פראווען משונה'דיגע ווילדע צערעמאניעס און האבען א תורה, וואס איז פול מיט אכזר'ישע, מענשענפיינדליכע געזעצען; דער רוימישער טריאומפאטאר האט זיך איצט דעריבער איננאנצען פערלוירען, אריינקומענדיג אינ'ם „קדשי קדשים" פונ'ם יודישען טעמפעל און נישט זעהענדיג דארט קיין שום עזעל-קאפ און קיין שום אבבילדונג פון גאט בכלל. א טעמפעל אהן א שום בילד; א טעמפעל פאר א גאט, וואס איז אינגאנצען אונזיכטבאר, וואס האט אינגאנצען קיין בילד און קיין פארם און קיין געשטאלט נישט — דאס איז פאר דעם רוימישען געצענדינער אינגאנצען אונבעגרייפליך געוועזן, און אט די בילדלאזע הייליגקייט, וואס האט דא געשוועבט ארום איהם, האט „בעזיגט דעם זיגער". דער געלדגייציגער רוימישער קריגס-פיהרער האט בעפעהלען נישט צו ריהרען דאס מינדעסטע פון די טייערע גאלד- און זילבער-כלים, וואס האבען זיך געפונען אין דעם איינגענומענעם בית-המקדש, און אויך נישט פון דער בית-המקדש-קאסע, וואו עס איז געלעגען א סומע פון צוויי טויזענד טאלאנטען. ער האט זאגאר פעראָרדענט, מען זאל ברענגען דעם גאנצען בית-המקדש אין אָרדנונג און בעניייען אין איהם צוריק דעם גאטעס-דיענסט.

נאכדעם האט פאמפיי גענומען איינפיהרען אין לאנד די צוגעזאגטע „אָרדנונג". טריי בלייבענדיג די אלטע טראדיציע פון דעם רוימי-

שען פאלק, די טראדיציע פון בעזיעגען דאס לאנד און עס נישט בעהערשען, איינגעהמען די אויבער-מאכט איבערן פאלק אבער נישט פיהרען עס, — האט פאמפעיוס אויך יהודה געלאזען די פולע פרייהייט בנוגע צו דער אינערליכער פערוואלטונג. דאס לאנד, וואס איז מיט הונדערט יאהר צוריק ארויסגעריסען געווארען פון דער סורישער הערשאפט און האט בעקומען א אייגענע הערשער-דינאסטיע אין דער געשטאלט פון די חשמונאים, איז איצט ארונטערגעפאלען אונטער דעם פראטעקטאראט פון רוים און איז געווארען איינע פון די רוימישע שוץ-מלוכות; אין לאנד איז אבער דערווייל אלץ געבליבען ביים אלטען. אלס פיהרער פון פאלק און כהן-גדול האט פאמפעיוס בעשטימט הורקנוס'ען, וועלכער האט איצט פערלוירען דעם טיטול „קעניג" און בעקומען דעם נאמען „עטנארך" (פיהרער, הויפט). דער-ביי האט ער בעשטימט פאר א מין אפוטרופוס איבער'ן גאנצען לאנד מיט'ן עטנארך צוזאמען דעם בעקאנטען אנטיפאטאר, וועלכער האט פערשטאנען צו געווינען פאר זיך די סימפאטיע פון דעם רוימישען זיעגער.

דער זיעג האט זיך אבער דערמיט אליין נאך נישט געענדיגט. אויסער דעם יעהרליכען מס, וואס יהודה האט פון איצט אן געמוזט אנהויבען אריינצוטראגען אין דער רוימישער מלוכה-קאסע אלס בעזיעגט לאנד, האט פאמפעיוס נאך געלאזען צושמעטערן די מויערן פון שטאדט, און דערצו האט ער דאס לאנד גופא אויך איינגעשלאסען אין ענגערע גרענעצען. די אלע האפענשטעדט און ברעג-געגענדען, וואס זענען געווען בעוואוינט פון גריכען, האט פאמפעיוס ערקלערט אלס פריי-שטעדט, און אזוי האט ער בעפרייט אויך די שטעדט אויף יענער זייט ירדן, וועלכע זענען מיט אזוי פיעל מיה אויסגעקעמפפט געווארען פאר יהודה דורך יוחנן-הורקנוס און אלעקסאנדער-יאנאי. סאמאריא, סקיטאפאליס (בית-שאן) און אנדערע שטעדט אינ'ם עמק יזרעאל, ווייטער גדרה, היפאס, פעלא, דיאן, פילאדעלפיא און נאך עטליכע פון די געוועזענע סורישע שטעדט זענען אויך אבגעריסען געווארען פון יהודה און פעראייניגט געווארען מיט דעם גאנצען סורישען געביט, וואס האט איצט געבילדעט א בעזונדער רוימישע שטאטהאלטערשאפט אין אזיען. לויט די אלטע טראדיציעס פון דער רעפובליקאנישער רוים האבען די אלע בעפרייטע שטעדט בעקומען א ברייטע זעלבסט-פערוואלטונג; עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואס די בעפעלקערונג פון דארטין האט געקוקט אויף פאמפעיוס'ען,

ווי אויף איהר אויסלעזער, און האט דאטירט איהר פרייהייט פון זיין נצחון איבער ירושלים (פאמפעיאנישע ערא). צעהן אזעלכע פריישטעדט האבען זיך פעראייניגט און געבילדעט א פעדעראציע אונטער דעם נאמען דעקאפאליס, און אט דער גאנצער געביט פון דער נייער רוימישער פראווינץ — סוריען, איז איבערגעגעבען געווארען אינ'ם רשות פון דעם דערמאהנטען לעגאט סקאווור.

פון די קריעגסגעפאנגענע האט פאמפעיוס די מעהר היציגע פאטריאטען געהייסען קעפען און די איבריגע האט ער מיטגעפיהרט מיט זיך קיין רוים. צווישען די לעצטע האבען זיך געפונען אויך דער קעניג אריסטאבול II, זיינע צוויי טעכטער און זיינע צוויי זיהן, אנטיגאן און אלעקסאנדער. די דאזיגע קעניגליכע פאמיליע (אויסער אלעקסאנדער'ן, וועלכער איז אנטלאפען פון וועג) איז שפעטער, נאך פאמפעיוס'עס אנקומען קיין רוים, איינגעשפאנט געווארען אין זיין טריאומף-וואגען, צוזאמען מיט נאך פיעל אנדערע בעזיעגטע קעניגען און פרינצען פון דער גרויסער מזרח-וועלט. די איבריגע גרויסע מחנה געפאנגענע, וואס פאמפעיוס האט מיטגעבראכט מיט זיך פון יהודה, האט זיך אויסגעמישט מיט דער איבריגער יודישער בעפעלקערונג, וואס האט געלעבט אין רוים, און אריינגעבראכט א סך לעבען אין דער דארטיגער יודישע געמיינדע.

אזוי האט זיך געענדיגט די גאלדענע צייט פון דער בעניימטער יהודה'שער מלוכה, וואס האט זיך אנגעהויבען מיט דעם מכבי'אישען אויפשטאנד. אלס שקלאפען, ארים און דערשלאגען, זענען ציון'ס קינדער געבראכט געווארען אין דער מעכטיגער, שטאלצער רוים; דאס איז אבער נאך נישט געוועזען דאס לעצטעווארט פון דער היסטאריע. די בעציהונגען צווישען ירושלים און רוים האבען זיך נאך געצויגען א סך, א סך צעהנדליגער יאהרען, און די רוימישע סאלדאטען האבען נישט איין מאל נאך פערטרונקען ירושלים'ס גאסען מיט'ן בלוט פון איהרע קינדער, און מחנות געפאנגענע פון יהודה זענען נישט איין מאל נאך געשפאנט געווארען אין רוימישע טריומף-צוגען. נאר דא איז פארגעקומען אין דער געשיכטע עטוואס מערקווירדיגעס: אט די זעלביגע עלענדע שקלאפען, אט דער הייפעל יהודה'ער פון דעם „בארבארישען" מזרח האט זיך אנגעהויבען ביסליכווייז אונטערצוגראבען אונטער דעם יסוד פונ'ם גאנצען רוימישען וועזען, פון דער גאנצער רוימישער וועלט-און לעבענס-אנשויאונג, פון דעם גאנצען רוימישען לעבען, דענקען און שאפען און געענדיגט האט זיך די דאזיגע צושטערונגס-ארבייט מיט דעם פאלשטענדיגען נצחון פון די בעזיעגטע יהודה'ער איבער די מעכטיגע רוימישע זיעגער. —

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

## יודען אין די אַרומיגע לענדער און דאָס אינערליכע לעבען פון יהודה.

---

צוזאַמען מיט דעם שאָטען פון פּאָליטישער קנעכטשאַפט, וואָס האָט זיך פערצויגען איבער יהודה, האָבען זיך פערשטאַרקט און פערגרעסערט די יודישע קאָלאָניעס אין די אַרומיגע, שכני'שע לענדער. אַזעלכע יודישע קאָלאָניעס האָבען פון די אַלטסטע צייטען אָן עקסיסטירט אין מעסאָפּאָטאַמיען, סיריען, קליין-אַזיען, מצרים און קירענייקע; און אין די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען, נאָכדעם, ווי יהודה האָט אָנגעהויבען קומען אין אַ נעהנטערן פּאָליטישען פערקעהר מיט דער רוימישער רעפּובליק, איז צו זיי צוגעקומען די בעדייטענדע קהלה פון יהודה'עער אין רוים. די נישט-יודישע קוועלען פון דער חשמונאים-עפּאָכע וויסען צו דערצעהלען, אַז „די יהודה'עער זענען שוין אַריינגעדרונגען אין אַלע שטעדט, און ס'איז נישט לייכט צו געפינען וועלכען ס'איז אָרט אויף דער ערד, וואָס זאָל זיין פריי פון זיי“ (סטראַבאָן), און ווי ס'דריקט זיך אויס איינס פון די אַלטסטע ס'בילינישע ביכער, „זענען אַלע ערדען און אַלע וואַסער'ן פול מיט יהודה'עער“.

געבילדעט האָבען זיך די דאָזיגע יודישע קבוצים אין יענער צייט, ווען יהודה איז איבערגעגאַנגען פון איין מלוכה צו דער אַנ-

**דערער, און יעדער נייער הערשער האט זיך אדער נוקס געווען אן די פערעקשנטע יהודה'עער און זיי פערטריבען פון זייער לאגר,**

אדער ער האט געזעהען אין זיי א מיטעל צו א געוויסען פאליטישען צוועק און האט זיי בעזעצט מאסענווייז אין זיינע אנדערע פראווינצען. ביסלעכווייז האבען זיך די יודישע אימיגראנטען איינגעלעבט אין זייערע נייע וואוינונגס-פלעצער, און מיט דער צייט האבען זיי זאגאר בעוויזען זיך צו ערווערבען נישט בלויז רייכטום און א כבוד'יגען פלאץ אין דעם דארטיגען האנדעל, נאר אויך א בעדייטענדען איינפלוס אויף דער גאנצער קולטורעלער און פאליטישער ענטוויקלונג פון דער סביבה, אין וועלכער זיי האבען זיך געפונען; דאס האט געבראכט דערצו, אז אויך שפעטער, ווען יהודה האט ווידער אויפגעבליהט אונטער דער מאכט פון די חשמונאים און ירושלים איז געווארען, אויסער דער גייסטיגער, אויך דער פאליטישער צענטר פאר דער גאנצער אומה, האבען זיך די דאזיגע אויסגעוואנדערטע מאסען נישט געאיילט אומצוקעהרען אין זייער היים. זיי האבען זיך נאר בעטייליגט אין די הוצאות פון בית המקדש מיט יעהרליכע נדבות און אויסער דעם פלעגען זיי גרופעס-ווייז קומען פון צייט צו צייט בעזוכען די הייליגע שטאדט.

דעם בעדייטענדסטען פלאץ צווישען די דערמאהנטע יודישע קאלאניעס אויסער ארץ ישראל פערנעהמט די פון עגיפטען. די ערשטע גרופע יהודה'עער האט פטאלאמעאוס I אהין געבראכט, און מיט איין יאהרהונדערט שפעטער האבען זיך שוין געפונען אין מצרים ביז א מיליאן יודען, וועלכע זענען געווען צעווארפען איבערן גאנצען לאנד — פון דעם ליבישען מדבר אין צפון ביז די גרענעצען פון אביסיניען אין דרום. א טעטיגע ראליע האט די דארטיגע יהודה'אישע בעפעלקערונג אנגעהויבען צו שפיעלען, ווען יהודה איז אבגעריסען געווארען פון עגיפטען (פאר פטאלאמעאוס V) אלס א פראווינץ, וואס איז אריינגענאנגען אין די גרענעצען פון סיריען, און ביידע מלוכות זענען געווען פעראינטערעסירט אין דעם, צוצוציהען די יהודה'עער אויף זייער זייט. די יהודה'עער אין עגיפטען זענען שטענדיג געווען געטרייע אנהענגער פון דער פטאלאמעאישער דינאסטיע, און דער זעקסטער פטאלאמעער, פילאמעטער, האט גערן געעפענט די טויערן פון זיין לאנד פאר די גרויסע מחנות אנטלאפענע פון יהודה, ווען דער סירישער דעספאט אנטיוכס עפיפאנעס האט דארט געווילדעוועט

מיט זײַנע שוידערהאַפטע צוואַנגס-מיטלען און אכזריות'ען. צווישען די דאָזיגע אַנטלאָפענע האָט זיך געפונען אויך חוניו IV, דער זוהן פון דעם כהן גדול חוניו III, בײַ וועלכען די העלעניסטען האָבען אָבגענומען דעם כהן גדול-טיטול; און אַזוי ווי אין דעם עגיפּטישען הויף האָט מען דאַן כסדר געזוכט פּלענער, ווי אַזוי צוריק אַרויסצורײַסען פון אנטיוכס'ן די מאַכט איבער יהודה, האָט מען דעם אַנגעזעהענעם יהודה'עאישען מיוחס, חוניו, אויפגענומען מיט כבוד און פרײַנדשאַפט. דאָס האָט דעם לעצטען געגעבען די דרײסטקײַט אַרויסצוטרעטען מיט זײַן פּלאַן וועגען גרינדען אין מצרים אַ נײַעם רעליגיעזען צענטר, אויך אין דער געשטאַלט פון אַ בית המקדש, וואו ער אַליין, אַלס געזעצליכער יורש, זאָל ערפילען די פליכטען פון אַ כהן-גדול.

אין דער יודישער קאָלאָניע איז דער פּלאַן אויפגענומען געוואָרען מיט צופריעדענהײַט — בײַ די פערשאַרפטע בעציהונגען, וואָס האָבען איצט געהערשט צווישען דעם עגיפּטישען און דעם סירישען הויף, האָבען זײ נאָר געקענט צופריעדען זײַן מיט דעם פּלאַן פון אַן'אײגענעם בית המקדש, מיט אַן'אײגענעם געזעצליכען כהן גדול, וואָס וועט זײ אינגאַנצען אונאָבהענגיג מאַכען פון ירושלים און זײ בעפרײַען פון פערקעהרען אַזוי אָפט מיט דער סירישער יהודה. חוניו האָט דאַן פאָרגעלעגט זײַן בקשה פּילאָמעטער'ן, און דער לעצטער האָט איהם אָבגעגעבען אַ בעדײַטענדען שטח ערד אין דעם שטעדטיל לעאָנטאָפּאָליס, אין דער געגענד פון העליאָפּאָליס, צו צפון-מזרח זײַט פון מעמפיס, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען אַן'אַלט-עגיפּטישער טעמפּעל. אויף דעם פּלאַץ האָט חוניו געלאָזען אויפגעשטעלען אַ טעמפּעל פאַר דעם יודישען גאָט, — אַ טעמפּעל מיט אַ מזבח, לויט דעם מוסטער פונ'ם בית המקדש אין ירושלים, נאָר קלענער און אָרימער פון יענעם. איהם איז אויך געלונגען זיך צוזאַמענצושטעלען דעם נויטיגען שטאַט כהנים און לוים פון די אַנגעלאָפענע יהודה'ער, און די הוצאות אויף דעם זענען גענומען געוואָרען פון די מלוכה-שטײַערן פון דער גאַנצער געגענד, וואָס האָט בעקומען דעם נאָמען אָניאָן (חוניו-אָניאָן) און איז אינגאַנצען אַוועקגעשטעלט געוואָרען אונטער דער אויבערשטער פערוואַלטונג פון דעם יהודה'עאישען כהן-גדול.

אום צו בעקומען אויך אַ רעליגיעזע סאַנקציע פאַר זײַן בית המקדש (בית חוניו), האָט זיך חוניו בערופען אויף דער אַלטער

נבואה פון ישעיהו: „אין יענעם טאָג וועט שטעהן אַ מזבח פאַר גאָט אין'ם לאַנד מצרים און אַ מדבר צום אַלערהעכסטען אויף איהר גרענעץ"; דאָס האָט אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, גאַנץ וועניג געווירקט אויף דער בעפעלקערונג פון ארץ־ישראל, און דאָרט האָט מען די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט קרום צו קוקען אויף „חוניו'ס טעמפעל", אין לעאָנטאָפאָלים, וואָס האָט עקסיסטירט איבער צוויי הונדערט יאָהר און האָט איבערגעלעבט מיט דריי יאָהר זיין אָריגינאַל פון ירושלים. אין מצרים גופא, זאָגאַר, האָבען זיך אויך געפונען אַ סך יודען, וואָס האָבען נישט איבערגעריסען איצט זייערע בעציהונגען מיט דעם פערהייליגטען צענטר אין דער הייליגער שטאָדט; זיי פלעגען, ווי ביז אַהער אַזוי אויך איצט, געהן קיין ירושלים (עולי רגל, פיליגרימען) אויף די גרעסערע יום־טובים און שיקען אַהין זייערע יעהרליכע נדבות, און נאָך דעם ערשטען גרויסען נצחון פון די מכבי'ער, האָבען די פאָלקס־פיהרער פון יהודה געפונען פאַר אַ פליכט, איינצולאַדען די עגיפּטישע גלויבענס־ברידער אין דער בענייטער יהודה'עאישער הויפּטשטאָדט, אום זיי זאָלען זיך בעטייליגען אין דער פייערליכער בענייאונג פון בית המקדש (חנוכת הבית, חנוכה).

אין אַלגעמיין איז די לאַגע פון יודען אין מצרים געווען זעהר אַ גוטע. זיי האָבען זיך בעטייליגט אין אַלע צווייגען פון דעם פּאָליטישען, געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען, און אומעטום האָבען זיי זיך געפיהלט גלייכבערעכטיגט מיט די איינגעבוירענע בירגער פון לאַנד. אַממעהרסטען קאָנצענטרירט זענען די יודען געווען אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָדט אַלעקסאַנדריע, דער צווייטער בעדייטענדער צענטר פון דער דעמאָלדיגער ציוויליזאַציע נאָך רוים. פון די פינף קוואַרטאַלען, אין וועלכע די שטאָדט איז געווען איינגעטיילט, האָבען יודען פערנומען כמעט גאַנצע צוויי, און זייער צענטראַלער פונקט איז געווען דער קוואַרטאַל דעלטאַ, וואָס איז געלעגען ביים האַפען. דאָס איז אַ „יודיש שטעדטיל" געווען, וואו עס איז געווען קאָנצענטרירט כמעט דער גאַנצער עקספּאָרט און אימפּאָרט פון לאַנד. קומענדיג אין אַ געשעפטליכען פערקעהר מיט פערשיעדענע קולטורצענטערן און זיך ענגער צוזאַמענלעבענדיג מיט זייערע גריכישע שכנים, האָבען די עגיפּטישע יודען איבערגענומען פון זיי דעם פערפיינערטען געשמאַק און דעם זין פאַר קינסטלערישע אויסאַרבייטונגען, און קוים האָט מען אין ירושלים געדאַרפט האָבען קינסטלער צו דער בענייאונג

פון בית המקדש, האָט מען זיי געמוזט אויסשרייבען פון דער אַלעקסאַנדריניש־יודישער קהלה. און נישט נאָר אויף די געביטען פון קונסט און האַנדעל — די אַלעקסאַנדרינישע יודען האָבען זיך אויסגעצייכענט זאָגאַר אויך אַלס מיליטער־פיהרער, און אָן דער שפּיץ פון דער עגיפּטישער אַרמעע פאַר פילאָמעטער'ן זענען געשטאַנען די יהודה'ער חוניו און דאָסיטעאוס. שפּעטער, בײַ דעם צוזאַמענשטויס צווישען דעם חשמונאי אַלעקסאַנדער־יאַנאַי און דעם עגיפּטישען טראָן־פּרעטענדענט, פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס, איז די קעניגין קלעאָפּאַטראַ אַרויסגעטרעטען צו הילף דעם קעניג פון יהודה און האָט געשיקט געגען איהר זוהן אַ אַרמעע, אונטער דער אָנפיהרונג פון די צוויי יהודה'עאישע ברידער חלקיהו און חנניה, די זיהן פון דעם דערמאָהנטען חוניו IV.

די אַלעקסאַנדרינישע קהלה האָט געדיענט אַלס מיטעלפּונקט פאַר דער גאַנצער יהודה'עאישער קאָלאָניע אין מצרים. דאָ האָבען זיך, נאָך אײדער חוניו האָט אויפגעשטעלט זײַן בית המקדש, געפונען שוהלען (פּראָזייכען, סינאַגאָגען) צום דאַווענען אין אַלע טיילען פון שטאָדט, און פון זיי האָט זיך בעזונדער אויסגעצייכענט די הויפּטשוהל מיט איהר שענער געביידע און קינסטלעריש־רייכע בעפּוצונגען. די דאָזיגע שוהלען האָבען געדיענט אויך אַלס לעהר־הײַזער (בתי מדרשים), וואו עס פלעגען שבת און יוב טוב ערקלערט און געלייענט ווערן קאַפּיטלען פון דער תורה און די נביאים. בראש פון דער יודישער קהלה אין אַלעקסאַנדריע איז געשטאַנען אַ בעזונדער נשיא (עטנאַרך), וואָס „האָט אַכטונג געגעבען אויפ'ן פאָלק, גע'משפט צווישען איינעם און אַנדערען; געזעהען, אַז אַלע פליכטען און פאַרשריפטען זאָלען ערפילט ווערן — ווי אַ פיהרער פון אַ אונאָבהענגיגער שטאָדט" (סטראַבאָן).

אַזוי האָבען יודען געלעבט אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָדט — פול מיט שטאָלצער אַכטונג צו זיך אַליין און טיעף געאַכטעט אויך פון די אַרומיגע בעלי בתים און שכנים. זיך בעטייליגענדיג אַקטיוו אין אַלע צווייגען פון דעם געזעלשאַפטליכען און פּאָליטישען לעבען און שפּיעלענדיג אומעטום אַ דאָמינירענדע, טאָן־געבענדע ראָליע האָבען זיי, נאַטירליך, געמוזט אַרויפציהען פון צייט צו צייט אויף זיך דעם כעס פון אַ פעראינטערעסירטער פערזאָן און דאַן איז זיי אויסגעקומען נישט ווייניג צו ליידען; דאָס איז אָבער געווען מעהר אַ

פּאָליטישער צוזאַמענשטויס , ווי די פערפאָלגונג צוליעב דעם ראַסענאונטערשיעד אָדער צוליעב דעם יודישען גלויבען . אַזוי , למשל , איז פאָרגעקומען , אַז נאָך דעם טוידט פון דעם גוטהערציגען פּטאָלאָמעאוס פילאָמעטער , האָט זיין אכזריות'דיגער ברודער , פּ ט אָ ל אָ מ ע א ו ס VII פ י ס ק אָ ן , אָנגעהויבען פיהרען אַ קאַמפף פאַר'ן טראָן מיט דער קעניגין־אלמנה קלעאָפּאַטראַ (145) . פיסקאָן האָט געהאַט אויף זיין זייט די שטיצע פון רוים , דאַגעגען אָבער איז די סימפּאַטיע פון די אַלעקסאַנדרינישע יודען געווען אויף קלעאָפּאַטראַ'ס זייט , און בראש פון איהר מיליטער איז געשטאַנען דער אויבען דערמאָהנטער חוניו . דאָס האָט אויפגערייצט דעם ברוטאַל־מערדערישען פּרעטענדענט און ער האָט זיך בעשלאָסען אויף אַ שרעקליכען שריט : ער האָט בעפעהלען זיינע סאָלדאַטען , צונויפצוטרייבען מאַסען יודען מיט זייערע פרויען און קינדער אויפ'ן מאַרק , און דאַן אַרויפלאָזען אויף זיי אַ מחנה אויסגעהונגערטע , צורייצטע העלפאַנטען ; ביי דער אויספיהרונג פון דער נקמה איז אָבער פאָרגעקומען עטוואָס אונערוואַרטעטעס : אָנשטאָט זיך אַרויפצעוואַרפען אויף די שוצלאָזע יהודה'ער , האָבען זיך די צעווילדעטע העלפאַנטען אומגעווענדעט צו זייערע איי̈גענע פיהרער און אָנגעמאַכט צווישען זיי אַ חורבן . פיסקאָן האָט זיך דאַן אָבגעזאָגט פון זיין ווילדער נקמה , און צום זכר פון דער ישועה , וואָס איז בעטראַכט געוואָרען פון פאָלק אַלס נס פון הימעל , איז אין דער אַלעקסאַנדרינישער יודישער געמיינדע איינגעפיהרט געוואָרען אַ יעהרליכער יום־טוב .

מעהר אָבער , פיעל מעהר ווי אויף די דערמאָהנטע געביטען , האָבען די יודען אין אַלעקסאַנדריע געווירקט אויף דער אַזוי גערופענער „אַלעקסאַנדרינישער ליטעראַטור” . דאָ האָבען זיי געשאַפען עטוואָס אַזוינס , וואָס האָט געהאַט אַ בעדייטענדען איינפלוס אויף דעם גאַנצען גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע , אויף דער גאַנצער שפּעטערדיגער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען אידעען־גאַנג . בעשטאַנען איז די דאָזיגע אַלעקסאַנדרינישע ליטעראַטור פון אַ גאַנצער רייהע פערשיעדענאַרטיגע וויסענשאַפטליכע , פילאָזאָפישע און פּאָעטישע ווערק אין דער גריכישער שפּראַך ; געשריבען זענען אָט די ווערק געוואָרען פון שריפטשטעלער , וואָס האָבען אָנגעהערט צו פערשיעדענע , מעהר אָדער ווייניגער העלעניזירטע פעלקער ; און אָט , אין דעם לאַבירינט פון העלענישע אידעען און פאָרמען האָט זיך אַמשטאַרקסטען בולט

אַרויסגעוויזען דער יודישער עלעמענט, דער עלעמענט פון דער יודישער וועלט- און לעבענס-אַנשויאונג. די אַלעקסאַנדרינישע יודען האָבען די ערשטע פּראָקלאַמירט פאַר דער אַלטער קולטור-וועלט דעם יודישען שאַפונגס-גייסט, און דאָס קאָן גערעכענט ווערן אויך פאַר דעם ערשטען ממשות'דיגען צוזאַמענשטויס צווישען די ביידע וועלט-קולטורען, דאָס יודענטום און דעם העלעניזם, אויף דעם העלענישען באָדען, — דער צוזאַמענשטויס, פון וועלכען דאָס יודענטום איז ענדליך אַרויס מיט אַ פאָלשטענדיגען נצחון.

דאָס בעדייטענדסטע ווערק, וואָס די אַלעקסאַנדרינישע יודען האָבען אַריינגעבראַכט אין דער דעמאָלדיגער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַטור, איז געווען די ביבעל אין אַ גריכישער איבערזעצונג. צו אונז זענען נישט דערגאַנגען קיינע ידיעות וועגען די אייגענטליכע מאָטיווען, וואָס האָבען בעוואויגען די אַלעקסאַנדרינישע יודען, זיך צו פערנעהמען מיט דער אַרבייט פון איבערזעצען די תורה; בעקאַנט איז נאָר, אַז די איבערזעצונגס-אַרבייט האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין דריטען יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס'ן און איז געענדיגט געוואָרען אין צווייטען, און אַז די אונטערנעהמונג איז געשטיצט געוואָרען געוויסערמאַסען פון דעם עגיפּטישען הויף. ס'איז איבערגעזעצט געוואָרען דער גאַנצער תנ"ך (תורה, נביאים און כתובים), עטליכע אַנדערע פּאָעטישע און רעליגיעז-פילאָזאָפישע ווערק און אויך אַ טייל פון די ווערק, וועלכע זענען שפּעטער אַריינגענומען געוואָרען אין דער רייהע פון די ביבלישע אַפּאָקריפען. דערביי האָבען זיך די איבערזעצער נישט געהאַלטען שטרענג ביים טעקסט און אָפט האָבען זיי זיך ערלויבט, צוצוגעבען פערשידענע ערצעהלונגען און תפלות, — פון די, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען אין פאָלק. דאָס האָבען זיי בעזונדער געטאָן אין די לעצטע ביבעל-ספרים, וועלכע זענען נאָך נישט שטאַרק פערהייליגט געוועזען.

אין יהודה האָט מען געקוקט אויף דעם פאַקט פון איבערזעצען די תורה אין אַ פרעמדער, וועלטליכער שפּראַך, ווי אויף אַ מין פּראָפאַנאַציע (הייליגקייטס-פערשוועכונג), און דער טאָג, ווען די איבערזעצונג איז געענדיגט געוואָרען, איז דאָרט בעשטימט געוואָרען אַלס טאָג פון טרויער פאַר'ן גאַנצען פאָלק. דאָרט האָט מען צופיעל געהאַט געליטען פון דער העלענישער וועלט, דאָרט האָט מען זיך צופיעל געשראָקען פאַר דעם שעדליכען העלענישען איינפלוס און צו

פיעל האָבען די אמת'ע פערזאָרגער פונ'ם פאָלקס-גייסט זיך בעמיהט איהם איינצוציהען וואָס מעהר אין זיין אייגענער שאָלעכץ, אום צו קאָנען זיך גלייכגילטיג בעציהען צו אַזאַ מין גייסטיגער היימישקייט מיט די געצענדיענערישע העלענישע פעלקער. די אַלעקסאַנדרינישע יודען האָבען זיך אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, גאָרנישט גערעכענט מיט דער אונצופריעדענהייט, און יעדער נייער ספר, וואָס איז ערשיענען אין יהודה, איז גלייך איבערגעזעצט געוואָרען אין אַלעקסאַנדריע, ווערנדיג, אויף אַזאַ אופן, דאָס אייגענטום פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. אַ דאַנק דעם אומשטאַנד זענען צו אונז דערגאַנגען אַזעלכע אוצרות פון יודישען גייסט און יודישער שאַפונג, ווי „די חכמה פון יהושע בן סירא", „דאָס ערשטע בוך פון די מכבי'עער", דער „ספר חנוך" און נאָך אַנדערע „אַפּאָקריפען", וואָס זייערע העברעאישע אָריגינאַלען זענען פערלוירען געגאַנגען.

אויסער די דערמאָהנטע איבערזעצונגען האָבען זיך די אַלעקסאַנדרינישע יודען אַליין אויך געפּרובט בעאַרבייטען די יודישע פערגאַנגענהייט, מיט דעם צוועק צו דערווייזען די גרויסקייט פון דעם יודישען גייסט און די געטליכע איינבינקייט פון דער יודישער אמונה. אַזוי האָט אַ געוויסער יאַזאָן פון קירענייקע פערפאַסט אַ גריכיש ווערק אין פינף טיילען, אין וועלכע ער האָט אויספיהרליך געשילדערט די יהודה'עאישע בעפרייאונגס-בעוועגונג און די מלחמות פון די חשמונאים. פון דעם ווערק זענען צו אונז דערגאַנגען נאָר געקליבענע פראַגמענטען, וועלכע זענען שפּעטער צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „דאָס צווייטע בוך פון די חשמונאים". אין דעם „צווייטען", אַלעקסאַנדרינישען בוך קומען אריין פערשיעדענע פאָלקס-לעגענדעס וועגען די בעהאַנדעלטע געשעהענישען, — אַזעלכע, וואָס אין דעם „ערשטען", יהודה'עאישען, חשמונאים-בוך זענען זיי גאָרנישטאָ. דאָס אַלעקסאַנדרינישע חשמונאים-בוך איז בכלל געשריבען אין דעם טאָן פון די גריכישע רעטאָריקער און האָט נישט אין זיך, נישט די ביבלישע פשטות און נישט די שטרענגע זאַכליכקייט פון דעם ערשטען ספר המכבים. פאַר דעם אַלעקסאַנדרינישען אויטאָר איז אין דעם קאַמפּף פון די חשמונאים מעהר וויכטיג דער רעליגיעזער עלעמענט, ווי די פּאָליטישע בענייאונג פון יהודה. ער בעמיהט זיך כסדר צו דערווייזען, אַז די יודישע אמונה האָט דאָ אָבגעהאַלטען אַ נצחון איבער די אכזריות'דיגע צוואַנגס-מיטלען פון הײדענטום, און

דאַנגעגען געהט איהם דער פּאָליטישער נצחון גאַנץ וועניג אָן.

אָט די אַלע אַרבייטען זענען אָבער געוועזען נישט מעהר, ווי די ערשטע שריט אויף דעם וועג פון אַ נעהנטערער גייסטיגער פערוואַנדשאַפט, פון אַ ענגערן גייסטיגען צוזאַמענלעבען, — די ערשטע שריט, נאָך וועלכע עס האָט זיך איצט אָנגעהויבען די אינטענסיווע שאַפונגסטעטיגקייט פון דעם יודישען גייסט. אַליין דורכגענומען און באַאיינפלוסט פון די גריכישע פילאָזאָפישע אידעען און ענטציקט פון זייער פאָרם און שענקייט, האָט די אַלעקסאַנדריניש-יודישע אינטעליגענץ קודם כל געשטרעבט, מקרב צו זיין די תורה צו דעם גריכישען געדאַנקענגאַנג און צו דערווייזען, אַז דאָס יודענטום און דער העלעניזם שטאַמען ביידע, איינענטליך, פון איין מקור און אַנערקענען ביידע כמעט איינע און די זעלבע אמת'ען. דאָס האָט, נאַטירליך, געמוזט באַגעגענען אַ געוויסען ווידערשטאַנד פון דער העלענישער זייט, וואו מ'האָט באַטראַכט די גריכישע פילאָזאָפיע פאַר דער איינציג ריכטיגער און איינציג בערעכטיגטער, און די יודישע שריפטשטעלער זענען, אויף אַזאַ אופן, נישט ווילענדיג אַריינגעצויגען געוואָרען אין אַ שאַרפער פּאָלעמיק, אין וועלכער זיי האָבען זיך שוין באַמיהט נישט בלויז צו פערטיידיגען די יסודות פון יודענטום און זיי צו בערעכטיגען, נאָר אויך זיי צו פראָפּאָגאַנדירען, זיי צו פערשפּרייטען אין דער אַרומיגער קולטור-וועלט. פעראייניגען די יודישע מיט דער העלענישער קולטור איז אָרגאַניש אונמעגליך געוועזען, און סוף כל סוף האָט געמוזט אויסברעכען אַ ביטערער קאַמפּף צווישען דעם עצם מהות פון יודענטום, דעם *עטישען מאָנאָטעאיזם*, און דעם איינענטליכען וועזען פון דער גריכישער קולטור, דעם *עסטעטישען פּאָליטעאיזם*.

פון די ערשטע אַלעקסאַנדרינישע יהודה'ער, וואָס האָבען געפּרובט צוטרעטען צו דער תורה מיט דעם קריטעריום פון דער גריכישער אידעען-וועלט איז געוועזען אַ געוויסער *אַריסטאָבול*, וואָס האָט געלעבט אין אַלעקסאַנדריען פאַר פּטאָלאָמעאוס פילאָמעטער'ן (170—150). ער האָט אָנגעשריבען אַ ווערק וועגען משה'ס געזעצגעבונג, אין וועלכען ער האָט געזוכט צו דערווייזען, אַז די אַלע פילאָזאָפישע סיסטעמען פון די גריכישע דענקער פיטאַגאָרוס, סאָקראַטוס און פּלאַטאָן זענען אָנגעוואונקען אין דער יודישער תורה, און אַז משה'ס לעהרע ענטהאַלט אין זיך דאָס בעסטע און טיעפסטע פון דעם אַלעמען, וואָס עס האָבען געפּרעדיגט די גריכישע פילאָזאָפען אין

אַלע צײַטען און דורות. דער אַריסטאָבול איז אויך געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט זיך בענוצט מיט דער אַלעגאָרישער מעטאָדע, אום צו ערקלערן די אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע שטעלען פון דער תורה (די אויסדריקען, וואָס חאַראַקטעריזירען גאָט אַלס אַ וועזען מיט מענשליכע אײגענשאַפטען; למשל: גאָט האָט געזאָגט, גאָט האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם א. נ. א.) ערקלערנדיג, אַז אַט די אַלע שטעלען דאַרף מען נישט פערשטעהן בוכשטעבליך, נאָר בילדליך, לויט דעם זין, וואָס זײ ענטהאַלטען אין זיך.

צו דעם צוועק פון אַרויסווײַזען די גרויסקײַט פון דעם יודישען גײַסט, איז אַממעהרסטען אויסגענוצט געוואָרען די יודישע געשיכטע. אין דעם אײנציגען צווײטען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער ערא, האָבען גאַנצע דרײַ יודישע שריפטשטעלער בעאַרבײַט די יודישע פערגאַנגענהײַט אין אַ גאַנצער רײהע ווערק, אין וועלכע עס ווערט דערוויזען, אַז משה האָט דער ערשטער בעקאַנט יודען מיט דער קונסט פון שרײַבען, און פון זײ איז׳ם ערשט איבערגעגאַנגען צו די פיניקער, וועלכע האָבען עס ווידער, פון זײער זײַט, איבערגעגעבען די גריכען; אַז די גאַנצע עגיפּטישע קולטור שטאַמט פון די יודישע פּאַטריאַרכען אברהם, יוסף און משה, פון וועלכע דער לעצטער איז איבערהויפּט דער אײנציגער ענטדעקער און בעשעפער פון אַלע וויסענשאַפטען און קונסט-געביטען.

אײנצעלנע עפּיזאָדען פון דער יודישער פערגאַנגענהײַט האָבען געדיענט אַלס סיוזשעטען אויך פאַר פּאָעטישע שאַפונגען. דער עלטערער פ י ל אָ ן האָט אָנגעשריבען אַ עפּישע פּאָעמאַ „וועגען ירושלים“, וואו ער האָט בעזונגען דאָס לעבען פון די ערשטע יודישע פּאַטריאַרכען און די פּרעכטיגע גרויסקײַט פון דער יהודה׳עישער הויפּטשטאָדט; אַ צווײטער דיכטער (גיבער אַ ש ו מ ר ו נ י), מיט׳ן נאָמען ט ע אָ ד אָ ט, האָט אָנגעשריבען אַ העלדען-פּאָעמאַ וועגען שכם, די הײליגע שטאָדט פון די שומרונים, וועלכע יעקב׳ס קינדער האָבען אײַנגענומען נאָך דער אַוועקרויבונג פון זײער שוועסטער דינה; אַ געוויסער י ח ז ק א ל האָט אָנגעשריבען אַ דראַמאַ, אין וועלכער ער האָט געשילדערט דאָס לעבען פון משה רבינו און דעם נס פון יציאת מצרים; און אַזוי איז כמעט די גאַנצע ביבעל בעהאַנדעלט געוואָרען פּאָעטיש אָדער פילאָזאָפיש.

די דאָזיגע שטאַרקע ענטוויקלונג פון דער יודיש-העלעניש ער לי-

טעראַטור, וואָס איז אינגאַנצען דורכגעדרונגען געוועזען מיט דער איינציגער טענדענץ: צו לויבען דעם יודישען גייסט און דעם יודישען פאָלק, — האָט אַרויסגערופען אַ גאַנצע רייהע ווערק געגען יודען און געגען דעם יודישען גלויבען. אַזוי האָט אַ געוויסער עגיפּטישער גייסטליכער, מיט׳ן נאָמען מאַנעטאָן, אָנגעשריבען אַ ווערק מיט די שענדליכסטע בלבולים אויף יודען, און ווי ס׳איז צו גלויבען, איז דאָס ווערק זעהר פּאָפּולער געוואָרען און האָט זיך געוואונען אַ סך אָנהענגער און נאָכאַהמער. אָט דער אומשטאַנד האָט געצוואונגען די יודישע שריפטשטעלער צו געפינען פאַר זייערע פערטיידיגונגס-ווערק אַ מעהר איבערצייגענדע פאָרם, און פון דאַנען שטאַמט די אַזוי גערופענע „פסעוידאָגראַפישע״ ליטעראַטור. יודען האָבען אָנגעהויבען אַריינצולעגען זייערע מיינונגען און אידעען אין מויל פון פערשידענע אַלגעמיינע בעריהמטע פערזענליכקייטען; אַזוי איז ענטשטאַנען אַ גאַנץ ווערק „וועגען יודען״ אויף דעם נאָמען פון דעם בעריהמטען גריכישען פילאָזאָף העקאַטאַ פון אַבדעראַ, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסען. אין דעם ווערק זוכט דער גריכישער פילאָזאָף צו איבערצייגען דער וועלט, אַז די יודישע אמונה איז ריין פון יעדען מין אַבערגלויבען און די יודען זענען מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען זייער גאָט און זיינע געזעצען; צו דעם צוועק שילדערט ער די בעדייטענדסטע מאָמענטען פון דער יודישער געשיכטע, און דערביי ברענגט ער אויך געוויסע עפּיזאָדען פון זיין אייגענער ערפאַהרונג. כאַראַקטעריסטיש איז די פאָלגענדע ערצעהלונג:

„ווען איך האָב מיך אַוועקגעלאָזען צום שוואַרצען ים, האָט זיך צווישען די אַנדערע יהודה׳עאישע רייטער, וואָס האָבען אונז בעגלייט, געפונען אויך איינער מיט׳ן נאָמען משולם, אַ מענש אַ שטאַרקער אַ גייסטיג, אַ קערפּערליך] און, ווי אַלע האָבען אויף איהם עדות געזאָגט, — דער בעסטער בויגען-שיסער צווישען אַלע גריכען און באַרבאַרען. אויפ׳ן וועג האָט איין וואָהרזאָגער, וואָס האָט נביאות געזאָגט לויט דער בעוועגונג פון פויגעל-פליה (אָרניטאָמאַנטיע, זעהר אַ פערשפּרייטע ערשיינונג אין דער אַלטער וועלט), געהייסען דעם גאַנצען קאַראַוואַן זיך אָבשטעלען. דאַן האָט דער דערמאָהנטער מענש (משולם) געפרעגט, פאַרוואָס מ׳געהט נישט ווייטער; דער וואָהרזאָגער האָט איהם אָנגעוויזען אויף די פליה-בעוועגונגען פון פויגעל און געזאָגט: אויב ער וועט זיך דאָ אָבשטעלען, דאַרפען מיר זיך אויך אָבשטעלען;

אויב ער וועט זיך אויפהויבען און פליהען פאראוים, וועלן מיר אויך קענען ווייטער געהן און אויב ער וועט פליהען צוריק, דארפען מיר זיך אומקעהרען צוריק אהיים. משולם האט דאן שווייגענדיג אנגעשטעלט זיין פייל, א ציה געטאן און דערשאסען דעם פויגעל אויפ'ן ארט. דער וואהרזאגער און די איבריגע האבען זיך ארויפגעווארפען אויף משולמ'ען און איהם אנגעהויבען צו בעשיטען מיט קללות; ער האט זיי אבער געענטפערט: „אונגליקליכע, וואס ווילט איהר פון מיר האבען?" און נעהמענדיג דעם טויטען פויגעל אין האנד האט ער פארטגעזעצט: ווי אזוי האט עס דער פויגעל, וואס האט זיין אייגענעם לעבען נישט געקענט ראטעווען פון געפאהר, ווי אזוי האט ער עס געקענט אונז ראטען עטוואס קלוגעס וועגען אונזער וועג! ווען ער וואלט ווירקליך קענען פאראויסזעהען די צוקונפט, וואלט ער נישט געפלויגען אויף דעם ארט און וואלט זיך געשראקען פאר דער טויט-פייל פון דעם יהודה'עער משולם".

א עהנליכע ארבייט איז „אריסטיי'ס בריעף", וואס איז פערפאסט געווארען אינ'ם צווייטען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער ערא. דאס איז א יודיש ווערק, געשריבען אין דער פארם פון א בריעף, וואס דער גריכישער בעאמטער אריסטיי שרייבט צו זיינעם א פריינד, אין וועלכען ער דערצעהלט איהם, ווי אזוי עס איז געקומען דערצו, אז די ביבעל זאל איבערזעצט ווערן אין דער גריכישער שפראך. דא ווערט איבערגעגעבען א טיעפער פילאזאפישער דיאלאג וועגען דער יודישער תורה צווישען דעם יודישען כהן גדול און נאך יודישע חכמים פון איין זייט, און דעם קעניג פטאלאמעאוס פילאדעלפוס מיט זיינע מקורבים — פון דער צווייטער זייט. דער קעניג שטעלט די יודישע זקנים א גאנצע רייהע פראגען וועגען ענינים פון מאראל, פילאזאפיע, פאליטיק און געזעלשאפטליכע איינפיהרונגען, און ווערט איבערראשט פון זייערע טיעפזיניגע און ריכטיגע תשובות.

אין די אלע ווערק זעהט זיך דייטליך ארוים די דאפעלע כונה: פערטיידיגען דעם יודישען געדאנק און פראפאגאנדירען איהם. בעזונדער בולט זעהט זיך אבער די פראפאגאנדיסטישע שטרעבונג ארוים אין די אזוי גערופענע סיביליען. דארט ווערט אפען געפרעדיגט דאס יודענטום, אלס מוסטער פון אמת'ן גלויבען און הויכער זיטליכקייט. מיט דעם מויל פון גריכישע נביאות אדער געטליכע אראקולען ווענדעט זיך דער יודישער דיכטער צו דער גאנצער העלענישער

וועלט, און שרייט אויס צו איהר:

צו וואס טראגסטו אומזיסטע מתנות די טוידטע און קרבנות
— די געטער?
ווער האט אין דיין נשמה דעם טעות אריינגעבראכט?
ווער האט דיך אנגערעדט צו פערלאזען די שיין פונ'ם גרוי-
סען גאט?

דער אויטאר ווייזט אן אויף יודען, ווי אויף די פארשטעהער
פון אמת'ען גלויבען און זאגט:

זיי האט דער אונשטערבליכער דערהויכט, געמאכט פאר
נביאים פונ'ם מענשען-געשלעכט,
זיי אליין האט ער געגעבען חכמה און גלויבען און גוטע
געפיהלען אין הארצען.
זיי עהרען נישט די צ"ביזדונגען פון געטער, די אויסער-
בייטונגען פון מענשענהענד;
זיי עהרען גאט, דעם אלמעכטיגען
און אונשטערבליכען, און דאן זייערע עלטערן.
מעהר פון אלע מענשען אין דער וועלט
געדענקען זיי די היילינקייט פונ'ם פאמיליען-געלעגער...
זיי גיעבען זיך נישט איבער קיין אונרייניגע פערקעהרען מיט
יונגלינגע,
ווי די פיניקער, עגיפטער, לאטינער —
די פעלקער פון דער ווייטער עללאדע.

און עס מוסר'ט דער אנאנימער דיכטער די געצענדיענערישע
פעלקער, און זאגט זיי פאר די גרויזאמסטע שטראפען פון דעם אל-
מעכטיגסטען גאט, און זעהט פאר זיי נאר איין אויסוועג — איננאנ-
צען איבערבויען און בעניייען זייער גייסטיגע וועלט, לויט די יסודות
פון יודענטום, פון דעם יודישען מאנאטעאיזם, פון דער יודישער
עטיק. דאס האט דער יודישע גייסט געקעמפפט מיט דער אלטער,
גריכיש-רוימישער וועלט פאר זיין וועזען, פאר זיין איינפלוס, און ענד-
ליך האט ער זי בעזיעגט: עס האט זיך אנגעהויבען די גרויסע בעוועגונג פאר דעם יודישען גלויבען, און אויף אזא אופן איז געשאפען
געווארען א באדען פאר דער נייער, עקסטרעמער פארם פון יודענ-
טום, — פאר דער תורה פונ'ם נוצרי.

ווענינגער בעדייטענד אבער אויך מיט א בעשטימטען איינפלוס

אויף דעם ארומיגען לעבען איז געוועזען די יודישע קאלאניע אין רוים. דארט, ווי אין גאנץ איטאליען בכלל, האבען זיך געפונען מאסען יודען נאך פון די אלטע צייטען; דאס זענען געוועזען אמטעהר־סטענטייל יהודה'ער פון מצרים און קליין אזיען, וואס האבען גע־האט האנדעלס־בעציהונגען מיט דער רייכער רוימישער רעפובליק, און זיך דארט בעזעצט. זיי האט אבער געפעהלט דער אינטעליגענטער עלעמענט, וואס זאל זיי פיהרען, האלטען צוזאמען און געבען א בעשטימטען כאראקטער, און דאס האבען זיי איצט בעקומען אין דער געשטאלט פון די געפאנגענע, וואס פאמפעיוס האט מיטגעבראכט מיט זיך פון יהודה. די לעצטע זענען פון די אלט־בעזעסענע יודען אויסגעקויפט געווארען, און דאן איז די גאנצע יודישע קהלה אין רוים אויך מעהר ארגאניזירט און גוט אוועקגעשטעלט געווארען. געוואוינט האבען די רוימישע יודען, צוזאמען מיט די „פרייגעלאזענע" (ליבער־טינ'ס), אויף דער רעכטער זייט פון טייך טיבער, נישט ווייט פונ'ם וואטיקאן־בארג, און ווי ס'איז צו זעהען פון פערשידענע קוועלען הא־בען זיי געשפילט נישט קיין קליינע ראליע אינ'ם פאליטישען לעבען פון לאנד. לויט די געזעצען פון דער רעפובליק האבען אלע איינ־וואוינער פון לאנד געהאט שטים־רעכט בנוגע צו די וואהלען — דאס אליין האט שוין די יודען געגעבען א בעשטימטע מאכט אין די הענד; און אויף ווי ווייט זיי האבען פערשטאנען די דאזיגע מאכט אויסצונו־צען, לאזט זיך דרינגען פון דעם פאקט, וואס דער בעריהמטער רוי־מישער רעדנער ציצערא האט מורא געהאט צו האלטען זיינע א יודענפיינדליכע רעדע אין דער געגענווארט פון יודען. עס האט זיך געהאנדעלט דארט וועגען א געוויסען אנגעקלאגטען, מיט'ן נאמען פלאקוז, וואס איז בעשולדיגט געווארען אין בערויבען די יעהרלי־כע נדבות פאר'ן בית המקדש פון עטליכע קליין־אזיאטיש־יודישע קהלות, און ציצערא האט איהם פערטיידיגט; דערביי האט ער בע־מערקט, אז ער וואלט גערן גערעדט שטיל, אום עס זאלען איהם נישט הערען די יהודה'ער, וואס געפינען זיך צווישען פובליקום. זיין העץ־רעדע געגען יודען האט ער אבער דאך געהאלטען, און צווישען אנדערעם האט ער אויך דאס געזאגט: „ווען ירושלים איז נאך נישט בעזיעגט געוועזען און די יהודה'ער האבען נאך געלעבט אין פריעדען, האבען זיי שוין אויך ארויסגעוויזען א טיעפע אבנייגונג נעגען דעם גלאנץ פון דער רוימישער מלוכה, געגען דעם שטאלץ פינ'ם רוימי־

שען נאָמען, געגען אונזערע געזעלשאַפטליכע געזעצען, און אין דער לעצטער מלחמה האָט ערשט די יהודה׳עאישע נאַציאָן אינגאַנצען אַרויסגעוויזען, ווי פיינדליך זי איז צו אונז געשטימט״.

דאָס איז אַלץ געווען אין די לענדער, וואו יודען האָבען זיך געפונען, אויסער יהודה. אין יהודה גופא, ווידער, איז די בעפעלקערונג צופיעל פערנומען געווען מיט קאָנקרעטע, ממשות׳דיגע לעבענספראַגען, אום צו קאָנען זיך איבערגעבען די אַרבייט פון שאַפען ליטעראַטור. די חשמונאים האָבען פערברייטערט די גרענעצען פון לאַנד און פעראייניגט אַלע טיילען פון פאָלק, וועלכע זענען פריהער געווען צושפרייט איבער די פערשידענע צפון- און דרום-פראָווינצען. צוזאַמען מיט די דאָזיגע איינגענומענע געגענדען האָט זיך אָבער אַריינגעריסען אין יהודה אַ שטראָם פון פרעמדע, גריכישע אָדער העלעניזירטע, בעפעלקערונגען, וואָס זענען אי לויט זייער ראַסע, אי לויט זייער גייסט, אינגאַנצען פרעמד געווען דעם יודישען פאָלק און האָבען נישט געקענט איינגעשלונגען ווערען אין זיין אָרגאַניזם, — ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די ראַסען-פערוואַנדטע אדומ׳ער. אַזוי ווי אין געוויסע געגענדען פון לאַנד (הינטער׳ן ירדן) און אין עטליכע צענטערן פון גליל (שומרון) האָבען אָט די פרעמדע בעפעלקערונגען אויסגעמאַכט די מעהרהייט געגען די יודישע איינוואוינער, האָט זיך געמוזט אויסאַרבייטען מיט דער צייט אַ בעשטימטע געגענזייטיגע בעציהונג צווישען די ביידע שיכטען און זייערע קולטורען, און די בעציהונג איז געווען אַ אייגענאַרטיגע: פון איין זייט האָבען זיך די אינערליכע עטיש-רעליגיעזע בעגריפען פון יודענטום אַריינגעריסען ביסליכווייז אין דער געצענדיענערישער וועלטאַנשויאונג און אונטערגעגראָבען אונבעמערקט איהרע יסודות; דאָ איז אַלזאָ פאָרגעקומען דאָס איינענע, וואָס מיט דער אַלעקסאַנדרינישער יודיש-העלענישער ליטעראַטור, און דער איינפלוס איז אויך געווען דער אייגענער. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט דער העלעניזם געווירקט אויף די אויסערליכע פאָרמען פון דעם יודישען לעבען און אויף איהם אַרויפגעלעגט דעם שטעמפעל פון דער גריכישער קולטור. אַ קליין ווינקעלע אין דער גרויסער מזרח-וועלט, — וואָס האָט זיך דאַן אינגאַנצען געפונען אונטער דעם איינפלוס פון העלעניזם—, האָט יהודה טיעף אינערליך דאָך נישט אויפגעהערט ווייטער צו ציהען דעם פאָדים פון איהר אייביגען אמת, פון איהרע אייביגע אידעאַלען; אויסערליך אָבער האָט זי זיך אויך אונטערגעגעבען דעם דערמאָהנטען מעכטיגען איינפלוס און פון איהם

נישט ווענינ געלערנט .

אין ענגערע בעציהונגען מיט דער ארומיגער קולטור איז יהודה געקומען אויך א דאנק איהר אינטערנאציאנאלען האנדעל . די איינגענומענע האפענס פון דעם מיטעללענדישען ים האבען געמאכט יהודה פאר א בעדייטענדען צענטר פון דעם וועלט-האנדעל . יהודה׳ער עקספארטירען און אימפארטירען פערשיעדענע פראדוקטען אין און פון די פערשיעדענסטע לענדער , און ווערן אויף אזא אופן פערמיטלער צווישען דער ארומיגער ציוויליזאציע און זייער היימישען לעבען . עס רייסען זיך אריין מאסען גריכישע ווערטער אין דעם העברעאיש-ארמי׳שען דיאלעקט (דער דיאלעקט האט די יודען אין יהודה דאן געדיענט אלס אומגאנגס-שפראך) און זויגען זיך איין אין זיין מארך און בלוט ; די אריסטאקראטען הויבען זיך אן רופען מיט גריכישע נעמען ; די חשמונאים ווערן אלץ מעהר און מעהר פערוואנדעלט אין פשוט׳ע וועלטליכע הערשער אהן א שום שאטירונג פון גייסטליכקייט , און מיט זיי געהען , נאטירליך , אויך די צדוקי׳שע מאסען , וועלכע האבען פון אייביג אן געשטרעבט , צונויפצושמעלצען די יודישע מיט דער גריכישער קולטור .

געגען אט דעם שטראם פון גריכישע זיטען און לעבענס-פארמען , וואס האט געשטעלט אין געפאהר דעם עצם קיום פון יודענטום , זענען פעלזענפעסט און שטארק געשטאנען די פרושים . וואס מעהר אבזונדערן דאס פאלק פון דער געצענדיענערישער ציוויליזאציע , וואס מעהר איהם אריינציהען אין זיין אייגענער שאלעכץ , וואס בולט׳ער אויסדריקען אויף איהם זיין אייגענעם שטעמפעל — דאס איז זייער דעווייז . און דינים אויף דינים ווערן געשריבען , און סיגים אויף סיגים ווערן געשאפען , און יעדער טריט פונ׳ם יודענ׳ס אלטעגליכען לעבען בעקומט א געוויסע ספעציפיש-יודישע שאטירונג , א געוויסע ספעציפיש-יודישע פיזיאנאמיע ; דאס האט דער נאציאנאלער ערהאלטונגס-אינסטינקט געהייסען דעם יודען , זיך אליין ארומצוימען , אום גאנץ צו בלייבען , אום נישט מיטגעצויגען צו ווערן מיט דעם שטראם פון דער ארומיגער קולטור .

ביי אזא אינטענסיווער טעטיגקייט פון די אויסגעוועהלטע יודישע גייסטער האט איינגענטליך די עפאכע געדארפט זיין זעהר רייך אין ליטעראַרישע שאפונגען — דאס איז אבער דא דער פאל נישט געווען . די סבה פון דער ערשיינונג ליעגט , ווי געזאגט ; אין די ברענענדע לעבענס-פראגען , וואס האבען צו יענער צייט בעהערשט אינגאנצען די בעסטע זיהן פון פאלק , און דערצו לאזט זיך אננעהמען אויך די השערה , אז

פיעל בעדייטענדע ווערק פון יענער עפאכע זענען פשוט פערלוירען געגאנגען, א דאנק די טומעלדיגע געשעהעניש[ען]

צו די בעדייטענדסטע פון די ווערק, וואס זענען יא דערגאנגען צו אונז פון יענער צייט, דארף מען רעכנען די גרויסע היסטארישע בעשרייבונג אונטער דעם נאמען „דאס ערשטע בוך פון די מכבים". דא ווערט געשילדערט דער קאמפף פון יהודה פאר איהר פרייהייט, אנהויבענדיג פון דעם ערשטען חשמונאי'שען אויפשטאנד און ענדיגענדיג מיט דעם חשמונאים-קעניג שמעון. לויט זיין סטיל און פארם איז דער „ספר המכבים" זעהר נאהנט צו די בעסערע היסטארישע ווערק פון דער ביבעל, און בעזונדער האראקטעריסטיש פאר דעם בוך איז דאס, וואס אין איהם ווערט אמשטארקסטען בעטאנט דער פאליטישער עלעמענט, און דער גאנצער ערפאלג פון די מכבי'עער ערקלערט זיך דא אלס פשוט'ער וועלטליכער העראאיזם אדער אלס פשוט'ע פאליטישע קלוגהייט, וואס האט מיט גאט און מיט זיין השגחה גארנישט צו טאן. דער העברעאישער (אדער ארמי'שער) אריגינאל פון דעם ווערק איז פערלוירען געגאנגען, און דערגאנגען צו אונז פון איהם איז נאר די גריכישע איבערזעצונג, וואס איז אריינגענומען געווארען אין דער אלעקסאנדרינישער ביבעל. אין יהודה גופא, דאגעגען, איז דער ספר המכבים נישט אריינגענומען געווארען אין דער רייהע פון די ביבעל-ווערק, — עס איז אריינגעפאלען צווישען די אפאקריפען (זייטיגע ספרים), וואס האבען נישט דעם אויטאריטעט פון די הייליגע שריפטען. דאס איז פארגעקומען דערפאר, וואס דער לעצטער טייל פון דער ביבעל (כתובים) האט שוין געהאלטען ביים אבגעשלאסען ווערן, און די גייסטיגע פיהרער פון פאלק האבען נישט געפונען פאר מעגליך איינצושליעסען אזא וואכענדיג ווערק, ווי דער ספר המכבים, וואס האט נישט אין זיך קיין שום רעליגיעזע שאטירונג, — אין דעם רייסטער פון די הייליגע ביבעל-ספרים.

שטארק בעליעבט אין יענער צייט איז געווען די אפאקאלפיטישע שאפונגס-פארם, די פארם פון מיסטישע נבואות און „זעהונגען". עס ווייזען זיך נייע נביאים, וואס פרובען נאכאהמען דעם „ספר דניאל"; זיי טרעטען נישט ארויס, ווי די אלטע נביאים, אלס אפענע מוכיחים און פאראויסזאגער, נאר לעגען ארייז זייערע געדאנקען און געפיהלען אין מויל פון א געוויסען הייליגען אדער חכם פון די אלטע צייטען. די דאזיגע פארם, וועלכע זענען שפעטער געזאמעלט געווארען אונטער דעם

אלגעמיינעם נאָמען „דער ספר חנוך", זענען, וויזט אויס, געשריבען געוואָרען אין העברעאיש אָדער ארמיש. „דער ספר חנוך" שטעלט פאָר מיט זיך א זאַמלונג פון פערשידענע „זעהונגען", וואָס זענען פערפאַסט געוואָרען פון פערשידענע אויטאָרען אין א פערלויף פון צוויי אָדער דריי הונדערט יאָהר, און זיינע לעצטע טיילען האָבען שוין אין זיך שפורען פון קריסטענטום. אין די שפּעטערדיגע קאַפּיטלען (85-90) פון דעם אייגענאַרטיגען ספר, ענטוויקעלט דער אויטאָר די פאָלגענדע מיינונג וועגען דער וועלט-געשיכטע: די גאַנצע געשיכטע פון דער וועלט טיילט זיך אויף פערשידענע קרייזען, אין'ם צענטר פון וועלכע עס געפינט זיך דאָס יודישע פאָלק. דאָס לעצטע איז געשילדערט אין דער געשטאַלט פון א סטאַדע שעפּסען, וואָס געהערט צו גאָט, און איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פון ווילדע חיות, וועלכע פייניגען די אונגליקליכע שעפּעלעך און רייסען שטיקער פון זיי. די פון גאָט בעשטימטע פּאַסטוכער קענען זייערע שעפּסעלעך נישט שיצען, נאָר איינמאָל, ווען א מחנה ווילדע רויב-פויגעל האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף גאָט'ס סטאַדע, האָט זי זיך אַנטקעגען געשטעלט.

"איך האָב געזעהען, ווי ביי די שעפּסען זענען הערנער אויסגעוואַקסען, — די ראָבען האָבען אָבער די הערנער אויסגעריסען. איך האָב געזעהען, ווי ביי איינעם פון די שעפּסען איז אויסגעוואַקסען א גרויסער האָרן — דאַן האָבען זיך די אויגען ביי אַלעמען געעפענט... איך האָב געזעהען, ווי דער האַר פון די שעפּסען איז געקומען צו זיי, האָט גענומען אין האַנד דעם סצעפּטער פון זיין צאָרן און איהם א וואָרף געטאָן אָן דר'ערד, אַזוי אַז ער איז צופאַלען אויף ברעקלעך, און אַלע (ווילדע) חיות און רויב-פויגעל זענען אַנטלאָפען פון די שעפּסען און פערשוואונדען געוואָרען אין'ם תהום פון דר'ערד, וואָס האָט זיך איבער זייערע קעפּ פערמאַכט. איך האָב געזעהען, ווי די שעפּסען איז איבערגעגעבען געוואָרען די גרויסע שווערד, און די שעפּסען האָבען זיך אַוועקגעלאָזען געגען אַלע חיות פון דר'ערד, אום זיי צו טוידטען, און אַלע חיות און רויב-פויגעל זענען אַנטלאָפען פאַר זיי. און איך האָב געזעהען, ווי דער טראָן האָט זיך אויפגעהויבען אין'ם געליבטע לאַנד, און דער האַר פון די שעפּסען האָט זיך געזעצט אויף איהם..."

דאָס איז א פאַנטאַסטישע שילדערונג פון דעם חשמונאי'שען אויפ-

שטאַנד אין דער צייט פון די סירישע רדיפות און פייניגונגען, און ווי ס׳איז צו גלויבען, שטאַמט דאָס גאַנצע ווערק פון די איסיים, וועלכע האָבען אַליין צוגעשריבען גאָט און געקוקט אויף דעם גאַנצען יודישען לעבען, ווי אויף „גאָט׳ס קעניגרייך“.

צווישען די אפאָקריפען פון יענער עפּאָכע געפינט זיך נאָך אַ ווערק, וואָס איז אויך דערגאַנגען צו אונז אין אַ גריכישער איבערזעצונג. דאָס ווערק, „שלמה׳ס פּסאַלמען“, בעקלאָגט די אַרומרייסעניש אין דעם השמונאי׳שען הויף און איז אין אַלגעמיין ביין געשטימט געגען דער השמונאים־דינאַסטיע. „דוד׳ס שטוהל“ איז פערנומען געוואָרען פון אַ געשלעכט, וואָס גאָט האָט איהם נישט אויסגעוועהלט, און אָט איז איצט די הייליגע שטאָדט פערגאָסען געוואָרען מיט יודיש בלוט און דער הייליגער מזבח — פערשמוצט געוואָרען פון אונרייניגע געצענדינער. און עס וויינט דער דיכטער, און שרייט צו גאָט, און בעט איהם, ער זאָל שיקען זיין „געזאַלבטען“ אויסלייזער (משיח) פון דוד׳ס הויז, וואָס וועט פערשטאַרקען ישראל׳ס לאַנד, דערווייטערן די נישט עהרליכע הערשער און פערטרייבען די געצענדינער פון ירושלים.

נישט אויפגעהערט זיך צו ענטוויקלען האָט אויך די ליטעראַטור פון „חכמות“ און „משלים“ אינ׳ם גייסט פון ספר בן־סירא. פון די דאָזיגע מאָראַל־פילאָזאָפישע אַפאָריזמען זענען צו אונז דערגאַנגען קליינע טיילען — יענע, וועלכע זענען שפּעטער געזאַמעלט געוואָרען אין די ק״ אָבות. דאָרט געפינען זיך פון יענער צייט אַפאָריזמען אונטער די נעמען פון דריי „פּאָרען“ (זוגות) געלעהרטע, פון וועלכע יעדעס איינציגע איז געשטאַנען בראש פון אַ געוויסער לעהר־אינסטיטוציע אין פערשידענע צייטען.

די ערשטע זענען דאָ יוסי בן־יועזר פון צרדה און יוסי בן־יוחנן פון ירושלים — צוויי געלעהרטע, וואָס האָבען אָנגעהערט, ווי ס׳ווייזט אויס, נאָך צו די אַלטע סופרים אָדער חסידים. זיי האָבען געלערנט:

„זאָל דיין הויז זיין אַ זאַמעלפונקט פאַר געלערנטע; וואַלגער דיך אינ׳ם שטויב פון זייערע פיס און טרינק מיט דורשט זייערע ווערטער. — זאָל דיין הויז זיין ברייט פונאַנדערגעעפענט (פאַר בעזוכער), און זאָלען אָרימע־לייט זיין דיינע בני בית. פּלוידער נישט צופיעל מיט קיין פרוי“.

זייערע נאָכפאָלגער זענען געווען **יהושע בן פרחיה** און **נתאי פון ארבעל** — בעריהמטע געלעהרנטע פון יוחנן הורק־נוס'ס צייט.

פון זיי זענען געבליעבען די פאָלגענדע אפאָריזמען:

„זוך זיך אויס אַ לעהרער, שאַף דיר אַ חבר און אורטייל יעדען מענשען פון דער גוטער זייט; דערווייטער דיך פון אַ שלעכטען שכן, חבר דיך נישט מיט קיין זינדיגען און צווייפעל נישט אין (גאָט'ס) שטראָף".

נאָך זיי געהען די בעריהמטע געזעצגעבער און פאָרזיצענדע פון סנהדרין אין דער צייט פון דער קעניגין שלומית־אַלעקסאַנדראַ: **יהודה בן טבאי** און **שמעון בן שטח**. אַלס מענשען מיט אַ רייכער געריכטס־פּראַקטיק האָבען זיי געלעהרנט:

„אַזוי לאַנג, ווי די בעלי דינים שטעהען פאַר דיר, בעטראַכט זיי ביידע פאַר אונגערעכטע, איז אָבער דער אורטייל שוין אַרויסגע־טראָגען, בעטראַכט זיי ביידע פאַר גערעכטע." „פרעג פלייסיג אויס די עדות, נאָר זיי פאָרזיכטיג אין דיינע שאלות, אום זיי (די עדות) זאָלען זיך פון די שאלות אַליין נישט אויסלעהרנען זאָגען ליגען". *)



# זיבעטעס קאפיטעל.

## די ענדע פון דער חשמונאי'שער דינאסטיע.

פאמפעיוס האט איינגענומען יהודה, האט זי איבערגעלאזען אונטער דער השגחה פון זיינעם א פערטרעטער און איז אוועק קיין רוים. דאס לאנד, צוטומעלט און דערשלאגען פון דעם שרעקליכען קלאפּ, האט געשוויגען — צו שטארק איז דער בעזיעגער געוועזען, אום זיך איהם אנטקעגען צו שטעלען, אום איהם מיט עפּעס אויפצורייצען. אין רוים גופא האט מען זאגאר געקענט גלויבען, אז די יהודה'ער האבען שלום געמאכט מיט זייער גורל און טראגען אין הארצען די בעסטע געפיהלען צו די בעזיעגער: וועגען דעם האט שוין געזארגט דער איציגער פאקטישער הערשער פון יהודה, אנטיפאטאר, וועלכער האט נישט אויפגעהערט צו פרעסען דאס פאלק און ארויסצורייסען פון איהם אלע מאל נייע מתנות פאר די דעה-זאגער פון דעם רוימישען מלוכה-לעבען. די אויבערשטע השגחה איבער יהודה האט זיך איצט געפונען אין די הענד פון דעם רוימישען לעגאט סקאוור, און ער האט זיך קיין איין מאל נישט געהאט צו בעקלאגען אויף דער יהודה'אישער בעפעלקערונג; אין זיין קאמפף מיט דעם אראבישען קעניג ארעט, האט איהם אנטיפאטאר נישט ווענינ געשטיצט, און דאס האט פאר אלעמען געבראכט נוצען אנטיפאטאר'ן אליין, וועלכער איז אויף אזא אופן געווארען אלץ מעהר חשוב אין די רוימישע הויכע „פענסטער". א קורצע צייט נאכדעם איז די רוהיגקייט פון לאנד אביסל געש-

טערט געוואָרען. פון די קעניגליכע געפאַנגענע, וואָס פּאָמפּעיוס האָט געפיהרט מיט זיך קיין רוים, איז אַריסטאָבול'ס זוהן, אַלעקסאַנדער, אַנטלאָפען פון וועג, און קומענדיג צוריק קיין יהודה, האָט ער צוזאַמענגענומען אַרום זיך אַלע געטרייע זיהן פונ'ם פאָטערלאַנד, וואָס האָבען אויסגעמאַכט צוזאַמען צעהן טויזענד מאַן פוסגעהער און טויזענד פינף הונדערט רייטער. מיט דער קליינער אָבער בעגייסטערטער אַרמעע האָט זיך דער זיבען-און-פופציג יעהריגער אַלעקסאַנדער געלאָזען קיין ירושלים, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט אין זיינע הענד עטליכע בעדייטענדע פעסטונגען. דער כלומרש'טער הערשער הורקנוס אָדער, ריכטיגער געזאָגט, אַנטיפּאַטאָר, האָט דאַן געמוזט פערלאָזען די הויפּט-שטאָדט, און אַלעקסאַנדער האָט זי בעפעסטיגט פון אַלע זייטען. ווי ס'ווייזט אויס, איז אַלעקסאַנדערן געלונגען איבערצוקויפען אויך די רוימישע בעאַמטע, און ער האָט זיך געפיהלט אַזוי ווייט זיכער אויף דעם יהודה'עאישען טראָן, אַז ער האָט זיך ערלויבט זאָגאַר איינענע מטבעות אויסצוגיעסען, מיט דער אויפשריפט: „קעניג אַלעקסאַנדער און כהן גדול יהונתן“.

דערווייל איז אַ נייער בעל הבית אַנגעקומען אין סיריען, מיט'ן נאָמען גאַביניוס. דאָס איז געווען איינער פון די פּראָווינציעלע רוימישע בעאַמטע, אויף וועלכע ציצעראָ האָט געזאָגט, אַז „זיי האָבען אויסגעשעפּט אונשעצבאַרע סומען גאָלד פון סיריען'ס רייכסטע אוצרות“, און פערפיהרט מלחמות מיט די פריעדליכע איינוואוינער, אום אָוועקצונעהמען ביי זיי זייער האָב און גוט'ס. אָט דעם גאַביניוסען איז אַנטיפּאַטאָר'ן געלונגען צו געווינען פאַר זיך, און דער ערשטער האָט גלייך אַרויסגעשיקט אַ מחנה סאָלדאַטען, אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם שפּעטער בעריהמט געוואָרענעם מאַרק אַנטאָניוס, געגען די רעוואָלוציאָנערען; באַלד נאָכדעם איז גאַביניוס אַליין אויך אַרויס מיט זיין אַרמעע געגען אַלעקסאַנדערן, און אין דעם אָפענעם קאַמפּף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען די ביידע מחנות ביי ירושלים, האָבען די רוימער געזיעגט. די יהודה'ער האָבען זיך דאַן געשיצט אין די פעסטונגס-פונקטען אַלעקסאַנדריום, מכור, און הירקאַניום; גאַביניוס האָט זיי אָבער אויך דאָרטין בעלאַגערט, און זיי זענען געצוואונגען געווען, זיך אונטערצוגעבען. אַ דאַנק דער פערמיטלונג פון אַלעקסאַנדער'ס מוטער איז איבער איהם די טוידט-שטראָף, וואָס האָט איהם ערוואַרטעט, נישט אויסגעפיהרט געוואָרען, און דער רוימישער

פראָקאָנסול האָט איהר זאָגאַר צוגעזאָגט, זיך משתדל צו זיין אויף פאַר איהרע איבריגע קינדער, וואָס האָבען זיך געפונען אין רוים אַלס געפאַנגענע, צוזאַמען מיט'ן קעניג אַריסטאָבול.

אום אויסצומיידען נאָך אַזעלכע צוזאַמענשטויסען אין דער צוקונפט האָט גאַביניוס אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, וואָס האָט נאָכמעהר געזאָלט אָבשוואַכען די שוין אַזוי אויך אָבגעשוואַכטע יהודה'עאישע מלוכה; נאָך דער גרויסער צאָהל קאַנט-פראָווינצען, וואָס פאָמפעיוס האָט אינגאַנצען אָבגעריסען פון יהודה, האָט גאַביניוס דאָס איבערגעבליבענע אויך צוגליעדערט און פונאַנדערגעריסען. ער האָט אַיינגעטיילט יהודה אין פינף ראַיאָנען (56), פון וועלכע יעדער ראַיאָן בעזונדער האָט זיך געהאַט זיין פערוואַלטונגס-ראַט, אָדער סנהדרין, וואָס האָט געהאַט צו זאָגען וועגען אַלע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען. די ראַיאָנען זענען געווען פאָלגענדע: ירושלים, גזרה און יריחו אין יהודה גופא, צפורה אין גליל און עמאוס הינטער'ן ירדן. בראש פון די דאָזיגע סנהדרינ'ס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרען יהודה'ער פון דער צדוק'ישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז שטענדיג געווען די ערשטע גרייט, שלום צו שליעסען מיט'ן זיעגער, און דערביי איז הורקנוס'ס מאַכט נאָכמעהר בעגרענעצט געוואָרען: פון איהם ווערט אינגאַנצען אָבגענומען די פאָליטישע הערשאַפט און ער בלייבט בלויז ביים טיטול כהן גדול. דאָס האָט געהייסען: כמעט אינגאַנצען פערניכטען די גאַנצקייט און זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה און פערוואַנדלען דאָס גאַנצע לאַנד אין אַ רייהע פריי-שטעדט; גאַביניוס האָט אָבער, צום גליק, נישט בעוויזען צו פערווירקליכען אינגאַנצען דעם דאָזיגען פלאַן, און זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך פון דער אידעע אָבגעזאָגט.

און די אונרוהען אין לאַנד האָבען זיך דערווייל אויך בענייט. דער חשמונאים-קעניג אַריסטאָבול איז, צוזאַמען מיט זיין זוהן אַנטיגאָן, אַנטלאָפען פון זיין געפאַנגענשאַפט, און היינט זיך בעוויזען אין יהודה (56). דאָס האָט אויפגעוועקט אין פאָלק די זכרונות פון דער נישט-וויטער גליקליכער פערגאַנגענהייט, און פריינד, ווי פיינד, האָבען מיט הייסער בעגייסטערונג אויפגענומען דעם געוועזענעם זעלבסטשטענדיגען הערשער פון יהודה, און איהם גערופען, זיך צו שטעלען אין דער שפיץ פון פאָלק און איהם צו בעפרייען פון זיינע דריקער. פון אַלע זייטען זענען פרייוויליגע געקומען און געבעטען געוועהר,

און צו דער מחנה איז צוגעשטאַנען אויך דער געוועזענער יהודה'עאישער קריעגס-פיהרער, פיטאָלעאוס, דער זעלביגער, וואָס האָט אמאָל אליין געקעמפפט געגען אריסטאָבול'ן. עס האָט זיך, אויף אַזאַ אופן, צוזאַמענגעשטעלט אַ בעדייטענדע מחנה, און ווידער האָט מען זיך גענומען בעפעסטיגען די פונקטען אַלעקסאַנדריום, מכור און הירקאַניום; דער גורל פון פאָטער איז אָבער נישט בעסער געוועזען, ווי דער גורל פון זיין זוהן, וואָס האָט זיך אויך דאָ געשלאָגען מיט אַ קורצער צייט צוריק: נאָך אַ שטאַרקען צוזאַמענשטויס מיט די רוימישע לעגיאָנען, האָט זיך אריסטאָבול, אינגאַנצען אַ פערוואונדעטער, געמוזט אונטערגעבען, און ווידער איז ער אַלס געפאַנגענער אַוועקגעפיהרט געוואָרען קיין רוים (56). די קינדער אריסטאָבולס זענען געבליבען פריי — דאָס האָט פאַר זיי אויסגעפועל'ט גאַביניוס אַליין, בעפריעדיגענדיג די הייסע בקשות פון זייער מוטער.

נישט מעהר גליקליך האָט זיך געענדיגט אויך דער צווייטער אויפשטאַנד פון דעם בעפרייטען פרינץ אַלעקסאַנדער. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען גאַביניוס איז אַוועק קיין מצרים, אום אויסצוגלייכען די סכסוכים פון דעם דאָרטיגען הויף, און אַלעקסאַנדער האָט געוואָלט אויסניצען דעם מאָמענט. ער איז געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און פון שטאָדט צו שטאָדט און געזאַמעלט אַרום זיך די געבליבענע פאַטריאָטען; דאָס איז אָבער געוועזען נישט מעהר, ווי אַ אונבעטראַכטער שריט פון אַ פאַנאַטישען קעמפפער, און ביים באַרג תבור איז ער אינגאַנצען צוקלאַפט געוואָרען פון גאַביניוס'עס אַרמעע. דאָ האָט זיך בעטייליגט אויך דער אדומ'ישער אַפּוטרופּוס פון דעם יהודה'עאישען הערשער, אַנטיפּאַטאָר, שטיצענדיג די רוימער אין זייער קאַמפף מיט די יהודה'עאישע זעלבסט-אָפּפערנדע פאַטריאָטען!

אין דער צייט איז אין רוים פאָרגעקומען אַ בעדייטענדע געשעהעניש. דאָרט האָבען זיך פעראייניגט יוליוס צעזאַר, פּאָמפּעיוס און קראַסוס מיט דעם צוועק, איבערצונעהמען אין זייערע הענד די גאַנצע הנהגה פון דער רעפּובליק; פון די דאָזיגע דריי טריאומווירען*) האָט זיך יעדערער גענומען אין זיין רשות אַן'אַנדער לאַנד, און סיריען צוזאַמען

*) טריאומווירשאַט — הערשאַפט פון דריי פערזאָן; [illegible] טריאומוויר — מיטגליעד פון טריאומווירשאַט.

מיט יהודה איז אריינגעפאלען אין די הענד פון דעם געלד-גיעריגען קראסוס. דער לעצטער האט דאן אנגעהויבען פיהרען א קאמפף מיט די פארטאנער און, אום אנצופילען זיין קאסע, האט ער בעזוכט אין וועג אויך די יהודה'עאישע הויפט-שטאדט. דא האט ער אפען געפאדערט די צוויי טויזענד טאלענטען פון דער בית-המקדש-קאסע, וואס פאמפעיוס האט געלאזען אונבעריהרט, און נאך פערשידענע פראבעס פון דער יודישער זייט, זיך אויסצוקויפען מיט קלענערע מתנות, האט ער די לעצטע צוגענומען, און נאכדעם ערשט זיך אריינגעריסען אין בית-המקדש און אוועקגערויבט פון דארטין אויסער די צוויי טויזענד טאלענטען אויך אלע גאלדענע כלים, וואס האבען אויסגעמאכט צוזאמען א סומע פון אכט טויזענד טאלענטען (54). מיט די אוצרות בעלאדען, האט זיך קראסוס מיט זיין ארמעע אוועקגעלאזען געגען די פארטאנער; דא האט איהם אבער דאס גליק פערלאזען: א טוידט-פאל האט דערשלאגען דעם מעכטיגען רוימישען פראקאנסול און פון זיינע הונדערט טויזענד סאלדאטען האבען קוים צעהן טויזענד בעוויזען צו אנטלויפען, אונטער דער אנפיהרונג פון קאסיוס לאנגינוס. די דאזיגע מפלה פון דעם רוימישען חיל האט צוגעגעבען מוט די ארומיגע אונטערדריקטע פעלקער, מורד צו זיין אין דער רוימישער מאכט, און צווישען די לעצטע האט זיך געפונען אויך יהודה; דא איז נאך פריש געוועזען דער צארן פון פאלק איבער די שענדליכע מעשים אין בית-המקדש, און דעם דערמאהנטען געוועזענעם יהודה-עאישען קריעגס-פיהרער, פיטאלעאוס, איז נישט שווער אנגעקומען נאכאמאל צונויפצוזאמלען ארום זיך א בעדייטענדע צאהל בעגייסטערטע פאטריאטען, וואס זענען גרייט געוועזען זייער לעבען אוועקצוגעבען פאר דער בעפרייאונג פונ'ם פערשקלאפטען פאטערלאנד. ער האט צונויפגענומען זיין מחנה אין טאריכעא, נעבען דעם טייך טבריה, און ווידער איז א פערביטערטער קאמפף פארגעקומען צווישען רוימישע סאלדאטען און יהודה'עאישע פאטריאטען; אויך דאס מאל אבער האט זיך די שלאכט געענדיגט מיט דעם פאלשטענדיגען נצחון פון די רוימער: דרייסיג טויזענד יהודה'עאישע געפאנגענע זענען אוועקגעפיהרט געווארען אלס שקלאפען אין פערשידענע עקען פון דער וועלט (52) און דער פאטריאטישער יהודה'עאישער קריעגס-פיהרער, פיטאלעאוס, איז געטוידט געווארען, — א דאנק דער ספעציעלער השתדלות פון דעם אדומי'שען שקלאף, אנטיפאטאר, וואס האט נאר איין ציעל פאר זיך געזעהען: וואס מעהר נושא חן צו זיין אין די אויגען פון די רוימישע בעלי-בתים.

דערווייל איז אין רוים פאָרגעקומען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פאַר אַלע אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצען, און געשפּיעלט אַ בעזונדערע ראָליע אין פּאָליטישען לעבען פון דער קליינער יהודה. פון די צוויי געבליבענע טריאומווירען, צעזאַר און פּאָמפּעיוס, איז דעם ערשטען געלונגען צו קאָנצענטרירען די גאַנצע מאַכט איבער'ן לאַנד אין זיינע הענד און צו פערוואַנדלען די גרויסע וועלט-רעפּובליק אין אַ מאָנאַרכישער אימפּעריע. דער גאַנצער מזרח האָט זיך נאָך אָבער אַלץ געפונען אונטער פּאָמפּעיוס'ס איינפלוס, און אָט, אום לייכטער אַרויסצורייסען די לעצטע פּאָזיציע פון'ם געגנער'ס הענד, איז צעזאַר'ן איינגעפאַלען זיך צו בענוצען מיט'ן געפאַנגענעם יהודה'עאישען קעניג, אַריסטאָבול. דער לעצטער איז גלייך בעפרייט געוואָרען פון דעם געפענגניש, אין וועלכען ער האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען, און אויף צעזאַר'ס בעפעהל זענען איהם געגעבען געוואָרען צוויי לעגיאָנען סאָלדאַטען, מיט וועלכע ער האָט זיך געזאָלט אַוועקלאָזען קיין יהודה, אום צו קעמפפען דאָרט מיט די פּאָמפּעיאַנער. אין דעם אַלטען חשמונאי האָבען זיך פונאַנדערגעשפּיעלט די גלענצענדסטע האָפנונגען, און ער האָט זיך צוגעגרייט צו דעם וויטען וועג; דעם פרעהליכען וועג אַליין איז איהם אָבער נישט בעשערט געוועען אָפילו אָנצוהויבען: עס האָבען זיך דערוואוסט פון דער אונטערנעהמונג פּאָמפּעיוס'עס אָנהענגער, און עטליכע פון זיי האָבען פערגיפטעט דעם אַלטען יהודה'עאישען קעניג, פונקט פאַר זיין אָבפאָהרען פון רוים. אין דער זעלביגער צייט איז אַריסטאָבול'ס עלטסטער זוהן, אַלעקסאַנדער, געטוידט געוואָרען (49) לויט פּאָמפּעיוס'עס בעפעהל דורך דעם סירישען שטאַטהאַלטער סציפּיאָ. די איבריגע גליעדער פון אַריסטאָבול'ס אונגליקליכער פאַמיליע, זיין פרוי אַלעקסאַנדראַ און זיין זוהן אַנטיגאָן, האָבען געפונען שוץ ביי דעם פירשט פון חלקית, פּטאָלאָמעאוס, ווייל זיינער אַ זוהן, פיליפּיאָן, האָט זיך פערליעבט אין אַריסטאָבול'ס טאָכטער, אַלעקסאַנדראַ, און מיט איהר חתונה געהאַט. פון דער גאַנצער חשמונאים-דינאַסטיע זענען איצט אַלזאָ געבליבען, אַלס פּאָליטישע פאָרשטעהער, נאָר הורקנוס דער כהן-גדול, וועלכער האָט זיך אינגאַנצען געפונען אונטער דעם איינפלוס פון זיין אדומי'שען אַפּוטרופּוס, און דער דערמאָהנטער אַנטיגאָן, וועלכער האָט נאָך איצט אויך פרעטענדירט אויף דעם טראָן פון יהודה.

און דער ריזענקאמפף צווישען די צוויי מעכטיגע געגנער איבער דעם טראן פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע — האט זיך וויי־טער געצויגען. דאס האט געפיהרט דערצו, אז אויך אין ירושלים האט מען ענדליך געמוזט אננעהמען א בעשטימטען בעשלוס וועגען דער בעציהונג צו די צוויי קעמפפענדע צדדים, און אנטיפאטער האט גע־פונען פאר מעהר פאסענד, זיך צו שטעלען אויף דער זייט פון פאמ־פעיוס'ען, ד. ה. אויף דער זייט פון דעם, א דאנק וועמען ער איז א מאכט געווארען. די רעגירונג פון הורקנוס־אנטיפאטער האט פלינק צונויפגעזאמעלט א מחנה פון יהודה'עאישע סאלדאטען, און זי אוועק־געשיקט צו הילף פאמפעיוס'ען; גלייך אבער נאך דער שלאכט ביי פארסאל, וואו די גרויסע פראגע איז ענטשידען געווארען נישט צום גונסטען פון פאמפעיוס'ען, און צעזאר איז געווארען דער האר פון דער רוימישער וועלט, האט אנטיפאטער געענדערט זיין שטימונג און איז געווארען א הייסער אנהענגער פון דעם גרויסען רוימישען זיעגער. צעזאר האט זיך אוועקגעלאזען אין עגיפטען און זיין לאגע דארט איז געוועזען זעהר א שווערע, ער האט געהאט ווייניג סאלדאטען, איז געוועזען אבגעריסען פון רוים און האט זיך געפונען צווישען א פיינד־ליכער בעפעלקערונג; דאן איז אנטיפאטער שנעל געקומען צו לויפען צו איהם מיט א הילפס־מחנה פון דריי טויזענד מאן, מיט געלד און פראוויאנט, און האט זיך, צוזאמען מיט דעם פערגאמאנישען קעניג מיטרידאט, בעטייליגט אין צעזאר'ס אנפאלען אויף די עגיפטער. אוי־סער דעם האט זיך דעם אדומישען הערשער פון יהודה איינגעגעבען, אריבערצוציהען אויף צעזאר'ס זייט די עגיפטישע יהודה'ער פון דעם „חוניו־ראיאן", וויזענדיג זיי א בריעף פון דעם כהן גדול הורקנוס, אין וועלכען ער בעט זיי, צו שטיצען צעזאר'ן און איהם צו ליפערן פראוויאנט פאר זיין ארמעע.

אט די שטיצע פון דער קליינער יהודה האט צעזאר אזוי שנעל נישט פערגעסען, און קומענדיג, א קורצע צייט נאכדעם, אין סיריען, האט ער זיך ארויסגעוויזען בעזונדער געניגט צו דער יהודה'שער רעגירונג. אומזיסט האט זיך דאן אריסטאבול'ס לעצטער זוהן, אנטי־גאן, געפרובט פערטיידיגען פאר צעזאר'ן זיין רעכט אויף דעם יהודה'־שען טראן — אנטיפאטער'ן איז גאנץ לייכט אנגעקומען צו איבערציי־גען דעם גרויסען שטאאטס־מאן, אז אנטיגאן געהערט צו דער פארטיי פון די יהודה'עאישע פאטריאטען, וואס איז פיינדליך געשטימט צו

רוים און בעשטעהט אין אַלגעמיין פון „רעוואָלוציאָנערען און אונרוהיגע עלעמענטען״, און אַז די רעגירונג, דאַגעגען, פון דעם כהן גדול הורקנוס איז אינגאַנצען איבערגעגעבען די אינטערעסען פון דער רוימישער מלוכה. אַנטיגאָנ׳ס פאָדערונגען זענען פון צעזאַר׳ן אָבגעוואָרפען געוואָרען, און ער האָט בעשטימט הורקנוס׳ן אַלס עטנאַרך (פירער) און כהן גדול, און אַנטיפּאַטאָר׳ן האָט ער בעלויהנט מיט דעם טיטול „רוימישער בירגער״ און געמאַכט פאַר אַנ׳אַפּוטרופּוס אָדער אויבערשטען אויפזעהער פון יהודה (47). דערביי האָט די פּאָליטישע לאַגע פון יהודה גופא אויך בעקומען פון איהם עטליכע בעדייטענדע פערלייכטערונגען; ער האָט ערלויבט אויפצושטעלען צוריק די פעסטונגס-ווענט פון ירושלים, וועלכע זענען צושמעטערט געוואָרען ביי דער בעלאַגערונג פון פּאָמפּעיוס׳עס מחנה, און די אַלע טעריטאָריומס, וואָס האָבען אָנגעהערט פריהער צו יהודה, האָט ער איצט צוריק איינגעשלאָסען אין איהרע גרענעצען.

אין דער קורצער צייט פון זיין הערשען האָט צעזאַר בכלל אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער פּאָליטישער רעסטאוראַציע (צוריק-אויפשטעלונג) פון לאַנד. אין זיין צייט האָט זיך די אויבערשטע מאַכט פון רוים גאַנץ ווייניג געשפּירט אין דער אונטערטעניגער יהודה, און דערצו האָט ער נאָך מיט אַ גאַנצער רייהע דעקרעטען בעפעסטיגט איהר גאַנצקייט און איהר זעלבסטשטענדיגע פערוואַלטונג. הורקנוס׳ן זענען פערזיכערט געוואָרען די אַלע הכנסות און רעכטע, וואָס האָבען איהם געקומט אַלס כהן-גדול און פירשט, און ער מיט זיינע קינדער און קינדס-קינדער זענען אָפיציעל אַנערקענט געוואָרען פאַר „פריינד און גענאָסען״ פון דער רוימישער מלוכה. יהודה איז אין דער צייט בעפרייט געוואָרען אויך פון די אַלע שווערע אָבצאָהלונגען און קריעגס-שטייער׳ן, וואָס האָבען ביז דאַן געדריקט דער בעפעלקערונג.

און נישט נאָר יהודה — אויך אַלע איבריגע יהודה׳עאישע קאָלאָניעס, וואָס זענען געווען צושפּרייט איבער די רוימישע פּראָווינצען: סיריען, קליין אַזיען, עגיפּטען און מעסאָפּאָטאַמיען, האָבען געפונען אין צעזאַ׳רן אַ פריינדליכען בעשיצער. די דאָזיגע „יהודה׳ער אין דער פרעמד״ האָבען זיך נישט איין מאָל געקלאָגט פאַר דער רוימישער מאַכט איבער די דריקונגען און גזירות, וואָס זיי האָבען אויסצושטעהן פון זייערע שכנים-בעלי-בתים, און צעזאַר האָט זיך שטענדיג געשטעלט אויף דער זייט פון די יהודה׳ער. די רוימישע מאַכט האָט גאַראַנטירט די יהודה׳ער

פוּן אַלעֶ איהרעֶ פּראָווינצעֶן דִי פאָלשטעֶנדִיגעֶ גלײַכבּערעֶכטיגונג מִיט אַלעֶ אִיבּריגעֶ טײלעֶן פוּן דעֶר בּעֶפעֶלקעֶרונג, און זײ געֶגעֶבּעֶן דאָס רעֶכט אָבּצוּריכטעֶן פרײַ זײעֶר גאָטעֶס-דִיעֶנסט, צוּ זאַמלעֶן נדבות פאַר'ן בּית-המקדש און צוּ האָבּעֶן זײעֶרעֶ אײַגעֶנעֶ געֶריכטס-אַנשטאַלטעֶן. דאָס רעֶזוּל-טאַט פוּן דִי אַלעֶ טובות אִיז געֶוועֶן דִי הײסעֶ אִיבּעֶרגעֶגעֶבּעֶנקײַט, וואָס אַלעֶ יוּדעֶן האָבּעֶן געֶפִיהלט צוּ דעֶם רוֹימִישעֶן דִיקטאַטאָר, און לויט דעֶר עדות פוּן אַ בּעֶקאַנטעֶן רוֹימִישעֶן הִיסטאָריקעֶר, האָט קײן אַנדעֶר פאָלק נִישט אַזוֹי האַרציג, ווִי דאָס יוּדִישעֶ, בּעֶווײנט דעֶם פרִיהצײַטיגעֶן טוֹידט פוּן יוּליוּס צעֶזאַר.

אַזאַ האַרציגעֶ בּעֶציִהוּנג צוּ דעֶם רוֹימִישעֶן העֶרשעֶר האָט זִיךְ אָבּעֶר בּעֶמעֶרקט נאָר בּײַ דִי יהודה'עֶר **אוֹיסעֶר** יהודה. אִין יהודה גוּפא, דאַגעֶגעֶן, האָבּעֶן אָט דִי אַלעֶ חסדים און הנחות פוּן דעֶם גרוֹיסמוּטיגעֶן בּעֶזִיעֶגעֶר קײן שום דאַנקבּאַרקײַט נִישט אַרוֹיסגעֶרוּ-פעֶן. דאָרט, האָט מעֶן אִין דעֶם גרוֹיסעֶן יוּליוּס צעֶזאַר געֶזעֶהעֶן קודם כּל דעֶם **בּעֶזִיעֶגעֶר**, דעֶם **העֶרשעֶנדעֶן רוֹימעֶר**, און דעֶרצוּ אִיז נאָךְ צוּגעֶקוּמעֶן אַ אִינעֶרליִכעֶ, לאָקאַלעֶ סבה, וואָס האָט אָבּגעֶש-טוֹיסעֶן דעֶם פאָלק פוּן צעֶזאַר'ס העֶרשאַפט און אִיהם געֶשטוֹיסעֶן אוֹיף דעֶם ווּעֶג פוּן אוֹיפשטאַנדעֶן און אִיבּעֶרקעֶהרעֶנִישעֶן. אָט דִי סבה אִיז געֶוועֶן: אַנטִיפּאַטאָר. מִיט שרעֶק און וועֶהטאָג האָבּעֶן דִי בּעֶסטעֶ זִיהן פוּן פאָלק זִיךְ צוּגעֶקוּקט צוּ דִי מעשים פוּן דעֶם „אדומי'שעֶן עֶבד", וועֶלכעֶר האָט זִיךְ אַלץ מעֶהר און מעֶהר פעֶרפעֶסטיגט אִין דעֶם יהודה'-שעֶן הוֹיף און אַרײַנגעֶנוּמעֶן בּיסלעֶכווײַז אִין זײַנעֶ העֶנד דִי גאַנצעֶ מאַכט אִיבּעֶר'ן לאַנד. דעֶר כּלומרשט'עֶר פִירשט-כּהן-גדול הורקנוס האָט נאָר פוּן יוֹצא-ווּעֶגעֶן עֶרפִילט זײַנעֶ פליכטעֶן אִין בּית המקדש און אִין סנהדרין; עֶר אִיז שוֹין אָבּעֶר לאַנג פעֶרשקלאַפט געֶוועֶן בּײַ דעֶם פאַקטִישעֶן מלוכה-פִיהרעֶר, אַנטִיפּאַטאָר, און האָט נִישט אַרוֹיס-געֶווִיעֶזעֶן קײן שום לעֶבּעֶדִיגעֶ אִינִיציאַטיווּעֶ דאָרט, וואוּ עֶס האָט זִיךְ געֶהאַנדעֶלט ווּעֶגעֶן דִי העֶכסטעֶ מלוכה-אִינטעֶרעֶסעֶן אָדעֶר ווּעֶגעֶן דעֶם כּבוד פוּן דעֶר אומה. דעֶר אַלמעֶכטיגעֶר אַפּוֹטרוֹפּוֹס האָט זִיךְ דעֶרִי-בּעֶר עֶרלוֹיבּט צוּ טאָן מִיט'ן פאָלק אַלץ, וואָס אִיהם אִיז אײַנגעֶפאַלעֶן, און פעֶרזִיכעֶרנדִיג זִיךְ אַ פעֶסטעֶ שטִיצעֶ אִין רוֹים, האָט דעֶר אדומי'-שעֶר קאַנצלעֶר אָנגעֶהוֹיבּעֶן פעֶרווִירקלִיכעֶן זײַן אַלטעֶן חלום — דעֶם חלום פוּן אַ **אײגעֶנעֶר דִינאַסטיעֶ** אִין **יהודה**. פוּן זײַנעֶ פִיעֶר זִיהן, האָט עֶר דעֶם עֶלטעֶרן, **פּאַזאַעֶל**, בּעֶשטִימט אַלס קאָמעֶנדאַנט פוּן ירושלים און גאַנץ יהודה און דעֶם צווײטעֶן, פִינף-און-צוואַנציג-

יעהריגען הורדוס, אלס קאמאנדאנט פון גליל (47).

אט דער לעצטער קריגערישער אדומ'ער, וואס איז אינגאנצען ווייט געווען פון די נאציאנאלע יודישע טראדיציעס, וואס האט נישט געפיהלט קיין שום ליבע און צוגעבונדענקייט צו דעם יודישען פאלק, און איז דורכגעדרונגען געווען מיט טיפער אכטונג צו דער רוימישער קראפט און צו די אויסערליכע שענע פארמען פון דער גריכישער קול־טור, — אט דער אדומ'ער איז געווארען א מין בייזער דעמאן פאר דער יהודה'עאישער נאציאן, און נישט איין מאל האט ער זיך ערלויבט, מיט זיין פוס איהר האלז צוצופרעסען. צוזאמען מיט די ערשטע שריט פון זיין פאליטישער קאריערע האט זיך גלייך אזוי ווי א פינסטערער שאטען פערצויגען איבער'ן גאנצען לאנד, און די בעסטע הערצער פון פאלק זענען דורכגענומען געווארען מיט א ביטערער פערצווייפלונג.

אנקומענדיג קיין גליל, האט ער געפונען די גאנצע געגענד אין נישט קיין רוהיגען צושטאנד. א גרופע רעוואלוציאנערען־אריסטאבולים־טען האבען זיך דארט פעראייניגט, און אונטער דער אנפיהרונג פון דעם גליל'עאישען פאטריאט חזקיה האבען זיי זיך בעפעסטיגט אין די בערג, פון וואנען זיי פלעגען פון צייט צו צייט זיך ארויסחאפען און אנפאלען אויף סירי'ער און רוימער. די רוימער האבען געקוקט אויף דער מחנה, ווי אויף א פשוט'ער רויבער־באנדע און אויף חזקיה'ן, ווי אויף דעם רויבער־הויפטמאן; דאס פאלק האט אבער געקוקט אויף זיי, ווי אויף הייסע פאטריאטען, וואס געהען זיך נוקם זיין פאר זיין עהרע און פאר זיין בערויבטער פרייהייט. דער איבערגעגעבענער רוימער־פריינד אנטיפאטאר איז גלייך צוגעשטאנען צו די ערשטע, צו דער רוי־מישער און סירישער בעפעלקערונג, און אויף דעם סמך האט זיך הורדוס גענומען נאכיאגען דער „באנדע" און זי פערפאלגען. ער האט אונטערגענומען א קריגס־צוג געגען דער רעוואלוציאנערער מחנה, און נאכ־דעם ווי ער האט זי געפאנגען, האט ער אהן א שום דין און משפט געטוידט דעם אנפיהרער, חזקיה, מיט נאך א גאנצער רייהע פון זיינע מיטהעלפער. די סירי'ער און רוימער האבען זייער העלדישען בעשיצער אויסגעדריקט דעם טיפסטען דאנק; דער רוימישער בעל הבית פון סיריען, סעקסטוס צעזאר, א נאהנטער קרוב פון דעם רוימישען דיקטאטאר, האט דעם יונגען הורדוס בעעהרט פאר זיין ארויסטריט מיט אלערליי כבודים; די קינדער פון דעם יהודה'שען פאלק האבען אבער געטרויערט. זיי האבען געזעהען, אז דא וואקסט א גיפטיגע

שלאַנג , וואָס געהט זיך איינזויגען אין דעם צעוועהטאָגטען קערפער פון דער יודישער אומה און אַרויספרעסען פון איהם דעם לעצטען טראָפען בלוט . פון אַלע זייטען האָבען זיך אָנגעהויבען הערען געשרייען געגען דעם חוצפה'דיגען ווילקיר פון דעם בלוטיגען אדומי , וועלכער האָט זיך ערלויבט צו בעגעהן מיט יודישע פאַטריאָטען , ווי מיט פשוט'ע רויבער , און האָט נישט איבערגעגעבען די פערמשפט'ע דעם סנהדרין , ווי דאָס געזעץ האָט געפאָדערט . און ענדליך האָבען די פרושים און די פאָר-שטעהער פון דער אַריסטאָקראַטיע אויסגעוועהלט פון זיך אַ דעפוטאַציע , וואָס האָט זיך געווענדעט צו הורקנוס'ען און איהם אויפמערקזאַם גע-מאַכט אויף דער טרויעריגער לאַגע , אין וועלכער ער געפינט זיך . „ביז ווי לאַנג וועסטו אַזוי רוהיג צוזעהען דאָס אַלץ , וואָס דאָ קומט פאָר ? — האָבען די אויסגעוועהלטע פון פאָלק גע'טענה'ט צו זייער הערשער — ציי זעהסטו דען נישט , אַז אַנטיפּאַטער מיט זיינע זיהן האָבען צוטיילט צווישען זיך די גאַנצע מאַכט , ווערענד דו רופסט דיך נאָר קעניג און קענסט קיין זאַך נישט אויפטאָן ? פערמאַך-זשע נישט מעהר די אויגען דיינע , — דיין לאַגע איז נישט אונגעפעהרליך , און דו טאָרסט דיך נישט אַזוי לייכטזיניג בעציהען צו זיך אַליין און צו דער קעניגליכער הערשאַפט . נאַר זיך אַליין נישט אָב מיט דער איבערציינגונג , אַז אַנטי-פאַטער מיט זיינע זיהן פערטרעטען דיך כלומר'שט ; קוק דיך צו און זעה , אַז זיי אַנערקענען זיך אָפען פאַר פולבערעכטיגטע הערשער . אָט האָט אַנטיפּאַטער'ס זוהן , הורדוס , פערבראָכען געגען אונזער געזעץ , בעשטראָפענדיג חזקיה'ן מיט זיינע חברים אָהן אַ שום חקירה ודרישה . לויט אונזער תורה טאָר מען אפילו דעם ערגסטען פערברעכער נישט בעשטראָפען אָהן אַ געריכטליכער אויספאָרשונג , און ער האָט זיך ער-לויבט דאָס צו טאָן אויף זיין אייגענער פעראַנטוואָרטליכקייט , נישט האָ-בענדיג פון דיר קיין שום פאָלמאַכט" . צו די דאָזיגע טענות זענען נאָך צוגעקומען אויך די מוטער'ס פון די בעשטראָפטע , וועלכע פלעגען טאָג טעגליך בעלאַגערן די טהירען פון בית המקדש , זיך וואַרפען פאַר די פיס פון כהן גדול און בעשווערען איהם , צו משפט'ען הורדוס'ן פאַר זיינע פערברעכערישע מעשים .

הורקנוס האָט זיך דאַן געזעהען געצוואונגען נאָכצוגעבען . ער האָט ערלויבט דעם סנהדרין צו משפט'ען הורדוס'ען , און אין זיין נאָמען איז דער לעצטער אויפגעפאָדערט געוואָרען צו קומען צום בעשטימטען טערמין אין סנהדרין , אום צו פערטיידיגען זיינע מעשים . הורדוס איז

געֶקומעֶן אין דעֶם בעֶשטימטעֶן טאָג, אָבעֶר נישט, ווי קיין געֶוועֶהנליכעֶר בעֶשולדיגטעֶר: געֶטראָגעֶן האָט ער אויף זיך אַ פורפור-מאַנטעֶל, בעֶגלייט איז ער געֶוועֶן פון אַ מיליטעֶרישעֶר סוויטעֶ, און אויסעֶר דעֶם האָט שוין הורקנוס פון פריהעֶר נאָך בעֶקומעֶן אַ בריף פון סעֶקסטוס צעֶזאַר, אין וועֶלכעֶן דעֶר יהודה'עֶאישעֶר הערשעֶר ווערט אויפגעֶפאָדעֶרט דורכאויס צו בעֶפרייעֶן דעֶם רוימישעֶן ליבלינג. די מיטגליעדעֶר פון סנהדרין האָבעֶן אַראָבגעֶלאָזעֶן די אויגעֶן צו דר'ערד — קיינעֶר פון זיי האָט נישט געֶוואַגט אַרויסצוטרעֶטעֶן מיט'ן בעֶשולדיגונגס-אַקט געֶגעֶן דעֶם בעֶוואָפעֶנטעֶן און פון דעֶר רוימישעֶר מאַכט געֶשיצטעֶן אָנגעֶקלאָגטעֶן. דאַן האָט זיך אויפגעֶהויבעֶן דעֶר עֶלטסטעֶר און געֶלעֶהרנטסטעֶר פון סנהדרין, ש מ ע י ה, און זיך אָנגעֶנומעֶן פאַר דעֶם כבוד פון דעֶר העֶכסטעֶר יהודה'עֶאישעֶר געֶריכטס-אינסטיטוציעֶ; ער האָט געֶזאָגט: „בעֶשולדיגטעֶ פלעֶגעֶן זיך ביז אַהעֶר ווייזעֶן פאַר אונז מיט אַ דעֶרשלאָגעֶן געֶמיט, שוואַרץ געֶקלייד, — מיט טרויעֶר אָבוואַרטעֶנדיג זייעֶר אורטייל. און דאָ שטעֶהט פאַר אונז איינעֶר, וואָס ווערט בעֶשולדיגט אין אַ שווערעֶן פעֶרברעֶך, — אין אַ פורפור-מאַנטעֶל, אַרומגעֶרינגעֶלט מיט בעֶוואָפעֶנטעֶ סאָלדאַטעֶן, אַזוי ווי גרייט אונז אַלעֶ צו דעֶרשלאָגעֶן, אים פאַל, אויב מיר וועֶלעֶן איהם פאַר שולדיג ערקלעֶרן! נאָר נישט איהם טאַדעֶל איך; איך טאַדעֶל דעֶם קעֶניג און אייך, פאַרוואָס איהר לאָזט צו אַזאַ מין חוזק מאַכעֶן פון דעֶר געֶרעֶכטיגקייט. ווייסט-זשעֶ איהר אַלעֶ, אַז דעֶר זעֶלביגעֶר, פאַר וועֶמעֶן איהר ציטעֶרט איצט, וועֶט אייך אַלעֶמעֶן אַמאָל איבעֶרגעֶבעֶן דעֶם תלין און די הענד".

דעֶר דאָזיגעֶר מוטיגעֶר אַרויסטריט האָט געֶמאַכט אַ שטאַרקעֶן איינדריק אויף אַלעֶ מיטגליעדעֶר פון סנהדרין, און דאָס גאַנצעֶ געֶריכט איז גרייט געֶוועֶן צוצוטרעֶטעֶן צו דעֶר בעֶשולדיגונג; דאָ האָט זיך אָבעֶר אַריינגעֶמישט הורקנוס, וועֶלכעֶר האָט מורא געֶהאַט, זיך אָנצוהויבעֶן מיט דעֶר רוימישעֶר מאַכט, און אויף זיין בעֶפעֶהל איז די זיצונג אָבגעֶלעֶגט געֶוואָרעֶן. הורדוס האָט זיך דעֶרווייל בעֶנוצט מיט דעֶר געֶלעֶגעֶנהייט און איז אַנטלאָפעֶן קיין דמשק, וואו סעֶקסטוס צעֶזאַר האָט איהם אויפגעֶנומעֶן מיט אָפעֶנעֶ אָרעֶמס און בעֶשטימט פאָר אַ מיליטערישעֶן קאָמאַנדיר (סטראַטעֶג) איבעֶר גאַנץ צעֶלאָסיריעֶן (46).

איצט, אַלס הויכעֶר רוימישעֶר בעֶאַמטעֶר, האָט זיך הורדוס געֶפיהלט אינגאַנצעֶן זיכעֶר, און אָט די זיכעֶרהייט האָט ער גלייך געֶוואָלט אויסנוצעֶן, אום זיך נוקם צו זיין אָן די יהודה'עֶאישעֶ פאַטריאָטעֶן מיט

זייער סנהדרין. אָן דער שפּיץ פון אַ רוימישער אַרמעע האָט זיך הורדוס אַוועקגעלאָזען צו דער יהודה׳עאישער הויפּטשטאָדט און ער איז שוין גרייט געווען זי צו בעפאַלען; דאָ זענען איהם אָבער אַרויס אַנטקעגען זיין פאָטער, אַנטיפּאַטאָר, און זיין ברודער, פאַזאַעל, און זיי האָבען איהם ערקלערט, אַז דער איצטיגער אָנפאַל קען שאַדען די אינטערעסען פון זייער צוקינפטיגער פּאָליטישער קאַריערע. הורדוס האָט זיך דאַן אומגעקעהרט מיט זיין חיל צוריק קיין גליל, און אַלס צעלאָסירישער סטראַטעג האָט ער צו יענער צייט אַ סך אויפגעטאָן, אויף צו שטיצען די מאַכט פון צעזאַר׳ס שטעל־פערטרעטער אין סיריען, דערשטיקענדיג יעדען אויפשטאַנד פון די פערבליבענע פּאָמפּעיאַנער.

די דאָזיגע האַרציגע איבערגעגעבענקייט פון אַנטיפּאַטאָר׳ס משפחה צו די צעזאַר׳יאַנער האָט זיך געצויגען אַזוי לאַנג, ווי די לעצטע זענען געווען ביי דער מאַכט. נאָך דער גרויסער איבערקעהרעניש אין דעם רוימישען מלוכה־לעבען, האָט זיך אָבער די לאַגע אינגאַנצען געענדערט. יוליוס צעזאַר איז געפאַלען אַלס קרבן פון אַ בלוטיגער פערשווערונג (44), און די אַלגעמיינע אונרוהען, וואָס האָבען אַרומגענומען דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע, האָבען טיעף אָנגעגריפען אויך דער קליינער יהודה. איין מיטגליעד פון דער פערשווערונג, דער בלומרשט׳ער „רעפּובליקאַנער". קאַסיוס לאָנגינוס, איז געקומען צו לויפען קיין סיריען, אום צונויפצוזאַמלען געלד און סאָלדאַטען, און אַזוי ווי יעדע סעקונדע האָט איהם געקענט אַרויסרייסען די מאַכט פון די הענד, איז ער זיך בעגאַנגען מיט דער בעפעלקערונג נישט בעסער פון דעם ערגסטען פערסישען סאַטראַפּ. מיט בלוטיגע שטראָפען און אכזריות׳דיגע צוואַנגס־מיטלען זענען אויפגעמאָהנט געוואָרען די אונגעהויערע אָבצאָהלונגען, וואָס דער רוימישער פּרעטענדענט האָט אַרויפגעלעגט אויף אַלע שיכטען פון פאָלק, און קומענדיג קיין יהודה האָבען איהם אין דער אַרבייט פלייסיג געהאָלפען — די אדומי׳שע פאָלקס־דריקער. די נעלטיגע איבערגעגעבענע צעזאַר׳יאַנער האָבען איצט מיט דער געטרייַשאַפט פון שקלאַפען געדיענט צעזאַר׳ס מערדער, און אויב ער האָט געפונען פאַר נויטיג צו שטיקען דעם יהודה׳שען פאָלק און אַרויסצורייסען פון איהם מיט אכזריות׳דיגער געוואַלט דעם לעצטען ביסען פון מויל, זענען זיי איהם בעהילפיג געווען אין זיין אַרבייט און האָבען גלייך מיט איהם געפּייניגט און געשטיקט „זייערע" אונטער־

טאַנען. ווען פיער יהודה'עאישע שטעדט (לידא, עמאוס א. נ. א.) האָבען נישט צוגעשטעלט צו דער בעשטימטער צייט דעם אַרויפגעלעגטען שטייער, האָט קאַסיוס געלאָזען בינדען אַלע דאָרטיגע איינוואוינער און זיי פערקויפען פאַר שקלאַפען; אין דער זעלביגער צייט האָט ער אָבער זעהר גוט געלעבט מיט אַנטיפּאַטאָר'ס משפחה און גאַנץ גערן בעשטימט הורדוס'ן אויף זיין פריהערדיגען פּאָסטען, אויף דעם פּאָסטען פון אַ רוימישען סטראַטעג.

אין יהודה האָט זיך די שנאה צו די אדומי'שע פיהרער נאָך שטאַרקער צופלאַמט. דער אונגליקליכער שאָטענקעניג האָט זיך ענדליך אויך אַרומגעזעהן, אַז די אדומ'ער ווילען זיך אויף זיין האַלז אַרויפזעצען, און דער הויף צוזאַמען מיט'ן פּאָלק האָבען אָנגעהויבען צו זוכען אַ מיטעל, ווי אַזוי זיך צו בעפרייען פון דעם פערהאַסטען אַנטיפּאַטאָר מיט זיינע זיהן. הורקנוס'ס נאָהענטער יועץ איז געוואָרען דער אַלטער יהוד'עאישער קריעגספיהרער מאַליך — אַ איבערגעגעבענער פריינד פון דער חשמונאים-דינאַסטיע, און ער האָט פערקלערט אַ פּלאַן, צו פערגיפטען דעם הויפט-שולדיגען אין אַלע צרות, אַנטיפּאַטאָר'ן. אין דער פערשווערונג האָבען זיך, אויסער מאַליכ'ען, בעטייליגט אויך עטליכע הויף-דינער און מיליטער-בעאַמטע, און זיי האָט זיך איינגעגעבען איבערצוקויפען דעם הויפישען שר המשקים (וויין-גיעסער) — דער לעצטער האָט אין אַנטיפּאַטאָר'ס בעכער אַריינגעשיט סם (43). אָט די נקמה האָט אָבער די לאַגע נאָך פערערגערט: הורדוס האָט זיך גלייך נוקם געווען פאַר זיין פאָטער'ס טוידט, און אויף זיין בעפעהל איז מאַליך באַלד געטוידט געוואָרען פון רוימישע סאָלדאַטען. די געבליבענע מיטגליעדער פון דער פערשווערונג האָבען דאַן געפּרובט אָרגאַניזירען אַ אויפשטאַנד אין לאַנד; אויך דאָס אָבער האָט זיך נישט איינגעגעבען, און הורדוס מיט זיין ברודער האָבען דעם אויפשטאַנד בעצייטענס דערשטיקט. דאָס האָט אָבער נישט אָבגעהאַלטען אַריסטאָבול'ס לעבען-געבליבענעם זוהן, אַנטיגאָן, זיך אַריינצורייסען אין יהודה, געשטיצט אויף דעם מיליטער פון זיין שוואָגער, דעם פירשט פון חלקית, — דעם גליקליכען אדומ'ער האָט אָבער אויך דאָ דאָס גליק נישט פערלאָזען, און ער האָט צוקלאַפּט די מחנה פון דעם חשמונאי'שען פרעטענדענט. דאָס האָט דעם שטאָלצען אדומ'ער נאָכמעהר חוצפה צוגעגעבען, און ווען ער איז אַריינגעטרעטען אין די טויערן פון ירושלים נאָך דעם „אויפשטאַנד", האָט

אים הורקנוס, בעגלייט פון די אָנגעזעהענסטע פאָלקס-פאָרשטעהער, געמוזט אונטערטראָגען אַ נצחון-קראַנץ (42). אַזוי איז כסדר געוואַקסען די מאַכט און די גרויסקייט פון אַנטיפּאַטאָר׳ס יורש, און דער חשמונאי׳שער הערשער האָט פאַר איהם וואָס ווייטער אַלץ מעהר מורא געקריגען. אום זיך צו בעוואָרענען פון דער געפאַהר האָט הורקנוס זיך געזעהען געצוואונגען צו מאַכען הורדוס׳ען פאַר אַ מיטגליעד פון זיין הויז, און ער האָט איהם געגעבען פאַר אַ פרוי זיין אייניקעל — די בעריהמטע שענהייט מרים. אַזוי איז דער אדומי׳שער עבד אַריין אין׳ם קעניגליכען הויז פון די חשמונאים, וואו ער האָט שפעטער אויסגעריסען די לעצטע בלימעלעך פון דעם שענעם שטאַם און איהם ענדליך אינגאַנצען פערניכטעט.

און אין רוים איז דערווייל פאָרגעקומען אַ נייע איבערקעהרעניש. די רעפּובליקאַנישע אַרמעע פון קאַסיוס און ברוטוס איז ביי פיליפּי צושלאָגען געוואָרען, און די רוימישע וועלט איז געלעגען פאַר די פיס פון אָקטאַוויאַן און מאַרק אַנטאָניוס (42). די מזרח-פּראָווינצען, צווישען זיי אויך יהודה, זענען אַרונטערגעפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון דעם צווייטען, און אין די יהודה׳עאישע פּאַטריאָטען האָט צוריק אויפגעלעבט די האָפנונג, זיך ענדליך דאָך צו בעפרייען פון דער אדומי׳שער ממשלה. ווען אַנטאָניוס איז געקומען קיין סיריען האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַ דעפּוטאַציע פון די אָנגעזעהענסטע יהודה׳ער, וועלכע האָט איהם געשילדערט די טרויעריגע לאַגע פון לאַנד, און זיך בעקלאָגט אויף דער אוזורפּאַטאָרישער (פּערי-חאַפּענדער, גזלני׳שער) פּאָליטיק פון די אדומי׳שע ברידער. הורדוס האָט אָבער אויך נישט גערוהט; דער איבערגעגעבענער רעפּובליקאַנער האָט זיך פלינק איבערגעוואָרפען אויף אַנטאָניוס׳עס זייט, און די אַלע בעקלאָגונגען אויף איהם זענען גלייך צושוואומען געוואָרען. דער רוימישער מאַכטהאָבער האָט נישט אַנערקענט די טענות פון דער יהודה׳עאישער דעפּוטאַציע, און איבערגעלאָזען די השגחה איבער יהודה אין די הענד פון די אדומי׳שע ברידער.

שפעטער, ווען אַנטאָניוס האָט זיך געפונען אין עפעס, האָט זיך איהם ווידער פאָרגעשטעלט אַ יהודה׳עאישע דעפּוטאַציע — דאָס מאָל שוין פון הורקנוס׳ען אַליין. די איצטיגע שלוחים פון דעם יהודה׳עאישען עטנאַרך האָבען זיך משתדל געווען וועגען בעפרייען די יהודה׳ער, וואָס קאַסיוס האָט געהאַט געפאַנגען פאַר דעם נישט איינגע-

טראַגעדיעס אָבצאָהל, און וועגען איינשליסען צוריק אין די גרענעצען פון יהודה די טעריטאָריומס, וואָס די טיר'ער האָבען פערכאַפּט. אַנטאָניוס האָט די בקשות ערפילט, און דאַנעגען האָט ער ווידער אָבגעזאָגט די בקשה פון אַ נייער יהודה'עאישער דעפּוטאַציע, וואָס האָט זיך נאָכאַמאָל געפּרובט מייתדל זיין וועגען בעזייטיגען הורדוס'ען מיט זיין ברודער פון דער יהודה'ישער מאַכט. אַנטאָניוס איז, איבעריגענס, בעפריינדעט געוועזען מיט דעם רוימער-פריינד אַנטיפּאַטאָר נאָך פון די צייטען, ווען ער איז געוועזען אין יהודה אַלס אָפיציער אין דער אַרמעע פון דער פּראָקאָנסול גאַביניוס, און איצט, אַלס צווייטער הערשער פון דער רוימישער מלוכה, האָט ער געוויס קיין גרונד נישט געהאַט, צו בעזייטיגען פון דער אונרוהיגער יהודה אַזעלכע איבערגעגעבענע בעשיצער פון די רוימישע אינטערעסען ווי אַנטיפּאַטאָר'ס זיהן. ער האָט איצט דעריבער נאָך פערשטאַרקט זייער מאַכט, בעשטימענדיג זיי פאַר טעטראַרכען, ד. ה. פאַר די אָפיציעלע הערשער פון יהודה (41).

די הערשאַפט פון דעם מעכטיגען צווייטען טריאומוויר האָט זיך אָבער באַלד פונאַנדערגעטרייסעלט. די אונגעהויערע פערשווענדערייען פון די רוימישע מאַכט-האָבער האָבען איינגעשלונגען אוצרות מיט גאָלד, און דאָס אַלץ איז אַרויסגעפּרעסט געוואָרען פון די מזרח-פּראָווינצען אין דער פאָרם פון אונגעווענליכע שטייערן, קאָנטריבוציעס און גלאַט רויבערייען — אָהן אַ שום מאָטיוו. דאָס האָט ענדליך געמוזט אַרויסרופען ביי די אונטערדריקטע אַ שטאַרקען פערלאַנג, זיך צו בעפרייען, און ווען די העלדישע פּאַרטאַנער, אונטער דער אָנפיהרונג פון פּרינץ פּאַקאָרוס און דעם קריגספיהרער באַרזאַפאַרנעס, האָבען זיך פערשטאַרקט אין דער פאָדערשטער אַזיען, האָבען זיך כמעט אַלע רוימישע וואַסאַלען (אונטערגעוואָרפענע פירשטען) געשטעלט אויף זייער זייט. שטעהענדיג ביי די ברעגען פון טייך אפרת, האָבען די פּאַרטאַנער געשטרעבט צום מערב, צו סיריען און פּאַלעסטינא, און אין דער צייט, ווען מאַרק אַנטאָניוס איז געלעגען אַ פערשכור'טער אין די אָרעמס פון דער פערפיהרערישער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטראַ, זענען זיי אַלץ טיעפער און טיעפער אַריינגעדרונגען אין סיריען, האַבענדיג שוין אין זייערע הענד פיניקיען און שטעהענדיג אויף דער שוועל פון יהודה. דעם דאָזיגען מאָמענט האָט אויסגענוצט דער לעצטער פּרעטענדענט פון דער השמונאים-דינאַסטיע, אַנטיגאָן, און האָט אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען

מיט די פּאַרטאַנער וועגען העלפען איהם בעקומען דעם יהודה'שען טראָן. די פּאַרטאַנער האָבען אָנגענומען זיינע בעדינגונגען, און זענען אַריין אין לאַנד מיט צוויי גרויסע מחנות: איינע, אונטער דער אָנפיהרונג פון פּאַ־קאָרוס'ען, האָט זיך געלאָזען געהן גלייך מיט'ן ברעג פון ים, און די צווייטע, אונטער באַרזאַפּאַרנעס'ן, — אויפ'ן וועג קיין ירושלים. ביים כרמל־באַרג האָבען זיך מאַסען יהודה'ער פעראייניגט מיט דער פּאַרטאַ־נישער אַרמעע, אַלס מיטקעמפּפער פאַר דער בעפרייאונג פון דעם אדומי'שען יאָך; אויסער דעם האָט אַנטיגאָן אַליין אויך צוזאַמענגענומען אַרום זיך אַ מחנה פון טויזענדער פרייוויליגע יהודה'עאישע פּאַטריאָטען, און האָט זיך אַריינגעריסען אין ירושלים. דאָ האָט זיך צופלאַקערט אַ בלוטיגע שלאַכט צווישען די אדומי'שע אָנהענגער און דעם פאָלק, וואָס איז אינגאַנצען געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם חשמונאי'שען פּרעטענ־דענט, און האָט פערנומען דעם בית־המקדש. הורדוס מיט זיין ברודער, דאַגעגען, האָבען זיך בעפעסטיגט אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ און אין דער שטאָדט־פעסטונג, פון וואַנען זיי האָבען זיך העלדיש געוועהרט גע־גען דעם אָנפאַלענדען שטראָם פון די פאָלקס־מאַסען, וואָס האָט זיך פון מינוט צו מינוט פערגרעסערט מיט נייע מחנות עולי־רגל'ניקעס (פּיליגרי־מען; ס'איז געווען שבועות).

דערווייל איז איין מחנה פון די פּאַרטאַנער שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון ירושלים, און איהר אָנפיהרער, פּאַקאָרוס, האָט פאָרגעלעגט הורקנוס'ען מיט פּאַזאַעל'ן, זיי זאָלען, אַלס שלוחים, אַוועק צו באַרזאַ־פּאַרנאַס'ן אין לאַגער, אום דאָרט איבערצורעדען מיט איהם וועגען די פריעדענס־בעדינגונגען, און ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון ירושלים האָט מען זיי געשמידעט אין קייטען אַלס געפאַנגענע. הורדוס האָט זיך גלייך דערוואוסט דערפון, און נישט זעהענדיג קיין שום מעגליכקייט, זיך צו פערטיידיגען, איז ער ביינאַכט אַנטלאָפען פון שטאָדט, מיטנעהמענדיג מיט זיך אַלע מיטגליעדער פון זיין פאַמיליע — צווישען די האָט זיך גע־פונען אויך זיין כלה, מרים — און אַ קליינע מיליטערישע סוויטע. אין וועג איז איהם עטליכע מאָל אויסגעקומען זיך צו פערטיידיגען געגען פערשיעדענע אָנפאַלער, ענדליך האָט ער זיך אָבער דאָך דערשלאָגען ביז צו דער פעסטונג מאַסאַדע, ביים ברעג פון ים־המלח, וואו ער האָט די גאַנצע פאַמיליע איבערגעלאָזען אונטער דער שוץ פון איבערגעגעבענע סאָלדאַטען און דעם קאָמענדאַנט פון פעסטונג — זיין ברודער יוסף. ער אַליין איז דאַן אַוועק אין דער נאַבאַטע'אישער הויפטשטאָדט, פּעטראַ,

וועגען שליסען אַ אָבמאַך מיט דעם נאַבאַטעאישען קעניג.

און די פּאַרטאַנער האָבען דערווייל געבעל־הבתי׳וועט אין לאַנד פון די צוויי געפאַנגענע, וועלכע זיי האָבען איבערגעגעבען אַנטיגאָנען, האָט דער אדומי פאַזאעל זיך אַליין דאָס לעבען גענומען, צושמעטערנדיג דעם קאָפּ אָן אַ פעלזען, און דער אַלטער הורקנוס איז געבליבען אַלס געפאַנגענער נאָכדעם, ווי מ׳האָט געמאַכט איבער איהם אַ אָפּעראַציע, וואָס האָט איהם אויף אייביג שוין אונפעהיג געמאַכט צו פערנעהמען דעם פּאָסטען פון אַ כהן־גדול: מ׳האָט איהם אָבגעשניטען די אויערן (אַ בעל־מום האָט, לויט׳ן דין פון דער תורה, קיין כהן־גדול נישט געטאָרט זיין). שפּעטער, ווען די פּאַרטאַנער האָבען פערלאָזען דאָס לאַנד, האָבען זיי דעם אונגליקליכען שאָטען־קעניג מיטגעפיהרט מיט זיך קיין בבל, און אַנטיגאָן האָט זיך געפיהלט גאַנץ פעסט אויף דעם יהודה׳שען טראָן; ער האָט געלאָזען אויסגיסען אייגענע מטבעות מיט דער אויפשריפט: „מתתיהו, דער כהן־גדול און די יהודה׳ער־געזעלשאַפט" — אויף איין זייט, און אויף דער צווייטער — „קעניג אַנטיגאָן". איהם איז אויך געלונגען צו פערטרייבען די איבערגעבליבענע טיילען פון די רוימישע גאַרניזאָנען, אַזוי אַז יהודה איז אינגאַנצען אָבגערייניגט געוואָרען פון פרעמדע סאָלדאַטען, און זי האָט זיך געקענט אויף אַ קורצע צייט איבערגעבען דער זיסער אילוזיע פון ווידער־ערוואָרבענער פאָלשטענדיגער פרייהייט נאָך אַזוי פיעל אינערליכע און אויסערליכע מלחמות.

באַלד אָבער האָט זיך יהודה ווידער בעגעגענט אויג אין אויג מיט איהר ביטערסטען פיינד, און שולדיג אין דעם איז, טיילווייז, געווען אַנטיגאָן אַליין. דער לעצטער חשמונאים־קעניג איז געווען אַ גאַנץ קורציכטיגער שטאַאַטסמאַן און ער האָט נישט פערשטאַנען אויסצונוצען די לאַגע, וואָס איז אייגענטליך געווען זעהר גינסטיג פאַר איהם; דער רוימישער העהרשער פון די מזרח־פּראָווינצען אַנטאָניוס האָט זיך בכלל גאַנץ ווייניג אינטערעסירט מיט זיינע אינערליכע אַרומרייסעניש און די רייצענדע קלעאָפּאַטראַ איז איהם פיעל ליעבער געווען פון דער בייזער מלחמה־געטין; די פּאַרטאַנער, ווידער, האָבען געהאַלטען אין איין אַרויסשטופּען די רוימער פון זייערע איינגענומענע פּאָזיציעס, און וואָלט אַנטיגאָן פערשטעהן, אונטערצוהאַלטען דעם גיפטיגען האַס, וואָס דאָס פאָלק האָט געטראָגען אין האַרצען צו די רוימער און צו דער אדומי׳שער משפחה, וואָלטען איהם די רוימער אַליין אויך געחנפה׳ט, אום צו געפינען אין איהם אַ שטיצע געגען די פּאַרטאַנער; ער האָט דאָס אָבער

נישט פערשטאַנען, און אַנשטאַט צו פע[illegible] די פערשיעדענע פאַטריאָטישע מחנות, וואָס זענען צושפּרייט געווען איבער׳ן גאַנצען לאַנד, און אויסצובילדען פון זיי איין גאַנצע נאַציאָנאַלע אַרמעע, האָט ער זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען זיינע נקמה-געפיהלען געגען די אדומי-ער און געהאַלטען אין איין רודפ׳ען זייערע נאָהנטע און אָנהענגער. אַזוי האָט אַנטיגאָן פערבראַכט די דריי יאָהר פון זיין הערשען און קיין בעדייטענדען שריט נישט געמאַכט אויף צו פערפעסטיגען זיין לאַגע און געבען איהר אַ געוויסען זיכער׳ן באָדען, און אין דער זעלביגער צייט האָט זיין געגנער, הורדוס, קיין איין סעקונדע נישט גערוהט און קיין איינציגע גינסטיגע מינוט נישט דורכגעלאָזען.

נאָכדעם ווי זיינע אונטערהאַנדלונגען אין פּעטרא האָבען קיין ערפאָלג נישט געהאַט, האָט זיך הורדוס איינער אַליין געלאָזען וואַנדערן דורך די יהודה׳עאיש-אדומי׳שע מדבריות און איז ענדליך אָנגעקומען קיין מצרים. אין אַלעקסאַנדריע האָט ער געגלויבט צו געפינען זיין בעשיצער אַנטאָניוס; דער לעצטער איז אָבער גראָד אַוועק קיין רוים, און די קעניגין קלעאָפּאַטראַ לעגט איהם פאָר, ער זאָל אַריינטרעטען אין איהר אַרמעע אַלס קריגס-פיהרער. דער אדומי׳שער העלד דאַנקט פאַר דעם כבוד און לאָזט זיך אויך אַוועק קיין רוים — איהם הערט נישט אויף צו שוועבען פאַר די אויגען די קרוין פון יהודה. אויפ׳ן ים שטעהט ער אויס אַ ביטערן קאַמפּף מיט שטורעמס און ברויזענדע חוואַליעס; ער קומט אָבער קיין רוים, און קומט — אין דער ריכטיגער צייט. די ביידע טריאומוויִרען האָבען געשלאָסען צווישען זיך אַ פעסטע פעראייניגונג, אַנטאָניוס מיט אָקטאַוויאַ׳ן זענען שלום און איינשטימיג אין אַלע היניזיכטען, און נאָכדעם ווי הורדוס שטעלט זיך פאָר דעם ערשטען און שילדערט איהם די אַלע געשעהענישען אין יהודה פאַר דער לעצטער צייט, בלייבט ביי ביידע בעשלאָסען, אַנצולעהרנען דעם רעוואָלוציאָנערען חשמונאי און צוריק צושטעלען די מאַכט פון די פריהערדיגע געזעצליכע הערשער; און אַזוי ווי הורקנוס געפינט זיך אין גלות, ווייט פון יהודה, בלייבט הורדוס דער איינציגער און פּאַסענדסטער קאַנדידאַט אויף דעם יהודה׳שען טראָן. אַזוי האָט הורדוס בעוויזען אין אַ פערלויף פון זיבען טאָג צו בעפעסטיגען פאַר זיך אַלע פּאָזיציעס, און אַנערקענט צו ווערן פון דער ספּעציעלער פערזאַמלונג פאַר דעם געזעצליכען קעניג פון יהודה! נאָך דער דאָזיגער פייערליכער זיצונג פון סענאַט איז הורדוס

אין דער בעגלייטונג פון די טריאומווירען, קאָנסולען און דעם גאַנצען אַדעל אַרייַנגעפיהרט געוואָרען אין קאַפּיטאָליום, וואו ס'זענען געבראַכט געוואָרען קרבנות צו די געטער (40) — ווי מ'האָט זיך נוהג געווען בייַם אַוועקלעגען אין אַרכיוו אַ סענאַט'ס-דעקרעט.

דער עהרגייַציגער אדומי האָט ערדייכט זייַן ציעל — ער האָט בעקומען פון דער מאַכט דעם קעניגליכען טיטול. דערמיט האָט זיך אָבער זייַן אויפגאַבע נאָך נישט געענדיגט, און איהם איז נאָך פאָרגעשטאַנען אַ שווערען קאַמפּף דורכצומאַכען, ביז ער האָט בעקומען די מעגליכקייַט צו געניעסען די פרוכט פון זייַן ערפאָלג — צו ווערן דער ווירקליכער געקרוינטער הערשער פון יהודה. אַנטאָניוס בעמיהט זיך, אויפצוהאַלטען הורדוס'ן אין רוים און שענקט איהם די פרייַנדליכסטע אויפמערקזאַמקייַט; דער לעצטער פערגעסט אָבער נישט איין מינוט וואָס איהם שטעהט נאָך פאָר, און פערלאָזט רוים. אין נייַן און דרייַסיגסטען יאָהר זעצט זיך הורדוס אַרויס אין דעם פּאַלעסטינישען האַפען עכו, און מיט דער געלד-שטיצע, וואָס ער בעקומט גלייַך פון אַ געוויסען רייַכען יהודה'ער, דינגט ער זיך סאָלדאַטען און שטעלט זיך צונויף אַ קריעגס-אַרמעע. אַ קליינע מיליטערישע אונטערשטיצונג בעקומט ער אויך פון דעם רוימישען שטעל-פערטרעטער אין סיריען, ווענטידיוס, און מיט דער מחנה לאָזט ער זיך אַוועק קיין גליל, וואו ער נעהמט איין שטאָדט נאָך דער צווייטער; פון דאָרט וואַרפט ער זיך אַריבער אין דרום, אום צו בעפרייַען זייַן פאַמיליע פון דער פעסטונג מאַסאַדא, וועלכע איז בעלאַגערט געוואָרען פון אַנטיגאָנ'ס סאָלדאַטען. בעפרייַט מאַסאַדא, טרעט הורדוס צו צו דער בעלאַגערונג פון ירושלים; דאָ ווערט ער אָבער אָבגעשטויסען פון אַנטיגאָנ'ס אַרמעע. די אָרטיגע רוימישע מאַכט שטיצט איהם אויך גאַנץ שוואַך — דער גאַרניזאָן אין יהודה, אונטער דער אָנפיהרונג פון סילאָן, איז אונטערגעקויפט פון דעם חשמונאי'שען הערשער, און דער גרעסטער טייל פון דער גרויסער רוימישער אַרמעע אין סיריען איז פערנומען אין קאַמפּף מיט די פּאַרטאַנער.

הורדוס געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע, און דאָס ווערט אויסגענוצט אין דער שוין אייַנגענומענער גליל. עס ברעכט דאָרטין אויס אַ נייַער אויפשטאַנד, און הורדוס קען זיך קיין עצה נישט געבען מיט די פּאַטריאָטישע באַנדעס, וואָס בעהאַלטען זיך אין בערגער און הויהלען און מאַכען אָן פון דאָרטען שרעקליכע חורבונות אין זייַן

קלֵיינֶער אַרמֶעֶ. דָאס רֵייצט נָאכמֶעהר אוֹיף דֶעם אדוֹמִי'שֶען נָאך
נִישט גֶעקרוֹינטֶען הֶערשֶער, אוּן עֶר הוֹיבּט אָן בֶּעהאַנדלֶען דִי בֶּעזִיגֶע-
גֶעטֶע מִיט דֶער שוֹידֶערהאַפטסטֶער אוּן שרֶעקלִיכסטֶער אכזריות. צְווֵיי
טוֹיזֶענד אַיינווֹאוינֶער פוּן פִינף אַיינגֶענוּמֶענֶע שטֶעדטלִיך לָאזט עֶר פֶערבּ-
רֶענֶען לֶעבֶּעדִיגֶערהֵייד, זַיינֶע סָאלדאַטֶען רֵייסֶען זִיך אַרַיין אִין דִי עֶנט-
דֶעקטֶע הוֹיהלֶען אוּן שֶענדֶען אוּן פַּיינִיגֶען אוּן צוּרַייסֶען אוֹיף שטִיקֶער
הוּנדֶערטֶער פאַמִילִיעֶס: מֶענֶער, פרוֹיעֶן אוּן קִינדֶער. אוּן אוֹיך דָאס
ווִירקט גאַנץ ווֶענִיג — דֶער גרֶעסטֶער טֵייל פוּן דִי גֶעפאַנגֶענֶע ווִיל
זִיך נִישט אוּנטֶערגֶעבֶּען, אוּן שטאַרבּט מִיט אַ בּלוּטִיגֶער קללה אוֹיף
דִי לִיפֶּען. אַיין אַלטֶער פאַטריאָט הָאט מִיט זַיינֶע אַיינֶענֶע הֶענד אוּמ-
גֶעהרגֶ'עט אַלֶע מִיטגלִיעדֶער פוּן זַיין פאַמִילִיע אוּן אַראָבּגֶעווָארפֶען זֵיי-
עֶרֶע קֶערפֶּער'ס אִין אָבּגרוּנד, זִיך אַלֵיין מִיטוואַרפֶענדִיג צוּזאַמֶען מִיט
זֵיי. נִישט ווַייט פוּן דֶער עֶנטדֶעקטֶער מערה אִיז גֶעשטאַנֶען הוֹרדוֹס
אַלֵיין, אוּן דֶער פאַטריאָטִישֶער קִינדֶער- אוּן זֶעלבּסט-מֶערדֶער הָאט אִין
ווַיינֶע לֶעצטֶע מִינוּטֶען נִישט אוֹיפגֶעהֶערט צוּ שִילטֶען אוּן צוּ בֶּעלֵיידִי-
גֶען דֶעם „אדוֹמִי'שֶען עבד", חָאטש דֶער לֶעצטֶער הָאט אִיהם צוּגֶע-
וָאגט פאַלשטֶענדִיגֶע אוּנבֶּערִיהרלִיכקַייט.

אַרוּם צְווֵיי יָאהר הָאט זִיך גֶעצוֹיגֶען דִי דָאזִיגֶע מלחמה צְווִישֶען
הוֹרדוֹס'עס סָאלדאַטֶען אוּן דִי יהודה'עאִישֶע פאַטריאָטֶען. הוֹרדוֹס הָאט
בֶּעקוּמֶען נַייעֶ צְווֵיי לֶעגִיאָנֶען פוּן דֶער רוֹימִישֶער אַרמֶעֶ, וואָס הָאט
אוּנטֶער דֶער צַייט בֶּעווִיעזֶען, צוּ בֶּעזִיעגֶען דִי פאַרטאַנֶער (38);
שאַרף אוּן עֶנֶערגִיש אַרוֹיסטרֶעטֶען גֶעגֶען אַנטִיגאָנ'עֶן הָאבֶּען נָאך אָבֶּער
דִי אוּנטֶערגֶעקוֹיפטֶע רוֹימִישֶע מִילִיטֶער-פִיהרֶער אַלִיין נִישט גֶעווָאלט.
דָאס הָאט בֶּעווֹאוֹיגֶען הוֹרדוֹס'ן אִיבֶּערצוּלָאזֶען זַיין מחנה אוּנטֶער דֶער
אָנפִיהרוּנג פוּן זַיין בּרוּדֶער, יוֹסף, אוּן עֶר אַלֵיין אִיז אַוועֶק צוּ אַנ-
טאָניוּס'עֶן, ווֶעלכֶער הָאט גֶעהאַט צוּ יֶענֶער צַייט בֶּעלאַגֶערט דִי
שטָאדט סאַמאָסאַטאַ, אִין דֶער צוּבּוּנטֶעווֶעטֶער פראָווִינץ קָאמאַגֶענֶע.
דָארט שטִיצט הוֹרדוֹס נִישט ווֶענִיג דִי אוּנטֶערנֶעהמוּנג פוּן זַיין בֶּעשִי-
צֶער אוּן בֶּעקוּמט פוּן אִיהם דֶערפאַר אַ בֶּעדַייטֶענדֶע הִילף: אַנטאָניוּס
בֶּעפֶעהלט זַיין נַייעֶם סִירִישֶען שטֶעלפֶערטרֶעטֶער, סאָזִיוּס, עֶר זָאל
עֶנֶערגִיש אַרוֹיסטרֶעטֶען צוּ הִילף הוֹרדוֹס'עֶן אִין זַיין קאַמף מִיט דֶעם
„פַיינד פוּן רוֹים", אַנטִיגאָן.

דֶער לֶעצטֶער הָאט זִיך אָבֶּער דֶערווַייל בֶּענוּצט מִיט דֶער גֶע-
לֶעגֶענהַייט, וואָס הוֹרדוֹס אִיז גֶעווֶען ווַייט פוּן יהודה, אוּן זַיין אַרמֶעֶ

האָט אָבגעהאַלטען איין נצחון נאָכ'ן אנדערן איבער די מחנות סאָל-
דאַטען פון דעם אדומי'שען פּרעטענדענט . בײַ יריחו איז הורדוס'עס
מיליטער, אונטער דער קאָמאַנדאַ פון זײַן ברודער יוסף, איינגאַנצען צו-
קלאַפּט געוואָרען, און אויף אַנטיגאָנ'ס בעפעהל האָט מען דעם געפאַנ-
גענעם יוספ'ן אַלײַן — אָבגעהאַקט דעם קאָפּ . די יהודה'עאישע פּאַטרי-
אָטען האָבען איצט אָבגעצאָהלט זיירע בעזיעגער מיט דער זעל-
ביגער מאָס, מיט וועלכער יענע האָבען זיי געצאָהלט, און גאַנציע
מחנות העראָד'יאַנישע (הורדוס-העראָד) בעאַמטע אָדער אָנהענגער זענען
געפּײַניגט און געטוידט געוואָרען . הורדוס האָט זיך דערוואוסט פון
דעם אַלעמען נאָך אין אַנטיוכיאַ, און בײַ איהם איז בעשלאָסען גע-
וואָרען, נישט בלויז צו בעזיעגען דעם פײַנד, נאָר איהם פּשוט
צו פערניכטען . זיך אַרײַנרײַסענדיג אין לאַנד מיט זײַנע נײַע רוי-
מישע לעגיאָנען, האָט ער די צוריק אָבגענומענע שטעדט און דערפער
פערפלייצט מיט'ן בלוט פון דער פריעדליכער בעפעלקערונג, שוין
נישט רעדענדיג וועגען די קעמפּפענדע פּאַטריאָטען, און אָט די טײַכען
בלוט האָבען זיך געצויגען איבער'ן גאַנצען לאַנד — ביז ירושלים .

צו דער בעלאַגערונג פון ירושלים איז הורדוס צוגעטרעטען אין
פריהלינג פון זיבען און דרײַסיגסטען יאָהר . צוזאַמען מיט די לעגיאָ-
נען, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער סאָזיוס'עס אָנפיהרונג, האָט
די בעלאַגערונגס-אַרמעע געצעהלט ביז הונדערט טויזענד מאַן פוסגע-
הער, רײַטער און אַרטיליעריע-אָבטײַלונגען ; און ווען די גאַנצע אַרמעע
איז געווען קאָנצענטרירט אַרום שטאָדט, האָט הורדוס ערשט אָנגעהוי-
בען אויסצונוצען אַלע רעגעלן פון דער רוימישער קריעגס-קונסט,
וועלכע ער האָט ביז אַהער אַזוי גרינדליך שטודירט . ווי דער אַמאָ-
ליגער רוימישער קריעגספיהרער פּאָמפּעיוס, האָט ער אויך געלאָזען
אָנשיטען הויכע וואַלען און אויפשטעלען אויף זיי אונגעהויערע טורעמס
מיט שלײַדער-מאַשינעס, און די צײַט, ווען עס איז פאָרגעקומען די
דאָזיגע בעלאַגערונגס-אַרבײַט, אונטער דער אָנפיהרונג פון אַראָבגע-
בראַכטע ספּעציאַליסטען, האָט הורדוס געפונען פאַר גינסטיג, אויף
צו פײַערן זײַן חתונה מיט דער חשמונאי'שער פּרינצעסין, מיט וועל-
כער ער איז שוין לאַנג פער'קנס'ט געווען . פאָרגעקומען איז אָט די
חתונה אין סאַמאַריאַ, — דאָרט האָט דער אדומי'שער קאַנדידאַט אויף
דער יהודה'עאישער קרוין געפײַערט זײַן געזעצליכע פערבינדונג מיט
דער שענער יהודה'עאישער קעניגין-טאָכטער, וועלכער ער האָט שפּע-

טער דאס לעבען פערניכטעט און צום עשאפאט געפיהרט.

זיך אומקעהרענדיג צוריק אין לאגער, איז הורדוס צוגעטרעטען צו דער באמבארדירונג פון די שטאדט-מויערן. די בעלאגערטע האבען זיך פערטיידיגט מיט דעם גאנצען גלות פון זייער ליעבע צו דער חשמונאי'שער דינאסטיע און האס צו דעם בלוטיגען אדומ'ער; זיי פלעגען זיך ארויסרייסען פון שטאדט דורך געהיימע, אונטערערדישע וועגען, אנפאלען אויף די נעהנטערע מיליטער-אבטהיילונגען, און צושמעטערן די שליידער-מאשינעם, און אויסער דעם האבען זיי זאגאר בעוויזען אויפצושטעלען פאר דער צייט א נייע מויער-וואנט. און דאס אלץ איז פארגעקומען נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס א בעדייטענדער טייל פון די אנגעזעהענסטע פרושים האט שוין דאן געהאט איינגעזעהען די אוננוצבארקייט פון דער כלומרשט'ער פערטיידיגונג און געראטען, צו עפנען פאר'ן שונא די טויערן פון שטאדט!

פיערציג טאג האט זיך די בעלאגערונג געצויגען. דאן איז גענומען געווארען די ערשטע פעסטונגס-וואנט, און אין פופצעהן טאג ארום — די צווייטע. אנטיגאן מיט דעם טייל איבערגעבליעבענע פאטריאטען האבען זיך נאך פערטיידיגט א געוויסע צייט אין דעם אויבערשטען טייל פון שטאדט און אין די גרויסע הויפען פון בית המקדש; די בעלאגערער האבען אבער ענדליך די פונקטען אויך איינגענומען, און צוזאמען דערמיט איז ירושלים פערוואנדעלט געווארען אין א מורא'דיגער שחיטה-שטאדט. די אויסגעמאטערטע און צורייצטע סאלדאטען האבען זיך, ווי צעווילדעטע הונגעריגע וועלף, ארויפגעווארפען אויף די בעזיעגטע יהודה'ער. אלט און יונג, פרויען און קינדער, קעמפפענדע „פאטריאטען" און פריעדליכע איינוואוינער — אלעמענס בלוט האט זיך צונויפגעגאסען און אויפ'ן מזבח זענען כהנים פאר קרבנות געבראכט געווארען.

לאנג האבען די רוימישע סאלדאטען געווילדעוועט אין דער יהודה-שער הויפטשטאדט, און ענדליך איז געקומען דערצו, אז הורדוס אליין האט זיך געזעהען געצוואונגען, אבצושטעלען די דאזיגע שחיטות און רציחות. הורדוס'ען האט זיך נישט געוואלט אוועקשטעלען זיין טראן אין א שטאדט פון חורבות און מתים, און ער האט זיך מיט היץ געווענדעט צו זיין רוימישען קאלעגא, יענער זאל זעהן איינשטילען זיינע סאלדאטען און זיי אבהאלטען. „צי ווילט איהר דען אינגאנצען פערניכטען אין שטאדט — האט ער צו איהם געטענה'עט — יעדען שפור פון א לעבעדיגען מענשען

[illegible] מענשליכער וואוינונג און מיך אוועקזעצען [illegible] זיבער א טוידטען מדבר?” און ווען די איצטיגע בעזיעגער האבען זיך אויך געוואלט אריינרייסען אין די אינוועניגסטע צימערן פון בית־המקדש, ווי דער אמאליגער פאמפעיוס האט געטאן, האט זיך זיי הורדוס געשטעלט אין וועג און קאטעגאריש ערקלערט, אז ער וואלט אין דעם פאל זיך אינגאנצען געמוזט אבזאגען פון דעם נצחון, ווייל דאס פאלק, וואלט איהם קיינמאל נישט מוחל זיין די שולד פון פערשוועכען גאט׳ס הויז. ווי ס׳ווייזט אויס, האט אבער די ערקלערונג גאנץ ווייניג געווירקט, און די פאגראם־טעטיגקייט פון די זיעגער האט זיך ערשט דאן אבגעשטעלט, ווען הורדוס האט יעדען איינציגען פון זיי בעפריעדיגט מיט פריוואטע רייכע מתנות. דאגעגען האט דער נייער קעניג ארויסגעוויזען זיין גאנצע אכזריות בנוגע צו דעם געפאנגענעם אנטיגאן. דעם לעצטען האט סאזיוס מיטגעפיהרט מיט זיך קיין אנטיוכיא, וואו אנטאניוס אליין האט געזאלט בעשטימען זיין גורל. ווערענדיג האבען דעם לעצטען יהודה׳עאישען מאנארך אין זיין טריאומף־וואגען, איז אנטאניוס גענויגט געווען, איהם צו לאזען לעבען; דא האט זיך אבער אריינגעמישט דער אדומי׳שער יורש פון דעם חשמונאים־טראן און אויף זיין הייסען פערלאנג, איז אנטיגאן גלייך אין אנטיוכיא געטוידט געווארען מיט דעם שענדליכסטען טוידט, וואס מ׳האט זיך דאן געקענט פארשטעלען: מ׳האט איהם אראבגעהאקט דעם קאפ מיט א האק.

אזוי האט געענדיגט זיין לעבען דער לעצטער הערשער פון דער דינאסטיע, וואס האט בעשאפען די פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה א״ן געהערשט אין לאנד הונדערט מיט דריי יאהר.